דאָס בוך דערשיינט מיט דער מיטהילף פון מיינע אַרגענטינער פריינד

**מאָטיע און רעבעקאַ מייזליש**

אין אָנדענק פון זייער פרי־פאַרשטאָרבענעם זון

**ערנעסטאָ (הערשל) מייזליש ע״ה.**

צום דערשיינען פון דעם בוך האָבן אויך מיטגעהאָלפן:

דער פאַראיין פון יידישע שרייבער אין ישראל;

דער קרן תל־אביב לספרות ולאמנות ע״ש יהושע רבינוביץ ע״ה;

דער אליעזר פינעס־פאָנד פאַר ליטעראַטור און קולטור;

דער קולטור־פאָנד ביים ארגון יוצאי לובלין בישראל;

ווי אויך מיינע פריינד פון ישראל, קאַנאַדע, ניו־יאָרק, פאַריז און ווענעסועלאַ.

זיי אַלעמען — אַ האַרציקן דאַנק.

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# פנימער און נעמען

באַנד דריי

עסייען, אָפּהאַנדלונגען און רעצענזיעס

פאַרלאַג י.ל. פרץ ישראל

תל־אביב, תשמ״ה — 1985

# אינהאַלט



## א. זכרונם לברכה



## ב. פּאָעטן און פּראָזאַיקער

## ג. קריטיקערס און עסייִסטן

# יידישע ליטעראַטור־שאַפונג אין די 30 יאָר מדינה

(במקום אַ הקדמה)

ביים יום־טובן דאָס דרייסיקסטע יאָר פון אונדזער באַנייטער מלוכישער זעלבשטענדיקייט ווערן, ווי איר ווייסט, געמאַכט פאַרשידענע סך־הכלען פון די דערגרייכונגען וואָס די מדינה האָט אָפּגעשפּאָרט אין משך פון די יאָרן וואָס זי עקזיסטירט. היות די דאָזיקע סך־הכלען נעמען אַרום די פאַרשיידנסטע געביטן פון אונדזער פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און דער עיקר — קולטורעלן לעבן, איז אפשר נישט מער ווי רעכט אַז אויך אויף אַן אַסיפה פון יידיש־רעדנדיקע יידן, פון יידן וואָס האָבן ליב יידיש און ווילן פאַרזיכערן איר ווייטערדיקן שאַפערישן המשך, זאָל מען ווידמען אַ ביסל צייט דער יידישער ליטעראַטור אין ישראל און מען זאָל מאַכן אַ קליינעם און אויבן־אויפיקן סך־הכל פון אירע אויפטוען און דערגרייכונגען, וועלכע זענען אָן שום ספק דער וויכטיקסטער אויסדרוק פון אונדזער היינטיקער קולטור־שעפערישקייט און פון די היינטצייטיקע ווערטן וואָס אונדזער לשון טראָגט אַריין אין דעם אַלגעמיינעם גייסט־אוצר פון יידישן פאָלק.

וויל מען רעדן וועגן די דערגרייכונגען פון דער יידישער ליטעראַטור אין מדינת ישראל אין משך פון די דריי־צענדליק יאָר וואָס די מדינה איז פאַראַן, מוז מען אָבער באַלד אין אָנהייב באַטאָנען, אַז כאָטש די יידישע ליטעראַטור־שעפערישקייט אין ישראל טיילט זיך אויס מיט אַ ריי טעמאַטישע און פּראָבּלעמאַטישע באַזונדערקייטן וואָס גיבן איר אַ ספּעציפישן קאָלאָריט און כאַראַקטער, איז זי פאָרט אַן אינטעגראַלער טייל פון דער גאַנצער און גרויסער יידישער ליטעראַטור וואָס איז געשאַפן געוואָרן און ווערט טיילווייז נאָך אויך איצטער געשאַפן איבער די לענגען און ברייטן פון אונדזער פאָלקס־צעשפּרייטקייט. אמת איז אַז מדינת ישראל איז איצט געוואָרן דער גרעסטער און אפשר אויך דער וויכטיקסטער צענטער פון דער יידיש־ליטעראַרישער וואָרטשאַפונג, אָבער דערביי איז אויך אמת אַז די וואָרצלען פון אונדזער היגער שעפערישקייט זענען טיפער און לענגער ווי די דרייסיק יאָר מדינה־עקזיסטענץ. אונדזער היגער צענטער האָט זיך אַנטוויקלט ווי אַ טייל פון דער יידישער ליטעראַטור און ער איז עד־היום געבליבן אַן אינטערעסאַנטער קאָמפּאָנענט אין דער מאָזאַיק פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער וועלט.

נאָך עפּעס: ווען מען רעדט וועגן די דערגרייכונגען, דאָס מיינט וועגן די אויסגערייפטע פּרוכטן אויפן בוים פון היגן ליטעראַטור־שאַפן וואָס זענען צייטיק געוואָרן אין די דרייסיק מדינה־יאָר, טאָר מען נישט פאַרגעסן און מען מוז

אונטערשטרייכן, אַז די זריעה פונעם ייִדישן ליטעראַרישן וואָרט האָט זיך נישט אָנגעהויבן אין יאָר תש״ח. עס איז טאַקע אמת אַז מיט דער גרויסער עליה וואָס די מדינה־אַנטשטייונג האָט אַרויסגערופן איז געעפנט געוואָרן אַ נײַ בלאַט אין דער געשיכטע פון ייִדיש אין ישראל, אָבער די דאָזיקע געשיכטע, דאַרפן מיר געדענקען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך, אַ סך פריער און זי דערגרייכט צו די טיפעגישן פון 19טן יאָרהונדערט און אפשר צו די נאָך פריערדיקע צייטן. בכל אופן ווייסן מיר זייער גוט אַז נאָך פאַרן יאָר 1948 זענען דאָ געווען ייִדישע שרייבערס וועלכע האָבן צעאַקערט דעם באָדן פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור־שאַפונג און אין דעם דאָזיקן באָדן האָבן זיי פאַרזייט די ערשטע וויכטיקע פלאַנצן. אויך די דאָזיקע דערגרייכן, די דערגרייכן פון די וואָס מיר רופן אַן די ראשונים, טאָר מען נישט פאַרזען, ווייל פאַרזען זיי הייסט פאַרזען די באַזע אויף וועלכער עס איז געוואַקסן דאָס ייִדישע שאַפן אין די יאָרן וועגן וועלכע מיר רעדן, אין די יאָרן פון דער מדינה.

די ייִדישע ליטעראַטור פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, פונקט ווי די ייִדישע ליטעראַטור פון די דרייסיק מדינה־יאָרן, זעט מיר אויס ווי אַ גראַנדיעזער בנין וואָס איז געבויט געוואָרן מיט קאָלעקטיווע כוחות, אָבער אין אַרכיטעקטאָניש פלאַנירט געוואָרן דורך דעם מיסטעריעזן פּאָלקסזשעני וועלכער סטימולירט כסדר אונדזער גייסט. עס איז מערקווירדיק: קיינער האָט נישט אָנגענומען קיין רעזאָלוציעס וועגן וואָס מען זאָל שרייבן און ווי אַזוי מען זאָל שרייבן, קיינער האָט נישט געפאַסט קיין באַשלוסן וואָס מען זאָל שאַפן און ווי אַזוי מען זאָל שאַפן (ווי דאָס געשעט אין די סאָוויעטישע לענדער) און דאָך האָבן ייִדישע שרייבערס, שרייבנדיק יעדער פאַר זיך באַזונדער, ביחידות, אויפגעבויט די דאָזיקע איינהייטלעכע שעפערישע גאַנצקייט וואָס מען רופט אַן ליטעראַטור. וואָרום ס׳איז קלאָר, אַז די ליטעראַטור פון אַ פאָלק איז נישט קיין צונויפזאַמל פון ביכער וואָס האָבן צווישן זיך נישט קיין אינערלעך בינדנדיקע ווערטן און קוואַליטעטן אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק דער גייסט פון פאָלק, די עטיק פון פאָלק, ווי אויך דער כאַראַקטער פון פאָלק וואָס שאַפט די ליטעראַטור. ליטעראַטור אין אמתן זין פון וואָרט, ווי אַ שאַפונג פון יחידים וועלכע בינדט אָבער צוזאַמען דעם כּלל, דורכן פרעגן זײַנע פראַגן און דורכן זוכן אויף זיי אַן ענטפער, האָט אויך באַשטימטע אויפגאַבן פאַרן כלל וואָס יעדער, אַפילו דער סאַמע יחידישסטער דיכטער מוז זיי דערשפירן און זיי ברענגען צום אויסדרוק. מוז מען טאַקע ווערן פאַרוווּנדערט ווען מען זעט ווי די ייִדישע ליטעראַטור אין ישראל האָט אין די דרייסיק יאָר מדינה נישט בלויז דערשפירט און דערפילט די דאָזיקע כלל אויפגאַבן, נאָר זי האָט זיי אַפילו דערפילט מיט אַ פלאַן, מיט אַ סדר און מיט אַ טיפן אינערלעכן שכל. דאַכט זיך, אַז דער עצם ענין פון קינסטלערישן שאַפן האָט צו טאָן מיט אינספּיראַציעס

וועלכע זענען אין זייער תּוך עפּעמעריש און אַפילו סטיכיש, און דאָך זעען מיר צו אונדזער שטוינונג און חידוש אַז אין דעם שאַפן פון אונדזער באַהאַנ־דלטער תּקופה אין פאַראַן אי פּלאַנמעסיקייט, אי אַרכיטעקטאָנישקייט, אי צילבאַוווסטקייט און דערביי זייער ווייניק צופאַל, אָדער אימפּראָוויזאַציע.

עס מאַכט אַ טעות דער וואָס מיינט אַז די אידעישקייט פון אַ שרייבער ווערט געמאָסטן לויט דעם אויף וויפל ער קהלט זיך אין באַשטימטע געזעל־שאַפטלעכע אָדער פּאַרטייאישע אינסטיטוציעס. די מאָס פון דער שרייבערישער צונויפגעבונדנקייט און צילבאַוווסטקייט האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דעם פּאָליטישן זשאַרגאָן וועלכן עס באַנוצט דער פּאַרטיימאַן. אַ שרייבער מעג און קאָן זיין אַ פּאַרטייער, אַן עסקן. ער מוז דאָס אָבער נישט זיין און אַפילו ער קומט זיך נישט צוזאַמען מיט אַנדערע שרייבערס רעדן וועגן אַ געמיינזאַמער פּלאַטפאָרם, הערט ער נישט אויף צו זיין אַ מיטגליד פון שעפערישן קיבוץ, וועלכער דערפילט מיט זיין שאַפן אַ וויכטיקע אויפגאַבע פאַרן פאָלק, פאַרן לאַנד און פאַר דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע וואָס מאַכט אים אין זיין איינזאַמקייט פאַר אַ מיטגליד פון אַ שעפערישן אידעאָלאָגישן קאָלעקטיוו.

די ייִדישע ליטעראַטור אין מדינת ישראל איז אַ טייל פון דער ייִדישער וועלט־ליטעראַטור, ווייל פּונקט ווי די ייִדישע וועלט־ליטעראַטור האָט אויך אונדזער היגע ליטעראַרישע שאַפונג זיך געשטעלט די זעלביקע אויפגאַבן און האָט זיי דערפילט אויף אַן אידענטישן אופן. איך האָב פריער געזאָגט אַז די ייִדישע ליטעראַטור פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זעט מיר אויס ווי אַ גראַנדיעזער ווונדערלעך־פּלאַנירטער בנין. די ייִדישע ליטעראַטור אין ישראל איז אַ טייל פון דעם דאָזיקן בנין, הגם זי פאַרמאָגט אירע באַזונדערקייטן און אירע זייער כאַראַקטעריסטישע אייגנקייטן. אויב אָבער מיר זעען אַז די הויפּטוואַנט אין דעם בנין פון דער הייַנטצייטיקער ייִדישער וועלט־ליטעראַטור איז אָפּגעגעבן דער שואה און אַלץ וואָס איז מיט איר פאַרבונדן, מוז מען אומבאַדינגט אויך זען דעם גרויסן חלק וואָס די ייִדישע שרייבערס פון ישראל האָבן אַריינגעטראָגן אין דער קינסטלערישער געשטאַלטיקונג פון דער דאָזיקער גורלדיקער און אַבסאָרבירנדיקער איבערלעבונג. פּונקט ווי די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור האָט אויך די ייִדישע ליטעראַטור אין מדינת ישראל ליריש און עפּיש, פּאָעטיש און פּראָזאַיש דערפילט די אויפגאַבע פון פאַרפּיקסירן אין אונדזער זכּרון דאָס אַלץ וואָס ייִדן האָבן איבערגעלעבט אין די יאָרן פון גרויל. דערביי האָט די ייִדישע ליטעראַטור אין ישראל, צוזאַמען מיט דער ייִדישער ליטעראַטור בכל תּפוצות ישראל, געטאָן נאָך עפּעס: זי האָט געשלייפט און געשטאַרקט אונדזער זכּרון מיט דעם באַוווסטזין אַז זכּרון געהערט צו די וויכטיקסטע כּלי־זין פון קאַמף פאַרן קיום פון פאָלק, אין זין פון דעם וואָרט וואָס מען זאָגט

נאָך נאַפּאָלעאָנען, אַז אַ פֿאָלק אָן זכּרון איז ווי אַ פֿעסטונג מיט אָפֿענע טויערן... אָדער אַז אַ פֿאָלק אָן זכּרון איז ווי אַ פֿעסטונג אָן פֿאַרטיידיקערס.

אויב איך גיי ווייטער לויט מיין פֿיגוראַטיוון משל, זע איך אַז די צווייטע וואַנט פֿון אונדזער ליטעראַטור־בנין פֿאַרנעמען די ווערק, אין פּאָעזיע און אין פּראָזע, וועלכע לעבן אויף אין קינסטלערישן בילד דעם פֿאַרשניטענעם עבֿר, דעם אַמאָליקן ייִדישן לעבנס־שטייגער, די אַמאָליקע ייִדישע טיפּן און געשטאַלטן, די אַמאָליקע ייִדישע מאָראַל און די אַמאָליקע ייִדישע גייסטוועלט. אָט דער דאָזיקער פֿאַרביקער ייִדישער אַמאָל וואָס אין לעבן איז שוין פֿון אים ווייניק פֿאַרבליבן, גייט אויף אין די ווערק פֿון די ייִדישע שרייבערס אין מדינת ישראל. עס איז כּדאַי צו באַמערקן אַז אָט די צוויי מינים קינסטלערישע ווערק — די גרוילן פֿון דער שואה און דער אַמאָליקער ייִדישער לעבנס־שטייגער — פֿאַרנעמען אַ גרויס און חשובֿ אָרט אין דער גאַנצער נאָך־מלחמהדיקער ייִדישער ליטעראַטור און זיי פֿאַרנעמען אויך אַ גרויס אָרט אין די שאַפֿונגען פֿון די ישראלדיקע ייִדישע שרייבערס.

די דריטע וואַנט פֿון דעם ייִדישן ליטעראַטור־היכל איז שוין אַ ספּעציפֿיש־ישראלדיקע, הגם מיר טרעפֿן אויך שאַפֿונגען פֿון דעם סאָרט אין די ווערק פֿון די ייִדישע שרייבערס מחוץ ישראל. דאָס איז די שילדערונג און די דערציילונג וועגן דער מאַסן־איינוואַנדערונג פֿון די נייע עולים און זייער איבערשמעלצונג אין דעם טיגל פֿון מדינה אויפֿבוי. מחמת די דאָזיקע טעמע אין כּסדר אַקטועל און אויך מחמת גאַנץ אַנדערע טעמים טיילט זיך די ליטעראַטור־שאַפֿערישקייט אין ישראל אויס מיט עפּעס וואָס עס פֿעלט, ליידער, אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין די תּפֿוצות און דאָס איז די קינסטלערישע שילדערונג און אָפּשפּיגלונג פֿון דער היינטצייטיקייט. צום באַדויערן מוז מען מודה זיין אַז אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער ליטעראַטור האָט די קינסטלערישע פֿאַרפּיקסירונג פֿון דער קעגנוואַרט זיך געענדיקט אין די סוף דרייסיקער יאָרן און אין אַנדערע לענדער אפֿשר מיט עטלעכע יאָר שפּעטער. דאַקעגן אין דער ייִדישער ליטעראַטור וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן און ווערט געשאַפֿן אין מדינת ישראל ווערט די קעגנוואַרט מיט אירע פּראָבלעמען און מיט אירע ווייטיקן כּסדר אָפּגעשפּיגלט. די ייִדישע שרייבערס אין ישראל פֿילן זיך גורלדיק פֿאַרשותּפֿותט מיט דעם אַלעם וואָס עס געשעט אין דער מדינה יעדן טאָג און יעדע שעה פֿון איר צעברויזטער דינאַמיק.

דער דאָזיקער ליטעראַטור־בנין פֿאַרמאָגט אויך אַ פֿערטע וואַנט און זי ווערט אויסגעפֿילט מיט די קינסטלערישע, עסייאיסטישע און ליטעראַטור־קריטישע שאַפֿונגען וועלכע האָבן צו טאָן מיט די ווייטיקן און קוועלן פֿון דעם יחיד, מיט זיין צעטומלטקייט אין דער מאָדערנער וועלט און בכלל מיט די אַלע פֿראַגן און פּראָבלעמען וועלכע זענען אַזוי אַלט ווי אַלט עס איז די מענטשלעכע מחשבה און דער מענטשלעכער דראַנג צו וועלן פֿאַרשטיין די סודות

פון קיום. אַוודאי ווייסן מיר אַז ליטעראַטור איז נישט און קאָן נישט זיין אַנאָנים און דערפאַר וואָלטן דאָ געדאַרפט אָנגערופן ווערן אַ ריי נעמען וועלכע האָבן מיט זייער טאַלאַנט און געדאַנק צוגעטראָגן צו די דערגרייכונגען פון דער יידישער וואָרטשאַפונג אין די מדינה־יאָרן. פון דעסטוועגן דאַכט זיך מיר אויס אַז ווי גרויס עס זאָלן נישט זיין די דערגרייכונגען פון אונזערע שעפערישע יחידים, איז אָבער אונדזער גרעסטע דערגרייכונג אין משך פון די דרייסיק יאָר מדינת ישראל, דער פאַקט וואָס אַלע, אַלע צוזאַמען האָבן באַוויזן דעם דאָזיקן בנין אויפצובויען ווי אַ קינסטלערישן מאָנומענט פון דערקענטעניש נישט בלויז פאַר אונדז, היינט, נאָר אויך פאַר די דורות וועלכע וועלן קומען שפּעטער און וועלן דווקא פון דער היינטיקער יידישער ליטעראַטור לערנען וועגן אונדזער צייט, וועגן אירע געראַנגלען און אירע וואָרצלען.

ס'איז פריער דערמאָנט געוואָרן אַז די יידישע ליטעראַטור־שעפערישקייט איז דער וויכטיקסטער אויסדרוק פון אונדזער היינטצייטיקער קולטור־אַקטיוויטעט. דאָס איז נישט אומזיסט דערמאָנט געוואָרן אויף דער דאָזיקער אסיפה וועלכע קומט זיך צונויף אין דרייסיקסטן יאָר פון מדינת ישראל, כּדי צו טראַכטן וועגן דעם חיזוק פון יידישן לשון און דער פאַרשפּרייטונג פון די ווערטן וואָס זענען אין דעם לשון געשאַפן געוואָרן דורך דעם מזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום. פאַר אונדז שטייט כּסדר דאָס פּראָבלעם פון יידישן בוך און היות עס זענען פאַראַן צווישן אונדז אויך אַזעלכע וואָס זענען מזלזל אין דער וויכטיקער אויפגאַבע פון אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן דאָס יידישע בוך, אָדער די קעגנוואַרטיקע יידישע וואָרטשאַפונג, דאַרף מען זיי דערמאָנען אַז אייגנטלעך איז אונדזער קולטור פון תּמיד אָן געווען די קולטור פון ספר און אויב מיר נעמען זיך איבער מיט די ווערטן פון נוסח אשכּנז און מיר ווילן געפינען פאַר זיי אַ פאָרזעצונג אין אונדזער לעבן, דאַרף מען געדענקען אַז די קולטור פון נוסח אַשכּנז איז ווידער אַ מאָל די קולטור פון יידישן בוך. אָן דעם ספר און אָן דער זאָרג פאַר די תּינוקות של בית רבן איז זיך נישט פאָרצושטעלן די יידישע קולטור פון די עלטסטע צייטן ביז היינט. דערביי איז גענוג איין פאַקט, כּדי מען זאָל זיך איבערצייגן אויף וויפל דאָס בוך און דער ספר האָבן געשפּילט אַ ראָל אין דער יידישער געזעלשאַפט. דער פאַקט ווערט באַשטעטיקט דורך דעם היסטאָריקער שמעון דובנאָוו וועלכער דערציילט אַז צווישן די שטעט גראָדנע און סלוצק איז אָנגעגאַנגען אַ מחלוקת וועגן דעם ווער פון זיי עס דאַרף האָבן מער פאָרשטייערס אין דעם וועד פון די ליטווישע שטעט. עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע דין־תּורה און די רבנים האָבן געפסקנט לטובת גראָדנע, נישט דערפאַר ווייל גראָדנע האָט פאַרמאָגט אַ גרעסערע יידישע באַפעלקערונג, נאָר דערפאַר ווייל אין די גראָדנער שולן און בתּי־מדרשים האָבן זיך געפונען מער ש״סן, מער ספרים ווי אין סלוצק.

אמת איז אַז דער לייענערישער נאָכפרעג אויף ייִדישע ביכער איז היינט זייער אַ קליינער. די צאָל ייִדישע לייענערס פאַלט פון טאָג צו טאָג. פאַר וועמען, פרעגן אַ סך, זאָל מען אַרויסגעבן ייִדישע ביכער? פאַר וועמען זאָל מען שאַפן ייִדישע ליטעראַטור? אויף אָט דער פראַגע ווילט זיך ענטפערן, אַז דער רמב״ם האָט אָנגעשריבן זיין גרויס ווערק, דעם „מורה נבוכים״ פאַר איין איינציקן לייענער, פאַר זיין געליבטן שילער יוסף בן יהודה אבן עקנין. אַ סך, אַ סך גרויסע ווערק זענען געשריבן געוואָרן פאַר אַ קליינעם קרייז פון לייענערס און געניסערס און דאָס האָט זיי לגמרי נישט געשטערט צו ווערן די ווינקל־זיילן פון ייִדישן גייסט און אַפילו די שטיצפּונקטן פון דער וועלט־פילאָזאָפיע און וועלט־ליטעראַטור. דאָס איז איינס. צווייטנס דאַרף מען וויסן אַז ווען מען זאָל ווי געהעריק אָרגאַניזירן דעם פאַרשפּרייט פון ייִדישן בוך, וואָלטן מיר נאָך היינט צו טאָג געהאַט אַ צאָל לייענערס וואָס קיין שום פאָלק און קיין שום ליטעראַטור איז מיט איר נישט מזלזל. און היות ווי מיר האָבן דאָ גערעדט וועגן די ווערטן און קוואַליטעטן וואָס די ייִדישע ליטעראַטור האָט געשאַפן אין משך פון די דרייסיק יאָר מדינה, ווילן מיר זיך ווינטשן אַז אונדזער ווייטערדיקע אַרבעט פאַר ייִדיש זאָל גיין אין דער ריכטונג פון פאַראייביקן, אין דער פאָרם פון ביכער און זשורנאַלן, די דאָזיקע ווערטן וואָס זענען געשאַפן געוואָרן ביז איצט און ווערן געשאַפן אויך ווייטער. די ייִדישע קולטור אין אונדזערע טעג, וועלכע האָט פאַרלוירן איר מאַסן באַזע, וועט נישט געהאָלפן ווערן אויב מיר וועלן זאָרגן בלויז וועגן צווייפלהאַפטיקער פאַרוויילונג פאַר די זקנים און זקנות וועלכע קענען נישט קיין אַנדערע שפּראַך אַ חוץ ייִדיש. זי וועט אויך נישט געהאָלפן ווערן פון די סטערילע קאָצניאַמער־קלאָגענישן פון די וואָס ווילן כּסדר באַווייזן וואָס פאַר אַן עוולות מען טוט זיי דאָ, אין ישראל, ווו מען דערקענט זיך נישט אויף זייער טאַלאַנט. מיר קענען און מעגן אָבער דערוואַרטן אַ ישועה פאַר ייִדיש, אויב אירע ליבהאָבערס וועלן מיטן פולן ערנסט זיך באַציִען צו אירע גייסטיקע, מאָראַלישע און נאַציאָנאַלע ווערטן וואָס זענען דער זכות־הקיום פון יעדער קולטור און במילא אויך פון דער ייִדישער קולטור און פון דער ליטעראַטור אין ייִדיש.

**עסיי געלייענט אויף דער דערעפענונג פון דער ערשטער סעסיע פון וועלטראַט פון יידיש און יידישער קולטור.**

# דער „זיידע" און דאָס „אייניקל"

### צום 125סטן געבוירנטאָג פון שלום-עליכם

א.

שלום-עליכם האָט מענדעלען אַ נאָמען געגעבן „זיידע" און זיך אַליין האָט ער גערופן „אייניקל". מיט דעם האָט ער אָבער נישט בלויז באַצייכנט דעם אונטערשייד אין דעם יאָרן-עלטער צווישן זיך און זיין פאָרגייער, נאָר ער האָט דערמיט כאַראַקטעריזירט דעם געמיט-חילוק צווישן זיך און דעם פריערדיקן דור אין דער נייער יידישער ליטעראַטור. וואָרעם מענדעלע איז נישט בלויז לויט זיינע יאָרן, נאָר בעיקר, לויט זיין געמיט און כאַראַקטער געווען דער שטרענגער קפּדנותדיקער זיידע, און אַזוי איז אויך שלום-עליכם — נישט לויט זיין פאַקטישער עלטער, נאָר לויט זיין גאַנצן שעפערישן מהות — געווען דאָס גרינג- געמיטיקע אייניקל. און אויף וויפל מענדעלע איז געווען דער תכליתדיקער זקן, אויף אַזוי פיל איז שלום-עליכם געווען דאָס צעשפּילטע פריילעכע קינד, דאָס קינד וואָס אים איז גוט אַפילו ווען ער איז אַ יתום. אויף וויפל מענדעלע האָט אין אונדזער ליטעראַטור אַריינגעבראַכט די דראַמאַטישע אַטמאָספער פון שבת-חזון, אויף אַזוי פיל האָט שלום-עליכם אין איר אַריינ-געברענגט דאָס ליכט פון נחמו, נחמו עמי; מענדעלע — דאָס איז די ווייטיקלעכע קלוגשאַפט פון קהלת, שלום-עליכם — דאָס געזאַנג פון שיר-השירים, ווייל מענדעלעס וועלט איז געווען די וועלט פון דער זקנה און שלום-עליכם וועלט — די וועלט פון דער יוגנט.

מען מעג זאָגן, אַז מענדעלע איז געבוירן געוואָרן אַן אַלטער מאַן, בעת שלום-עליכם איז געשטאָרבן אַ קינד. דאָס איז די סיבה, פאַר וואָס מענדעלע האָט אין די קליינע יידישע קינדער געזען אַלטע פאַרוועלקטע יידעלעך, וואָס טראָגן אויף זיך דעם שווערן עול פון לעבנס-תכלית, בעת שלום-עליכם, האָט אין זיינע דערוואַקסענע יידן געזען פאַרשפּילטע קינדער, וואָס באַמיען זיך צו מאַכן אַן אָנשטעל פון ערנסטקייט און דערוואַקסנקייט, אָנקוועלנדיק בעת-מעשה פון דער אייגענער פאַרשטעלעניש. מענדעלעס הערשעלע איז געווען אַ קליינער זקן, שלום-עליכמס מנחם-מענדל — אַ גרויס קינד. מענדעלעס ישראליק פון דער „קליאַטשע" איז אַלט געווען אפשר צוויי טויזנט יאָר, שלום-עליכמס שמעון אלי שמע קולינו פון „דער פאַרכּישופטער שניידער", האָט פאַרמאָגט

די נשמה פון אַ צעשפּילטן קונדס. מענדעלעס קינדער האָבן, דאַכט זיך, געהאַט גרויע האָר, שלום־עליכמס אַלטע לייט האָבן געהאַט ליכטיקע, פאַרוווּנדערטע, קינדערישע אויגן.

שלום־עליכם האָט אַ סך געשריבן פאַר ייִדישע קינדער און וועגן ייִדישע קינדער. מען קען זאָגן, אַז זיינע בעסטע זאַכן זענען די קינדער־מעשיות און די ערשטע קאַפּיטלען פון דער מעשה וועגן דעם קינד מאָטל פּייסי דעם חזנס. אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר שלום־עליכמען איז נישט נאָר דאָס, וואָס ער האָט געשריבן פאַר און וועגן קינדער, נאָר דאָס וואָס ער אַליין האָט געשריבן ווי אַ פאַרשפּילט קינד און וואָס ער האָט אין זיינע דערוואַקסענע פאַרשווינען דערזען און דערפילט דאָס קינדערשע געמיט. דאָס דאָזיקע קינדערשע געמיט, די דאָזיקע קינדערשע נייגונג צו שפּיל און פאַרשפּילטקייט האָט ער אַרויסגעבראַכט ביי מנחם־מענדלען, דעם פאַנטאַזיאָר און אַפילו ביי טביהן, דעם פריילעכן איוב, און אַוודאי און אַוודאי האָט ער די דאָזיקע קינדערשע כאַראַקטערשטריכן אַנטפּלעקט ביי זיינע העלדן פון די פּילצאָליקע דערציילונגען, צווישן וועלכע עס געפינט זיך „די פריילעכע קאָמפּאַניע״, „דער פאַרכּישופטער שניידער״, „קנאָרטן״, „פינף און זיבעציק טויזנט״, „עולם הבא״, „דער דייטש״, „מיטן עטאַפּ״, „אַלט־קאַסרילעווקע״, „ביי־קאַסרילעווקע״ וכדומה.

און ס׳איז אַ מערקווירדיקע זאַך: דער זקן מענדעלע האָט ווי יעדער באַיאָרטער מענטש מיט לעבנס־דערפאַרונג געוווּסט, אַז דאָס גאַנצע לעבן איז נישט מער ווי אַ חלום־שפּיל און קיין שום זאַך אין לעבן האָט קיין האָפּט נישט און קיין תקומה נישט אַנטקעגן דער צעשטערנדיקער ווירקונג פון דער צייט. און דאָך — דאָך האָט ער פיינט געהאַט דאָס אָן־תכליתדיקע שפּיל, דאָך האָט ער נישט פאַרטראָגן די סתם־אַזוי זיכדיקע פרייד. דאָס אָן־מוסר־השכּלדיקע געלעכטער און די הנאה וואָס קומט פון נעמען די וועלט אַזוי ווי זי איז. ווי יעדער זקן, וואָס כאָטש ער ווייסט שוין, אַז אַלץ איז הבל־הבלים, האָט ער דאָך פאַרלאַנגט די גרעסטע מאָס ערנסטקייט פון באַציִונג צום לעבן און די גרעסטע ציל־באַוווּסטזיניקייט ביים שרייבן. ער האָט ווי יעדער קפּדן אין זיין עלטער נישט געוואָלט ליידן די משונהדיקע שטיפעריי׳ען פון דער יוגנט און ער האָט נישט געקענט סובל זיין איר ריין־קוואַליקן הומאָר. אמת, מענדעלע האָט אויך אַ סך מאָל געלאַכט, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין געלעכטער פון פרייד, נאָר אַ געלעכטער, וואָס מאַכט נאָך גרעסער דעם טרויער. מענדעלע האָט נישט געלאַכט, ער האָט אָפּגעלאַכט. אין געלעכטער ליגט באַשטעטיקונג, אין אָפּלאַכן ליגט פאַרלייקענונג. מענדעלע דער זקן האָט טאַקע מער פאַרלייקנט ווי באַשטעטיקט, מער געשאָלטן ווי געבענטשט, מער באַקעמפט ווי געמונטערט און מער פאַרניינט ווי געזאָגט יאָ אויף דעם ייִדישן לעבן אין זיין צייט און אין זיין סביבה.

שלום-עליכם איז געווען פונקט דער היפוך פון דעם „ציידן" מענדעלע. ער האָט ווי יעדעס קינד געגלויבט אין דער ערנסטקייט פון לעבן און ער האָט ווי יעדעס קינד אַלץ אין לעבן גענומען זייער תּמימותדיק-ערנסט, אָבער טאַקע דערפאַר וואָס ער האָט דאָס לעבן גענומען אַזוי ערנסט, האָט ער נישט מבדיל געווען צווישן טרוים און וואָר, צווישן חלום און ווירקלעכקייט, צווישן שפּיל און רעאַליטעט. פאַר דעם קינד איז דעם חלום די פאָרזעצונג פון דער וואָר, דאָס שפּיל — דער המשך פון דער רעאַליטעט און דער טרוים — די דערפילונג פון דעם וואָס פעלט אין דער טאָג-טעגלעכקייט. אין שלום-עליכמס קינדישן געמיט און אין דעם געמיט פון זיינע העלדן, זענען אָפט פאַרשווונדן די גרענעצן צווישן פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט. דערפאַר איז אין זיין וועלט געווען אַזוי פיל פרייד. דערפאַר האָבן זיינע פאַרשוינען זיך אַרומגעטראָגן מיט אַזוי פיל קוואַלנדיקן געלעכטער און דערפאַר איז אין זיינע ווערק פאַראַן אַזוי פיל הימל-לויטערקייט און אַזוי פיל זון-בלענדיקייט, וואָס דערוואַרעמט דעם לייענער ביזן היינטיקן טאָג.

ב.

מענדעלע און שלום-עליכם, דאָס זענען נישט נאָר צוויי דורות אין אונדזער ליטעראַטור, דאָס זענען צוויי וועלטן, צוויי פּסיכישע מענטאַליטעטן, צוויי פילאָזאָפיעס, צוויי לעבנס-באַנעמען.

מענדעלע, דער מיושבדיקער זיידע, איז אינערלעך פול געווען מיט פאַרביטערונג קעגן לעבן. ער האָט דערפון אַ קנאַפּע הנאה געהאַט און ער האָט דערפון נישט געקאָנט קיין גרויסע הנאה האָבן, ווייל זיין קלוגער סקעפּטישער מוח און זיין ביטערע לעבנס-דערפאַרונג האָבן אים אויסגעלערנט צו זען דעם אונטערשלאַק פון דעם בן-אדמס כאַראַקטער און די גאָרנישט גלאַנצנדיקע פאַדשעווקע פון אַלע זיינע מעשים.

שלום-עליכם, דאָס פאַרשייטע אייניקל, איז פול געווען מיט גלויבן און מיט התפּעלות פאַר דעם מענטש. זיין אינערלעכע יונגשאַפט האָט אים פאַרשטעלט די אויגן פאַר דעם לעצטן סך-הכּל איבער דעם זין פון לעבן. ער, וואָס איז אַ האַלב לעבן געשטאַנען אונטער די שאָטנדיקע פליגל פון טויט, האָט קיין מאָל דעם טויט צו זיך נישט צוגעלאָזט און ווען ער האָט זיך שוין יאָ אַריינגעריסן אין זיינע דלת-אַמות, האָט ער אים אויפגענומען מיט אַזאַ פריילעך געלעכטער, אַז יענער האָט פאַרלוירן זיין פינצטער געשטאַלט און האָט גענומען בלענדן מיט דער פאַרביקייט פון הומאָריסטישן רעפלעקטאָר.

עס איז כאַראַקטעריסטיש: מענדעלען האָט מען אין די לעצטע יאָרן נישט געטאָרט דערמאָנען דאָס וואָרט: טויט, שלום-עליכם האָט אַפילו וועגן זיין ביסלעכווייזן אָפּשטאַרבן זיך געחכמעט מיט אַ גרינג געמיט.

מענדעלע האָט זיך געשראָקן פאַרן טויט, ווייל ער האָט קיין גרויס נחת און

קיין גרויסע אחיזה ניט געהאַט אין לעבן. שלום-עליכמען האָט דער טויט נישט געשראָקן, ווייל ער האָט זיך געפילט געגוג שטאַרק פאַרבונדן, דורך זיין הנאה, מיטן לעבן.

ס׳איז אגב אַן אַלטער כּלל: מרה שחורהניקעס, פּעסימיסטן, סקעפּטיקערס האָבן מער מורא פאַרן טויט, ווי לעבנסלוסטיקע, אָפּטימיסטישע און התפּעלותדיקע נאַטורן. מענדעלע איז געווען אַ פּעסימיסטישע נאַטור. איינער פון די וואָס זעען אין דעם קינדס וויגל דעם אָנהויב פון כּסדרדיקן בעל-כרחו-גאַנג צום קבר. און ווי אַזעלכער איז אים „דער קאָפּ נישט געשטאַנען צו קיין נאַרישקייטן". ער האָט תּמיד געדענקט דעם „לאן אתה הולך" און טאָמער האָט זיך זיין קינסטלערישע נאַטור שוין יאָ אַ מאָל פאַרשפּילט מיט אַ פּיטאָרעסקער לאַנדשאַפט-באַשרייבונג אָדער מיט אַ גראָטעסקער פּאָרטרעט-מאָלעריי, האָט ער זיך באַלד אַליין געכאַפּט פאַר דער האַנט און זיך ווי פאַרענטפערט מיט זיין קלאַסישן „ניט דאָס בין איך אויסן".

שלום-עליכם האָט זיך אָבער שוין נישט געשעמט צו זאָגן, אַז ער איז טאַקע יאָ אויסן די שטיפעריי, דאָס שפּיל, די קונסט. ער האָט אַ סך מאָל געשילדערט און געמאָלן נאָר פון שיינקייטס-וועגן, נאָר פון הנאה-וועגן. אין דעם פּרט איז ער טאַקע געווען דער ערשטער יִדישער קינסטלער, וואָס די קונסט איז פאַר אים געוואָרן אַ זעלבסטצוועק. פאַר אים איז ליטעראַטור נישט געווען בלויז קיין מוסר-השׂכּל אויפן לעבן, נאָר זי איז געווען פאַר אים אַ שטיק לעבן אַליין. זי איז געווען פאַר אים דאָס גרויסע שפּיל פון דער פאַנטאַזיע, וואָס האָט אין זיך אַ סך מער וואָר, ווי די וואָר גופא.

דאָס איז געווען אַ פּועל-יוצא פון זיין קינדערשן געמיט, פון זיין אייביקער יונגשאַפט, וואָס ער האָט אין זיך געטראָגן אַ גאַנץ לעבן.

ג.

מענדעלע איז, ווי געזאָגט, פון אָנהייב ביזן סוף געווען צילבאַוווּסט, ער איז מיט זיין פערד און וועגעלע געפאָרן אין אַ באַשטימטער ריכטונג. ער האָט געהאַט פאַר זיך אַ ציל — אַפילו אַז דער ציל איז געווען דער בלאָטעטייך אין טונעיאַדעווקע. מענדעלע האָט תּמיד געהאַט אַ כּוונה — אַ דידאַקטישע, אַ געזעלשאַפטלעכע און וויניקער ווי אַלץ — אַ קינסטלערישע.

מענדעלע איז געווען כּולו תּורת הניגלה, פון קיין נסתּר האָט ער נישט געוווּסט, נישט געוואָלט וויסן. — אָט דאָס בין איך אויסן אַפילו ווען איך זאָג אַז איך בין נישט אויסן.

ביי שלום-עליכמען איז נישט שווער אָפּצוזוכן דעם נסתּר הינטער דעם ניגלה.

אָט אַזוי פּשוט און פאָלקסטימלעך ווי ער איז קאָנט איר זייער אַ סך מאָל

אין זיינס אַ מעשה דערזען אַ טיפֿן פֿילאָזאָפֿישן רעיון. איר קענט אין איר זען אַ משל אויף זייער אַן אינטעלעקטועלן נמשל.

לאָמיר נעמען די טראַגיש־פּריילעכע מעשה „דער פּאַרכּישופֿטער שניידער". אַז איר ווילט איז עס נישט מער ווי אַ שטייגערישער עפּיזאָד — אַן עפּיזאָד וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַזעלכע וועלטשטעט ווי זלאָדיעווקע און קאָזאָדאָיעווקע.

אַז איר וועט זיך אָבער אַ ביסל אַריינטראַכטן אין דער דאָזיקער מעשה, וועט איר גיך איינגעפֿינען, אַז זי האָט אַ פֿיל טיפֿערן זין און איז אויסן אַ פֿיל העכערן פֿילאָזאָפֿישן לעבנס־אמת.

קאָזאָדאָיעווקע? זלאָדיעווקע? יאָ. אָבער אויך אין מאָסקווע, אין ניו יאָרק און אין לאָנדאָן קען געשען און ס׳געשעט דאָס זעלביקע.

וואָרעם אין די אַלע דערמאָנטע און נישט דערמאָנטע שטעט לעבן מענטשן מיט אידעאַלן און שטרעבן צו האָבן אַן אייגענע ציג וואָס זאָל זיי געבן מילך צו דער פּאַסנער קאַשע. און פֿאַר וואָס בלויז מילך? פֿאַר וואָס נישט אַ שטיקל פּוטער, אַ ביסל קעז, אָדער סמעטענע צו די ברייטע לאָקשן?

די מילך פֿון דער ציג — דאָס איז אונדזער אידעאַל און זי איז עס נישט בלויז אין יענע שטעט און שטעטלעך.

אָבער וואָס געשעט?

אויפֿן וועג צו דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון אונדזער אידעאַל — מילך און פּוטער פֿאַר די ברייטע מאַסן — קומט אַ דאָדי אַרענדאַר און ער פֿאַרטוישט אונדז די ציג אויף אַ באָק.

אַלע אונדזערע מילך־אידעאַלן, אַלע אונדזערע קעז־אויפֿשטאַנדן, אַלע אונדזערע פּוטער־רעוואָלוציעס ענדיקן זיך מיט דעם גרויסן געלעכטער פֿון דעם אַרענדאַר וואָס ברענגט דערצו, אַז אונדזער שווערע און ביטערע אַנטוישונג זאָל זיין אַ סך גרעסער ווי אונדזערע האָפֿענונגען.

ס׳איז אַ מעשה מיט אַן אַלעגאָריש סימבאָלישן הינטערגרונט: שמעון אלי שמע־קולינו — דער קרבן פֿון דאָדי סטאָלין.

מען קאָן ביי שלום־עליכמען געפֿינען נאָך עטלעכע אַזעלכע סימבאָליש אַלעגאָרישע מעשיות. אויך אין דעם פּרט איז ער אַנדערש פֿון „זיידן" מענדעלע. ביי מענדעלען זענען די געשעענישן איינמאָליקע, ביי שלום־עליכמען זענען אַפֿילו די איינמאָליקע געשעענישן — אַלעמאָליק.

נישט אַלע, אָבער אַ סך פֿון זיי.

אַזאַ מין סימבאָלישע, אַלעמאָליקע, מעשה איז אויך „עולם הבא" — אַ מעשה מיט אַ קליינשטעטלדיקן יונגמאַן, וואָס האָט געוואָלט אַ טובה טאָן

אַן אומגליקלעכן ייִדן און האָט דערפֿאַר באַצאָלט מיט ממון און דמים: שיער נישט געגאַנגען צוליב דעם קיין סיביר.

אויך אין אָט דער פּשוטער שטייגער־מעשה, וואָס ווערט דערציילט שלום־עליכמדיק, הומאָריסטיש. כאָטש זי איז אין תּוך זייער טרויעריק, איז פֿאַראַן אַ משלדיקער געדאַנק וואָס אַז מען וויל האָט ער אַ שייכות צו דער אַלטער פֿראַגע וועגן צדיק ורע לו, רשע וטוב לו. וואָרעם פֿאַר וואָס קומט עס אַזאַ פּיינעם, נאַיוון יונגנמאַן, אַז ער זאָל ליידן דערפֿאַר ווייל ער האָט אַ גוט האַרץ און וויל טאָן אַ מענטשן אַ טובה אין דעם מאָמענט ווען יענער נייטיקט זיך אַזוי שטאַרק אין זיין הילף?

מדוע דרך רשעים צלחה? פֿרעגט דער נביא ירמיהו: פֿאַר וואָס איז דער רשע תּמיד דער חכם און דער גוטער מענטש איז נעבעך תּמיד דער נאַר?

ס'איז אַ דורכאויס ייִדישלעכע מעשה, אָבער הינטער דעם נגלה ליגט דער אַלמענטשלעכער נסתּר־סך־הכּל.

אגב, לאָמיר באַמערקן:

נישטאָ, דוכט זיך, אַ שרייבער וואָס זאָל זיין אַזוי טיף ייִדיש ווי שלום־עליכם, און דאָך — זעט דאָס וווּנדער! דווקא שלום־עליכמס טביה (זאָל זיין אַז אינעם גילגול פֿון „פֿידלער אויפֿן דאַך") רירט און באַווירקט אַפֿילו די יאַפּאַנער, וואָס האַלטן אַז דאָס האָט אונדזער גרויסער הומאָריסט באַשריבן זייערע טיפֿן און זייערע געשטאַלטן, זייער לעבנס־שטייגער און זייערע פּראָבלעמען.

אויך דאָס איז אַן אויסדרוק פֿון שלום־עליכמס קינדישן געמיט. דאָס קינד איז ביי אַלע פֿעלקער היינו־הך, אויף יעדן פֿאַל: מיט קלענערע אונטערשיידן ווי ביי די דערוואַקסענע.

מענדעלע דער זיידע, שלום־עליכם דאָס אייניקל! אמת, אַ סך מאָל האָט דאָס אייניקל זיך אָנגעטאָן דעם זיידנס ראָק, אָנגעזאָטלט אויף דער שפּיץ נאָז דעם זיידנס ברילן און גענומען אין האַנט אַריין דעם זיידנס שטאָק...

דאָס אייניקל האָט געשפּילט דעם זיידן... געשפּילט מחמת פֿאַרערונג און ליבשאַפֿט.

פֿאַרט איז דאָס אָבער געווען נישט מער ווי געשפּילט. וואָרעם צווישן זיידן און דעם אייניקל איז געווען, ווי שוין געזאָגט, אַן אונטערשייד נישט בלויז אין יאָרן, נאָר, דער עיקר, אין כאַראַקטער, אין געמיט, אין טעמפּעראַמענט וכו' וכו'.

אַוודאי — לאָמיר זיין פֿאָרזיכטיק: עס זענען פֿאַראַן אויך ביי שלום־עליכמען שאַפּונגען, וועלכע זאָגן עדות אַז דער מייסטער איז מיד און אַלט; אַז זיין געמיט איז פֿאַרוואָלקנט און וואָס מער ער שטרענגט זיך אָן צו זיין פֿריילעך, צו לאַכן, אַלץ טרויעריקער ווערט ער, אַלץ צעקנייטשטער ווערט זיין פֿריש ייִנגליש פּנים.

דעמאָלט דערמאָנט זיך דאָס ליד פון הוגאָ פאָן האָפמאַנסטאַל:

„און קינדער וואַקסן אויף
מיט גרויסע, גרויסע אויגן
און שטאַרבן...".

„און שטאַרבן" מיינט צו זאָגן: זיי הערן אויף צו זיין קינדער. זיי ווערן זקנים.

ביי שלום-עליכמען געשעט אָבער כּמעט תּמיד אַ נס. דאָס קינדישע אין אים איז מנצח. עס פאַרטרייבט די זקנה. דאָס געלעכטער קלינגט ווידער פריש און לויטער, נישט געקוקט דערויף וואָס ערגעץ ווו האָט מען שוין אינעם געלעכטער אויך געוויין.

פאַראַן מענטשן צווישן די וואָס האָבן געקענט די ראשונים כּבני אדם און זיי זאָגן אַז דאָס וואָס שלום-עליכם האָט פון צייט צו צייט געלאָזט זיך באַהערשן פון דער זקנה, האָט זיך גענומען דערפון וואָס ער איז געווען אַ מטופל מיט אַ היפּש בני-בית (וואָס ער האָט, אגב, שטאַרק ליב געהאַט) און האָט צוליב טעמים פון פּרנסה געמוזט אַ סך שרייבן.

זלמן שניאור שילדערט זיינס אַ באַזוך ביי שלום-עליכמען אין איטאַליע און פאַרגעסט נישט צו באַמערקן אַז ער איז געווען ביז גאָר שאָקירט ווען ער האָט געזען ווי דער גאַסטגעבער שרייבט פאַר 5 צייטונגען מיט אַ מאָל. ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק, שרייבט שניאור (וואָס האָט זיך ווי באַוווּסט נישט אויסגעצייכנט מיט קיין ליבשאַפט און דרך ארץ צו ייִדישע שרייבערס), אַז ער געפינט זיך אין „אַ שרייבזאַוואָד", בפרט, ווען אַלע שטוביקע האָבן כּסדר געהאָלפן שאַפן „טעמעס" און מאָלן „טיפּן" וואָס דער „פאַטער פאַמיליאַס" זאָל באַשרייבן...".

יש אומרים אַז ווען שלום-עליכם וואָלט אין זיין לעבן אָנגעשריבן אַ העלפט פון דעם וואָס ער האָט אָנגעשריבן, וואָלט ער געווען אַ סך, אַ סך גרעסער ווי ער איז.

כאָטש וואָס איז דאָ שייך צו זאָגן „גרעסער" ווי קען מען דאָס זיין גרעסער פון גרויס

נאָר לאָמיר צוריקגיין צום אָנהייב אונדזערן, צו שלום-עליכמען, דעם אייניקל און צו מענדעלען דעם זיידן.

ד.

ווען מענדעלע האָט געשריבן וועגן דער גרוילצייט פון די ניקאָלאַיעווסקע כאַפּערס, האָט די כאַפּעריי שוין געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט.

שלום-עליכם מיט זיינע מעשיות געהערט תּמיד צו אונדזער היינט. שלום-עליכם געהערט צו דעם גרינעם בוים פון אונדזער לעבן. ער בליט און גרינט

אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר. ער איז אונדז מחיה מיט זיין לופטיקן שאָטן סיי נעכטן, סיי היינט, סיי מאָרגן...

איצט אין זיין 125סטן געבוירן־יאָר איז שוין קיין ספק נישטאָ אַז דאָס „אייניקל" האָט אין פּרט פון לייענערישן דויער שטאַרק איבערגעיאָגט דעם „זיידן".

שלום־עליכם איז געבליבן דאָס יונגשאַפטלעכע וווּנדער פון אונדזער ליטעראַטור. ער איז געבליבן דער גרינער וואַלד פון אונדזער שאַפן, דער בלויער קוואַליקער טייך פון אונדזער גייסט און דער גאָלדיק־בלענדיקער שפּיגל פאַר אונדזער אייביקער פאָלקס־דערקענטעניש.

דאָס פריילעכע געלעכטער פון שלום־עליכמען, וואָס איז אין תּוך געוועזן און געבליבן דער ספּעציפישער פאָלקס־עכאָ אויף דער טרויעריקייט פון אונדזער לעבן, וועט נאָך לאַנג, לאַנג אָפּהילכן אין אונדזער ליטעראַטור און דורך דער ליטעראַטור — אויך אין אונדזער וואָר.

# מאָריס ראָזענפעלד, זיין ליד און זיין דור

רעדן וועגן דעם פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד הייסט, לויט מיין מיינונג, רעדן נישט נאָר וועגן אַ באַדייטנדיקן ליטעראַטור־שעפער מיט אַזאַ אָדער אַנדער סכום דערגרייכונגען און פאַרדינסטן פאַר דעם יִידיש־ליטעראַרישן שאַפן. רעדן וועגן מאָריס ראָזענפעלדן הייסט רעדן וועגן דער פרילינג־תּקופה פון דער יִידישער פּאָעזיע בכלל און וועגן דער פרימאָרגן־עפּאָכע פון דער יִידישער ליטעראַטור־שאַפונג אין אַמעריקע בפרט. דער צופאַל אָדער דער גורל האָט אַזוי געוואָלט, אַז די התחלה פון דער יִידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע זאָל זיך צונויפפאַלן מיט דער התחלה פון דעם נייעם יִידישן לעבן אין אַמעריקע וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער אימיגראַציע פון די לעצטע דריי יאָרצענדליק פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און דאָס באַדייט, אַז ווען מיר רעדן וועגן ראָזענפעלדס פּיאָנערישער ראָל אין דער יִידישער ליטעראַטור, רעדן מיר אויך וועגן זיין אָנטייל אין דער אויספאָרמירונג פון יִידישן ישוב אין אַמעריקע. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט מיך געבּרענגט דערצו, אַז איך זאָל רעדן נישט בלויז וועגן דעם פּאָעט און זיין שאַפונג, נייערט בעיקר וועגן דעם פּאָעט אין דער ראַם פון זיינע געשיכטלעכע צייט־פאַרהעלטענישן. דער דאָזיקער בצימצומדיקער אַריינפיר דאַרף אויפקלערן פאַר וואָס איך האָב מיין אָפּהאַנדלונג אַ נאָמען געגעבן „מאָריס ראָזענפעלד, זיין ליד און זיין דור".

באַטראַכטנדיק די פּאָעטישע געשטאַלט פון מאָריס ראָזענפעלדן, שווימען אויף עטלעכע קשיות וואָס בעטן זיך פאַרענטפערט צו ווערן און די ערשטע קשיא איז: פאַר וואָס רעדט מען און פאַר וואָס שרייבט מען וועגן ראָזענפעלדן ווי וועגן אַ טראַגישן פּאָעט? מיט וואָס איז זיין לעבן געווען טראַגיש און וואָס אייגנטלעך איז געווען דער תּוך און דער תּמצית פון זיין טראַגעדיע? דער אויבערפלאַכלעכער ענטפער איז, אַז די טראַגעדיע פון זיין לעבן איז געווען די אָרעמקייט, די נויט וואָס האָט אים געמאַטערט און דערדריקט. מיר ווייסן פון נאָך צוויי פאַטאַלע סיבות וואָס האָבן געקענט גורם זיין זיין לעבנס־טראַגעדיע. איינע פון זיי איז דער טויט פון זיין געראָטענעם 15 יעריקן זון, וואָס ער האָט אַזוי שווער איבערגעלעבט און די צווייטע איז — זיין אייגענע קראַנקשאַפט וואָס האָט אים אויף די עלטערע יאָרן געבראַכט ביז בלינדקייט. נו, די אַלע דריי

פאַקטן זענען גענוג אויף צו צעברעכן אַ פילבאַרן מענטש און גורם צו זיין זיין טראַגישן צושטאַנד. דאָך מוז איך זאָגן, אַז ווען מען לייענט די זכרונות פון ראָזענפעלדס מיטצייטלערס, באַקומט מען נישט דעם איינדרוק אַז די דאָזיקע דריי סיבות זאָלן האָבן געווען די פאַראורזאַכערס פון זיין טראַגיזם. אַוודאי האָט די נויט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער געדריקטער און צערייצטער שטימונג אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. דער טויט פון זיין באַליבטן זון און זיין אייגענע קראַנקשאַפט האָבן אַוודאי און אַוודאי נאָך מער געווירקט אויף זיין פאַרביטערטן מצב־רוח. אָבער ס'איז פון דעסטוועגן מערקווערדיק וואָס לויט, ווי עס דערציילן די זכרונות־שרייבערס, האָבן די אַלע פּיינלעכע מאָמענטן, אין שעפערישן זין, אויף אים נישט געווירקט אַזוי נעגאַטיוו ווי עס האָט אויף אים געווירקט דער פאַקט, וואָס זיין דיכטעריש וואָרט האָט אויפגעהערט צו האָבן דעם פריערדיקן אָפּקלאַנג אויף דער יידישער גאַס. דאָס וויל זאָגן, אַז זיין טראַגעדיע האָט פיל מער געוואָרצלט אין זיינע גייסטיקע איבערלעבונגען ווי אין אַנדערע סיבות און עס ווערט טאַקע באַשטעטיקט דורך אַלע וועלכע שילדערן און דערציילן וועגן זיין עלנטן מצב, אַז צום סאַמע ערגסטן און צו סאַמע שווערסטן האָט ער אַריבערגעטראָגן דאָס געפיל פון זיין אייגענער ירידה, דאָס געפיל פון זיין אייגענער אָפּגעקומענקייט קעגן וועלכן ער האָט זיך וואָס אַן אמת געבונטעוועט, אָבער וואָס ער איז גלייכצייטיק געווען אוממעכטיק עס פון זיך אויסצוּוואָרצלען און אַריבערצושרייען אַפילו דעמאָלט ווען ער האָט עפּנטלעך דווקא געשריגן און זיך אויך געזידלט.

איך האָב אָנגעהויבן מיט איין קשיא און בין גלייך אַריין אין אַ צווייטער, און זי איז טאַקע די וויכטיקסטע פאַר אונדזער באַהאַנדלונג פון דער ראָזענפעלד־געשטאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור. די צווייטע קשיא איז: וואָס איז געווען די סיבה פון ראָזענפעלדס ירידה? מיר ווייסן, אַז דער גורל איז בדרך־כלל זייער קאַפּריז אין זיין באַציונג צו גייסט־מענטשן. מיר דאַרפן אָבער וויסן, אַז מיט דעם פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד האָט דער גורל ווירקלעך אָפּגעשפּילט דאָס סאַמע קאַפּריזסטע, דאָס סאַמע פּאַטאַלסטע שפּיל פון עליה און ירידה. יידן בעטן צו גאָט, אַז ער זאָל זיי נישט הייבן צו הויך און זיי נישט וואַרפן צו נידעריק. מאָריס ראָזענפעלדן האָט דאָס מזל געהויבן אויף דער סאַמע העכסטער הויך פון דערפאָלג, כדי אים שפּעטער אַראָפּצוּוואַרפן אין דער סאַמע נידעריקסטער טיף פון אומדערפאָלג. דאָס אַליין איז גענוג טראַגיש, אָבער ראָזענפעלדס טראַגעדיע איז נאָך געווען גרעסער דערמיט וואָס אָט דאָס אומוואַנדלענדיקע שפּיל פון אויפשטייג און אַראָפּפאַל איז פאָרגעקומען אין אַזאַ בלענדנדיקער גיכקייט, מיט אַזאַ אָטעם־פאַרכאַפּנדיקער שנעלקייט, אַז נישט נאָר האָט דער פּאָעט אַליין, ביז זיין סאַמע סוף, נישט געקענט באַגרייפן וואָס מיט אים איז געשען, נייערט אויך מיר, היינט צו טאָג, קענען נאָך אַלץ נישט תופס זיין דעם זין פון דער

דאָזיקער פּאַטאַליטעט, כאָטש מיר ווייסן שוין און מיר קענען שוין איר פּיינלעכע סעקוועגץ און איר טראַגישע קאָנסעקווענץ.

לאָמיר נישט פֿאַרגעסן: עס איז געווען אַ צייט ווען מאָריס ראָזענפֿעלד איז געווען נישט סתּם אַ באַרימטער דיכטער ביי ייִדן, נאָר ער איז געווען דער סאַמע באַרימטסטער און סאַמע באַליבטסטער ייִדישער פּאָעט. קיין שום ייִדישער דיכטער, נישט פֿאַר אים און נישט נאָך אים, האָט אַזוי נישט אויפֿגערודערט די ייִדישע און טיילווייז אויך נישט־ייִדישע וועלט ווי דאָס האָט געטאָן מאָריס ראָזענפֿעלד. ווען ער איז אויפֿגעגאַנגען אויף דעם ייִדיש־אַמעריקאַנער פּאָעטישן הימל האָט שוין דאָרט געשיינט דער שטערן פֿון זיידן פֿון ייִדישן סאָציאַליזם, מאָריס ווינטשעווסקי. כמעט אין איין תּקופֿה מיט ראָזענפֿעלדן, הגם כראָנאָלאָגיש עטלעכע יאָר שפּעטער, האָט אין דער ייִדישער אַרבעטער־סביבה שוין אויפֿגעקלונגען דאָס אויפֿריכטיקע געזאַנג פֿון אפֿשר דעם אויפֿריכטיקסטן און איידלסטן ייִדישן מאַרטירער־פּאָעט דוד עדעלשטאַט. עס האָבן זיך דערהערט די וועקנדיקע, מיט ביטערניש אָנגעלאָדענע טענער פֿון יוסף באָווערשאָווער. עס האָבן אָנגעהויבן פֿול מאַכן די לופֿט מיט זייער שטורעמדיק פֿרייהייט־לעכצנדיק וואָרט די גאַנצע פּלעיאָדע פֿון די בונטאַרישע פּאָעטן וועלכע האָבן געבילדעט די ערשטע אידעיִשע און סאָציאַלע אָנשיכטונג אין דער ייִדישער ליריק אויפֿן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס די ייִדישע דיכטונג אין אַמעריקע האָט שוין פֿאַרמאָגט אַזוי פֿיל זאָגנדיקע און צוזאָגנדיקע נעמען, האָט דאָך נישט קיין אַנדערער ווי מאָריס ראָזענפֿעלד אויף אַזוי פֿיל פֿאַרכאָפּט דאָס געמיט פֿון ייִדישן לייענער, אַז ס'איז ממש נישט געווען קיין איין ווינקעלע ווו זיין ליד זאָל נישט האָבן דערגרייכט און ווו זיין פּאָעטיש וואָרט זאָל נישט האָבן אַרויסגערופֿן אַ גאַנצע גאַמע פֿון די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע געפֿילן. ווי אַ בליץ האָט זיין נאָמען אַ לויכט געטאָן אויף ביידע זייטן פֿון אַטלאַנטישן אָקעאַן און זיינע לידער זענען בפּועל ממש געוואָרן דאָס נייע תּהילים־געזאַנג פֿון די ייִדישע אַרבעטער און פֿאָלקסמאַסן וועלכע האָבן זיך מיט זיין ליד געמונטערט און געמוטיקט, בציבור, און זיך אויסגעוויינט און אָפּגעלאָשן דעם ווייטיק פֿון האַרץ, ביחידות.

טאָמער איז ווייניק דער וווּנדער וואָס מאָריס ראָזענפֿעלד איז אַזוי שטורמיש באַרימט געוואָרן ביי דער ייִדישער פֿאָלקסמאַסע פֿון ביידע זייטן ים, ביי אָט דער פֿאָלקסמאַסע וואָס האָט פֿאַרגאָסן דימענטענע טרערן ביי זיין ליד „מיין ייִנגעלע״; וואָס האָט רעוואָלטירט ביי זיין שילדערונג פֿון שוויץ־שאָפּ; ביי אָט דער מאַסע וואָס האָט געפֿיבערט מיט דער פּעסימיסטישער וויזיע פֿון פּאָעט אויפֿן בוזעם פֿון ים און האָט זיך נאַציאָנאַל געטרייסט מיט זיין אָדע צו דער ייִדישער שיף, איז נאָך גרעסער דאָס וווּנדער וואָס דער זעלביקער ראָזענפֿעלד איז ממש איבער נאַכט באַרימט געוואָרן אויך ביי דעם אַסימילירטן ייִד, ביי די

ענגלישע און טיילווייז אויך דייטשישע יאַהודים וועלכע האָבן מיט פאַרוווּנדער געעפנט זייערע אויגן אויף אָט דער אַנטפּלעקונג פון דער עקזאָטישער געטאָפלאַנץ. און נאָך מער: ראָזענפעלד איז אַפילו דערגאַנגען צום נישט־ייִדישן לייענער אין די איבערזעצונגען פון פּראָפ. לעאָ ווינער און בערטאָלד פייוול און זיין נאָמען האָט אָפּגעקלונגען נישט נאָר אין דער ענגלישער און דייטשישער ליטעראַטור, נאָר אויך אין דער פראַנצויזישער, פוילישער, אונגאַרישער און אַפילו יאַפּאַנישער ליטעראַטור, ווו מען האָט געשטוינט פון דעם פאַקט וואָס דער אָרעמער געטאָ־זשאַרגאָן פאַרמאָגט אַזאַ קרעפטיקן זינגער. ראָזענפעלד איז געווען דער פאָפּולערסטער צווישן די דיכטערס וואָס פלעגן אַרויסטרעטן אויף טויזנט־קעפּיקע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען און ער איז דערביי אויך געווען דער ערשטער ייִדישער פּאָעט וואָס האָט געהאַט אוידיטאָריעס פון פּראָפעסאָרן און אַקאַדעמיקערס אין אוניווערסיטעט־זאַלן. אין דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע האָט אפשר אײן שלום אַש און דערנאָך — יצחק באַשעוויס מיט אַ סך יאָרן שפּעטער — דערגרייכט אַזאַ פילפאַרביקע און פאַרשידנאַרטיקע באַרימטקייט, ווייל וואָס שייך שלום־עליכמען, י. ל. פּרצן און ה. לייוויקן, וואָס זייער רום איז געוויס פון אַ מער סאָלידן און מער סטאַבילן כאַראַקטער, האָבן זיי אָבער מיט זייער גענוג גרויסער פּאָפּולאַריטעט קיין מאָל נישט געקענט זיך גלייכן צו דער דאָזיקער שטורמישער, צו דער דאָזיקער סענסאַציאָנעלער, צו דער דאָזיקער ממש לעגענדאַרער באַרימטקייט, וואָס האָט געטראָגן אויף אירע צוויבער־פליגל דעם נאָמען מאָריס ראָזענפעלד.

אָבער וואָס איז געשען דערנאָך? די פאַקטן דערציילן אונדז, אַז עס איז קוים אַוועק עפּעס מער ווי איין יאָרצענדליק און דער וואָס איז אָקאָרשט געווען דער באַרימטסטער ייִדישער דיכטער, דער גרעסטער און פּישופדיקסטער־נאָמען אין דער ייִדישער ליריק, איז מיט אַ מאָל געוואָרן דער פאַרשריגנסטער, דער פאַרלייקנטסטער, דער פאַרגעסנסטער און דער דיסקוטירטסטער ייִדישער פּאָעט. זלמן רייזען האַלט, אַז דער באַנקעט וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1913 צו ראָזענפעלדס פופציק יאָריקן יובל, איז שוין געווען דער לעצטער אויפבליץ פון זיין אויסגעלאָשענער גלאָריע. קוים אַ צענדליק יאָר נאָך דעם פּאָעטס גרויסן דערפאָלג האָט דער מיושבדיקסטער ייִדישער קריטיקער, שמואל ניגער, געשטעלט די פראַגע צי ראָזענפעלד איז שוין אַן אויסגעזוּנגענער פּאָעט און אין דעם אַרטיקל, וואָס ניגער האָט געשריבן צו ראָזענפעלדס 50־יאָריקן יובילייִ, געדרוקט אין דער ווילנער „ייִדישע וועלט", האָט ער זיין שאַפן אַרומגעשטעלט מיט אַזוי פיל באַוואָרענישן, אַז ער האָט עס מער אָפּגעפרעגט ווי באַשטעטיקט. לאָמיר דערביי נישט פאַרגעסן, אַז ש. ניגער איז געווען פון די מילדסטע קריטיקערס אין יענער צייט לגבי ראָזענפעלדן, ווייל ווען מיר לייענען היינט וואָס מען האָט דעמאָלט געשריבן וועגן ראָזענפעלדן, אין ניו־יאָרק, האָט

מען דעם איינדרוק אַז עס איז אַרום אים אָנגעגאַנגען אַ פולשטענדיקע וואַקכאַנאַליע פון חוזק און פאַרלוימדונג, אַ וואַקכאַנאַליע וואָס ער אַליין האָט זי מיט זיין ביטערן געמיט און מיט זיין שאַרפער צונג שטאַרק צערייצט, אָבער אַלץ איינס — אַ וואַקכאַנאַליע וואָס האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר די ערגסטע עפּיטעטן און פאַר די שאַרפסטע באַליידיקונגען, סיי אויפן אַדרעס פון זיין שאַפן, סיי אויפן אַדרעס פון זיין פערזענלעכקייט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מאָריס ראָזענפעלד, וועלכער איז ערשט געווען דער נישט געקרוינטער קעניג פון ייִדיש־פּאָעטישן קעניגרייך אין מיט אַ מאָל געוואָרן דער אָפּגעבלאַקעווטסטער פּאָעט, וואָס האָט געמוזט וואַנדערן פון רעדאַקציע צו רעדאַקציע מיט זיינס אַ ליד און האָט שוין דערלעבט די רעשט פון זיינע באַשערטע יאָרן אין אַ טראַנטע־מלבוש, וואָס האָט קוים פאַרמאָגט די צעפליקטע צויטן פון זיין עברדיקער גלאָריע.

אמת איז, אַז אין די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט האָט זיך די באַציונג פון די ייִדישע שרייבערס צו אים אַ ביסל געביטן. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז אָט די געביטענע באַציונג האָט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט זיין שאַפן, נאָר מיט זיין ביטער לעבן וואָס האָט דערוועקט אַ טיפן רחמנות. צו ראָזענפעלדס שאַפן איז אָבער אויך אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, און אַפילו היפש נאָך זיין טויט, געבליבן דער איינשטעל פון אַ מוראַדיקער גרינגשעצונג, אַפילו ווען מען האָט די גרינגשעצונג שוין גענומען איינהילן אין פאַרזיכטיקערע ווערטער און געקליבענערע טערמינען. דאָס הייסט אַז אין יאָר 1923 האָט מען געזאָגט וועגן ראָזענפעלדס שאַפן דאָס זעלביקע וואָס מען האָט געזאָגט אין יאָר 1913, אָבער געזאָגט האָט מען עס אַנדערש: מיט מער מיטלייד צום פּאָעט און מיט מער אָביעקטיווער פאַרשטענדעניש פאַר זיין סוביעקטיווען גורל, און לאָמיר אייך שוין זאָגן, אַז איינער פון די וואָס האָט אָט די פאַרשטענדעניש אַרויסגעוויזן איז געווען ה לייוויק, וועלכער האָט שפּעטער געשריבן אַ דראַמע מיט ראָזענפעלדן אַלס הויפּטהעלד און האָט אין זיין פּאָעמע „אַ בריוו צו אַ פריינד” גערעדט אין דעם הויכן טערמין פון „די ראָזענפעלדישע יאָרן”. אין כּלל גענומען האָט זיך אָבער די ליטעראַטור־קריטישע פאַרהעלטעניש צו ראָזענפעלדס שאַפן אויך אין די יאָרן פון געבעסערטער באַציונג נישט פיל געביטן און די גרינגשעצונג צו זיינע לידער האָט געטראָפן נישט בלויז זיינע שאַפונגען אין די לעצטע יאָרן, וואָס דאָס איז לכל הדעות געווען באַרעכטיקט, נאָר זי האָט אויך נישט געשוינט זיינע ערשטע שאַפונגען מיט וועלכע ער האָט באמת געמאַכט ליטעראַטור־געשיכטע. אַוודאי פאַרשטייען מיר, אַז אָט די באַציונג איז נישט געווען קיין סתם גזלנות צו אַ שרייבערישן קאָלעגע, נאָר זי איז געווען אַן אומבאַדינגטער באַשטאַנדטייל פון דעם קאַמף וואָס עס האָבן געפירט די נייע ליטעראַרישע ריכטונגען אין ייִדישן לעבן. אָבער כאָטש אַזוי מעג אונדז דאָך וווּנדערן וואָס אין דעם דאָזיקן קאַמף איז מאָריס ראָזענפעלד

געווען אַזוי איינזאַם און פאַרלאָזן פון אַלע זיינע פריערדיקע פריינד און פאַרערער, וואָס האָבן זיך אַמאָל געציילט אין די טויזנטער. ווו זענען אַהין געקומען די אַלע מאַסן-לייענערס וואָס ראָזענפעלד האָט זיי מיט זיין ליד אַזוי באַגייסטערט? פאַר וואָס איז נישט געווען קיינער וואָס זאָל זאָגן צום קראַנקן פּאָעט „זכרתי לך חסד נעוריך" (מיר געדענקען דיר די דערהויבונג וואָס דו האָסט אַריינגעבראַכט אין אונדזער יוגנט) ווייסן מיר דאָך, אַז ליטעראַרישע קאַמפן זענען אין קיין שום ליטעראַטור נישט קיין נייעס. אָבער אין יעדער ליטעראַטור שטיצט זיך דער קעמפערישער דור אויף זיינע לייענערס און דער באַקעמפטער דור שטיצט זיך אויף זיינע לייענערס. ווזשע איז אַהינגעקומען ראָזענפעלדס דור פון מיט אַ וואָסערע 10—15 יאָר צוריק? פאַר וואָס האָט דער דאָזיקער דור זיך נישט געשטעלט באַשיצן און פאַרטיידיקן זיין דיכטער? פאַר וואָס איז דער דאָזיקער דור אים אַזוי פאַררעטעריש אומטריי געווען?

אין גמרא-לשון איז דאָ אַן אויסדרוק פּתח בכד וסיים בחבית. עד האָט אָנגעהויבן מיט אַ קריגל און געענדיקט מיט אַ פאַס. אין אַ געוויסן זין געפין איך זיך איצט אין דער זעלביקער לאַגע. איך האָב אָנגעהויבן מיט איין פראַגע און בין פאַרקראָכן צו אַ סך אַנדערע פראַגן. דאָס איז אָבער גאָרנישט צופעליק. די דאָזיקע אַלע פראַגן זענען צווישן זיך געקניפּט און געבונדן און זיי לאָזן זיך נישט פאַרענטפערן באַזונדער, נאָר זיי מוזן פאַרענטפערט ווערן צוזאַמען. עס איז, ווי זאָל איך עס זאָגן, ס'איז אַ טיר מיט אַ סך שלעסער. אונדזער ציל איז טאַקע אויפצושליסן די איינע טיר פון דעם סוד וואָס הייסט: די ראָזענפעלד-פערזענלעכקייט, אָבער מיר וועלן די טיר קיינמאָל נישט קענען אויפשליסן אויב מיר וועלן נישט באַנוצן צו, איר עטלעכע פאַרשידענע שליסלען. דאָס איז דעם זין פון די אַלע פראַגן וואָס איך שטעל מיר בעת אין דער אמתן איז מיין אינטערעס נאָר איין איינציקע זאַך — די דיכטערישע פערזענלעכקייט פון מאָריס ראָזענפעלד און איר ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אָבער איידער מיר וועלן דעם סוד פון דער דאָזיקער פערזענלעכקייט פּרווון אויפשליסן לאָמיר קודם צוריקגיין צו ראָזענפעלדן דעם פּאָעט און לאָמיר זען אַ דאַנק וואָס האָט ער זוכה געווען צו האָבן אַזאַ עליה און וואָס זענען געווען די מאָטיוון וואָס האָבן אים שפּעטער דערפירט צו אַזאַ ירידה. ווי מיר ווייסן, איז מאָריס ראָזענפעלדן אויסגעקומען צו לעבן און פּאָעטיש צו ווירקן אין דעם פריען פרילינג פון דער ייִדישער פּאָעזיע. אין דער אַלטער היים האָבן מיר דעמאָלט נאָך נישט געהאַט קיין אויסגעשפּראָכענעם ייִדישן פּאָעט, ווייל סיי פרוג, און סיי פּרץ האָבן ערשט פאַרעפנטלעכט זייערע ערשטע פּרווון אויפן פּאָעטישן געביט. אויך אין דער נייער היים אין אַמעריקע, האָבן מיר דעמאָלט געהאַט נאָר איין אָנגעזעענעם ייִדישן דיכטער און דאָס איז געווען מאָריס ווינטשעווסקי,

וועלכער איז באַרימט געוואָרן אין לאָנדאָן און איז דערנאָך אַריבערגעקומען אין קאָלומבוסעס מדינה. מאָריס ווינטשעווסקי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע און האָט אויפגעשטעלט אַ גרויסן קרייז פון תּלמידים־פּאָעטן צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען מאָריס ראָזענפעלד. מאָריס ווינטשעווסקיס פּיאָנערן־ראָל אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער דיכטונג קען קיינער נישט אָפּפרעגן און קיינער קען אויך נישט לייקענען זיינע שעפערישע קוואַליטעטן וואָס האָבן צו יענער צייט בולט עדות געזאָגט אויף ליטעראַרישן טאַלאַנט. אָבער דאָך, כאָטש מיר ווילן אויף איין רגע נישט פאַרמינערן ווינטשעווסקיס ליטעראַרישע פאַרדינסטן, מוז מען דאָך מודה זיין, אַז ער איז אין אַ סך פּרטים געווען אַ רבי וואָס זיינע תּלמידים האָבן אים אַריבערגעשטיגן. ווינטשעווסקי האָט אין זיין פּאָעזיע קיין מאָל נישט פאַרמאָגט יענע רירנדיקע מיטרייסנדיקייט וואָס עס האָט פאַרמאָגט דוד עדעלשטאַט אין זיינע לידער „אָ, גוטער פריינד ווען איך וועל שטאַרבן” אָדער „אָ, מוזע וועק מיך נישט מיט דיינע צויבער־פינגער” — לידער הילפלאָזע אין אויסדרוק, אין דער שפּראַך, אָבער דירעקטע און אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע אין זייער אַפּעל צום האַרץ וואָס האָט דערפילט, אַז הינטער די לידער שטייט אַ מענטש וואָס איז זעלטן־זויבער און איז דערביי זיך גרייט מקריב צו זיין פאַר זיין אידעאַל. ווינטשעווסקי האָט אויך נישט פאַרמאָגט די אָנגעלאָדענע שטימונג־ספּולקייט און דאָס ליריש־דראַמאַטישע געמיט פון אַ באָושאָווער, אָדער די אומרויִקע אימפּעטפולקייט פון אַ גאָלדשטיין, דעם אומעט־טיפקייט פון אַ באַבאַד. ווינטשעווסקי איז אומבאַדינגט געווען אַ שאַרפער מוח, אַ קלוגער און געלערנטער ייִד מיט אַ שטאַרקן חוש פאַר סאָציאַלער סאַטירע און אויך מיט אַ געהעריקער פאַרשטענדעניש פאַר דער פאָלקסטימלעכקייט פון לשון וואָס ער האָט אפשר דער ערשטער גערייניקט פון די ווילדע דייטשמעריזמען. ווי אַ פּאָעט איז אָבער ווינטשעווסקי געווען צו קיל און צו ניכטער, אַז ער זאָל קענען רעדן אַחוץ צום מוח, אויך צום האַרץ. זיינס אַ ליד איז געווען אַ גוטע פּראָקלאַמאַציע און ער האָט אפשר גאָרנישט געוואָלט, אַז עס זאָל זיין עפּעס מער. ער איז געווען אַלעמענס מורה־דרך, אַלעמענס רבי, אַלעמענס לערער, אָבער עפּעס איז ביי אים אויסגעקומען אַזוי, אַז אין לעצטן סך־הכּל האָבן זיינע תּלמידים מער געקענט פון אים.

די בעסטע אילוסטראַציע דערצו איז מאָריס ראָזענפעלד, וואָס איז אויך געווען מושפּע פון מאָריס ווינטשעווסקין און האָט פון דעסטוועגן דערגרייכט אַזעלכע פּאָעטישע הייכן פון וועלכע ווינטשעווסקי האָט שרייבעריש קיין מאָל נישט געקענט חלומען. איך וואָלט דאָ געקענט ברענגען אַ סך באַווייזן ווי אַזוי דער תּלמיד ראָזענפעלד איז אין איין הרף עין איבערגעשטיגן זיין רבין, ווינטשעווסקין, אָבער אַזוי ווי איך קען זיך נישט אַריינלאָזן אין קיין פּרטימדיקן אַנאַליז פון

אַ סך לידער, וועל איך מיר דערלויבן צו ברענגען בלויז איין ביישפּיל. נ. ב. מינקאָוו ז״ל באַווייזט אַז ראָזענפעלד האָט אָנגעשריבן זיין באַרימט ליד „מיין יינגעלע״ אונטער דער השפּעה פון ווינטשעווסקיס ליד „איך קען אַ קליין מיידעלע״. עס איז אָבער געגוג בלויז אַן אויבנאויפיקער פאַרגלייך צווישן דיביידע לידער כּדי צו דערזען ווי אַן אַ פאַרגלייך עס איז ראָזענפעלדס טאַלאַנט מיט ווינטשעווסקיס טאַלאַנט. אין זיין ליד „איך קען אַ קליין מיידעלע״ זינגט ווינטשעווסקי אַזוי:

„איך קען אַ קליין מיידעלע,<br>
אַן אַרבעטערס אַ קינד.<br>
איר צורקעלע די איידעלע,*<br>
דערפרייט דאָס הויזגעזינט״.

דאָס איז אַן אַקאָרד וואָס דערמאָנט אונדז אין ראָזענפעלדס ליד:

„איך האָב אַ קליינעם יינגעלע,<br>
אַ יינגעלע גאָר פיין.<br>
ווען איך דערזע אים דאַכט זיך מיר<br>
די גאַנצע וועלט איז מיין״.

פאַרגלייכט מען די לעצטע צוויי שורות פון די ציטירטע סטראָפן ביי ווינטשעווסקי און ביי ראָזענפעלדן, דערזעט מען אָבער תּיכּף דעם גרויסן פּאָעטישן מהלך צווישן די צוויי דיכטער. ווען ווינטשעווסקי וויל איבערגעבן די שיינקייט פון דעם קליינעם מיידעלע און די ליבשאַפט וואָס זי רופט אַרויס, זאָגט ער אַז איר צורקעלע, איר פּנימל הייסט עס, דערפרייט דאָס הויזגעזינט. ראָזענפעלד שילדערט נישט די שיינקייט פון זיין זון, אָבער דאָס געפיל פון ליבשאַפט גיט אין אים אַ שטורעם־אויף און ער מאַכט אונדז דערפילן, אַז ווען דער טאַטע זעט אים איז ער אַזוי גליקלעך, אַז ער האָט די אילוזיע ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען זיינע. ראָזענפעלד באַנוצט דאָ נישט קיין אייגן דיכטעריש וואָרטבילד, נאָר אַ פּאָלקסטימלעכן אידיאָם, וואָס איז ממש אַרויסגעריסן פון פאָלקסמויל. אָבער ווי שטאַרק און ווי מעכטיק איז דער דאָזיקער אידיאָמאַטישער אויסדרוק ווען ער דאַרף אַריינפירן דעם לייענער אין דער ספערע פון פאָטער־ליבשאַפט. „ווען איך דערזע אים דאַכט זיך מיר די גאַנצע וועלט איז מיין״. יעדער איינער פון אונדז וואָלט דאַכט זיך געזאָגט דאָס זעלביקע און וואָס דאַרף מען דאָ מער זאָגן? וואָס קען נאָך מען איבערגעבן דאָס הייסע געפיל פון טאַטישער פאַרליבטקייט אין זיין קינד?

* „צורקעלע״ איז אַ דעמיניטיוו, אַ צערטל־וואָרט פאַר צורה, געזיכט.

מיר האָבן ציטירט די אָנהייב־סטראָפן פון די צוויי לידער. לאָמיר איצט ציטירן זייערע שלוס־סטראָפן. ווען ווינטשעווסקי וויל איבערגעבן די זאָרג פון דעם אַרבעטער־טאַטן צוליב דער נישט־פאַרזאָרגטקייט פון זיין קינד, זינגט ער:

„דאָך דוכט מיר, ער זעט קומענדיק,
אַ שווערע צייט.
און אָפטמאָל מאַכט אים אומעטיק
זיין טאָכטערס ליבלעכקייט".

מאָריס ראָזענפעלד נעמט דעם זעלביקן מאָטיוו, דעם ווייטיק פון אַ טאַטן וואָס ציטערט איבער דעם גורל פון זיין אומוויסנדיק און אומשולדיק קינד, און ער זינגט:

„איך בלייב צעווייטיקט און פארקלעמט
פארביטערט און איך קלער.
ווען דו דערוואַכסט אַ מאָל מיין קינד,
געפינסטו מיך נישט מער".

אין ביידע סטראָפן ברענגען די דיכטערס אַרויס די ליידן פון אַ פאָטער וואָס דאגהט וועגן דעם מאָרגן פון זיין קינד. ביי ווינטשעווסקין איז עס אַ גרויע דאגה וואָס הייבט זיך קוים אויף פון דער ערד, אַ דאגה וועגן דעם אַז עס קומט אַ שווערע צייט. ביי ראָזענפעלדן, אָבער, גיט זיך די זאָרג וועגן דעם גורל פון זיין קינד אַ דערהויב צו גורלדיקער מיסטישקייט, צו דער פיינלעכסטער פאַטעטיק פון אַ טאַטן, וואָס אים לויפט אַדורך דער שרעקלעכער געדאַנק אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט אים זיין קינד מער נישט געפינען צווישן די לעבעדיקע און עס וועט בלייבן אַ יתום אויף דער וועלט. און כאָטש דאָס ליד ראָזענפעלדס איז, פונקט ווי ווינטשעווסקיס ליד, אַ געזאַנג וועגן דער טראַגישער דאָליע פון דעם אַרבעטער וואָס איז אַליין נישט פאַרזאָרגט און קען אויך זיין קינד נישט פאַרזאָרגן, איז אָבער אין ראָזענפעלדס ליד פאַראַן נישט נאָר דער פיזישער פיין, נאָר אויך די מעטאַפיזישע טראַגיק וואָס אַז מען וויל איז זי אייביק און איבער־סאָציאַל, ווייל די שרעק פון טאַטן פאַר דעם מאָמענט ווען זיין קינד וועט אים מער נישט געפינען אויף דער וועלט, איז גילטיק אין אַלע צייטן און ביי אַלע סאָציאַלע אומשטאַנדן און זי קען און מוז רירן די מענטשן אויף אַלע לענגען און ברייטן פון דעם ערדישן פלאַנעט.

וואָס איז דעריבער דער וווּנדער וואָס נישט ווינטשעווסקיס ליד, נאָר ראָזענפעלדס ליד האָט אַזוי אויפגעשטורעמט די ייִדישע מאַסן? שוין דער בלויזער איינפאַל צו זינגען וועגן די יסורים פון אַ טאַטן וואָס די מאַטעריעלע נויט ברענגט אים צו דעם, אַז ער זאָל קיין מאָל נישט זען זיין קינד וואַך; אַז ער

זאָל זיך קיין מאָל נישט קענען דערמיט שפּילן; און דערצו די פאַרצווייפלונג, אַז עס קען חלילה קומען דער מאָמענט, ווען ער, דער טאַטע, וועט פאַלן אונטער דער לאַסט פון לעבן און זיין קינד וועט אים מער נישט געפינען, האָט געמוזט אויפרודערן דעם ייִדישן און נישט נאָר ייִדישן לייענער, פאַר וועלכן דאָס ליד איז געווען אַן אמתע רעוואָלוציע, אַן אמת קאָלאָמבוס־אַנטדעקונג אויפן ים פון מענטשלעכן געפיל. נישט קיין חידוש וואָס דאָס ליד איז אַזוי פיל געזונגען געוואָרן און נישט קיין חידוש אויך וואָס מען האָט אַזוי פיל טרערן פאַרגאָסן ווען מען האָט עס געהערט זינגען, אָדער ווען מען האָט עס אַליין אונטערגעברומט.

אמת, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, האָט דער גורל לידער געוואָלט, אַז ראָזענפעלדס שרעק זאָל מקוים ווערן פונקט פאַרקערט. עס איז געקומען אַ טאָג ווען נישט דער זון ראָזענפעלדס האָט מער נישט געפונען דעם טאַטן, נאָר ווען דער צעבראָכענער און צעפייניקטער טאַטע האָט געמוזט נאָכגיין נאָך דער לוויה פון זיין 15 יעריקן געראָטענעם זון, וואָס האָט שוין אַליין געשריבן ענגלישע לידער. די דאָזיקע איוב־ איבערלעבעניש האָט ראָזענפעלדן געטראָפן אַקוראַט דעמאָלט ווען ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן די אויסלעשונג פון זיין טאַלאַנט און דאָס האָט זיין ווייטיק צוגעגעבן נאָך אַ מער טראַגישן רעזאָנאַנס. אָבער איצט האַלטן מיר נאָך נישט ביי דעם דאָזיקן אויסלעש־מאָמענט, נאָר ביי דעם מאָמענט ווען זיין טאַלאַנט און זיין רום האָבן זיך כּסדר צעבליט און צעוואַקסן. לאָמיר דעריבער באַטראַכטן וואָס אַזוינס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דער דאָזיקער טאַלאַנט? אין וואָס איז באַשטאַנען די אייגנטימלעכקייט פון זיין דיכטערישן מהות? מיט אַנדערע ווערטער: אויב שעפערישקייט איז שליחות, טאָ וואָס איז געווען מאָריס ראָזענפעלדס פּאָעטישע שליחותדיקייט?

אַלע ווייסן, אַז מאָריס ראָזענפעלד איז געווען אַ קאָמפּליצירטע פּערזענלעכ־קייט און ער איז געווען קאָמפּליצירט דערפאַר ווייל ער איז דיכטעריש געווען זייער פילגעשטאַלטיק. אויסער דעם וואָס ראָזענפעלד איז געווען אַ סאָציאַלער און גלייכצייטיק אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, וואָס דאָס איז אין יענע צייטן, פאַר ליעסינען, פאַר יהואשן און פאַר פרוגן, געווען אַן אומגעוויינלעכע זאַך, איז ער אויך געווען דאָס וואָס מען רופט אַן: אַ כּלל־דיכטער און אין דער זעלביקער צייט אויך אַ יחידישער דיכטער. עס וואָלט אַוודאי כּדאי געווען אויפצוקלערן דעם חילוק וואָס עס איז פאַראַן צווישן די ביידע שעפערישע פּערזענלעכקייטן, אָבער דאָס וואָלט אונדז ווייט אוועקגעפירט און דערפאַר וועל איך וועגן ראָזענפעלדן, דעם יחידישן דיכטער נאָר זאָגן אייניקע ווערטער, כּדי שפּעטער איבערצוגיין צו ראָזענפעלדן דעם כּלל־דיכטער, וועגן וועלכן מיר וועלן דאַרפן רעדן אַ ביסל מער באַריכות.

אַלע ווייסן, אַז צווישן ראָזענפעלדס לידער וואָס ברענגען צום אויסדרוק די געפילן, די שטימונגען און די פאָדערונגען פון כּלל געפינט מען אויך אַ סך

לידער וואָס דריקן אויס זיינע יחידישע געפילן, זיינע יחידישע איבערלעבונגען און זיין יחידיש געמיט. היינט צו טאָג ווייסן מיר שוין, אַז ווען אַ דיכטער זינגט וועגן זיך, מעג דאָס זיין אויף דעם אינדיווידועלסטן אופן, זינגט ער גלייכצייטיק וועגן טויזנטער אַנדערע יחידים, וואָס לעבן איבער און פילן דאָס זעלביקע וואָס ער און אַזוי אַרום איז דער סאַמע אינדיווידועלסטער דיכטער אויך אַ כלל־דיכטער. אין ראָזענפעלדס צייט האָט מען אָבער געהאַט אַן אַנדערן בליק אויף דיכטונג און אויף איר ראָל אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. דעמאָלט האָט מען געהאַלטן, אַז אַ דיכטער דאַרף זינגען נאָר וועגן דעם וואָס עס אינטערעסירט דעם קאָלעקטיוו און נישט וועגן דעם וואָס עס איז נוגע די אינדיווידועלע באַזונדערקייטן פון די יחידים וואָס בילדן דעם קאָלעקטיוו. ראָזענפעלד איז אָבער זייער אָפט אַראָפּ פון דער קאָלעקטיוויסטישער ליניע און ער האָט זיך דערלויבט פּאָעטישן אינדיווידואַליזם, נישט נאָר בשוגג, נאָר אויך במזיד, נישט בלויז אונטערבאַוווסטזיניק, נאָר אויך באַוווסטזיניק. ראָזענפעלד האָט זיך אַ מאָל דערלויבט צו זאָגן, אַז ער זינגט, ווייל דאָס זינגען איז זיין איינציקער ציל. הײַנטיקע צייטן הייסט אַזאַ פּאָעטישע דעקלאַראַציע „קונסט לשם קונסט" און זי ווערט אויך היינט נישט גערן געהערט. מען קען זיך שוין דעריבער פאָרשטעלן וואָס אַזאַ מין אינדיווידואַליסטישע דעקלאַראַציע האָט געמיינט אין ראָזענפעלדס צייטן און ווי שטאַרק זי האָט שאָקירט זיינע מיטצייטלערס, הן שרייבערס, הן לייענערס.

לאָמיר דאָ ברענגען אַן אויסצוג פון דעם דאָזיקן ליד, כדי עס זאָל זיין פאַרשטענדלעך וועגן וואָס עס רעדט זיך. דער דאָזיקער אויסצוג קלינגט אַזוי:

איך זינג — דאָס זינגען איז מיין ציל.  
אין יעדער ליד איז אַ געפיל.  
איך קלער נישט וואָס,  
איך קלער נישט ווען.  
אַט פלוצים גיט אין האַרץ אַ ברען,  
עס גיט אַ קלעם, עס גיט אַ שפּאַר,  
אַמאָל די פרייד, אַמאָל דער צער —  
דאָס קומט פון ברוסט און נישט פון קאָפּ  
און די נשמה נאַרט נישט אָפּ.

עס קען זיך שטעלן די פראַגע: ווי אַזוי איז עס מעגלעך, אַז דער דיכטער וואָס האָט אַזוי אויפגערודערט די מאַסן און זיי געפירט צום קאַמף פאַר אַ באַשטימטן סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן ציל זאָל זאָגן, אַז נישט דער דאָזיקער קאַמף, נאָר דאָס זינגען איז גאָר געווען זיין איינציקער ציל? די פראַגע וועט אונדז פאַרענטפערט ווערן ווען מיר וועלן אָננעמען דעם כלל, אַז קיין שום

מענטש קען נישט זיך אַליין און דעריבער דאַרפן מיר נישט באַטראַכטן קיין דיכטערישן אויטאָפּאָרטרעט ווי קיין בילד וואָס אַנטשפּרעכט פּאַקטיש זיין אויסזע. „דאָס זינגען איז מיין ציל" האָט מאָריס ראָזענפעלד אויסגערופן אין אַ מאָמענט פון יחידישער שטימונג און עס באַווייזט נאָר, אַז ביי ראָזענפעלדן זענען געווען אַזעלכע יחידישע שטימונגען. צוזאַמען מיט אָט די יחידישע שטימונגען זענען אָבער געווען ביי ראָזענפעלדן כלל־שטימונגען וואָס האָבן, ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען, דאָמינירט זיין שאַפן. וואָס ס'איז יאָ אמת אין דעם דאָזיקן ליד, איז נאָר דאָס, אַז ראָזענפעלד איז פּאַקטיש געווען אַ דיכטער פון אימפּולס. אַ דיכטער וואָס זיין האַרץ האָט געהאַט די ממשלה איבער זיין קאָפּ. ווי אַזאַ האַט ראָזענפעלד אפשר דער ערשטער אַריינגעבראַכט אין דער ייִדישער דיכטונג די סטיכישקייט פון נישט קלערן וואָס און נישט קלערן ווען, ווען די מוזע האָט אים אַ ברי געטאָן און באַפוילן צו זינגען. ער איז געווען דער ערשטער ייִדישער פּאָעט וואָס האָט זיין מוזע קיין דעות נישט געזאָגט און פּונקט ווי דער פּאַרצייטיקער נביא האָט זיך אומגעפרעגטערהייט אונטערגעוואָרפן דער שטים פון גאָט וואָס ער האָט געהערט אין זיין אינגעווייד, אַזוי האָט מאָריס ראָזענפעלד זיך אומקאָנטראָלירטערהייט אונטערגעוואָרפן דעם קול פון זיין פּאָעטישער שליחות. דאָס איז געווען זיין כוח און זיין רייץ. ער האָט נישט געוווּסט און נישט געוואָלט וויסן פון קיין אינערלעכער עטישער, אָדער אידעיִשער צענזור, ער איז געווען אימפּולסיוו, סטיכיש, ווי אַ ווולקאַן. ווען ס'האָט אים געטאָן אַ שפּאַר די פרייד אָדער דער צער, האָט ער זיין ליד פון זיך אַרויסגעשטורעמט ווי דער פייערבאַרג שטורעמט אויס זיין לאַווע. דערפאַר איז די טעמפּעראַטור פון זיין וואָרט געווען אַזוי מעכטיק, אַזוי אַנגעגליט. דערפאַר דערפילט מען נאָך היינט אין זיינע בעסערע לידער ווי ער באַרוישט דעם לייענער מיט זיין נאַטור־אָרגאַנישקייט, מיט זיין נאַטור־קרעפטיקייט, אַזוי אַז אָפט מאָל דאַכט זיך אונדז אויס, אַז נישט ער אַליין רעדט, נאָר עס רעדט פון אים אַרויס דער דיבוק פון פּאָעטישער באַזעסנקייט, דער בת־קול פון דער דיכטערישער סטיכיע, דאָס ריינע אורשפּרינגלעכע געפיל וואָס איז אַזוי מעכטיק, אַז עס מוז אַלעמען באַווירקן.

איך האָב דאָ נאָר געזאָגט אַ קאַרג וואָרט וועגן ראָזענפעלדן דעם יחידישן דיכטער, ווייל איך וויל איבערגיין צו ראָזענפעלדן, דעם דיכטער פון כלל און צו זיין שליחות פאַר דעם דאָזיקן כלל. ווער־זשע איז געווען ראָזענפעלד דער כלל־דיכטער ? ווו האָט זיך זיין פּאָעטישע קראַפט געפורעמט און ווו האָט זי געוואָרצלט ?

ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אַז ווען פּראָפ. לעאָ ווינער האָט איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבן מאָריס ראָזענפעלדס ביכל לידער אויף ענגליש האָט ער דעם דאָזיקן ביכל געגעבן אַ זייער כאַראַקטעריסטישן און פיל־זאָגנדיקן נאָמען. ער

האָט ראָזענפעלדס לידער אָנגערופן „דהי סאָנגס אָוו דהי געטאָ״, די גרויסע טייל פֿון דעם געטאָ. און ווען מען טראַכט זיך אַריין מוז מען מודה זיין, אַז אין תּוך גענומען האָט דער דאָזיקער אַסימילירטער יאַהודי זייער טיף תּופֿס געווען ראָזענפעלדס אינערלעכן דיכטערישן מהות. מאָריס ראָזענפעלד איז פּאַקטיש געווען דער אויסגעשפּראָכנסטער זינגער פֿון דעם נייעם ייִדישן געטאָ אין אַמעריקע, אָדער ווי פּראָפ. שמעון דובנאָוו האָט עס אָנגערופֿן: דאָס פֿרייוויליקע ייִדישע געטאָ אין אַמעריקע און עס איז אפשר נייטיק צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם דאָזיקן געטאָ, כּדי מיר זאָלן פֿאַרשטיין וואָס אַזוינס זי איז געווען פֿאַר ראָזענפעלדן און וואָס אַזוינס ראָזענפעלד איז געווען פֿאַר איר.

מיר ווייסן, אַז דער הויפּטשטראָם פֿון דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער אימיגראַציע אין אַמעריקע איז פֿאָרגעקומען אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען אַ שטראָם פֿון מענטשן וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון פּאָגראָמען און רעכטלאָזיקייט ווייל ס׳האָט זיי געצווינגען די אַמעריקאַנער פֿרייהייט, אָבער מחמת אַ סך סיבות, וואָס ס׳איז איצט נישט די צייט זיי אויסצורעכענען, האָבן די דאָזיקע אימיגראַנטן, קומענדיק אין דעם פֿרייען לאַנד, דאָך געבילדעט אַ ניי פֿרייוויליק געטאָ, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין כאַראַקטער און מיט זיין שטייגער פֿון אַלע אַנדערע איינוואַנדערער־קאָלעקטיוון און פֿון אַלע אַנדערע עטנישע אימיגראַנטן־גרופּעס.

מיט וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט די ייִדישע איינוואַנדערערס אין אַמעריקע? ערשטנס דערמיט וואָס זיי זענען, ווי דובנאָוו זאָגט, געקומען קיין אַמעריקע כּדי להשתקע, כּדי צו בלייבן דאָרט וווינען און נישט ווי אַ סך אַנדערע עטנישע גרופּעס וואָס זענען געקומען כּדי צו פֿאַרדינען אַ ביסל געלט און שפּעטער צוריק אַ היים צו פֿאָרן. צווייטנס האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט דערמיט וואָס כאָטש אַזוי, כאָטש זיי זענען געקומען צו בלייבן, האָבן זיי דאָך נישט איבערגעריסן די פֿעדעם מיט די אַלטע היימען, נאָר זיי האָבן מיט זיי אָנגעהאַלטן אַ כּסדרדיקן משפּחהדיקן און נאַציאָנאַל־געזעלשאַפֿטלעכן קאָנטאַקט און דאָס האָט געלייגט אַ באַזונדערן חותם אויף זייער לעבן און אויף דער אויספֿאָרמירונג פֿון דעם ייִדישן קאָלעקטיוו אין אַמעריקאַנער לאַנד.

אַלע פֿאָרשערס פֿון ייִדישן לעבן אין אַמעריקע האַלטן, אַז די מזרח־אייראָפּעיִשע אימיגראַציע פֿון די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פֿון 19טן יאָרהונדערט, האָט געבילדעט דעם יסוד פֿון דעם היינטיקן אַמעריקאַנער ייִדנטום. קיין שום אימיגראַציע־כוואַליע צופֿריער און קיין שום איינוואַנדערונגס־כוואַליע שפּעטער האָבן אין דער געשיכטע פֿון אַמעריקאַנער ייִדנטום נישט געשפּילט אַזאַ קאָנטיקע און באַזישע ראָל ווי דער דאָזיקער שטראָם וואָס האָט געשאַפֿן דאָס נייע ייִדישע געטאָ אין אַמעריקע. די מענטשן פֿון דאָזיקן געטאָ האָבן דערביי מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַזאַ סאָציאַל און פּאָלקיש געמעל וואָס איז ביז דעמאָלט

נישט געווען בנמצא אין דער יִדישער געשיכטע און אויך דאָס געטאָ איז נישט געווען ענלעך צו קיין שום פריערדיקער געטאָ אין דער יִדישער געשיכטע. ווארום דאָס איז געווען אַ געטאָ אָן מויערן, אַ געטאָ אָן צוואַנג פון דרויסן. מען איז נישט געווען אין גלות ביי קיינעם, נאָר ביי זיך אַליין, ביים אייגענעם ווייטיקלעכן פּראָצעס פון איבערגעבוי און ווידערגעבורט. און טאַקע דערפאַר איז עס, אין אַ געוויסן זין, געווען דאָס דראַמאַטישסטע געטאָ אין דער גאַנצער יִדישער גלות־היסטאָריע, ווייל די מענטשן אין אים האָבן זיך געפילט ווי דער דור המדבר: פון דעם צאַרישן תּחום המושב איז מען געהאַט אַרויס און קיין אַמעריקע איז מען פאַקטיש נאָך נישט געהאַט אַריין. מען איז טאַקע שוין געווען אויפן אַמעריקאַנער באָדן, אָבער ביים איסט־ריווער האָט מען נאָך אַלץ געזונגען די לידער פון דער אַלטער היים און מען האָט נאָך אַלץ זיך געוואַרעמט ביים דעם זכּרון פון די אַלטע טראַדיציעס און ביי דעם פייער פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן. יעדער איינער יחיד פון דעם דאָזיקן געטאָ־קאָלעקטיוו איז ערגעץ ווי געווען צוויי מענטשן. ווי משה לייב האַלפּערן שילדערט עס אין זיין פּאָעמע „פּאַן יאַבלאָנסקי״. ער האָט אין זיך געטראָגן דעם קבר פון דעם מזרח־אייראָפּעיִשן נעכטן און גלייכצייטיק די וויג פון נייעם אַמעריקאַנישן מאָרגן.

די וויכטיקסטע מאָמענטן אין מאָריס ראָזענפעלדס לעבן זענען פאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן דור וואָס האָט געשאַפן דאָס פּרייוויליקע יִדישע געטאָ אין אַמעריקע. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין די אַכציקער יאָרן און ער איז אויפגעגאַנגען ווי אַ פּאָעט אין די ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט. ער איז געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם דאָזיקן געטאָ, אַ לייבלעכער ברודער פון דער דאָזיקער דור המדבר־מאַסע וואָס איז אָוועק פון אַלטן און איז נאָך נישט דערגאַנגען צום נייעם. אַלץ וואָס ס'איז געווען אין זייער נשמה איז אויך געווען אין זיין נשמה. ער איז געווען פּונקט אַזוי פּרימיטיוו ווי זיין געטאָ־דור און פּונקט אַזוי ראַפינירט ווי דער דאָזיקער געטאָ־דור. ער האָט פאַרמאָגט זייער גראָבקייט, זייער פיינפילנדיקייט, אָבער גלייכצייטיק אויך יענע עגאָיסטישע ענגהאַרציקייט וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אימיגראַנטן וואָס קעמפן מיט ציין און נעגל פאַר דער דערגרייכונג פון אַ פּאָזיציע. ער איז נישט געווען בעסער פון זיין דור און נישט ערגער פון זיין דור. ער איז געווען ביין פון זיין ביין און פלייש פון זיין פלייש. ער און דער געטאָ־דור זענען געווען איינס.

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט איז דער דאָזיקער געטאָ־דור געווען איינער פון די פאַרביקסטע, דראַמאַטישסטע און אויך ספּעציפישסטע דורות אין דער גאַנצער יִדישער געשיכטע און איבערהויפּט אין דער אַמעריקאַנער יִדישער געשיכטע. פון דעם דאָזיקן דור זענען אפשר געבליבן די אינטערעסאַנטע

שילדערונגען אין די ווערק פון די ערשטע און אויך פון די שפּעטערדיקע פּראָזאַיקערס אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווייל דאָס איז געווען אַ דור וואָס איז געווען פול מיט שאַרפע קאָנטראַסטן. עס האָט אין אים געשלומערט די בענקשאַפט נאָך דעם אַלטן און די וויזיע פון דעם נייעם, דער חלום וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייט און די נאָסטאַלגיע צו ישראל סבאס אַלטער היים אין ציון. דערצו איז אין דעם דאָזיקן דור אַלץ געווען נישט דיפערענצירט, נאָר צונויפגעמישט און צונויפגעקנוילט ווי אין אַ קאָכעדיקן קעסל. ייִדן אין יענע יאָרן האָבן אָנגערופן אַמעריקע „די פאַרקערטע וועלט" און עס איז באמת געווען אַ מין פאַרקערטע וועלט. דער נעכטיקער מאמין איז דאָ געוואָרן אַן אַפּיקורס און דער נעכטיקער אפּיקורס־רעוואָלוציאָנער איז דאָ געוואָרן אַן אָלרייטניק. דער בעל־עגלה פון דער אַלטער היים איז דאָ געוואָרן אַ סאָסייטי־פּרעזידענט און דער געוועזענער ישיבה־בחור, דער דערשראָקענער ייִד איז געוואָרן אַ בונטאַר און אַ קעמפער פאַר דעם נייעם מאָרגן. קיין שום זאַך איז נישט געווען סטאַביל און קיין שום זאַך האָט נישט געהאַט די פעסטגעשטעלטע שטייגערישע גרענעצן פון דער אַלטער היים. אַפילו די פּרנסות, די פאַכן זענען געווען צופעליקע, פליסיקע. מען האָט זיך גענומען צו דעם ביי וואָס מען האָט געקענט מער פאַרדינען, אָדער מאַכן מער געלט. בייטן די אַרבעט, די באַשעפטיקונג פון היינט אויף מאָרגן איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך און ס'האָט נישט אַרויסגערופן קיין שום פאַרוואונדערונג ווען איינער וואָס איז געווען אַ קצב איז גאָר געוואָרן אַ חזן, אָדער ווען אַ יונגערמאַן וואָס האָט געהאַט סמיכות אויף הוראה איז געוואָרן אַ לעכער־נייער ביי דאַמען־מאַנטלען... ס'איז נישט געווען קיין שום זאַך וואָס אַ ייִד פון דעם דאָזיקן געטאָ זאָל האַלטן, אַז עס איז נישט לפי כבודו, אָדער עס איז נישט צוגעפּאַסט צו זיינע פעיקייטן. ווען עס איז נאָר געגאַנגען אין פאַרדינען אויף צו מאַכן אַ לעבן, האָט איר געקענט פועלן ביי יענע ייִדן, אַז זיי זאָלן ווערן פעדלערס, שאַפּ־אַרבעטער, סוחרים און אַבי אַ ייִד האָט נאָר געהאַט אַ באָרד, האָט ער געקענט ווערן אַ רב. אַבי ער האָט נאָר געקענט עברי, האָט ער שוין אָנגענומען אַ פּאָסטן אַלס היברו־טיטשער, אַלס העברעיִשער לערער. אַזאַ באַגריף ווי „דאָס קען איך נישט", איז נישט געווען. אין אַמעריקע מוז מען אַלץ קענען, אין אַמעריקע מוז מען זיך צו אַלעם טויגן.

מאָריס ראָזענפעלד האָט, נאַטירלעך, געהערט צו דער אינטעליגענץ פון זיין דור, אָבער ווי אַ דיכטער איז ער געווען איינער פון דער גאַנצער מאַסע. אינטעלעקטועל האָט ער געהערט צו די שפּיצן פון זיין דור, עמאָציאָנעל איז ער אָבער געווען אַ יושב בתוך עמו, איינער פון דעם גאַנצן פאַרשידנפאַרביקן געזעמל פון זיין געטאָפאָלק. און דאָ איז געשען דער וווּנדער וואָס ער, ראָזענפעלד, האָט זיך מיט אַ מאָל אַנטפּלעקט ווי דער דיכטערישער שליח־ציבור פון זיין

דור. ער האָט טאַקע אָנגעהויבן זינגען זיין געזאַנג, אָבער אין דעם געזאַנג האָבן זיך מיט אַ מאָל אַלע דערקענט. ער איז געוואָרן דער איינער דורך וועלכן עס רעדט דער מיליאָן. איך שטרייך תּמיד אונטער, אַז אַ גרויסער דיכטער איז נישט דער וואָס זינגט וועגן פאָלק און אַפילו נישט דער וואָס זינגט זיך אַריין אינעם פאָלק, נאָר אַ גרויסער דיכטער איז דער וואָס דאָס פאָלק זינגט זיך דורך אים אַרויס. מאָריס ראָזענפעלד איז געוואָרן דער דיכטער דורך וועלכן זיין דור, דער דור פון דעם ייִדישן געטאָ אין אַמעריקע, האָט זיך אַרויסגעזונגען. ער גופא האָט טאַקע געקענט מיינען, אַז דאָס זינגען זיינס האָט נישט קיין ציל, אָבער זיין געזאַנג האָט שוין געהאַט גאָר אַ גרויסן ציל: אַ גרויסער דראַמאַטישער ייִדן־דור אויפן שיידוועג האָט זיך אין זיין געזאַנג דערהערט און דערקענט, דערפילט און דערזען, און אויב מען זאָגט, אַז פּאָעזיע איז די זינגענדיקע געשיכטע פון דער צייט, איז ראָזענפעלד געוואָרן דער זינגענדיקער היסטאָריאָגראַף פון זיין דור און דערפאַר האָט אים דער דאָזיקער דור אַזוי ליב געקריגן און האָט אַזוי הויך אויפגעהויבן זיין נאָמען איבער אַלע אַנדערע פּאָעטן.

דער ליטעראַטור־היסטאָריקער און ליטעראַטור־קריטיקער, ד״ר אליהו שולמאַן, שרייבט אין זיין אַרבעט וועגן דעם אָנהייב פון דער ייִדישער פּאָעזיע אין אַמעריקע: „דער פּאָעט וואָס האָט אויסגעדריקט די אידעען, געפילן, שטימונגען און ליידן פון דעם ערשטן אימיגראַנטן־דור, איז געווען מאָריס ראָזענפעלד״.

דערמיט דערקלערט זיך וואָס ראָזענפעלד איז גלייכצייטיק געווען דער זינגער פון סאָציאַלן אויפברויז און דערביי אויך דער פּאָעט פון נאַציאָנאַלן טרויער, פון ציון־בענקשאַפט, דוד עדעלשטאַט, וועלכער האָט ראָזענפעלדן פאַרגעוואָרפן פאַר וואָס ער זינגט פאַרן „ליבעראַל און אָרטאָדאָקס״, האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז ראָזענפעלד זינגט נישט אַליין, נאָר עס זינגט פון אים אַרויס די פאָלקסמאַסע פון ייִדישן געטאָ אין אַמעריקע, ווייל אַלץ וואָס ס׳האָט געלעבט אין דער פאָלקסמאַסע האָט אויך געלעבט אין אים און ער איז נאָר געווען דער דיכטערישער מעדיום דורך וועלכער די פאָלקסמאַסע איז געקומען צום אויסדרוק, דערפאַר טרעפן מיר טאַקע ביי אים, זייט ביי זייט מיט די פלאַמיקע רעוואָלוציאָנערע לידער, אויך לידער פון שיבת־ציון־בענקשאַפט און דערפאַר באַגעגענען מיר ביי אים נעבן די רעליגיעזע ברכו נפשי־געזאַנגען און תּהילימדיקע פּאַראַפראַזעס, אויך די קופּלעטן פון אַפּיקורסישער סאַטירע און משכּילישער אָפּשפּעטעניש. געוויינלעך רופט מען אַזאַ פּילזייטיקע קעגנזעצלעכקייט אָן מיטן נאָמען „כּל־בו״, אָבער אַ טייך וואָס שפּיגלט אָפּ די זיך בייטנדיקע פאַרבן פון הימל איז אויך אין אַ געוויסן זין אַ כּל־בו. און אַזאַ נאַטור־אָרגאַנישער, ערלעכער און הייסער כּל־בו איז טאַקע געווען מאָריס ראָזענפעלד.

אין ראָזענפעלדס ליד האָט דער אַמעריקאַנער געטאָ־ייִד דערהערט זיין אייגן קול, זיינע אייגענע געדאַנקען און זיינע אייגענע געפילן, ווי איינער פון דער

געטאָ־מאַסע האָט מאָריס ראָזענפעלד געהאַט דעם באַזונדערן טאַלאַנט אַרויס־צוברענגען אין ליד דאָס וואָס זיין דור האָט געפילט שטומערהייט, און אַ באַזונדערן טאַלאַנט האָט ער געהאַט אַרויסצוברענגען די פיין, די ליידן פון זיין דור, די בענקשאַפטן פון זיין דור. אויף ליידן איז זיין האַרפע געווען באַזונדערס פילעווודיק. אין פיין־שטימונג האָבן אירע סטרונעס באַזונדערס געציטערט און דערפאַר הערן מיר טאַקע אין זיינע לידער דאָס געוויין פון זיין צייט און מער ווי אַלץ לויכטן נאָך היינט צו טאָג אין זיין ליד די בלישטשענדיקע טרערן פון זיין צייט, די דאָזיקע טרערן וואָס ראָזענפעלד האָט זיי געציילט אין די מיליאָנען.

און ווי גרויס עס איז געווען ראָזענפעלדס דיכטערישע באַדייטונג אַלס דירעקטער באַווירקער פון זיין צייט, אַזוי גרויס איז אויך זיין באַדייטונג אַלס פּאָעט וואָס האָט זיין דור געשטעלט אַ דיכטערישן דענקמאָל, אַלס דער וואָס האָט אין פּלאַמענדיקע פערזן פאַראייביקט זיין דורס געפילן, זיינע ווייטיקן און זיינע בענקשאַפטן. ווען איך זאָל רעדן אין מיסטישע טערמינען וואָלט איך געזאָגט, אַז דער שר פון דער ייִדישער פאָלקס־געשיכטע האָט אים ממש אַרויסגעשלעפּט ביי די האָר פון דעם גרויסן מענטשן־ים און האָט אויף אים אַרויפגעלייגט דאָס גרויסע שליחות צו שטעלן אַ זינגענדיקן מאָנומענט דער תּקופה אין וועלכער עס האָט זיך פאָרמירט די התחלה פון היינטיקן ייִדישן לעבן אין אַמעריקע. דאָס איז געווען זיין ראָל. דאָס איז געווען זיין דיכטערישע שליחות פאַרן כּלל און פאַר דער געשיכטע.

דאָ קומען מיר צו דעם ערשטן ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס איז געווען די סיבה פון ראָזענפעלדס דיכטערישער ירידה? עס איז פאַראַן אַן אַלט גורל־געזעץ, אַז ווער עס איז באַשאַפן כּדי צו לייכטן ביינאַכט מוז מיט דעם אָנקום פון טאָג אַוועקגיין און דאָס איז דער תּמצית פון ראָזענפעלדס טראַגעדיע. ראָזענפעלד איז געווען באַרימט און באַליבט כּל־זמן ער האָט געדאַרפט אויספירן זיין פּאָעטישע שליחות. ווען דאָס דאָזיקע שליחות האָט זיך געענדיקט האָט ראָזענפעלד פאַרלוירן נישט נאָר דעם באָדן אונטער די פיס, נאָר זיין גאַנצער דיכטערישער כּוח איז אויסגעוועפּט געוואָרן. דאָס שליחות האָט זיך געענדיקט, איז במילא צוגענומען געוואָרן די קראַפט פונעם שליח.

און דאָס שליחות ראָזענפעלדס האָט אויפגעהערט, ווייל די האַסטיקע סאָציאַלע ווינטן אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן האָבן מיט אַ מעכטיקער קראַפט באַוועגט די ווינטמילן פון דער צייט און זיי האָבן איבערגעמאָלן דעם לעבנס־שטייגער און דעם גייסטכאַראַקטער פון ייִדישן געטאָ. דאָס וואָס וואָלט אין דער אַלטער היים געדאַרפט האָבן אַ יאָרהונדערט כּדי זיך איבערצובייטן, האָט זיך דאָ געביטן אין משך פון איין יאָרצענדליק. דערפאַר האַלטן טאַקע סאָציאָלאָגן און היסטאָריקערס, אַז דאָס ייִדישע לעבן אין אַמעריקע האָט אין די לעצטע

80—90 יאָר דורכגעמאַכט מינדעסטנס פינף מעטאַמאָרפאָזעס, וואָס יעדע פון זיי האָט געבילדעט אַ נייעם פּעריאָד, אַ נייע תּקופה אין דער אַמעריקאַנער ייִדישקייט. דאָס געטאָ גופא איז נאָך אפשר געבליבן אַ גאַנץ לאַנגע צייט און אין אַ געוויסן זין עקזיסטירט זי אויך היינט, אָבער דאָס לעבן אין דעם געטאָ האָט זיך געביטן דורך די דאָזיקע צייטלעכע אומוואַנדלונגען און דאָס וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש און גילטיק פאַר איין פּעריאָד פון געטאָ־לעבן האָט אויפגעהערט צו זיין כאַראַקטעריסטיש און גילטיק פאַר אַ צווייטן פּעריאָד פון דעם געטאָ. דערפאַר איז דאָס ייִדישע געטאָ אין ניו־יאָרק אין דער צווייטער דעקאַדע פון היינטיקן יאָרהונדערט שוין געווען לחלוטין אנדערש אין זיין גייסט, מענטאַליטעט און כאַראַקטער פון דעם געטאָ פאַר דער לעצטער דעקאַדע פון פריערדיקן יאָרהונדערט, און דאָס וויל זאָגן אַז ראָזענפעלד וועלכער איז געווען דער זינגער פון דעם געטאָ אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן האָט שוין אין דעם צווייטן יאָרצענדליק פון אונדזער יאָרהונדערט געהאַט פאַר זיך אַ גאַנץ אנדער געטאָ־לעבן, אַ גאַנץ אַנדערע געטאָ־תּקופה, אַ תּקופה וואָס ער איז שוין מער נישט געווען איר שליח, איר אויסדריקער און איר אַנטפּלעקער. דאָס געטאָ וואָס איז געבליבן איז דעריבער געווען אין דער בחינה פון אַ הויז ווו עס האָבן זיך אריינגעקליבן נייע איינוווינערס. טאַקע דאָס זעלביקע הויז, אָבער די מענטשן זענען שוין געווען אַנדערע און זייער לעבן איז שוין געווען אַנדערש.

איך רייד וועגן דעם ענין אַזוי באריכות, ווייל ער האָט אַ גרויסן שייכות צו מאָריס ראָזענפעלדן. איך וויל דערמיט אונטערשטרייכן, אַז מאָריס ראָזענפעלד איז געווען אַ פלאַנץ וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון אַ באַשטימטן באָדן. ער איז געווען דער פּאָעטישער שליח פון דעם שוויצשאָפּ־דור, פון דעם ערשטן מזרח־אייראָפּעיִשן אימיגראַנטן־דור וואָס איז ברוטאַל אויסגענוצט געוואָרן און ווי יעדער איינער איז אכזריותדיק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַשין, ווי ראָזענפעלד זינגט אין זיין ליד. ער איז געווען דיכטעריש אַ פּראָדוקט פון זיין דור.

וואָס מאָריס ראָזענפעלד האָט נישט געוואָלט זיין אַלס יחיד, אַלס פּאָעט האָט ער געהערט צום כּלל, צו דער צייט, צו דער געשיכטע. און עס איז זעט אויס געווען דער ווילן פון דער מיסטישער השגחה איבער דער פאָלקס־געשיכטע, אַז דווקא דערפאַר וואָס דער דאָזיקער געטאָ־דור איז פאַרשוווּנדן אין אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ, מוז דער אַנטפּלעקער פון דעם דאָזיקן דור בלייבן ווי זיין דענקמאָל, ווי זיין מאָנומענט. יעדער אַנדערער געטאָ־ייִד האָט זיך געקענט דערלויבן אַרויסצוציען פון געטאָ, זיך אַזוי אָדער אנדערש צו אַמעריקאַניזירן. ראָזענפעלד האָט נישט געהאַט די דאָזיקע פּריווילעגיע. דער וואָס האָט פאַראייביקט דאָס געטאָ אין זיין ליד, האָט געמוזט אייביק בלייבן זיינער. ער האָט צו קיין אַנדער צייט, צו קיין אַנדער דור נישט געטאָרט געהערן. פאַראַן אין אייראָפּע אַ שלל מיט מעשיות וועגן בוימייסטערס וואָס האָבן אויסגעבויט ווונדערלעכע שלעסער,

וועלכע זענען געווען אַזוי שיין, אַז די קעניגן און די פירשטן וואָס האָבן זיי געלאָזט בויען האָבן מורא געקריגן, אַז דער אַרכיטעקט זאָל נישט אויסבויען די זעלביקע וווּנדער־בנינים פאַר אַן אַנדער קעניג, אָדער אַן אַנדער פירשט. וואָס האָבן זיי געטאָן? זיי האָבן דעם קינסטלער־אַרכיטעקט אויסגעשטאָכן די אויגן, אָדער אים אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלער פון דעם שלאָס ווו ער איז געבליבן ווי אין אַן אייביקער תּפיסה, כּדי ער זאָל מער אַזעלכע שיינקייטן נישט קענען שאַפן. דאָס זענען, פאַרשטייט זיך, לעגענדעס וואָס האָבן הינטער זיך יאָ, אָדער נישט קיין רעאַלן היסטאָרישן הינטערגרונט, אָבער אַ סימבאָלישער אמת איז פאַראַן אין זיי און דער סימבאָל איז, אַז די צייט איז אָפט מאָל זייער אייפערזיכטיק אויף איר באַזינגער און זי שטעכט אים אָפט מאָל אויס די אויגן, אָדער זי שניידט אים אויס די צונג, כּדי ער זאָל אַ צווייטע צייט נישט קענען באַזינגען און דערפאַר זעען מיר אָפט ווי גרויסע קינסטלערס, וואָס האָבן געהאַט אַן אָפן אויג און אַן אויער פאַר דעם לעבן אין איין תּקופה, זענען שפּעטער בלינד געוואָרן, ווען דאָס לעבן פון זייער תּקופה איז אַוועק און עס איז געקומען אַן אַנדער תּקופה. די צייט האָט זיי אַריינגעזעצט אין תּפיסה ביי זייער אייגענער שאַפונג און אויך מאָריס ראָזענפעלד איז דורך דער צייט געפאַנגען געוואָרן אין דער תּפיסה פון זיין אייגן געזאַנג.

פּונקט ווי משה רבינו האָט צוגעפירט די ייִדן ביז צו דער גרענעץ פון כּנען און ער אַליין האָט געמוזט בלייבן אין מדבר, אַזוי האָט אויך משה ראָזענפעלד צוגעפירט זיין ליד ביז צו די גרענעצן פון אַ נייער תּקופה אין ייִדיש אַמעריקאַנער לעבן, אָבער אַריינגיין אין נייעם לעבן, זיך איבערפאָרמירן ווי דער זינגער פון אַ נייעם דור, האָט ער נישט געקענט, דאָס האָט אים דער מיסטישער שר־השירה נישט דערלויבט.

ראָזענפעלד האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געפּרוווט זיך אומקערן צו די פריערדיקע טעמעס, אָבער די טעמעס גופא האָבן שוין נישט געלעבט. זיי האָבן דעם פאַקט שוין נישט געקענט אינספּירירן ווי אַ מאָל, און דערפאַר הערן מיר טאַקע ווי ראָזענפעלד פרעגט מיט ווייטיק:

„ווו ביסטו ערגעץ יונגעס ליד,
געזונגען מיט אַ פייער?
וואָס האָט געשטרעבט, וואָס האָט געגליט
די וועלט צו מאַכן פרייער?
ווו איז די ברכה, ווו דער פלוך,
וואָס האָט מיין ווונטש געשפּונען.
איך זוך מיין ערשטן ‚איך' און זוך
און אויס, ער איז פאַרשוונען".

די יידיש־אַמעריקאַנער וועלט איז, ווי מיר ווייסן, טאַקע געוואָרן פרייער, די סאָציאַלע דעראָבערונגען פון אַרבעטער־קלאַס זענען געווען דער פּועל־יוצא פון יענע יונגע לידער וואָס האָבן געגליט מיט פייער. אָבער ראָזענפעלד גופא האָט שוין אין אָט דער פרייער וועלט זיין „איך" נישט געקענט געפינען. ווי חוני המעגל האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין אַ פרעמדער וועלט, ווו זיין אַמאָליק געזאַנג האָט שוין געקלונגען אַרכאַיִש. אַרום אים האָט געברויזט. די יידישע ליטעראַטור האָט גראַד אין יענער צייט דורכגעמאַכט איר שענסטן אויפבלי. עס זענען געקומען נייע קרעפטיקע זינגערס, ווי ליעסין, יהואש, רויזנבלאַט, שפּעטער די „יונגע" מיט מאַני לייבן, זישא לאַנדוי, לייוויקן און משה לייב האַלפּערן אין שפּיץ. אָבער אין דער נייער וועלט האָט זיך שוין ראָזענפעלד מער נישט געקענט אַריינפּאַסן. ער האָט געזידלט די נייע דיכטערס, גערופן זיי „דעקאַדענטן", אָבער פאַרשפּילט האָבן נישט זיי, די נייע לייענערס האָבן שוין אין זיין ליד דעם אַמאָליקן טעם נישט געפילט.

אַז מיר גייען מיטן וועג פון אָט דעם געדאַנקען־גאַנג געפינען מיר קודם־כל דעם ענטפער אויף די צוויי פראַגן וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט אין אָנהייב. מיר האָבן דערזען די סיבה פון ראָזענפעלדס עליה און פון זיין ירידה און מיר האָבן דורך דעם תּופס געווען דעם כאַראַקטער און דעם מהות פון זיין טראַגעדיע צוליב וועלכער ער ווערט אָנגערופן „דער טראַגישער פּאָעט".

איך האָב, חוץ דעם, אין אָנהייב געפרעגט פאַר וואָס ראָזענפעלדס אַמאָליקער באַגייסטערטער לייענער האָט זיך פאַר אים נישט אָנגענומען, בעת ער איז אַזוי ביטער באַקעמפט געוואָרן דורך די נייע פּאָעטן? אָבער די דאָזיקע פראַגע איז שוין פאַרענטפערט פון זיך אַליין. ווייבאַלד ראָזענפעלדס אַמאָליקער לייענער איז שוין אַליין נישט געבליבן דער וואָס ער איז אַ מאָל געווען, ווייבאַלד ער האָט זיך אויסגעגרינט און איז אַוועק מאַכן דעם דאָלאַר און זאָרגן וועגן אַ קאַריערע פאַר זיינע קינדער, איז ער שוין במילא געוואָרן אויס לייענער און האָט מיט געוואַלד געוואָלט פאַרגעסן יענע ביטערע אימיגראַנטישע יאָרן. דערפאַר טאַקע האָט ער צום סאַמע ערשטן פאַרגעסן — וועמען? דעם דיכטער פון זיין אימיגראַנטישן געטאָ, דעם פּאָעט פון זיין אַמאָליקער פּיין. דאָס איז נישט קיין נייעס. דאָס געשעט אַ סך מאָל.

רעזומירן מיר דאָס אַלץ וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, מוזן מיר קומען צו עטלעכע אויספירן: קודם־כל אַז מאָריס ראָזענפעלד איז געווען זייער אַ וויכטיקער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּאָעזיע. ער איז געווען אַ שטאַפּל אין דער לייטער פון דער יידישער דיכטונג וואָס אָן אים וואָלט די יידישע דיכטונג נישט געקענט אויפשטייגן צו העכערע דערגרייכונגען. די דאָזיקע וואָס האָבן דאָס נישט געוואָלט מודה זיין און האָבן געהאַלטן, אַז די יידישע ליריק האָט געקענט זיך אויפהייבן צו איר איצטיקער הייך אָן דער

ראָזענפעלד־טרעפ, האָבן געביטן זייער מיינונג עטלעכע יאָר נאָך זיין טויט און זיי האָבן זיך אין גאַנצן אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער מיינונג איצט, אין דעם מאָמענט, ווען מיר קוקן אויף דער ראָזענפעלד־פּאָזיציע פון אַ ווייטערער פּערספּעקטיוו און פון אַ געהעריקער געשיכטלעכער דיסטאַנץ.

צווייטנס דאַרף אונדז אויך קלאָר ווערן, אַז ראָזענפעלד האָט געשפּילט אַ ראָל נישט נאָר אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר אויך אין דער געשיכטע פון ייִדיש־אַמעריקאַנער לעבן, מחמת ער איז געווען דער דיכטער וואָס האָט דירעקט באַווירקט זיין צייט און אויב די ייִדיש־אַמעריקאַנישע אַרבעטערשאַפט האָט שפּעטער אויסגעקעמפט בעסערע סאָציאַלע געזעצן, האָט אין דעם געהאַט אַ חלק דאָס רעוואָלטליד, דאָס ליידנליד פון מאָריס ראָזענפעלד. דאָס איז דער גרעסטער שבח וואָס מען קען נאָכזאָגן אַ דיכטער. געוויס פאַרמאָגן מיר אין אונדזער ליטעראַטור שרייבערס וואָס זענען פון אַ פּאָעטישן שטאַנדפּונקט שפּראַך־רייכער און בילד־פאַרביקער ווי מאָריס ראָזענפעלד. כ׳צווייפל אָבער צי עס זענען פאַראַן דיכטערס וואָס זייער וואָרט זאָל אַזוי באַווירקן דאָס לעבן ווי דאָס האָט געטאָן דאָס וואָרט פון מאָריס ראָזענפעלד. ראָזענפעלד האָט אי אָפּגעשפּיגלט, אי געשטאַלטיקט די ווירקלעכקייט און ער איז דער פּאָעט וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע טאַקע דערפאַר ווייל ער האָט געהאָלפן מאַכן געשיכטע.

דאָ שטעלן מיר די לעצטע פראַגע און מיט דעם שליסן מיר אונדזער מסכתא ראָזענפעלד. ווילן מיר דערמיט זאָגן, אַז מאָריס ראָזענפעלד געהערט שוין בלויז צו דער ליטעראַטור־געשיכטע און ער האָט שוין פאַר אונדז היינט נישט קיין שום לעבעדיקן און אַקטועלן באַדייט? אויף דער פראַגע דאַרף מען ענטפערן זייער פאָרזיכטיק. פאַראַן אַזעלכע וואָס ווילן ראָזענפעלדן אין גאַנצן באַלזאַמירן ווי אַ קולטור־היסטאָרישע רעליקוויע און פאַראַן אַנדערע וואָס ווילן אים אויפן יסוד פון אייניקע ציטאַטן, אין גאַנצן דערקלערן ווי אַ היינטצייטיקן און אַלצייטיקן דיכטער. דער אמת איז אָבער, אַז אַ סך פון ראָזענפעלדס לאַטוטיס־לידער, אַ סך פון זיינע סאַטירעס און פּאָמפלעטן געהערן שוין צו דער קולטור־היסטאָריע, אָבער פון דער צווייטער זייט קענען מיר ביי אים נאָך אַלץ געפינען סיי גאַנצע לידער, סיי אַ סך שטעלן פון לידער וואָס די צייט האָט אויף זיי קיין שליטה נישט געהאַט און זיי זענען געבליבן פּונקט אַזוי לעבעדיק און ווערטיק ווי זיי זענען געווען דעמאָלט ווען זיי זענען געוואָרן געשריבן. לאָמיר דערביי געדענקען, אַז דאָ גייט נישט בלויז אין איינצלנע גוטע לידער, אָדער אין צענדליקער גוטע שורות, דאָ גייט גיכער וועגן דעם גאַנצן גייסט וואָס איז פאַראַן אין ראָזענפעלדס שאַפן. און וואָס איז דער דאָזיקער גייסט? דער דאָזיקער גייסט, דאָס איז דער שטורעם פון דער מענטשלעכער נשמה וועלכער ווערט אַרויסגערופן דורך ליידן, וואָרעם ערגעץ ווו הייבן זיך דאָך אָן אַלע מענטשלעכע

קאמפן פאַר סאָציאַלן יושר, אַלע געראַנגלען פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט צוליב דעם ווייל עפּעס אין אונדז רעוואָלטירט און וויל נישט אַקצעפּטירן די מענטשלעכע ליידן, איבערהויפּט די וואָס איין מענטש איז גורם צו אַ צווייטן, אָדער איין פאָלק צו אַ צווייטן. דער דאַזיקן צום טאָט מאָביליזירנדיקן רעוואָלט קעגן די ליידן פון דעם מענטש, דעם דאָזיקן צו אַנגריף רופנדיקן שטורעם קעגן דער אומגערעכטיקייט וואָס איז גורם פּיין דעם בן־אדם, געפינען מיר עד־היום אין מאָריס ראָזענפעלדס לידער. וויפל די באַדינגונגען זאָלן זיך נישט האָבן געביטן פון דעמאָלט ביז היינט, איז אָבער נאָך אַלץ אַקטועל דער געראַנגל פאַר אַ גערעכטער וועלט ווו איין מענטש, איין קלאַס, איין שיכט זאָל נישט ברענגען קיין יסורים דעם צווייטן מענטש, דעם צווייטן קלאַס און דעם צווייטן שיכט. דאָס דאָזיקע עלעמענטאַרע געפיל, וואָס אונדזערע חכמים האָבן עס באַצייכנט מיט דעם זאָג „זאָלסט ניט טאָן אַ צווייטן וואָס דיר איז נישט ליב", איז נאָך אַלץ די עטישע באַזע פון אַלע גערעכטע סאָציאַלע געראַנגלען, און ווייל אין מאָריס ראָזענפעלדס שאַפן געפינען מיר די עמאָציאָנעלע אויפטרייסלונג וואָס מענטשלעכע ליידן רופן אַרויס און דער רוף נישט שלום צו מאַכן מיט זיי — איז ער אַקטועל און לעבעדיק אין אונדזער דור און וועט אויך זיין גילטיק אין דורות אַרום.

דעסגלייכן ווען מאָריס ראָזענפעלד זינגט אין זיין ליד, אַז „אויף די ווערבעס, אויף די שטומע הענגט דער חלום פון מיין אומה", הערן מיר אין זיין געזאַנג נישט בלויז די מורא, די זאָרג און די ציטערניש פאַר אונדזער פאָלקס־עקזיסטענץ פון יענער צייט ווען דאָס דאָזיקע ליד איז געזונגען געוואָרן, נאָר מיר הערן דעריין די מורא, די זאָרג און די ציטערניש פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן קיום אויך אין אונדזערע צייטן. אויך אין דעם פּרט האָט זיך פון דעמאָלט ביז היינט אַ סך געביטן אין אונדזער פאָלקסלעבן, אָבער טיף אין זיך ווייסן מיר, אַז ביי אַלע געביטענע באַדינגונגען טאָר אויך היינט נישט פאַרוואַרלאָזט ווערן די וואַכזאַמקייט פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן גורל און מיר דאַרפן געדענקען, אַז אונדזער פאָלקישע שיף טראָגט זיך נאָך אַלץ אויפן בוזעם פון אַ שטורעמדיקן ים. עס איז נישט וויכטיק ווי אַזוי איינער זעט דאָס אָנקומען פון אונדזער שיף צו אַ רויִקן ברעג, עס איז אָבער זייער וויכטיק, אַז מיר זאָלן כסדר און כסדר זיין באַזאָרגט וועגן די געפאַרן וואָס באַדראָען אונדזער פאָלק אומעטום, ווו מיר זענען און אומעטום ווו מיר לעבן. און דעריבער זאָג איך: תּמיד ווען מיר וועלן אין ליטעראַטור זוכן די דאָזיקע קראַפט וואָס פאַרוואַנדלט געפילן און מחשבות אין מעשים, תּמיד ווען מיר וועלן אין דיכטונג זוכן דעם כּוח וואָס באַווירקט דאָס לעבן, תּמיד — אין די אַלע פאַלן וועלן מיר מוזן זיך אומקערן צו דעם פּאָעטישן קוואַל, צו דעם דיכטערישן, ברענענדיקן סנה, וואָס זיין נאָמען איז מאָריס אָדער משה בן אפרים לייב ראָזענפעלד.

# משה קולבאַק

א.

משה קולבאַק איז געווען און געבליבן נישט נאָר איינער פון די גרעסטע דיכטערס ביי ייִדן, נאָר ער איז אויך געווען איינער פון די. וואָס האָבן צום שטאַרקסטן באַווירקט די אַנטוויקלונג פון דער נייער ייִדישער פּאָעזיע, באַזונדערס פון דער דאָזיקער פּאָעזיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין פּוילן.

דריי זענען זיי געווען, די פּאָעטן, וואָס אונטער זייער השפּעה האָט די ייִדישע דיכטונג אין פּוילן, אין דעם דערמאָנטן צייטאָפּשניט, זיך צעוואַקסן און פאַרמירט. איינער פון די דריי איז, ווי געזאָגט געווען משה קולבאַק. די אַנדערע צוויי זענען געווען משה לייב האַלפּערן און ה. לייוויק. אַ ביסל שפּעטער איז צו דער השפּעה פון די דאָזיקע דריי צוגעקומען די השפּעה פון די אַמעריקאַנער אינזיכיסטן און נאָך שפּעטער — די השפּעה פון איציק מאַנגער. קולבאַקס השפּעה האָט זיך אָבער אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס זי האָט די באַאיינפלוסטע נישט דערדריקט, נישט געשטערט אין זייער פּאָרויסגאַנג צו זייערע אייגענע שעפערישע פּאָזיציעס און די דיכטערס קלמן ליס, רחל קאָרן, אַלחנן וואָגלער, ווי אויך לייזער וואָלף און אַפילו חיים סעמיאַטיצקי זענען ראיות דערצו.

אַז משה קולבאַק האָט געהאַט אַ השפּעה אויף די יונגע דיכטערס, וואָס זענען אויפגעגאַנגען צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין ווילנע, דאָס איז קלאָר און פאַרשטענדלעך. האָבן דאָך די דאָרטיקע יונגע דיכטערס געלעבט אין קרייז פון זיין כאַריזמאַטישער פּערזענלעכקייט און זענען געוואַקסן אין דער זעלביקער קולטור־סביבה, ווי אויך אין די ראַמען פון דעם זעלביקן נאַטור־ און שטייגער־פּייזאַזש וואָס ער. דאָס וווּנדער איז אָבער, וואָס קולבאַק האָט נישט בלויז באַווירקט די יונגע דיכטערס פון ליטע, נאָר אויך די דיכטערס פון גאַליציע און קרוינפּוילן. שפּורן פון אָט דער השפּעה קען מען אָפּזוכן ביי גאָר אַ סך ייִדישע דיכטערס פון יענער צייט.

קולבאַקס געבענטשטע השפּעה האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז אויף די דיכטערס וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן אין פּוילן, וואָס איז אין יענער צייט געווען איינער פון די צוויי גרעסטע שעפערישע צענטערן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר זי האָט זיך אויך אויסגעשפּרייט מחוץ די גרענעצן פון פּוילן

און האָט אָנגעשפּאַרט אין צפון־אַמעריקע און אין דרום־אַמעריקע און נאָך מער — זי איז אַפילו אַריינגעדרונגען אין דעם הערמעטיש־פאַרשלאָסענעם קרייז פון דער טעראָריזירטער יידישער דיכטונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

ב.

משה קולבאַק האָט דעביוטירט אין יאָר 1916 מיט דעם ליד „שטערנדל״. ווי מיר ווייסן, איז דאָס דאָזיקע ליד געוואָרן פּאָפּולער ווי אַ פאָלקסשאַפונג און מען האָט עס געזונגען בכל תפוצות ישראל. ס׳איז אָבער גענוג צו לייענען די לידער וואָס קולבאַק האָט געשריבן בלויז מיט צוויי־דריי יאָר שפּעטער נאָך דעם ווי ער האָט פאַרעפנטלעכט דאָס ליד „שטערנדל״, כדי נתפעל צו ווערן פון דעם געוואַלדיקן שעפערישן שפּרונג, וואָס ער האָט געמאַכט, סיי אין דער טיף און סיי אין דער הויך; אַ שפּרונג פון דער דוד איינהאָרנישער ראָמאַנטישער פאָלקסטימלעכקייט ביז צו די ראַפינירטסטע פּאָעטישע אויפטועון אין יענער צייט. און באמת — ווען מיר פאַרגלייכן קולבאַקס דעביוט־ליד מיט די לידער, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין זיין ערשט ביכל „שירים״ מוז מען קומען צום אויספיר, אַז נאָר דער גסימדיקער קפיצת־הדרך פון שעפערישער אַנטוויקלונג, אַז נאָר דער זיבן מייליקער ווונדערטראַט אויפן וועג צום שעפערישן וווקס, האָט געקענט ברענגען דעם פּאָעט, אין אַזאַ קורצער צייט, צו אַזעלכע הימל־הויכע פּאָעטישע דערגרייכונגען.

פון דעסטוועגן, כאָטש קולבאַק איז אַזוי ראַשיק און וווּנדערלעך גיך אַוועק פאָרויס פון זיין אייגענעם אָנהייב, דאַרף מען אָבער באַטאָנען. אַז אין איין פּרט איז ער דעם דאָזיקן אָנהייב געבליבן געטריי דאָס גאַנצע לעבן. ווי מיר האָבן דאָ אַקאָרשט געזאָגט, האָט קולבאַק אָנגעהויבן זיין שאַפן מיט אַ פאָלקס־מאָטיוו און ער איז גאָר גיך געוואָרן דער זינגער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פּאָעטישן אייגנאַרט, מיט ראַפינירטן אויסדרוק און מיט פאַסצינירנדיקער אינדיווידואַליטעט. אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז אַוועק פון זיין פאָלקסטימלעכן אָנהייב, איז ער דאָך אין זיין ווייטערדיקער שעפערישקייט געבליבן נאָענט צום פאָלקסטימלעכן מאָטיוו און צום פאָלקישן פערסאָנאַזש. און דאָ האָב איך אין זין נישט בלויז אַזעלכע מיט פאָלקסטימלעכקייט אָנגעזאַפּטע לידער ווי דאָס געזונגענע „בין איך מיר אַ בחור אַ הולטאַי״, צי „ס׳האָט זיך פּעטער איציע אויסגעלערנט שניידעריי״, אָדער גאָר „העי, אַנטאָשע טו אַ זונג״, ווי אויך דעם פאָלקלאָריסטישן לידער־ציקל „די חתונה״ און אַנדערע, וואָס זייער חן איז דער סטיליזירטער פּרימיטיוו, נאָר דאָ מיין איך די לידער און פּאָעמעס, ווי אויך די דערציילונגען און דראַמעס וואָס זענען כולו געווידמעט דעם פאָלקס־מענטש, דעם פּשוטן פאָלקסייִד, וואָס זיינע ליידן און פריידן, זיין וואָך און זיין יום־טוב זענען די אַקסן פון דעם ראָד, וואָס קולבאַק באַוועגט

מיט אַזאַ טיפקייט פון דיכטערישן רעיון און מיט אַזאַ שיינקייט פון קינסטלערישן געמעל.

כאָטש קולבאַק איז, ווי געזאָגט, געווען אַן אייגנאַרטיקער ליריקער — און ער איז ווי יעדער ליריקער געווען פאַרטיפט אין זיך, אין זיין אייגענעם „איך" — האָט ער זיך אין ליד און אין פּראָזע כּסדר און אומגעקערט צו די פאָלקס־מאָטיוון און צו די פאָלקסמענטשן פון רייסן און פון ליטע. זיי, די געזונטע, האַרמאָניש גאַנצע פאָלקסיידן האָט ער מיט אַזוי פיל ליבע געמאָלט און באַזונגען אין זיין אידיליע „רייסן" און אין זיין גראָטעסק „בוניע און בערע אויפן שליאַך". זיי האָט ער, אויף אַנדערע אופנים, קינסטלעריש פאַראייביקט אין זיינע פּראָזעווערק „משיח בן אפרים", „מאָנטיק", „זעלמעניאַנער", „בויטרע" און אַפילו אין זיין דראַמע „יעקב פראַנק". גאַנץ באַזונדערס האָט ער געפילט אַ נאָענטקייט צו די שמואל איציע קוימענקערערס, צו די ר׳ בעניעס, צו די שמחה פלאַכטעס, וואָס גייען אַדורך דורכן לעבן ווי שטומע און דאָך געפינט זיך אין זייערע הענט דער מיסטישער סוד פון תּיקון־עולמות, דאָך האָט זיי די קאָסמישע השגחה אַנגעטרויט די שליחות פון מתקן זיין די וועלט און דאָס לעבן. וועגן אָט די ייִדן האָט ער געזונגען אין זיינע ל״ו־לידער, אין די „לידער פון אָרימאַן" און אין נאָך און נאָך אַנדערע שאַפונגען מיט וועלכע ער האָט אַזוי עושה רושם געווען אין דער ייִדיש־ליטעראַרישער וועלט.

ג.

קולבאַק האָט דעביוטירט כּמעט אין איין צייט מיט די דיכטערס פון דער „כאַלאַסטרע" און ער איז אין אַ געוויסער צייט פון זיין לעבן, דערהויפּט אין זיין בערלינער עפּאָכע. געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם דייטשישן עקספּרעסיאָניזם, וואָס איז שטאַרק קענטיק אין די לידער פונעם ציקל „אונטער אַ פאַררויכערטן הימל". די כאַראַקטעריסטיק פון די דאָזיקע לידער איז זייער בונטאַרישקייט און זייער קעגנערשאַפט צום הערשנדיקן וועלט־סדר. אין זיין באַציונג צו דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, אין זיין קוק אויף דער ליטעראַטורס געזעלשאַפטלעכער אויפגאַבע פאַר דעם צוזאַמענלעבן צווישן מענטש און מענטש, האָט קולבאַק דאַן זיך געפונען נישט ווייט פון פּרץ מאַרקישן און א. צ. גרינבערגן. קינסטלעריש אין אָבער קולבאַק אַפילו אין זיינע רעוואָלוציאָנערסטע צייטן געבליבן פרעמד צו די דערמאָנטע דיכטערס און ער האָט אויך אין זיינע בונטאַרישסטע לידער אויפגעהיט דעם מינאָרן ניגון פון זיין אינערלעכן געמיט — אַ געמיט, וועלכן עס איז פרעמד דער דעמאָלט צעשריגענער להכעיס פון פּרץ מאַרקישן און דער דעמאָלט אַנאַרכישער יאוש פון אורי צבי גרינבערגן.

אַפילו אין זיינע רעוואָלוציע לידער איז קולבאַק מער אונטער דער השפּעה פון בלאָקן און יעסענינען, ווי פון דעם פּלאַקאַטן־דיכטער מאַיאַקאָווסקי

און מער ווי עס אינספּירירט אים יאַהאַנעס בעכער אין זיין ערשטער תּקופה, ווערט ער באַגייסטערט פון רילקען.

קולבאַק איז ביי זיין גאַנצער רעוואָלוציאָנערישקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין אַזעלכע לידער ווי „צו רוסלאַנד", „קריגער", אָדער „הענגט אַרויס די שוואַרצע פאָנען", נעווען און געבליבן קאָנסערוואַטיוו, וואָס נוגע אַ ריי פּרטים פון דער פּראָזאָדיע. ער האָט, למשל, זעלטן זיך באַנוצט מיט אַסאָנאַנצן און האָט אַלע מאָל פּרעפערירט פולע קלאַסישע גראַמען. אויך דאָס געפיל אָדער דאָס בילד, די שטימונג און דער געדאַנק, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אין זיין ליד האָט געמוזט זיין קלאָר און פאַרשטענדלעך. יאָ, פאַרשטענדלעך, אָבער בשום אופן נישט זעלבפאַרשטענדלעך... דעם חילוק איז נישט שווער צו פאַרשטיין...

ווי זיינע שילערס דערציילן, האָט קולבאַק געהאַלטן, אַז אַפילו דאָס אַבסטראַקטע אין דער פּאָעזיע דאַרף אַרויסגעבראַכט ווערן מיט די קאָנקרעטסטע ווערטער, מעטאַפּערן און סימבאָלן. אַפילו דאָס טונקלסטע אין געמיט דאַרף אַנטפּלעקט ווערן מיט קלאָרע פאַרבן און אימאַזשן און אַ וווּנדערלעכער ביישפּיל דערפון זענען טאַקע זיינע לידער „שטומקייט", „קליינע קלעזמער" און נאָך צענדליקער אַנדערע פון זיינע שאַפונגען. קולבאַק איז, זעט אויס, געווען אַן אָנהענגער פון דער שיטה, וואָס האַלט אַז שאַפן הייסט באַהערשן דעם כאַאָס, אַריינטראָגן ליכט אין דעם תּוהו־ובוהו און מיר ווייסן דאָך, אַז אויך כּביכול האָט געשאַפן זיין וועלט דורכן באַהערשן דעם כאַאָס מיט די קלאָרע און איינדייטיקע ווערטער „יהי אור". קולבאַק האָט דעריבער ווי ער דערציילט וועגן אים זיינע בני גיל, געפאָדערט פון זיך און פון אַנדערע, דערהויפּט פון די יונגע דיכטערס אין זיין קריַיז, קלאָרקייט פון אויסדרוק און ער האָט געפּרעדיקט, אַז יעדעס וואָרט אינעם ליד דאַרף זיין אומבאַדינגט און טאָר אויף קיין אַנדערס נישט קענען פאַרטויישט ווערן, ווייל אויב מען קען עס יאָ פאַרטוישן אויף אַן אַנדערס. טויג עס נישט און עס פּירט נישט אויס די שליחות וואָס דער דיכטער וויל עס אָנטרויען.

אויף וויפל עס איז נישט געווען קיין גרויסע נאָענטקייט צווישן קולבאַקן און די דיכטערס פון דער „כאַלאַסטרע", כאָטש אידעיִש האָבן זיי געהאַט פיל בשותּפותדיקע באַרור־פּונקטן. אויף אַזוי פיל איז קולבאַק יאָ נעענטער געווען צו אהרן צייטלינען, נישט געקוקט דערויף, וואָס אידעיִש זענען זיי געווען גאַנץ ווייט איינער פון אַנדערן. די נאָענטקייט צווישן קולבאַקן און צייטלינען האָט זיך אויסגעדריקט אין זייער נטיה צו מיסטיק. צייטלין האָט געזוכט אין דער רעאַלער וועלט אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אומרעאַלער. קולבאַקן האָט אינטערעסירט דער נסתּר אויף יענער זייט פון דעם נגלה. צייטלינען האָט מער אינטערעסירט די קבלה־פילאָזאָפיע. קולבאַקס מיסטיציזם איז אָבער נישט קיין

פילאָזאָפישער, נאָר, אַזוי צו זאָגן, אַ פּאָלקלאָריסטישער. אים אינטערעסירן נישט די ספירות. די יִחודים און די כּוונות, מיט וועלכע מען קען מתקן זיין אָדער מעלה זיין די ניצוצות פון דער קדושה, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין דער קליפּה. אים אינטערעסירט מער דער מענטש, וואָס גראָד אים איז געגעבן געוואָרן צו דערפילן די דאָזיקע הייליקע און פיינלעכע אויפגאַבע.

עס קומט מיר דאָ אויפן זין י. ח. ברענערס אַ וואָרט וועגן צוויי מענטשן וואָס געפינען זיך אין באַזונדערע שטובן און הערן אין פריען פרימאָרגן די קלאַנגען פון אַ גלאָק וואָס זאָגט אָן אַז די דריטע נאַכט־אשמורה איז פאַרענדיקט און באַלד הויבט זיך אָן דער ראַשיקער טאָג. איינער פון די דאָזיקע מענטשן הערט אין די גלאָקן־קלאַנגען די וואונדערלעכע מוזיק פון דעם יקום און דער געדאַנק פירט אים אַוועק צו דער מיסטעריע פון זיין, וואָס דער גלאָקן געקלאַנג שטרייכט אונטער מיט זיינע האַרמאָנישע טענער. גאַנץ אַנדערש זענען די געדאַנקען פון דעם צווייטן הערער אין זיין צימער. ער הערט נישט נאָר דעם האַרמאָנישן גלאָקנקלאַנג. ער טראַכט נישט נאָר וועגן דער מוזיק פון דער מיסטישער השגחה; ער הערט און זעט פאַר זיך דעם מענטש וואָס באַוועגט דעם גלאָק; ער טראַכט וועגן דעם וואָס דער דאָזיקער מענטש מוז אויפשטיין צו זיין גלאָקן־קלינגערישער עבודה פאַרטאָג, ווען אַלע שלאָפן נאָך אין זייערע בעטן; ער טראַכט וועגן דעם צי דער מענטש איז זאַט אָדער הונגעריק, צי ער איז פריילעך אָדער טרויעריק, צי עס איז אים גוט אין דעם דאָזיקן פרימאָרגן, אָדער עס איז אים שלעכט אא״וו, א״וו. איך מיין אַז אהרן צייטלין און משה קולבאַק האָבןביידע געהערט די קלאַנגען אין פרימאָרגן וואָס דערוועקן מיסטישע געפילן און געדאַנקען. אָבער אהרן צייטלין האָט אין די קלאַנגען געהערט די מוזיק פון דער השגחה, בעת משה קולבאַק האָט אין זיי געהערט און געזען... דעם מענטש, דעם פאָלקסמענטש, וואָס אויף זיינע אַקסלען ליגט דער גרויסער עול פון גאולה...

ווי יעדן מיסטיקער אינטערעסירט קולבאַקן דער פּראָצעס פון ירידה לצורך עליה, אָבער נאָך מער ווי דאָס דאָזיקע פּראָבלעם גופא, אינטערעסירט אים דער פאַקט, וואָס די ירידה איז תּמיד פאַרבונדן מיט גרויסע לידן און די דאָזיקע לײדן טראָגן אויף זיך אויס דווקא די פּראָסטע מענטשן, די ל״וו, די וואַסער־טרעגערס, די וואַלדייִדן און די וועלט־פרעמדע טשודאַקעס. דער פאַקט וואָס גראָד אויף די דאָזיקע בידעריקסטע אין דער געזעלשאַפט ווערט דורך דער השגחה געלייגט דער עול פון תּיקון־עולם ברענגט קולבאַקן ער זאָל דערהערן זייער צער און באַנעמען זייער שטום געוויין. אין קולבאַקס רעוואָלוציאָנערער פּאָעמע „די שטאָט" איז פאַראַן אַ ווענדונג, וואָס איז בשעתו געווען זייער פּאָפּולער ביי דער יוגנט אין פּוילן. די דאָזיקע ווענדונג איז: „לאָמיר גיין. לאָמיר גיין, לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע". דער אמת איז אָבער, אַז

קולבאַק האָט אין זיין שאַפן קיין מאָל נישט איבערגעלאָזט די שוואַכע. ער איז שטענדיק געווען מיט די פאַרשטויסענע, מיט די אָרעמסטע, און צום ווייניקסטן אָנזעעוודיקע אין דער געזעלשאַפט און ער האָט זייערעליידן באַזונגען און זייער טראַגיק פאַראייביקט אין זיין פּאָעזיע און אין זיין פּראָזע.

ד.

אַז קולבאַק איז געווען דער גרעסטער נאַטור־מאָלער אין דער ייִדישער ליטעראַטור פאַרשפּאָרן מיר צו זאָגן. ער איז אָבער קיין מאָל נישט געווען קיין אָבסערוואַטאָר, וואָס זעט נאָר די דרויסנדיקע פאָרמען פון מאָדעל. קולבאַק האָט זיך אין זיינע נאַטור־געמעלן אַזוי אידענטיפיצירט מיט די נעפּלדיקע פרימאָרגנס, מיט די שטילע טייכן, מיט די מאַכיקע וועלדער און מיט די פאַרבן־פלאַקערנדיקע פעלדער. אַז גאַנץ אָפט קריגן מיר דעם איינדרוק, אַז ער גיסט זיך צונויף מיטן פּייזאַזש. מיר קריגן דאָס געפיל, אַז ער לייזט זיך אויף אין אַ מין פּאַנטעיִסטישן צונויפשמעלץ מיט דער לאַנדשאַפט. ער דערגייט אין זיין איבערלעבן די אַנטפּלעקטע נאַטור־שיינקייטן ביז צו אַן עקסטאַז, אין וועלכן ער רופט אויס „רבונו של עולם, עס טוט זיך דאָ וואָס אויף די פעלדער, וואָס האָט נישט קיין נאָמען״.

ווי יעדער עכטער און גרויסער פּאָעט וואָס איז פיל מיט דעם חידוש פון אַ קינד. וואָס זעט צום ערשטן מאָל דעם אָרום, אַזוי שרייט אויך קולבאַק אויס אין אַנטציקונג: „ס׳איז אַ וועלט אַזאַ פאַראַן און איך, דער נאָר האָב נישט געוווּסט״. קולבאַקס נאַטור־שילדערונגען זענען די שענסטע אין דער ייִדישער ליטעראַטור. קולבאַקס פּאַסטאָראַלע געמעלן דערמאָנען אונז די שיינקייטן פון בעטהאָווענס זעקסטער סימפאָניע און אויך דאָס ברכי־נפשי געזאַנג צו גאָטס וועלט פון דעם גרעסטן דיכטער ביי ייִדן, דעם נעים זמירות ישראל.

און אויב איך דערמאָן שוין דעם תּהילים־זינגער, דעם מלך חי וקים, מוז איך זאָגן, אַז קולבאַק איז נישט בלויז קיין נאַטור־מאָלער, נאָר אויך איינער פון די גרעסטע ליריקערס אין דער ייִדישער דיכטונג. איך וועל מיר דערלויבן צו ציטירן בלויז איין ליד פון קולבאַקן, וואָס דערמיט דערגרייכט ער צו די העכסטע באַרגשפּיצן פון דער ייִדישער און אפשר אויך אַלוועלטלעכער ליריק. דאָס ליד הייסט „די תּפילה פון אַן אָרימאַן״ און עס זינגט זיך אַזוי:

„די תּפילה פון אַן אָרימאַן וואָס איז פאַרטייעט געוואָרן
און פאַר גאָט טוט ער אויסגיסן זיין האַרץ.
פאַרוואָס ווערט מען אַזוי געפּייניקט, גאָט,
ווו איך שטיי בין איך צופיל פאַראַנען און ווו איך גיי טראָג איך מיט
דעם ריח פון פינצטערניש.
בין איך מקנא דעם פויגל וואָס אים איז בעסער פון אונדז

און דעם ליים וואָס איז בעסער פון אונדז אַלעמען;
וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין האַנט וואָס איז מיר איבעריק
און מיט מיין האַרץ וואָס איז מיר איבעריק?"

דאָ דאָזיקע קאַפּיטל תּהילים, געשריבן מיט די מאָדערנסטע מיטלען פון דער פּאָעזיע, באַווייזט אונדז צו וועלכע הייכן די ייִדישע ליריק האָט דערגרייכט דורך קולבאַקן. ס'איז אָבער כּדאַי אונטערצושטרייכן, אַז דער לירישער עלעמענט איז נאָר איין עלעמענט און קולבאַקס שאַפן. פאַראַן ביי אים אויך אַנדערע עלעמענטן, וואָס וועגן אַ טייל פון זיי האָבן מיר דאָ בקיצור גערעדט און וועגן דעם אַנדערן טייל איז אונדז אוממעגלעך דאָ צו שמועסן. אָט די אַלע טיילן צענויפגענומען ווייזן אונדז קולבאַקס שעפערישן פּאָרטרעט ווי אַ פּאָרטרעט פון פיל פאַרבן, וואָס אַלע צוזאַמען בילדן זיין אַ זעלטענע גאַנצקייט אין זייער האַרמאָניע און אַלע צוזאַמען באַשאַפן זיי די דיכטערישע פּערזענלעכקייט פון קולבאַקן.

ה.

קולבאַקס שעפערישע ביאָגראַפיע טיילט זיך אויף צוויי עפּאָכעס: אויף דער עפּאָכע פון ווילנע און אויף דער עפּאָכע פון מינסק. אין דער עפּאָכע פון ווילנע גייט אַריין זיין קינדהייט אין סמאָרגאָן, זיינע בחורישע ישיבה־יאָרן, זיין יוגנט אין קאָוונע, אין ווילנע, אין בערלין און דערנאָך ווידער אין ווילנע. דאָ, אין דער ווילנער עפּאָכע, האָט ער זיך אַנטוויקלט און איז רייף געוואָרן, דאָ האָט ער זיך אַנטפּלעקט און האָט אָנגעשריבן די אַלע ווערק, מיט וועלכע ער איז אַזוי גרויס געוואָרן, מיט וועלכע ער האָט דערגרייכט צו אַזאַ הויכן מעמד אין דעם מלכות פון ייִדיש־קינסטלערישן וואָרט.

נאָך ווילנע קומט די עפּאָכע פון מינסק, די עפּאָכע פון סאָוויעט־רוסלאַנד. ביזן היינטיקן טאָג איז נאָך אַלץ נישט קלאָר די אמתע סיבה, צוליב וועלכער ער איז אַוועק פון ווילנע קיין מינסק און אַלע מאָטיוון, וועלכע מען גיט אָן פאַרענטפערן נישט די שאלה פאַר וואָס ער, קולבאַק, האָט פאַרלאָזט אַ שטאָט ווו ער איז געווען אַזוי שעפעריש און אַזוי אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט און פאַרערונג און איז געפאָרן אין אַן אָרט ווו ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער וועט דאָרט קיין האַניק נישט לעקן צוליב זיינע מיסטישע נטיות, ווי אויך צוליב דעם, וואָס ער האָט די גראָטעסקע לומפּן־פּראָלעטאַריער, בוניע און בערע, געמאַכט פאַר די פאָרקעמפערס פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. יאָ, אויף אַ סך קשיות זענען קיין ענטפערס נישטאָ, אָבער דערמיט ווערן זיי נישט גרינגער.

אין דער מינסקער עפּאָכע האָט קולבאַק אָנגעשריבן דריי ווערק: די פּאָעמע „דיסנער טשיילד האַראָלד", די דראַמע „בויטרע" און דאָס פּראָזע־בוך „די זעלמעניאַנער". די פּאָעמע „דיסנער טשיילד האַראָלד" איז געשריבן מיט קולבאַקס טאַלאַנט און זי פאַרמאָגט פּרעכטיקע סאַטירישע און לירישע ערטער, אָבער

אַלע האָבן מודה געווען, אַז קיין דערגרייכונג פאַר אַזאַ פּאָעט, וואָס האָט שוין אָנגעשריבן „רייסן", „ווילנע" און נאָך אַנדערע ענלעכע ווערק, איז די דאָזיקע פּאָעמע נישט. וואָס נוגע „בויטרע", ווייסן מיר, אַז זי איז געשפּילט געוואָרן אין טעאַטער און זי איז כּלומרשט אָפּגעשטעלט געוואָרן נאָך דעם, ווי סטאַלינס מיטהעלפער, קאַגאַנאָוויטש, האָט זיך געזאָלט אָנגעמען די קריוודע פון ייִדישן פאָלק און געפאָדערט, אַז מען זאָל אים ווייזן נישט די מיאוסע טיפּן פון ייִדישן לעבן, נאָר די שיינע. ס'קען זיין, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ לעגענדע, אָבער אַפילו אַזוי באַווייזט די לעגענדע צו וואָס קולבאַק איז שוין געהאַט דערגאַנגען. וואָס נוגע די „זעלמעניאַנער" איז דאָס זיכער אַ ווערק מיט אַ גרויסן קינסטלערישן באַדייט, מיט הומאָר און מיט אַן אַ שיעור קלוגשאַפטן. אָבער ווען מיר קענען דאָס וואָרע ייִדישע לעבן, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אין יענער צייט חרוב געמאַכט, ווען מיר דערמאָנען זיך וויפל טויזנטער פרומע און סתּם נאַציאָנאַלע ייִדן עס זענען דעמאָלט געגאַנגען אין טורמע אַריין און שפּעטער פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר צוליב מל זיין אַ ייִדיש קינד, צוליב מאַכן אַ מנין בעת די ימים־נוראים, אָדער צוליב לערנען מיט די יוגנטלעכע אַ קאַפּיטל תּנ"ך, ווערט אונדז די אידילישקייט פון קולבאַקס „זעלמעניאַנער" זייער פריקרע און מיר מוזן טראַכטן ווי פאַרפירעריש עס איז דער דאָזיקער קינסטלערישער שפּיגל פאַר דעם קומענדיקן ייִדישן היסטאָריקער, וועלכער וועט אויפן סמך פון דעם ווערק וועלן שילדערן ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דאָס ייִדישע לעבן אין דעם ערשטן צענדליק יאָר פון דער באָלשעוויסטישער און יעווסעקישער הערשאַפט.

אגב איז דאָס די טראַגעדיע פון דער גאַנצער סאָוויעטישער ליטעראַטור און די דאָזיקע טראַגעדיע וועט מען נישט אָפּשפּרעכן אַפילו, ווען מען וועט אָפּזוכן ביי דעם אָדער ביי יענעם ייִדיש־סאָוויעטישן שרייבער רמזים, וואָס ווייזן אָן אויף נאַציאָנאַלע סענטימענטן.

קולבאַקס לויפן קיין רוסלאַנד איז באַזונדערס טראַגיש דערמיט, וואָס ער איז געווען אַ דיכטער, וואָס האָט נאָך געקענט אַ סך אַ סך געבן אונזער ליטעראַטור, און ווער ווייסט, צי דאָס וואָס ער איז נאָך בכּוח געווען אונדז צו געבן וואָלט נישט אַריבערגעשטיגן דאָס גרויסע און וויכטיקע וואָס ער האָט אונדז שוין געהאַט געגעבן צווישן די יאָרן 1916 ביז 1929, דאָס הייסט: פון זיין דעביוט אין זלמן רייזענס צייטונג ביז צו דעם מאָמענט, ווען ער האָט פאַרלאָזט ווילנע און איז אַוועק קיין סאָוויעט־רוסלאַנד.

ווי עס זאָל נישט זיין, איז אָבער קלאָר, אַז דאָס, וואָס קולבאַק האָט אונדז יאָ באַוויזן צו געבן איז פון אַזאַ מדרגה, אַז ער וועט אייביק בלייבן איינער פון די פונדאַמענט־ווינקלען אין אונדזער ליטעראַטור און זיין נאָמען וועט תּמיד דערמאָנט ווערן מיט ערע און מיט ליבשאַפט ווען מיר וועלן ציילן אונדזערע גרויסע פּאָעטן סיי אין ייִדיש און סיי אין עברית.

# משה בראָדערזאָן

1

שווער צו זאָגן צי מען קאָן משה בראָדערזאָנען מצרף־זיין צו די גרויסע אין אונדזער דיכטונג. איין זאַך איז אָבער, לכל הדעות, זיכער: ער, בראָדערזאָן, איז געווען אַ מיילשטיין אויפֿן אַנטוויקלונגס־וועג פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע, באַזונדערס פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע אין פּוילן און דאָס אַליין איז גענוג אַז ער זאָל זיין פֿאַרזיכערט מיט זיין אָרט אין דעם היכל פֿון דער ייִדישער ליריק.

ווען משה בראָדערזאָן איז אין יאָר 1918 צוריקגעקומען פֿון מאָסקווע קיין לאָדזש און גענומען פֿאַרעפֿנטלעכן זיינע ערשטע פֿוטוריסטישע לידער, און בעיקר — ווען ער האָט אין יאָר 1919 געשאַפֿן דעם ליטעראַריש־קינסטלערישן קרייז וואָס האָט אַרויסגעגעבן די זעקס העפֿטן „יונג־ייִדיש״, האָט ער געעפֿנט אַ ניי קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אויפֿן אייראָפּעיִשן קאָנטינענט. און כאָטש ס׳איז אמת אַז אויך נאָך דעם ווי דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז אָנגעהויבן געוואָרן האָט מען זיך נאָך לאַנג געהאַלטן ביי די אַלטע פֿאָרמען און די אַלטע האָבן כּלל נישט אַזוי גרינג אויפֿגעגעבן זייערע פּאָזיציעס, ווייסן מיר אָבער דערביי אויך זיכער אַז דער שטורעם וואָס בראָדערזאָן מיט זיין חברותא האָבן געבראַכט אויף די געמאַרקן פֿון ייִדישן וואָרט איז געווען אַזוי מאַכטיק און אַזוי אימפּעטיק אַז קיינער האָט זיך פֿון אים שוין נישט געקענט אויסהיטן און קיינער האָט צו אים שוין נישט געקענט בלייבן גלייכגילטיק. און דער אויפֿטו פֿון יענער ליטעראַרישער רעוואָלוציע איז טאַקע באַשטאַנען אין דעם וואָס זי איז טיילווייז אַקצעפּטירט געוואָרן אַפֿילו דורך אירע שאַרפֿסטע קעגנערס, ווייל נאָך דעם ווי די דאָזיקע רעוואָלוציע איז געמאַכט געוואָרן, האָט שוין קיינער נישט געקאָנט שרייבן אַזוי ווי מען האָט געשריבן צופֿרייער. עפּעס וואָס האָבן זיך, הייסט עס, פֿון איר אָנגענומען אַפֿילו אירע מתנגדים.

בראָדערזאָן האָט געעפֿנט אַ ניי בלאַט אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין פּוילן (ריכטיקער צו זאָגן: אין דער ייִדישער דיכטונג אין פּוילן). אמת, דאָס דאָזיקע נייע בלאַט איז שפּעטער פֿאַרשריבן געוואָרן מיט מער פֿאַרמעסט און אויך מיט מער רעש דורך די דיכטערס פֿון דער „כאַלאַסטרע״, אָבער די דיכטערס פֿון דער „כאַלאַסטרע״ זענען געקומען ערשט מיט עטלעכע

יאָר שפּעטער און ביז זיי זענען געקומען (אין יאָר 3—1922) איז משה בראָדערזאָן געווען שיִער נישט דער איינציקער וואָס האָט געפירט די מלחמה פאַר דער באַנייונג פון דעם יִדיש־פּאָעטישן וואָרט און, ווי מיר ווייסן, האָט ער אין דער דאָזיקער מלחמה אָפּגעהאַלטן נישט קיין בילע־וואָסערע נצחונות.

בראָדערזאָן האָט, ווי שוין געזאָגט, געבראַכט קיין פּוילן (צו די יִדישע שרייבערס און לייענערס אין פּוילן) די בשורה פון פוטוריזם. צי איז בראָדערזאָן טאַקע געווען אַן אויסגעשפּראָכענער פוטוריסט אין דעם זין ווי די דאָזיקע ריכטונג איז פאַרשטאַנען געוואָרן דורך איר שעפער און פּראָפּאַגירער מאַרינעטי (1876—1944) איז אַ גרויסער ספק. ס'איז אָבער כּדאַי צו באַמערקן אַז אין יענער צייט האָט מען ביי יִדן יעדע נייעס אין דער פּאָעזיע באַצייכנט ווי פוטוריזם, אַפילו מאַרקישן, גרינבערגן און ראַוויטשן האָט מען אויך צוגעקלעפּט אַ פוטוריסטישן יאַרליק און זיי האָבן זיך געמוזט מיט אים האַלטן אַ לאַנגע צייט.

וואָס סיי משה בראָדערזאָן און סיי די שפּעטער־געקומענע „כּאַלאַסטרע"־דיכטערס האָבן יאָ געהאַט שייכדיקס מיטן פוטוריזם, דאָס איז געווען דער רעוואָלט קעגן אימפּרעסיאָניזם און דעם סימבאָליזם וואָס האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אויף די שלאַכטפעלדער פון אייראָפּע. די דאָזיקע צוויי קונסט־ריכטונגען האָבן זיך באַוויזן אין דער יִדישער פּאָעזיע נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון יאָר 1905 און זיי האָבן דורך דוד איינהאָרן און דורך דעם יונגן מנחם באַוויזן צו באַווירקן דאָס יִדיש־פּאָעטישע וואָרט ביז האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער נאָך דער מלחמה זענען זיי, צום ערשט דורך בראָדערזאָנען און דערנאָך דורך די „כּאַלאַסטרע"־דיכטערס, צום העפטיקסטן אַטאַקירט געוואָרן און זיי זענען געווען די צום מערסטען געטראָפענע, וועלכע האָבן זיך פאַרטיידיקט קעגן די נייע פּאָעטישע באַרבאַרן, די שטורעם־טרעגער, פון פוטוריסטישן ליד.

פאַר די געוווינטע צו דער פריערדיקער נעאָ־ראָמאַנטישער און סימבאָ־ליסטישער דיכטונג האָט דאָס נייע בראָדערזאָנישע ליד אויסגעזען ווי אַ שטיק כאַאָס אָן שום געזעץ און אָן שום באַטייט. ס'האָט אויף זיי געמאַכט דעם איינדרוק ווי ווערטער וואָלטן זיך צעקריגט און צעשלאָגן און דערביי צעבראָכן אַלע ראָמען וואָס זענען אַ מאָל געווען גילטיק אין דער קונסט. אין דער אמתן איז עס נישט געווען אַזוי. ס'איז געווען אַ סך שוים און פּוסטער טומל אין דער פּאָעטישער צעשריגנקייט פון די פוטוריסטן. אָבער אין דער דאָזיקער לפנימדיקער אומזיניקייט איז געווען אַ טיפער זין. אויב פאַר דעם פריערדיקן דור יִדישע פּאָעטן אין פּוילן האָט דיכטונג געמיינט האַרמאָניע און קלאָרקייט פון אויסדרוק, האָט בראָדערזאָן געבראַכט אין זיין ליד די דיסהאַרמאָניע און די אומקלאָרקייט פון געמיט וואָס איז אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך דעם פּיין

און די אומזיניקע מלחמה־איבערלעבענישן. אויב די פריערדיקע ייִדישע דיכטערס האָבן אָפּגעהיט די קלאַסישע פאָרמען פון דער פּראָזאָדיע ביים איבערגעבן זייערע געפילן, זייערע שטימונגען און זייערע געדאַנקען און האָבן דערביי אַכטונג געטאָן אַז דאָס געזאַנג זאָל נישט פאַרשוועכט ווערן דורך קיין פּראָזאַיִש געשריי, האָט משה בראָדערזאָן געשטורעמט די ייִדישע לייענער־גאַס דווקא מיט דער צעבראַסטעטקייט פון זיין געשריי און ער האָט מיט אַ כיוון צעבראָכן די ווערטער־שאָלן כדי צו שאַפן נייע באַגריפן, נייע סינאָנימען און נייע סימבאָלן. קלאָר אַז דורך בראָדערזאָנען האָט דעמאָלט גערעדט דאָס קול פון דער נייער צייט, דאָס קול פון דעם נייעם דור וואָס האָט איבערגעלעבט די ערשטע וועלט־מלחמה און האָט געזען ווי זי האָט חרוב געמאַכט אַלע פריערדיקע מאָראַל־באַציונגען צווישן מענטש און מענטש; פון דער מלחמה וואָס האָט געבראַכט צום באַנקראָט פון אַלע פריערדיקע איינשטעלונגען און האָפענונגען און האָט דעם בן־אדם אַנטבלויזט אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט און אכזריותדיקייט. דערביי איז דאָס אָבער אויך געווען דאָס קול פון דעם נייעם דור וואָס האָט עקשנותדיק געגלויבט אַז די שרעקלעכע מלחמה־דערפאַרונגען וועלן ברענגען אַ נייע מאָראַל, אַ נייעם סיסטעם פון געזעלשאַפטלעכע באַציונגען און אַ נייע פאַרהעלטעניש פון איין מענטש צום צווייטן, פון איין פאָלק צום אַנדערן. מיט אָט דעם קול פון דעם נייעם נאָך־מלחמה־דור וואָס האָט זיך אַנטוישט און האָט דאָך געגליט מיט אַ נייעם גלויבן, האָט משה בראָדערזאָן געזונגען זיינע נייע ייִדישע לידער, נייע אין פאָרם און נייע אין אינהאַלט. מיט אָט די נייע **אַנדערשדיקע** לידער האָט ער געפאַנגען דאָס האַרץ פון דעם יונגן ייִדישן לייענער אין פוילן און דער דאַזיקער לייענער האָט אים דערפאַר געצאָלט מיט פאַרערונג און מיט ליבשאַפט און האָט אויף אים געקוקט ווי אויף אַ מורה־דרך, וואָס ווייזט דעם וועג צו אַ ניי קולטור־לעבן, צו אַ נייער אויפגייענדיקער קונסט.

אין דעם פאָרוואָרט צום בוך „באַגייסטערונג״ שרייבט בראָדערזאָן:

„מיט אַ האַרץ־קלאַפּן זינג איך אַרויס אין דער וועלט די דאָזיקע לידער מיינע — די ווידער־קלאַנגען פון דער וועלטס און מיינע בלוטיקע קאַטאַק־ליזמען —״.

און ווייטער:

„עפּעס ציטערט מיין אויג פון אַ כאַאָטישער פאַרנעפּלטקייט. דורכקוקנדיק די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע שורות מיינע (אין דער דאָזיקער נייער פאָעטישער דיכטונג האָט יעדעם ליד אויסגעזען ווי אָקאָרשט איפּראָוויזירט — י. י.), דאָס נערוועזיִשע צוקן פון געדאַנק און צאַפּלדיק האַרץ — דעם שפּרודלדיקן דראַנג פון די ווערטער וואָס רייסן זיך בליציק דורך די אייזערנע כמאַרעס פון איצטיקן לעבן.

„איך זע אין ווייען אַן אויפגעשטורעמטן קאָסמאָס. איך זע אינעם חרוב־

ווערן דאָס געבורט. אין דעם תּוהו־ובוהו פון כּלערליי פאַרשטעלונגען — לאָגיק און מיט כּללים באַפעסטיקטע באַגריפן".

און נאָך ווייטער:

„אין די איינגעפונדעוועטע בנינים פון דער קלאַסישער גלייכגילטיקייט זענען פון זייערע ערטער, דורך ערד־און הימל־אויפציטערנישן, געריסן"...

דער אויפגעשטורעמטער קאָסמאָס אין ווייען און דאָס געבוירן ווערן פון אַ נייעם יש אין די חורבות, דאָס איז געווען דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם נייעם וואָס בראָדערזאָן האָט געבראַכט אין דער ייִדישער פּאָעזיע אַריין, בעת ער האָט פייערלעך געעפנט די נייע ערע אין דער ייִדישער דיכטונג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די פּאָפּולאַריטעט פון בראָדערזאָנען איז אין יענע יאָרן (פון 1918 ביז 1923) דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה אַז אַנגעזעענע פּאַרטיי־טוער פלעגן אַרומפאָרן איבער דער פּראָווינץ מיט רעפעראַטן וועגן זיין שאַפן וואָס יעדער פּרעלעגענט פלעגט מפרש זיין לטובת זיין פּאַרטיי...

2

אין יאָר 1918 ווען משה בראָדערזאָן איז צוריקגעקומען פון מאָסקווע קיין פּוילן און גענומען שאַפן דעם קרייז אַרום „יונג־ייִדיש" איז דער גרויסער י.ל. פּרץ שוין דריי יאָר געווען טויט. פּרצעס גייסט, פּרצעס גלויבן אין דער וועלטלעכער ייִדישקייט האָט שוין אָבער געהאַט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דעם קולטור־לעבן פון דעם ייִד אין פּוילן, איבערהויפּט אין דעם קולטור־לעבן פון דעם יונגן ייִד אין פּוילן.

וואָס איז געווען די עיקר־באַזע פון דעם דאָזיקן גלויבן? די עיקר באַזע איז געווען די הנחה אַז די ייִדיש־וועלטלעכע קולטור, די ייִדישע ליטעראַטור און די ייִדישע קונסט, וועלכע ציט איר יניקה פון די פאָלקסקוואַלן און פון אונדזערע אַלטע הומאַנישע ווערטן, קאָן און דאַרף ווערן דער „במקום" פון דער ייִדישער רעליגיע וועלכע האָט אין משך פון דורות אויפגעהאַלטן אונדזער פאָלקס־עקזיסטענץ. לויט דער דאָזיקער הנחה האָט מען אַפילו געמעגט איבערנעמען אַ ריי סימבאָלן און צערעמאָניאַלן פון דער רעליגיע אין דעם נייעם ייִדיש־וועלטלעכן לעבן (באַזונדערס פון חסידות) אָבער דער תּוך האָט געדאַרפט זיין אַ פרייער און אַ סעקולערער. עס קומט אויס אַז לויט דער דאָזיקער טעאָריע האָט מען זיך געדאַרפט צאַצקען מיט דעם פאָלקלאָריסטישן מענטעלע אַרום דער תּורה, אָבער די תּורה גופא האָט מען געקענט איגנאָרירן ווי אַ רעליקוויע וואָס האָט נישט קיין שייכות מיט אונדזער צייט. וועלן מיר איצט נישט דיסקוטירן צי דער דאָזיקער געדאַנקען־גאַנג האָט זיך באַרעכטיקט און דער עיקר — פאַר וואָס ער האָט זיך נישט באַרעכטיקט (טשעקאָווע איז אַז אויף וויפל די דאָזיקע

טעאַריע האָט געהאַט דערפֿאָלג ביי די טאַטעס, האָט זי אָבער קיין שום דערפֿאָלג נישט געהאַט ביי זייערע קינדער און שוין אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן האָט איציק מאַנגער ע"ה אין זיינע „געציילטע ווערטער" אָנגעגריפֿן בראַדערזאָנען און ענלעכע צו אים, הלמאי זייערע קינדער קענען נישט קיין וואָרט ייִדיש). פֿאַר אונדז איז אָבער וויכטיק דער פֿאַקט וואָס אַזוי האָט מען געגלויבט און וואָס אויף אָט דעם גלויבן האָט זיך באַזירט די גאַנצע באַוועגונג פֿון דעם אַזוי' גערופֿענעם ייִדישיזם מיט אַלע זיינע פּאָליטישע און פּאַרטייאישע שאַטירונגען. בראַדערזאָן איז דערביי געווען איינער פֿון די וואָס האָבן באמונה שלימה געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פֿון פֿאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן אידעאַל און ער האָט דער דאָזיקער פֿאַרווירקלעכונג געדינט געטריי, סיי אין זיין דיכטונג, סיי אין זיין טעאַטער. אין אַ ליד צו פּרץ זינגט ער טאַקע:

„און כ'ציי איצט אָן די זעגלען פֿון מיין פֿאָלקס־געבענטשטע טרוימען
און כ'לאָז זיך אין די לעבנס־שטרוימען מיט אַ ליאַדן ווינט.
העי, טרייבט, איר ווינטן, אָן אַהין, ווו ס'ווערט געהייליקט אַלדאָס בלויעס,
ווי גרויקייט ווערט פֿון טרייסט־געפֿיל צעגאַנגען שטיל.
ס'איז שוין געשען! זיי וועלן נאָך געשען די ניסים ונפלאות —
דער גייסט פֿון משהן און פֿון דיכטער זעט פֿון באַרג דעם מאָרגן־ציל!"
(באַגייסטערונג ז' 47)

בראַדערזאָן איז, ווי געזאָגט, געווען דער דיכטער וואָס פֿון איין זייט האָט ער רעוואָלטירט קעגן דעם ראָמאַנטישער דיכטונג און פֿון דער צווייטער זייט האָט ער הייליק געגלויבט אַז די נייע קונסט איז מסוגל צו שאַפֿן אַ נייע ראָמאַנטיק וואָס זאָל שפּייזן דאָס פֿאָלקסלעבן. ער האָט, ווי ב. ריווקין שפּעטער אין אַמעריקע, געגלייבט אַז די ייִדישע ליטעראַטור, די ייִדישע קונסט קאָן פֿאַרטרעטן אי טעריטאָריע, אי רעליגיע.

פֿאַרשטייט זיך אַז מען קאָן צו בראַדערזאָנען נישט האָבן קיין טענות הלמאי דער דאָזיקער אידעאַל זיינער (און אויך פֿון אַ סך בני גיל זיינע) האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ זייפֿנבלאָז אין שטורעם. אַרום אָט דעם זייפֿנבלאָז האָבן זיך אָבער צעשפּילט די אַקטיוויטעטן פֿון די ייִדן וועלכע האָבן אין אים געגלויבט און אין סך־הכּל זענען געשאַפֿן געוואָרן אַ סך פֿאַרביקע אויג־פֿאַרכאַפּנדיקע שיינקייטן וועלכע האָבן געגעבן אַזאַ אויפֿשוווּנג דער ייִדישער ליטעראַטור צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. ס'זענען געווען מאָמענטן ווען בראַדערזאָן, צוזאַמען אַנדערע ייִדישע דיכטערס, האָבן דערזען אַז די וועלט אין וועלכער זיי לעבן איז נישט אַזאַ ווי זיי אימאַגינירן זי אויס פֿון זייער פֿאַנטאַזיע. ס'זענען געווען צייטן ווען בראַדערזאָן האָט דערזען:

„אַז די שׂינאה קאָן אַ וועלט צו אַש פאַרברענען...״
און ער שרייט דעמאָלט אויס מיט ווײ און צער:
„אַ ווער דעם העליש בראַנד פאַרלעשן וועט מיר קענען?״
אָבער דער ענטפער איז: יאָ, טאַקע:
„די שׂינאה קאָן אַ וועלט צו אַש פאַרברענען —״

איז דעריבער:
„דערווײלע שפּיל מיר קינד אַ שטיקל פון שאַפּענען״.
(באַגײסטערונג ז׳ 21)

משה בראַדערזאָן האָט זיך אַ צײט לאַנג אַרומגעטראָגן מיט דעם דערוויז אַז די נײַע ייִדישע ליטעראַטור דאַרף זײַן ייִדיש לויט איר פאָרעם און מענטשלעך לויט איר אינהאַלט. דאָס איז, ווי מען זעט, געווען דער היפּוך פון דער השׂכּלה־לאָזונג צו זײַן אַ מענטש אין גאַס און אַ ייִד אין שטוב. דער אמת איז אָבער אַז בראַדערזאָן האָט שפּעטער געמוזט אײַנזען אַז די בײדע לאָזונגען זענען שעדלעך פאַרן ייִדישן לעבן. וואָרעם חוץ דער פאַלשער הנחה אַז מען קאָן די פאָרעם אָפּטײלן פון דעם אינהאַלט, האָבן די בײדע לאָזונגען אַקצעפּטירט די געשפּאָלטנקײט פון דער ייִדישער פערזענלעכקײט און דערמיט לעגאַליזירט דעם קאָנפליקט פון דעם ייִדיש־שעפערישן גײַסט. צום גליק האָט זיך משה בראַדערזאָן, ווי דאָס טרעפט אָפט מיט שעפערישע מענטשן נישט געהאַלטן אין זײַן דיכטערישער פּראַקטיק בײַ זײַנע טעאָריעס און אַ חוץ דעם וואָס ער איז געווען ייִדיש־פאָלקסטימלעך אין זײַנע נאָוואָטאָרישע פאָרמען, איז ער אויך געווען ביז גאָר ייִדיש און אַפילו נאַציאָנאַליסטיש־ייִדיש אין זײַן אינהאַלט. יאָ, בראַדערזאָן איז געווען אַ הײסער ייִדישער נאַציאָנאַליסט און דאָס האָט ער געבראַכט צום אויסדרוק נישט נאָר אין זײַנע לידער. אין זײַן בוך „באַגײסטערונג״, וואָס איז אפשר דאָס בעסטע פון בראַדערזאָנס ליטעראַרישער ירושה, געפינען מיר אַ סך שורות און אויך גאַנצע לידער אין וועלכע ער קריגט זיך מיט דער וועלט צוליב איר היפּאָקריטישער באַציונג צו ייִדן. ער קריגט זיך אויך מיט די ייִדן וועלכע גײען אָוועק פון זײער פאָלק און ער שוינט נישט אַפילו דער שײנקײט וואָס הײסט יוסטינע (וואָס אירע אויגן זענען גרינע און ס׳קוקט פון זײ אַרויס די שכינה)... אָפּגערעדט שוין דערפון אַז די טיפע נאַציאָנאַלע צוגעבונדנקײט צו זײַן שטאַם שרײַט ממש אַרויס פון זײַן דערמאָנטן בוך „יוד״ וועלכן אַ „פּראָגרעסיווער״ ליטעראַטור־קריטיקער האָט בשעתו פאַרגעוואָרפן אתה בחרתנו־שאָוויניזם צוליב דעם פאָלגנדיקן ליד:

„דער נאָמען מײַנער איז אַן אות, אַ צײכן,
דער שטילסטער פון די אַלע אותיות און די מופתים גרויס און קלײן —

איך בין אַן אות, אַ צייכן פון דעם העכסטן, טיפסטן גרייכן,
און פון נישט קאָנען אויף אַן אומוועג בלייבן שטיין.

און אויף דעם אומוועג — אויפגעריסן זענען אַלע בריקן:
אויפגעשווידערט — פאַרנט, אויפגעציטערט — הינטער מיר —
טאָ זאָל דאָס וואָגלען אייביקע באמת זיין מיין תּיקון,
בעת די שפּורן אייגענע אין וואַנדער איך פאַרליר.

ס'איז אות — דער וועג אַליין — די סתרי־תּורה ורזין דרזין,
אַן אות פון נישט דערגאַנגענער משיחות־פּראַכט —
דער דרך־מלך מיינער — אַ וויאַ דאָלאָראָזאַ
אין לאַנגער טומלדיקער און מבולבלדיקער נאַכט!

יאָ, ס'איז דער נאָמען מיינער „יוד״ — אַזאַ אַ צייכן,
אַ מספּר צען, און צען מאָל גרעסער איז מיין צער:
איך בין אַן אות — אַ פאָלק וואָס איז זיך מכין —
נאָך עונש אָפּקומען — צו לאַדענען אויף זיך דעם שכר דערפאַר״.

(פון בוך „יוד״)

אין אַן אַנדער ליד פון דעם זעלביקן בוך רעדט ער וועגן דעם אַז איבער יעדן ייִד דאַרף מען „אַ ברכה מאַכן ווי איבער אַ לעכל ברויט״ און דאָס זיין אַ ייִד הייסט: „אייביקייטן מאָנען און דערמאָנען״. די זעלביקע שטימונגען און געדאַנקען זענען אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר די מערסטע פון זיינע דראַמאַלעטן אינעם בוך „פאַרשטעלונגען״ און אַפילו אין זיין פאָסט־מאָרטעם בוך „דאָס לעצטע ליד״, וועגן וועלכן אונדז וועט נאָך אויסקומען צו זאָגן אַ פאָר ווערטער שפּעטער.

3

משה בראָדערזאָן איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע אין יאָר 1890 און ער איז אַלט געווען קוים איין יאָר ווען עס איז פאָרגעקומען דער גירוש־מאָסקווע און זיינע עלטערן האָבן אויסגעוואַנדערט קיין לאָדזש. ער אַליין, בראָדערזאָן, האָט זיך אַ לענגערע צייט געפונען אין ניעסוויעזש, ביי אַ זיידן, אָבער ווען ער איז נאָר אַ ביסל עלטער געוואָרן, איז ער אַריבער צו זיינע עלטערן קיין לאָדזש און דאָרט האָט ער געענדיקט אַ האַנדלסשול. דאָרט האָט ער אויך — אין יאָר 1913 — אַרויסגעגעבן זיין ערשט ביכל לידער „שוואַרצע פליטערלעך״, וואָס האָט נישט מיט גאָרנישט מרמז געווען אויף זיין שפּעטערדיקן

דרך אין דער פּאָעזיע און האָט באַקומען גוטע אָפּרופן פון דער דעמאָלטיקער קריטיק.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה איז בראָדערזאָן מיט זיין משפּחה אַוועק קיין מאָסקווע און דאָרט איז ער פאַרבליבן ביז דעם יאָר 1918. דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט די נייע שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור און אין דער קונסט און, ווען ער איז צוריק געקומען קיין לאָדזש, האָט ער גענומען זיי פּאָפּולאַריזירן בדיבור ובמעשׂה. דאָ דאַרף מען צוגעבן אַז זיין אַנדערשקייט ווי אַ פּאָעט האָט ער דעמאָנסטרירט נישט בלויז מיט זיינע לידער, נאָר מיט זיין גאַנצן אויסזען. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און ער האָט זיך קונה־שם געווען אין לאָדזש נישט בלויז מיט זיינע פוטוריסטישע פערזן, נייערט אויך מיט זיין אויסטערלישן הולך און מיט זיין עקזאָטישער קליידונג וואָס איז געוואָרן אַ שם־דבר אין דער גרויער, פאַררויכערטער פאַבריקשטאָט לאָדזש.

בראָדערזאָן האָט זיך מיט זיין אויסערלעכקייט אויסגעטיילט פון זיין לאָדזשער אָרום. ער איז געווען דאָס וואָס מען רופט אָן: אַן אינטערעסאַנטער מאַן. זיין אינטערעסאַנטקייט איז נישט געלעגן אין געוויינלעכער מענערישער שיינקייט, נאָר אין אַ מין עקזאָטישער אויסטערלישקייט. אָט די עקזאָטישע אויסטערלישקייט פון זיין געשטאַלט און אויסזען איז נאָך מער אונטערגעשטראָכן געוואָרן דורך זיין יוצא־דופּינדיקער הלבשה. און זיין הלבשה איז געווען אַ שם־דבר. צום ערשט האָט אים לאָדזש געזען אין דעם ברייטן רוסישן פּעלץ און אין דעם פוטערנעם קאַצאַפּישן שטריימל אויפן קאָפּ. דערנאָך האָט מען אים געקענט מיט זיינע באַקנבערד וואָס זענען אויך געווען אַ שם־דבר. ער האָט אויך געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיינע רינגען אויף די פינגער — אויסטערלישע רינגען לויט זייערע גרייסן און לויט זייערע פאָרמען. אַפילו אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעשוירן זיינע באַקנבערד און אויסגעטאָן דעם פּעלץ מיטן שטריימל (ס׳איז שוין געווען נאָך „יונג־ייִדיש" און נאָך דער פוטוריסטישער רעוואָלוציע), האָט ער זיך נאָך אַלץ געקליידט מיט אַ נישט־געוויינלעכן גלאַנץ און עקזאָטישן געשמאַק (גרינע זיידענע העמדער און בלוט־רויטע קראַוואַטן). אויסלענדישע ייִדישע און נישט נאָר ייִדישע שרייבערס וואָס זענען געקומען קיין לאָדזש און האָבן זיך באַקענט מיט בראָדערזאָנען האָבן וועגן אים געשריבן אַז ער איז עפּעס אַ מין שעכרעזאַדע־פּרינץ וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דעם גרויען רויכיקן פוילישן מאַנטשעסטער. אויף יעדן פאַל איז אמת אַז ער איז געווען דאָס שבת־שיינדל פון דעם אין מסחר און אין אינדוסטריע פאַרהאָרעוועטער שטאָט און ווען בראָדערזאָן און סעגאַלאָוויטש, יאַנקל אַדלער און איציק ברוינער זענען געגאַנגען שפּאַצירן אויף דער פּיעטרי־קאָווער גאַס, האָט די ראַשיקע גאַס איינגעהאַלטן איר אָטעם און אַ שטילער

פליסטער איז געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן. ס'איז נישטאָ קיין שום ספק דערין, אַז גאַר אַ סך פון די דאָזיקע פליסטערנדיקע האָבן נישט געוווּסט פון בראָדערזאָנס פּאָעזיע, אָבער אַלע האָבן געוווּסט אַז דאָס איז עפּעס אַן אדם־חשוב וואָס פאַרדינט כבוד און באַוווּנדערונג.

בראָדערזאָן איז געווען אַ גלענצנדיקער קאָזער, אַ שמועסער מיט אַ דינעם חוש פאַר הומאָר. זיינע קאַלאַמבורן זענען געווען אין גאַנץ פוילן און זיי ווערן נאָך ביז היינט געדענקט, ווי למשל זיין „איז מען — איז מען. איז מען נישט — העלפן נישט קיין שום איזמען". אָדער זיין ווערטל: „געטע האָט געהאַט זיין ווײַמאַר, איך האָב מיין ווײ־מיר". ווען אַ חברס יובל־פייערונג האָט זיך נישט געהאַט איינגעגעבן, האָט בראָדערזאָן געזאָגט אַז מען דאַרף אים „מנחם יובל־זיין". אַזעלכע קאַלאַמבורן זענען אַרומגעגאַנגען אין די צענדליקער און זיי האָבן אים נישט ווייניקער באַרימט געמאַכט ווי זיינע פוטוריסטישע לידער.

אַפילו אין סאָוויעט־רוסלאַנד האָט בראָדערזאָן נישט אויפגעגעבן זיינע וואָרטשפּילן און קאַלאַמבורן, כאָטש דאָרט איז עס געווען ממש געפערלעך און בראָדערזאָן האָט זיך געשראָקן אימת־מות און האָט גוט געוווּסט אַז פאַר אַזעלכע חכמות גלעט מען אין קאָמוניסטישן לאַנד נישט איבערן קאָפּ. דאָך איז דער דראַנג צו אַ געלונגענעם וואָרטשפּיל געווען שטאַרקער פון אים און פון זיין מורא. ער האָט גוט געוווּסט וועגן דעם ווערטל וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין סטאַלינס מלוכה, אַז די „שוטניקעס" (די וויצן־מאַכערס) האָבן אויפגעבויט דעם בעלאָמאָר־קאַנאַל און פאַר דעם האָט בראָדערזאָן זייער געציטערט און דאָך, ווען ער האָט געוואָלט מאַכן אַ חכמה איבער דער ייִדיש־סאָוויעטישער ליטעראַטור, האָט ער דערציילט אַז זיינער אַ באַקאַנטער, אַ ייִד פון אמתן פּאָניע־לאַנד, האָט אים געזאָלט זאָגן: „אוּ נאַס יעסט פּיסאַטעל קאָטאָרי פּאָ יעוורעיסקי נאַזיוואַיעטסיאַ פּעפּער אַ פּאָ רוסקי נאַזיוואַיעטסיאַ פּיערעץ אַ אָן נאַפּיסאַל אָדנו שטוקו קאַטאָראַיאַ נאַזיוואַיעטסיאַ ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרקיש..." ער פלעגט אויך זאָגן אויף אַ געוויסן שרייבער אַז ער איז  שוטה שאינו מאַרקיש און מיר איז אַ מאָל אויסגעקומען צו זיין דער עדות פון אַ מחלוקת צווישן בראָדערזאָנען און מאַרקישן צוליב אַ וויץ, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט געהאַלטן אַז זיין וואַריאַנט איז דער ריכטיקער. ניין, וואָרטשפּיל ביי בראָדערזאָנען איז נישט געווען קיין אויבן־אויפיקער ענין. ס'איז געווען עפּעס וואָס איז געווען שטאַרקער פון אים.

בראָדערזאָן איז געווען דאָס וואָס מען רופט אָן: אַ כאַריזמאַטישער מענטש. ער האָט אָבער אויסגענוצט זיין כאַריזמע אויף צו באַקומען הילף פאַר די זשורנאַלן וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, אָדער פאַר די טעאַטער־סטודיעס וואָס ער האָט געפירט פאַרן „אררט" און נאָך אים. (זיין טעטיקייט אויפן טעאַטער־

געביט איז אַ באַזונדערער ענין און מיר וועלן דאָ זיך אין אים נישט אַריינלאָזן, הגם דאָס איז אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין שעפערישער פּערזענלעכקייט).
ער האָט ס'חיות ליב געהאַט יונגנט און געוועזן צופרידן אַז עס האָבן זיך געדרייט אַרום אים יונגע שרייבערס, אָדער יונגע טאַלאַנטן פון אַנדערע געביטן. ער האָט אָפט געגעבן גרויס קרעדיט אַזעלכע יונגע טאַלאַנטן וואָס אַפילו אַ בלינדער האָט געקענט זען, אַז זיי וועלן באַנקראָטירן. אים האָט דאָס נישט געאַרט און אין דעם פאַל איז ער זיך אָפט מאָל פונאַנדערגעגאַנגען מיט זיין חבר יצחק קאַצענעלסאָן, הי״ד, וועלכער האָט נישט געהאַלטן אַז מען דאַרף זיך צאַצקען מיט אַ פלוני־אלמוני נאָר דערפאַר ווייל ער איז יונג. בראַדערזאָן האָט אָבער ליב געהאַט יוגנט און די יוגנט האָט אים ליב געהאַט, געהאַלטן אים פאַר איר פּאַטראָן.

ס'איז אָבער מערקווירדיק וואָס כאָטש די יוגנט האָט אים ליב געהאַט און צו אים אַרויפגעקוקט, האָט מען אים אָבער נישט געהאַלטן פאַר קיין רבי און מען איז ליטעראַריש נישט געגאַנגען צו אים אין חדר אַריין. ליטעראַריש האָט מען אַ סך מער געהאַלטן און מען איז מושפּע געוואָרן פון ישראל ראַבאָן, הי״ד, הגם ראַבאָן איז אין זיין אומגיין מיט מענטשן געווען האַרב און אָפט מאָל — אַפילו ווייניקער ווי פריינדלעך. וואָס עס זענען געווען די טענות וואָס די ליטעראַרישע יוגנט אין לאָדזש האָט געהאַט צו בראַדערזאָנס פּאָעזיע, געדענק איך שוין נישט, אָבער זיכער בין איך אַז די וויכטיקסטע סיבה פון רעזערוו צו בראַדערזאָנס שאַפן איז געווען דאָס וואָס זיין אַקאַרשט ניי ליד האָט אין אונדזערע אויגן שוין אויסגעזען צו אַלט און וואָס קאָן זיין נאָך מער פּסול אין די אויגן פון דער יוגנט ווי אַלטקייט?

בראַדערזאָן איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ וואָרטמייסטער און ווי אַ פאָרעם־ווירטואָז. מען האָט אים געגליכן צו לייבניידוסן דערפאַר, ווייל ביידע האָבן זיי געשריבן אין פאַרשידענע פּאָעטישע פאָרמען און ווייל ביידע האָבן זיי אַ סך אויפגעטאָן אויפן געביט פון גראַם און אַליטעראַציע. דאַכט מיר אַז מער ווי דאָס האָבן זיי קיין בשותפותדיקס נישט געהאַט און, הן לויט זייער געמיט, הן לויט זייער צוגאַנג צו פּאָעזיע, זענען זיי געווען אַנדערש פון זיך און דאָך אַזוי ענלעך צו זיך מיט זייער ליבשאַפט צו לשון ייִדיש און מיט זייער גלויבן אין כּוח פון ייִדיש.

אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָט בראַדערזאָן געהאַט איין דיכטער צו וועלכן ער איז געווען ענלעך אין זיין שאַפן און דאָס איז דער דיכטער אַ. גלאַנץ־לעיעלעס, וועלכער איז אַגב אויך געווען אַ לאָדזשער. פּונקט ווי לעיעלעס איז אויך בראַדערזאָן געווען אַ רעטאָרישער דיכטער און זיין פּאָעזיע איז געווען אַ געדאַנקלעכע. קען זיין אַז אַ. לעיעלעס האָט זיך אין זיין געדאַנקלעכקייט דערהויבן צו העכערע רעגיאָנען ווי בראַדערזאָן, אָבער ביידע זענען זיי

געווען נישט קיין זינגערס, נאָר זאָגערס. דאָס קומט אויס מאָדנע, ווען מען זאָגט עס וועגן בראָדערזאָנען וועלכער איז דאָך געווען אַזאַ געזונגענער דיכטער. אָבער אַז איר וועט זיך אַריינטראַכטן אין דעם ענין וועט איר זען, אַז דאָס איז ריכטיק. אברהם סוצקעווער איז איינער פון אונדזערע מוזיקאַלישסטע פּאָעטן און דאָך זינגט מען אים זייער ווייניק און פאַראַן אַנדערע דיכטערס מיט טויבע אויערן און זייערע לידער זינגט מען כּסדר.

געוויס מוז מען געדענקען אַז יפתח בדורו כּשמואל בדורו. ווען בראָדערזאָן האָט אין יאָר 1919 געגראַמט „בלאָעס" מיט „ניסים ונפלאות" איז עס געווען אַן אויפטו. הגם היינט וואָלט שוין אַזאַ גראַם נישט מעגלעך געווען, ווייל קיינער וועט שוין אויף בלויקייט נישט שרייבן „בלאָעס". אַ בלייביקער אויפטו ביז היינט איז בראָדערזאָנס גראַם:

„און ווען שוואַרץ ציט־צו
און וועמען רויט ציט־צו,
ויתרוצצו."

שפּילעוודיקע גראַמען האָבן אויך פאַרמאָגט בראָדערזאָנס טעאַטער־לידער. אין וועלכע ער האָט אויסגענוצט דאָס חנוודיקע פון לאָדזשער דיאַלעקט, ווי למשל: „אַז מע מיז — מי־מע (אַז מען מוז — מוז מען), ווייל ערגיץ שטייט געשריבן: תולה ארץ על בלימה". אָבער בדרך כּלל האָט בראָדערזאָן געשריבן לידער וואָס זענען געווען ריטמיזירטע און געגראַמטע עדיטאָריאַלן, הגם צייטנווייז האָט מען נישט אַזוי גוט פאַרשטאַנען דעם געדאַנק וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען. בילד איז אין זיין ליד כּמעט נישט געווען. עס זענען געווען אין זיין ליד וויזיעס, אָבער דאָס זענען געווען וויזיעס וואָס דער פּאָעט האָט זיי אויסגעטראַכט און נישט וואָס ער האָט זיי דערזען. מען קאָן צו בראָדערזאָנען נישט האָבן קיין טענות דערפאַר וואָס ער האָט געשריבן אַזוי און נישט אַנדערש. ער איז געווען געטריי זיך און דער פּאָעטישער שול פון וועלכער ער איז געקומען און ער איז זיכער נישט שולדיק געווען דערין וואָס נאָך זיין „יונג־ייִדיש" און נאָך דער „כאַלאַסטרע" איז געקומען אין דער ייִדישער פּאָעזיע אין פּוילן אַ נייער נוסח וועלכער האָט רעוואָלטירט קעגן די פריערדיקע נוסחאות, פּונקט ווי בראָדערזאָן, מאַרקיש, גרינבערג, ראַוויטש האָבן רעוואָלטירט קעגן די נאָך פריערדיקע.

„ווען די וועלן זיך דערטרינקען,
וועלן וועלן אין די ימען,
וועלן וועלן אין די טיפע,
טיף פאַרזינקען" —

איז געווען אַ לשון־אויפטו אין דער צייט ווען מען האָט נאָך געדאַרפט דערווייזן די לשון־מעגלעכקייטן פון ייִדיש. אין די שפּעטערדיקע צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן האָט מען שוין דאָס נישט געדאַרפט און דערפאַר האָט זיך בראַדערזאָנס פּאָזיציע אין דער ליטעראַרישער וועלט געביטן; דערפאַר האָבן אָט די וואָרט־שפּילערייען שוין קיינעם נישט געלאָקט.

צוריק־געשמועסט אָבער איז בראַדערזאָן פאָרט געווען בראַדערזאָן. לאָדזש האָט אים פאַרערט און ווילנע האָט אים ממש ליב געהאַט. און אַפילו ווען בער שנאַפּער ע״ה האָט אין אַ וואַרשעווער זשורנאַל אָנגעשריבן אַ שלעכטע רעצענזיע וועגן בראַדערזאָנס אַ בוך (כ׳געדענק נישט צי דאָס איז געווען דאָס בוך „פאַרשטעלונגען״, אָדער דאָס בוך „יוד״) און מען האָט געשמועסט אַז ער, שנאַפּער, איז דערצו אינספּירירט געוואָרן דורך געוויסע וואַרשעווער ליטעראַרישע גדולים, האָבן אָבער די דאָזיקע ליטעראַרישע גדולים אַלע ווי איינער זיך צוגעשטעלט קיין לאָדזש בעת בראַדערזאָן האָט געפייערט זיין 25־יעריקן ליטעראַרישן יובל אין דער לאָדזשער פילהאַרמאָניע. אגב, די דאָזיקע פייערונג, ווי אויך אַנדערע, האָבן געוויזן אַז דער פּאָפּולערער זאָג „אין נביא בעירו״ קאָן אויף בראַדערזאָנען נישט אָנגעווענדט ווערן...

4

איצט איז די צייט צו זאָגן כאָטש עטלעכע ווערטער וועגן בראַדערזאָנס בוך „דאָס לעצטע ליד״.

„דאָס לעצטע ליד״ קאָן אין אַ געוויסן זין באַטראַכט ווערן ווי בראַדערזאָנס שוואַנען־געזאַנג. דאָס בוך אַנטהאַלט די שאַפונגען וואָס ער האָט געשריבן די לעצטע 15—10 יאָר וועלכע זענען געווען די טרויעריקסטע און די דראַמאַטישסטע אין זיין ביאָגראַפיע. די מערסטע פון די דאָזיקע לידער זענען פריער אין ערגעץ נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן (בלויז אַ טייל פון זיי זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ ביכעלע פון דער סעריע „מוסטערווערק״ אין בוענאָס־איירעס). די דאָזיקע אַלע לידער וואָלטן געוויס פאַרלוירן געוואָרן ווען נישט די טרייע הענט פון בראַדערזאָנס פרוי, שיינע מרים, וואָס האָט זיי פרום אויפגעקליבן און זיי אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב. פון אַ באַשטימטן שטאַנדפּונקט איז דאָס דאָזיקע בוך אַ חסד־של־אמת און די אַלע וואָס האָבן צוגעלייגט אַ האַנט צו דער אַ גרויסער מצוה פאַרדינען אַ יישר־כּוח, סיי מצד די פאַרערערס פון דיכטער, סיי מצד די ליבהאָבערס פון דער ייִדישער פּאָעזיע.

פון דער צווייטער זייט איז אָבער דווקא פאַר די פאַרערערס פון משה בראַדערזאָן שווער צו זאָגן אַז די לידער וואָס גייען אַריין אין דעם דאָזיקן בוך גיבן אונדז אַ בילד און אַ באַגריף פון דעם וואָס בראַדערזאָן האָט מיט זיך פאַקטיש פאָרגעשטעלט אַלס דיכטער ביי ייִדן, ווי אויך פאַר וואָס ער האָט

זיך דערוואָרבן אַזאַ גרויסן נאָמען אין דער ייִדישער דיכטונג. עס איז אָנגענומען אַז **ליידן מאַכן דעם דיכטער** און דאָס מיינט צו זאָגן אַז די ליידן אין דיכטערס פּערזענלעכן לעבן שטעלן מיט זיך פֿאָר דעם רעגן וואָס מאַכט וואַקסן זיין שעפֿערישע אינספּיראַציע און וואָס ווירקט מזל־ברכהדיק אויף זיין פּאָעטישער פּראָדוקטיוויטעט. דער דאָזיקער געדאַנק איז טאַקע ריכטיק, אָבער מען מוז אים נעמען מיט אַ געוויסער באַוואָרעניש, ווייל פּונקט ווי מיר ווייסן אַז אַ צו גרויסער, אַ צו שטאַרקער, שלאַקסרעגן קאָן אין געוויסע פֿאַלן ברענגען מער שאָדן ווי נוצן, אַזוי קענען אויך צו גרויסע און צו שטאַרקע ליידן צעברעכן דעם שעפֿערישן מענטש און אים ברענגען דערצו אַז ער זאָל פֿאַרלירן זיינע דיכטערישע פּאָטענצן. ליידער מוזן מיר זיך זאָגן רעם אמת אַז די לעצטע 15 יאָר פֿון זיין לעבן איז בראָדערזאָן געווען אויסגעשטעלט אויף אַזעלכע יסורים און מאַטערנישן אַז ער האָט נישט בלויז פֿאַרלוירן זיינע פיזישע כּוחות, נאָר אויך זיינע שעפֿערישע. לייענענדיק זיינע שאַפֿונגען אינעם בוך „דאָס לעצטע ליד”, קענען מיר זיך טאַקע נישט באַפֿרייען פֿון געפֿיל אַז מיר האָבן פֿאַר זיך אַ דיכטער וואָס זיין גרויסע טראַגעדיע איז געווען נישט נאָר דער פֿיזישער פּיין צו וועלכן עס האָט אים פֿאַרמשפּט דער סאָוויעטישער רעזשים, נאָר אויך די גייסטיקע מידקייט, אַנטוישטקייט און צעבראָכנקייט וואָס האָט אונטערגעשניטן די פֿליגל פֿון זיין ליד און האָט אים פֿאַרוואַנדלט שיער נישט אין אַ שאָטן פֿון דעם וואָס ער איז געווען אַ מאָל, בעת ער איז געהאַט אויפֿגעגאַנגען אויפֿן הימל פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע.

מיר האָבן פֿריער גערעדט וועגן משה בראָדערזאָנס נאַציאָנאַלע געפֿילן און נאַציאָנאַלן טעמפּעראַמענט. דער אמת איז אַז אויך אין דעם לעצטן בוך זיינעם פֿירט ער אַ הייסע ווערבאַליסטישע מלחמה מיט די דייטשישע מערדערס. ליידער האָט ער די דאָזיקע מלחמה געמוזט פֿירן אין די באַדינגונגען פֿון סאָוויעטישן רעזשים, וווּ אַ ייִד האָט אין אַ באַשטימטער צייט געמעגט שילטן די נאַציס, אָבער ער האָט געדאַרפֿט שילטן נאָר מיט סאָוויעטישע קללות וועלכע האָבן נישט געטאָרט פֿאַרראַטן זיין ספּעציפֿיש ייִדישן כּעס און זיין באַזונדערן ייִדישן האַרץ־ווייטיק. בראָדערזאָן איז געווען באַקאַנט ווי אַ וואָרטמייסטער, אָבער פּונקט ווי דער גרעסטער באַלעט־טענצער קאָן נישט באַווייזן זיין קונסט ווען מען בינדט אים די הענט און פֿיס מיט שטריק, אַזוי האָט אויך בראָדערזאָן פֿאַרלוירן זיין גאַנצע רעטאָרישע מייסטערשאַפֿט ווען זיין פֿערד איז געקרעמפּעוועט געוואָרן דורך די קייטן פֿון סאָוויעטישן שרייב־נוסח וועלכער האָט קיין שום דיכטער, און איבערהויפּט קיין שום ייִדישן דיכטער, נישט דערלויבט צו זינגען אַזוי ווי ער האָט געפֿילט און אַזוי ווי ער האָט געטראַכט. עס איז דערביי מערקווירדיק וואָס אַ סך קלענערע וואָרט־ווירטואָזן ווי בראָדערזאָן האָבן פֿון דעסטוועגן יאָ באַוויזן, דאָ און דאָרט, איבערצוכיטרעווען דעם סאָוויעטישן צענזאָר

און אַריינצושרייבן אין זייערע לידער זייערע באַהאַלטענע יידישע מחשבות און געפילן. בראָדערזאָן האָט עס כמעט נישט באַוויזן. דער אינערלעכער צענזאָר וואָס זיצט אין יעדן סאָוויעטישן שרייבער און וואָרנט אים נישט צו קומען אין קאָנפליקט מיט דעם מושל, איז ביי בראָדערזאָנען געווען גאָר שטאַרק און דערפאַר טאַקע לייענען מיר איצט בראָדערזאָנס לידער פון דער דאָזיקער עפּאָכע מיט דעם געפיל אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ מענטש וואָס איז דערדריקט פון דער מורא און מחמת דער דאָזיקער מורא דערדריקט ער אין זיך דאָס אַלץ וואָס ער וויל זאָגן. דאָס ערגסטע איז וואָס אונטער דעם פּסיכאָז פון דעם דאָזיקן פּחד האָט בראָדערזאָן אַפילו פאַרלוירן זיין אייגן קול און אַנשטאָט אַ וואָרטמייסטער הערן מיר איצט אין זיינע לידער די שטאַמלדיקייט פון אַ פּאָעט וואָס ציטערט אימת מוות פאַר זיין אייגענער מייסטערשאַפט.

ס'איז געווען איבערצולייענען דאָס ערשטע ליד אינעם בוך, דאָס ליד וואָס טראָגט דעם נאָמען פון בוך און וואָס איז געלייענט געוואָרן אויפן קבלת־פּנים־אָוונט אין וואַרשע, בעת בראָדערזאָן איז פון רוסלאַנד צוריקגעקומען קיין פּוילן, כדי צו זען ווי גרויס עס איז געווען די שפּעטערישע ירידה פון דעם דאָזיקן דיכטער וועלכער האָט זיך אָקאָרשט אַרויסגעכאַפּט פון דער סאָוויעטישער תּפיסה און איז נאָך אַלץ פול געווען מיט פּחד פאַר די דאָזיקע וואָס קענען אים צו יעדער רגע אומקערן אין תּפיסה אַריין. ווי גרוילִיק ס'איז דאָס דאָזיקע פּחד־געפיל! בראָדערזאָן קערט זיך אום קיין וואַרשע, ער קערט זיך אום אין דער שטאָט וואָס איז אַ מאָל געווען דער ברויזנדיקער גייסטיקער צענטער פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום און ער טרעפט אַ כמעט יידן־ריינע שטאָט ווו מען באַזייטיקט די געטאָ־חורבות וואָס זענען דער לעצטער זכר פון אומגעבראַכטן יידישן קיבוץ אין פּוילן, און — ער קלאָגט נישט, בראָדערזאָן, ער יאָמערט נישט אויפן גרויליקן חורבן, נאָר ער זינגט אַ ליר, אַ שבח והודיה וואָס וואַרשע... האָט זיך צעבויט, וואָס „ס'איז די שטאָט געוואָרן ברייטער, ס'איז די שטאָט געוואָרן גרוימער"... עפּעס טרויעריקערס און גרויליקערס, עפּעס אָפּשטויסנדיקערס קאָן גאָרנישט געמאָלט זיין...

אָ, ניין, קיינער פון אונדז וועט חלילה נישט באַשולדיקן דעם דאָזיקן פיל־געליטענעם דיכטער וואָס איז אין וואַרשע נאָך אַלץ באַהערשט געווען פון מאָסקווער פּחד, אָבער באַדויערן אים, טרויערן אויף אים און אויף זיין גורל — דאָס וועלן מיר יאָ. מיר וועלן דעריבער אָט דאָס לעצטע ליד און בכלל אָט דעם מין „לעצטע לידער" אַראָפּשרייבן פון זיין שפּעטערישן חשבון כאילו לא היו הדברים מעולם, ווי ער וואָלט זיי בכלל נישט געשריבן. וואָרעם, נאָך אַלעמען, בראָדערזאָן האָט געווען גרויסע זכותים פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּאָעזיע און ער קאָן זיך באַגיין אָן אָט דעם לעצטן ליד זיינעם...

זיין „וויי־געשווייג" רעדט צו אונדז אַ סך מער ווי זיין פרייד־גערייד וועגן דעם פונאַנדערבוי פון וואַרשע.

בראָדערזאָן איז, ווי געזאָגט, געווען אַ פּיאָנערישער מיילשטיין אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּאָעזיע צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין פּוילן. אָט דעם זכות, דעם זכות פון זיין פּיאָנערישקייט וועט ביי אים קיינער נישט צונעמען. דער דאָזיקער זכות וועט אים בייַשטיין ביי דעם ממונה איבער דער ייִדישער שירה אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין ייִדישע שירה, וואָס אין אַנדערן זין מיינט עס: אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין אַ שעפעריש ייִדיש פאָלק.

# חיים גראַדע דער פּראָזאַיִקער

א.

איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דריי עיקר־מאָמענטן אין דעם פּראָזע־שאַפֿן פֿון חיים גראַדע: (א) אויף זיין קינסטלערישער רעסטאַווּרירונג פֿון חרוב־געוואָרענעם ייִדישן לעבן אין ווילנע, דערונטער אויך אויף זיין פֿאַראייביקן דעם ספּעציפֿישן שטייגער פֿון דער ווילנער ייִדישקייט; (ב) אויף די טיפֿן און געשטאַלטן פֿון דער ווילנער ייִדישער גאַס וואָס דורך זיי שילדערט גראַדע די כאַראַקטערן און גורלות פֿון די מענטשן פֿון אַלע צייטן און אויף אַלע לענגען און ברייטן פֿון אונדזער כּדור־הארץ; (ג) אויך אויף דעם וואָס פֿון די פֿראַגן, מיט וועלכע עס זענען געצווונגען זיך צו פֿאַרנעמען די ייִדן אין ווילנע, הערן מיר אַרויס דעם עכאָ פֿון פּראָבלעמען און לעבנס־קשיות וועלכע זענען כּסדר אַקטועל אינעם לעבן פֿון די מענטשן אויף דער גאָרער ערד, סיי אַ מאָל, סיי איצט.

אָבער איידער איך נעם זיך צו יעדן פֿון די דאָזיקע ענינים, זאָלן מיר דערלויבט זיין עטלעכע באַמערקונגען:

עס זענען פֿאַראַן ביי אונדז שרייבערס, פּאָעטן און פּראָזאַיִקערס, וואָס האָבן געמוזט שווער האָרעווען, ביז זיי זענען דערגאַנגען צו זייער שפּעטערדיקער רייפֿקייט, צו זייער שפּעטערדיקער מייסטערשאַפֿט, וואָס האָט זיי געגעבן דאָס רעכט צו פֿאַרנעמען די פּאָזיציע וועלכע זיי פֿאַרנעמען אין אונדזער ליטעראַטור.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פֿאַר חיים גראַדע, סיי אין דער פּאָעזיע, סיי אין דער פּראָזע, איז די הויכע קינסטלערישע רייפֿקייט און מייסטערשאַפֿט וואָס ער האָט מאַניפֿעסטירט אויף די אָ ביידע שאַפֿערישע געביטן באַלד ביי זיין אָנהייב.

אמת, אין זיין פּראָזע האָט זיך גראַדע אין אָנהייב יאָ געראַנגלט מיט אַ ריי שוועריקייטן און אַפֿילו סכּנות, וואָס לאָקערן אויף אַ שרייבער ווען ער גייט אַריבער פֿון איין שאַפֿונגספֿעלד אין אַ צווייטן און פֿון איין ליטעראַטור־זשאַנער אין אַן אַנדערן. דאָך, ווען מען לייענט היינט זיין ערשט דערציילעריש ווערק דער מאַמעס שבתים, זעט מע באַשיימפּערלעך, אַז ער האָט זיך נישט בלויז גאָר גיך אַרויסגעראַנגלט פֿון די בלאָנדזשענישן און סכּנות, נאָר אַז ער האָט אַפֿילו פֿון די שטרויכלשטיינער באַוויזן אַרויסצוקריגן שעפֿערישן מים־חיים און דאָס מיינט, אַז ער האָט ערטערווייז באַוויזן אויסצוניצן אַ ריי ווירקונגס־מיטלען

פון דער פּאָעזיע. כּדי צו דערגרייכן גרעסערע קינסטלערישע עפעקטן אין דער פּראָזע.

אוודאי האָט מען אין זיין ערשטער פּראָזע־שאַפונג געפילט, אַז ער ליידט פון באַשטימטע פּאָעטישע מיחושן. ס'איז דערין פאַראַן אַן איבערשטראָם פון רעזאָנירונגען און אַן עודף פון פּסיכאָלאָגישער אויפקלערונג און אַחוץ דעם — אַ צו גרויסע געדיכטעניש פון פּאָעטישן בילד און מעטאַפאָר. צו מאָל האָט אויך דער ספּעציפישער פּאַטאָס, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר גראַדעס שירה, צעשמאָלצן דעם פּראָזאַישן מעטאַל פון זיין דערציילערישער יצירה.

אָבער גראַדע האָט די דאָזיקע סכּנות און שטרויכלונגען פון דער איבערגאַנגסצייט גיך גובר געווען און שוין אין דער ערשטער דערציילונג זיינער וויזט ער זיך ווי אַ צייטיקער און פולבלוטיקער קינסטלער, וואָס ווייס וואָהין ער וויל דערגרייכן און ווייס אויך אַלע וועגן און שטעגן וואָס פירן צו זיין קינסטלערישן ציל. כ'וואָלט געזאָגט, אַז שוין אין זיין ערשטן פּראָזעווערק האָט ער זיך אַנטפּלעקט ווי אַ שרייבער, וואָס נישט נאָר פאַרמאָגט ער דאָס גאַנצע קאָמפּליצירטע געצייג פון אַ פּראָזע־שאַפער, נייערט ער ווייס אויך — און דאָס איז אַ סך עיקרדיקער — ווי אַזוי עס צו באַניצן אויף אַ מייסטערישן אופן.

דאָס וואָס איז כּדאַי צו באַטאָנען איז דער פאַקט, אַז חיים גראַדע איז אין זיין פּאָעזיע קיין מאָל קיין געזעלן נישט געווען און דאָס זעלביקע איז אויך חל אויף זיין פּראָזע. ער האָט דעריבער אויסגעמיטן די לערן־ און וואַנדער־יאָרן, וואָס געטע האָט געהאַלטן, אַז זיי זענען די אומבאַדינגטע ערב־מדרגות צו קינסטלערישער מייסטערשאַפט. גראַדע האָט זיין מייסטערשאַפט דערגרייכט מיט אַ קפיצת־הדרך, וואָס האָט געמוזט אַרויסרופן באַוווּנדערונג.

איז טאַקע דער פּראָזאַיִקער חיים גראַדע פון ווערק צו ווערק געגאַנגען מעלה־ומעלה, הן וואָס נוגע דעם פּראָבלעמען־היקף, הן וואָס נוגע דער שילדערונג פון די געשטאַלטן און טיפן. דערביי האָט ער אונדז אויך פאַרכאַפּט און איבערגעראַשט מיט זיין פאַרמעסט, מיט זיין דערוועגטקייט צו שאַפן ביז גאָר ברייטע קינסטלערישע לייוונטן, אויף וועלכע ער האָט מיט פּאַסיע און מיט געניטקייט געשטאַלטיקט די העלדן־גאַלעריע און דעם לעבנס־שטייגער פון דער עיר־ואם ווילנע, וואָס האָט דעמאָלט, ווען גראַדע האָט זי געמאָלן אויף זיינע קינסטלערישע יריעות, שוין געלעבט בלויז אין זיין זכּרון, ווי אויך אין דעם זכּרון פון זיינע געפּרוּווטע מיטצייטלער.

און נאָך עפּעס: ווי עס זעט מיר אויס, האָט גראַדע אָנגעהויבן שרייבן זיין ערשטע גרויסע דערציילונג, כּדי צו שילדערן זיינע איבערלעבונגען אין דעם „עק וועלט" פון דער סאָוועטישער עוואַקואַציע, ווי אויך זיין שפּעטערדיקן צונויפטרעף מיט „די זיבן געסלעך" פון דער חרובער ווילנע. צו דעם האָט ער געדאַרפט אַן אַריינפיר, וואָס זאָל דעם לייענער געבן אַ בילד פון דעם וואָס ווילנע איז

געווען אײדער זי איז דורך די היטלעריסטן חרוב געוואָרן. גאָר גיך האָט זיך אָבער באַקומען, אַז דער טפל איז געוואָרן אַן עיקר און דער אַריינפיר האָט געגומען ווערן דער וויכטיקסטער טייל פונעם בוך. גראָדע האָט מיט זיין קינסטלערישן חוש דערפילט, אַז דער דאָזיקער אַריינפיר איז פון אַן אומגעהייערן באַטייט און אַז ער וועט אין אָט דער טעמע גראָבן און גראָבן, ביז ער וועט זיך דערגראָבן צו דעם גאָלד פון אַ לעבנס-געשטאַלטיקונג, וואָס ליגט אויף זיין שרייבערישן דור, מיט דער הייליקייט פון אַ שליחות. ער האָט, הייסט עס, דערשפּירט און פאַרשטאַנען, אַז נישט נאָר גיט ער אַ קינסטלערישן תּיקון זיינע זכרונות, נייערט ער שמידט דעם פאָלקס-זכרון מיט דער הילף פון אַ ווידעראויפלעב פון דעם וואָס איז אָקערשט געווען און איז אַזוי גרויליק פאַרטיליקט געוואָרן.

ב.

ווי כּמעט אַלע שרייבערס פון אונדזער דור, האָט אויך חיים גראַדע אין זיינע נאָכמלחמה-לידער אַרויסגעבראַכט דעם צער און דעם צאָרן קעגן די מערדערס פון דער מיזרח-אייראָפּעישער ייִדנוועלט און ער האָט אונדז, טייל מאָל אויף אַ לירישן און טייל מאָל אויף אַן עפּישן אופן, געוויזן ווי טיף אָט די אומגעבראַכטע וועלט מיט אירע געשטאַלטן און שטייגער-געוווינהייטן לעבן אין אים און לעבן אין אונדז אַלעמען. מיט זיין כאַראַקטעריסטישן פלאַמענדיקן טעמפּעראַמענט האָט ער אונדז געוויזן גרוילוויזיעס און בילדער, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט מיט די ליידן פון די אומגעבראַכטע אידער מען האָט זיי אומגעבראַכט. עס זעט אָבער אויס, אַז דאָס בלויזע אויסשרייען דעם צער-און-צאָרן אונדזערן, דאָס בלויזע באַווייגען די קרבנות פון היטלער-שינאה, איז אים געווען ווייניק און ער האָט דעריבער זיך געשטעלט אַן אַנדער אויפגאַב, וואָס איז, אַגב, דער וויכטיקסטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור נאָכן חורבן פון מיזרח-אייראָפּעישן ייִדנטום, און דאָס איז דער אויפגאַב צו רעסטאַווירן אין קינסטלערישן בילד דאָס פאַרשניטענע ייִדישע לעבן. אָדער אַנדערש געזאָגט: צוריק לעבעדיק צו מאַכן אין דער ליטעראַטור און מיט דער הילף פון ליטעראַטור דאָס ייִדישע זיין, וואָס איז מיט איין מאָל אַזוי מוראדיק פאַרטיליקט געוואָרן.

גראַדעס נייגונג צו פאָרטרעטן-מאָלעריי, צו כאַראַקטערן-געשטאַלטיקונג און צו שטייגער-שילדערונג, איז אונדז נאָך געווען באַקאַנט פון זיין ליריש-עפּישער פּאָעמע „מוסרניקעס", אין וועלכער ער האָט זיך באַוויזן מיט די אַ טאַלאַנט-אייגנשאַפטן. די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָט ער, ווי מיר ווייסן, מאַניפעסטירט שפּעטער אין זיינע מאָנומענטאַלע פּאָעמעס „תּלמידי-חכמים אין דער ליטע און אַנדערע". ס'איז דעריבער נאַטירלעך, וואָס מיט אַזעלכע יכולתן האָט אים געצויגן צו פּראָזע, ווו ער האָט פאַר זיך געזען אַן אַ סך ברייטער פעלד צו רעאַליזירן דעם קינסטלערישן אויפלעב פון דעם פאַרשניטענעם ייִדישן זיין. דער ווונדער

איז יאָ, וואָס צוגעטראָטן איז ער צו דערפילן דעם אויפגאַב מיט דער מייסטערשאַפט פון אַ זקן ורגיל, וואָס ווייס וואָס ער דאַרף אויסמיידן, כּדי נישט ניכשל צו ווערן אין דער פּראָזע מיט דעם, וואָס איז אָפט מאָל אַ חן־פינטל אין דער פּאָעזיע.

גראַדע האָט אָנגעהויבן ווי אַ פּראָזע־שרייבער מיט דער רעסטאַווּרירונג פון יידישן לעבן אין דער עיר־ואם ווילנע און תּיכּף איז פון אונטער זיין האַנט אויסגעוואַקסן אַ מאַכטיק־ברייטע לייוונט, אויף וועלכער ער האָט מיט זיכערע, געניטע פּענדזל באַוועגונגען אַרויסגעבראַכט דאָס חרוב־געוואָרענע לעבן, וואָס איז שוין טאַקע חרוב געוואָרן, אָבער עס האָט נאָך פֿאָרט געלעבט מיט דער גאַנצער פולקייט אין זיין זכּרון און אין דעם זכּרון פון זיין דור. ער האָט, הייסט עס, גענומען מאָלן די מענטשן, דעם שטייגער און די געשעענישן פון ווילנע מיט צען צי מיט מער יאָרן איידער דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָס דאָזיקע לעבן איז שוין טאַקע געווען געשיכטע, אָבער דער קינסטלער האָט עס נאָך געהאַט פאַר זיינע שעפערישע אויגן ווי אַ רעאַלן מאָדעל און ער האָט ביים שרייבן זיך באַצויגן צום דעם אַ לעבן ווי עס וואָלט נאָך געווען איצטיק און אַקטועל. דאָס האָט געווירקט דערויף, אַז ער זאָל דאָס פאַרשווונדענע לעבן מאָלן אָן סענטימענטאַלער באַציִונג און אָן דער טענדענץ צו גרימירן די דעמאָלטיקע רעאַליטעט, ווי אויך אָן אַ פּרווו צו פאַרשענערן די געוועזנקייט, דערפאַר באַקומט זיך טאַקע, אַז כאָטש מיר לייענען היינט גראַדעס פּראָזעווערק און ווייסן אַז דאָס לעבן וואָס ער שילדערט געהערט שוין צו דער געשיכטע, האָבן מיר דאָך נישט דאָס געפיל, אַז מיר לעבן זיך אַריין אין אַ תּקופה וואָס געהערט צו דער היסטאָריע, נאָר מיר האָבן דאָס געפיל, ווי מיר וואָלטן געעפנט אַ טיר צו אַ וועלט, וואָס עקסיסטירט און איז לעבעדיק אויף אַזוי פיל, אַז זי ציט אונדז אַריין אין איר געווירבל און מיר ווערן מיטגעריסן מיט אירע געשעענישן און מיט אירע ווירקנדיקע מענטשן.

זיין ערשט פּראָזעווערק **דער מאַמעס שבתים** האָט גראַדע געטיילט אין דריי טיילן (ערשטער טייל: „דער מאַמעס שבתים", צווייטער טייל: „עק וועלט", דריטער טייל: „די זיבן געסלעך". אינעם ערשטן טייל שילדערט דער שרייבער ווילנע פון פאַר דער מלחמה, אין צווייטן טייל שילדערט ער די עוואַקואַציע־איבערלעבענישן אין דער סאָוועטישער אַזיע און אין דריטן טייל — די חרובע ווילנע פון נאָך דער מלחמה. די דריי טיילן זענען איינס, מחמת דעם אויטאָ־ביאָגראַפישן שליסל אין וועלכן זיי זענען געשריבן, אָבער אַז מען וויל זיי באַטראַכטן וועדליק זייער קינסטלערישן מהות און אַפילו וועדליק זייער סטיל, וואָס אין אים אַנטפּלעקט זיך דער טעמפּעראַמענט פונעם שרייבער בעת ער האָט געשאַפן זיין ווערק, זעט מען אַז דאָס זענען דריי באַזונדערע דערציילונגען,

געשאַפֿענע אין דריי באַזונדערע געמיט־צושטאַנדן, הגם דורך איין קינסטלערישער פֿערזענלעכקייט.

און עס איז ביז גאָר מערקווערדיק, וואָס כאָטש מיר דאַכט זיך, אַז דער סטימול צו שרייבן דאָס דאָזיקע ווערק איז געקומען צוליב די שפּעטערדיקע טיילן (די עוואַקואַציע־איבערלעבונג און די חורבע ווילנער געסלעך נאָך דער מלחמה) און דער ערשטער טייל איז געשריבן געוואָרן נאָר ווי אַן אַריינפֿיר צו די אַנדערע צוויי, איז דאָך אַזוי געשען, אַז דער ערשטער אַריינפֿיר־טייל איז געוואָרן אַן עיקר אין גראַדעס פּראָזע־שאַפֿן און גראַדע האָט זיך צו דעם אַ מאָטיוו נאָך אַ סך מאָל אומגעקערט, בעת צו די אַנדערע מאָטיוון האָט ער זיך אומגעקערט ערשט אין זיין סאַמע לעצטן נישט־פֿאַרענדיקטן ראָמאַן וואָס איז לעת־עתה אין בוך־פֿאָרם נישט דערשינען.

סיי אין זיין ערשטן פּראָזעבוך **דער מאַמעס שבתים**, סיי אין דעם צווייטן בוך זיינעם, **דער שולהויף** (וואָס באַשטייט פֿון די דריי דערציילונגען: „דער ברונעם", „ר' נחומל מלווה" און „שפּרהלע") האָט חיים גראַדע קינסטלעריש מחיה־מתים געווען די ייִדישע ווילנע פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. אמת, נישט די גאַנצע ווילנע און נישט אַלע אירע שיכטן האָט ער שרייבעריש געפּרוּווט מחיה־מתים זיין מיט דער הילף פֿון זיין פֿעדער און פֿאַראַן סביבות צו וועלכע ער האָט זיך אַפֿילו נישט צוגערירט, אַ פּנים דערפֿאַר, ווייל זיי זענען אים נישט געווען גאָר נאָענט און ער האָט אויך צו זיי נישט געהאַט קיין באַזונדערע באַציִונג. דערפֿאַר אָבער האָבן אונטער זיין פֿעדער אויפֿגעלעבט די אָרעמע און אַפֿילו פֿאַרמעגלעכע ייִדן, וואָס מען האָט זיי געקענט פֿאַררעכענען צו דער פֿאָלקסמאַסע; ייִדן וואָס אויף זיי האָט זיך געשטיצט די אייגנמיניקע ווילנער ייִדישקייט. גראַדע האָט געשילדערט דעם ספּעציפֿישן לעבנס־שטייגער פֿון זיינע ייִדן און זייערע פּרנסות, זייער וואָך און זייער יום־טוב, זייערע ליבעס און שׂינאות, זייערע קריגערייען און זייער געאייניקטקייט קעגן די סכּנות פֿון דרויסן. ער האָט אַפֿילו געשילדערט זייערע מאכלים און זייערע מלבושים. געטאָן האָט ער דאָס אָבער ווי אַן עכטער קינסטלער, נישט ווי קיין אַנטראָפּאָלאָג, נישט ווי אַ באַשרייבער פֿון דעם וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ, נאָר ווי אַ געשטאַלטיקער, וואָס וויַיזט אונדז די אַלע טיפֿן און פּאַסירונגען אין דער אַקציע פֿון געשען, פֿון לעבן און איבערלעבן, אַזוי אַז זיי אַנטפּלעקן זיך פֿאַר אונדז ווי וואָרע, רעאַלע מענטשן, וואָס מיר וואָלטן געשוווירן אַז מיר קענען זיי און זיי פֿאַראינטערעסירן אונדז דעריבער מיט זייערע ליידן און פֿריידן און זיי רירן אונדז מיט זייער מענטשלעכן און ייִדישן גורל.

אין אָט די ווערק פֿון חיים גראַדע האָט איר נישט בלויז דעם לעבנסקאַמף פֿון דער ווילנער ייִדישער אָרעמקייט, נאָר איר דערוויסט זיך אַפֿילו ווי אַזוי אָט די אָרעמקייט האָט זיך געהיילט מיט דער הילף פֿון אַפּשפּרעכענישן און

באַשווערונגען. גראַדע האָט דערביי אַריינגעפירט אין דער ייִדישער ליטעראַטור דעם שיכט פון די כּלי־קודש. וואָס אים האָט מען נישט געזען ביז איצט אין ייִדישן פּראָזע־שאַפן. די פאַרשיידענע טיפּן פון פּרושים און די פאַרשיידענע קלויזן, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ווילנער ייִדישן שטייגער, ווערן דאָ צום ערשטן מאָל אַרויסגעפירט אָן דער ביטערער סאַטירע פון אייזיק־מאיר דיק און אָן די משׂכּילישע טענדענצן פון די אַנדערע ייִדישע שרייבערס, וואָס זענען געגאַנגען אין די וועגן פון דעם דערמאָנטן ייִדישן שרייבער. און דאָס וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר גראַדעס באַציִונג צו אָט די כּלי־קודש־העלדן, איז דאָס וואָס ער אידעאַליזירט זיי נישט, פּונקט ווי ער באַציט זיך אויך צו די מערסטע טיפּן און געשטאַלטן, וועלכע ער ווייזט אונדז מיט אַזאַ שפע אין זיין פּראָזע.

אַ וועלט, אַ וועלט אַ גאַנצע האָט חיים גראַדע באַשאַפן אין זיינע ערשטע און אין זיינע ווייטערדיקע פּראָזעביכער, אַ וועלט אין וועלכער דאָס ייִדישע לעבן פון פאַרן חורבן אַנטפּלעקט זיך מיט דער אייביקער געדויערדיקייט פון דער קונסט; אַ וועלט וואָס רעדט אַזוי בולט וועגן דער טומאה פון דעם רשע וואָס האָט זי אומגעבראַכט און דערציילט אונדז וועגן דער פּשוטער הייליקייט פון די אומגעבראַכטע, וועלכע זענען ביים לעבן גאָר קיין הייליקע נישט געוועזן און האָבן עס אַפילו נישט געפּרוּווט זיין... און אין דעם טאַקע איז געוועזן זייער גרויסקייט, זייער קדושה.

ג.

גראַדע האָט אין די ביכער **דער מאַמעס שבתים** און **דער שולהויף** קינסטלעריש פאַראייביקט די ווילנער ייִדישע גאַס מיט איר לעבנס־אופן און מיט אַ רוב פון אירע ייִדן. גראַדעס מעלה איז דאָס, וואָס ביים שילדערן די מאַסע האָט ער געשילדערט די איינצלנע פּנימער פון אַ רוב מענטשן וועלכע שטעלן זי צונויף. זיין מאַסע איז דעריבער קיין מאָל נישט קיין גרויע, קיין אָנפּנימדיקע, קיין אַנאָנימע. פאַרקערט, זיין מאַסע איז פיל־קאָליריק, פיל־פּנימדיק, פיל־צדדימדיק און דאָך פאַרמאָגט זי די אייגנשאַפטן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ געזעמל פון באַזונדערע מענטשן וואָס גיסן זיך צונויף אין אַ המון. גראַדעס ייִדישע מאַסע באַשטייט פון ייִדן, וואָס יעדער איינער איז אַ וועלט פאַר זיך און טראָגט זיך אַרום מיט זיינע אייגענע פריידן און אייגענע ליידן, מיט זיין אייגענער ביטערער וואָר און זיסן חלום. דאָך פאַרלירט די דאָזיקע מאַסע איר גאַנצע זעלבשטענדיקייט, ווען עפּעס אָדער עמעצער באַווייזט זי צונויפצוהעפטן אַרום אַ געשעעניש, אָדער אויפצוהעצן אַרום אַ קהלישן ענין. דעמאָלט פאַרלירן די יחידים זייער אינדיווידואַליטעט און פון אַלע פּנימער ווערט איין פּנים, וואָס בייט זיך מיט דער רגע און קען אין איין הרף־עין איבערגיין פון ליבשאַפט

צו שינאה און פון רחמנות צו אַכזריות. זי איז איילִיק, די דאָזיקע מאַסע, ביים פּאַרמישפּטן אַ ליידנדיקן, כאָטש ער איז גערעכט, ווייל זי האַנדלט לויט אימפּולסן, באַהערשט דורך צופעליקייטן אָדער דורך אינסטינקטן, וואָס זענען אין דעם מאָמענט אויפגעוועקט און צעבלאָזן געוואָרן דורך די וואָס ניצן אויס דעם המון צו זייערע צילן.

דאָס ווייזן די מאַסע ווי אַ טייג אין די הענט פון די וואָס קענען זי — איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר גראַדעס ווערק די ענוגה, וואָס איז אַרויס נאָך דעם בוך דער שולהויף און אַזוי זעען מיר אויך דעם המון אין זיין נאָך שפּעטערדיקן ווערק צמח אַטלאַס. ס'איז קלאָר אַז גראַדעס באַציִונג צו דער ווייך־פאַרעמדיקער, וואַקלדיקער און געגעג בלינדער מאַסע איז נישט קיין פּאָזיטיווע און אויך נישט קיין סימפּאַטישע און מחמת דעם האָט אַ געוויסער שרייבער געהאַט צו גראַדען טענות באשר אין זיינע ווערק איז נישט פאַראַן קיין אַהבת־ישׂראל. דער אמת איז, אַז די באַשולדיקונג איז געווען אַ פאַלשע ביזן סוף.

ס'איז אָבער יאָ אמת, אַז גראַדע האָט נישט געוואָלט און נישט געקענט פעלשן די רעאַליטעט וואָס לעבט אין זיין זכרון און וואָס ער האָט צוריק לעבעדיק באַשאַפן אין זיין ווערק. ווען מען טראַכט זיך אַריין אַ ביסל טיפער אין דעם ענין, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז די פעלשונג איז קיינעם נישט געווען נייטיק און זי וואָלט אומבאַדינגט אַראָפּגענידערט דעם קינסטלערישן דערקענטעניש־ווערט פון דעם ווערק, וואָרעם קונסט איז נישט קיין קאַלטער מצבה־שטיין אויף וועלכן מען שרייבט נאָר די איבערגעטריבענע שבחים פון ניפטר.

גראַדע איז דער מייסטער־שילדערער פון דעם המון און ער ווייזט אונדז די דינסטע שרייפעלעך פון זיין פּסיכישן מעכאַניזם, וואָס ווערט אָפט מאָל באַוועגט דורך כּוחות, וואָס זענען אין אַבסאָלוטער סתירה צו אונדזער לאָגיק. אָבער אין זיינע פּראָזעווערק, וועלכע מיר האָבן פריִער דערמאָנט, האָט ער אויך אַרויסגעבערענגט אַ ריי טיפּן און געשטאַלטן, וואָס טיילן זיך אויס פון המון מיט זייער באַזונדערקייט און אויך מיט דעם, וואָס זיי זענען בטבע גייערס קעגן שטראָם. פאַרשטייט זיך אַז מען קוקט אויף די אַ מענטשן ווי אויף האַלבע משוגעים און זיי זענען עס טאַקע אין מער ווי אין איין זינען. בעיקר טרעפט גראַדע אַזעלכע העלדן צווישן די פּרושים פון די ווילנער קלויזן, צווישן די רבנים וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער רביסטווע צוליב מחלוקתן מיט זייערע קהילות. אָט די וועלט וואָס גראַדע האָט אַזוי קינסטלעריש געשילדערט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ווילנע און איך האָב אַ ספק צי עס איז נאָך געווען כאָטש איין שטאָט אין פּוילן ווּ מען האָט אין יענער צייט נאָך געזאָלט אויסהאַלטן פּרושים און זיי צאָלן וואָכער, אַ גאַנץ קלאָגעדיקן פאַרשטייט זיך.

עס זענען געווען אין פוילן ישיבות, וווּ יונגע בחורים פלעגן אין זיי לערנען און פלעגן פאַרזאָרגט ווערן מיט זייער אויסקומעניש אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן דורך קהל. עס זענען געווען יושבים אין די רבייִשע הייף, עס זענען געווען בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך, אָבער אַזאַ געפלעכט פון קלויזן און אַזאַ ספּעציפיש יידיש לעבן ווי מיר טרעפן אין גראַדעס עיר־ואם ווילנע האָבן מיר נישט אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור און כאָטש אַזוי דאַרף מען געדענקען אַז גראַדעס פּראָזעווערק שטייגן אַריבער יעדע לאָקאַלע ראַם און זיי זענען די דערקענטעניש־שפּיגלען פון דעם יידישן זיין אין גאַנץ פוילן וואָס צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.

גראַדע האָט זיין ברייטע און פאַרביקע לייוונט פון ווילנע באַפעלקערט מיט אַן אַ שיעור טיפּן און געשטאַלטן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אין דער דאָזיקער שטאָט און ער האָט זיי געמאָלן אין זיינע ווערק מיט אַ סך זין פאַר דער אַלגעמיינער קאָמפּאָזיציע פונעם געמעל. ער האָט אפילו באַוויזן זיין נייגונג אַרויסצוברענגען אויף איין לייוונט פאַרשידענע קאָנטראַסטן און אַנטקעגנשטעלן איין קאָנטראַסט אַנטקעגן אַנדערן. בכלל גענומען, קען מען זיינע טיפּן און כאַראַקטערן ציילן אין די הונדערטער און כאָטש זיי געהערן על־פּי־רוב צו דעם ווילנער המון, אָדער צו דער מאַסע פון דער יידנגאַס אין די שטעטלעך אַרום ווילנע, האָבן זיי אָבער, ווי שוין פריִער באַמערקט, יעדער איינער זיין פּנים, זיין גורל סיי אין אַלמענטשלעכן, סיי אין באַזונדערן יידישן זינען, פּונקט ווי זיי זענען אויטענטיש־לאָקאַליסטיש און דערביי אויך סימבאָליש און כאַראַקטעריסטיש פאַר די באַווינערס פון אַנדערע געאָגראַפישע ערדפּונקטן און פאַר אַנדערע פעלקער אויף דעם ערדקיילעך אונדזערן.

אָנגעהויבן פון זיין ווערק די עגונה און דערנאָך אין צמח אַטלאַס באַוויזן זיך אין גראַדעס פּראָזע געשטאַלטן, וואָס פון איין זייט זענען זיי געטריי דער רעאַליאַ פון דער ווילנער יידישער גאַס און זיי דריקן אויס איר ספּעציפישקייט און באַזונדערקייט, און פון דער צווייטער זייט זענען זיי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פעלקער און מענטשן אויף אַלע לענגען און ברייטן פון דער ערד. מען קען דעריבער זאָגן, אַז אויב אין די ערשטע פּראָזעווערק זיינע האָט גראַדע געמאָלן טיפּן און געשטאַלטן וועלכע זענען אין זייער רוב גענומען געוואָרן פון ווילנער יידישן לעבן און זיי זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אַ לעבן וואָס גראַדע איז אויסן געווען צו רעסטאַווּרירן נאָך דעם ווי היטלער, ימח שמו, האָט עס אַזוי גרויליק אומגעבראַכט, האָט ער אין די ווייטערדיקע פּראָזעווערק געטאָן דאָס זעלביקע און נאָך עפּעס: ער האָט געשילדערט געשטאַלטן, וואָס מיר קענען זיי אָנרופן העלדן אין דעם זינען וואָס זיי זענען סינאָנימען פון פּערזענלעכקייטן וואָס טראָגן אויס אויף זיך אַ באַזונדערן מענטשלעכן גורל און זיי פירן באַזונדערע געראַנגלען מיט אַ ריי אייביקע, מענטשלעכע פּראָבלעמען.

אַזעלכע זענען למשל, די צוויי רבנים אין זיין ווערק די עגונה, וואָס קעמפן צווישן זיך וועגן גט פאַר דער נייטערקע, וואָס איר מאַן איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער מלחמה. אין פלוג האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט צוויי כּלי־קודש־ייִדן, וואָס פירן צווישן זיך אַ מלחמה וועגן אַ דין, אָבער אין דער אמתן גייט דאָ וועגן אַ סך אַ טיפערן אַלמענטשלעכן פּראָבלעם, וואָס איז געווען אַקטועל מיט טויזנט יאָר צוריק און וועט מן־הסתּם זיין אַקטועל אין נאָך טויזנט יאָר אַרום. וואָרעם עס גייט דאָ וועגן דעם פּראָבלעם פון רחמים אָדער דין, דאָס הייסט וועגן דעם וואָס דאַרף דאָמינירן אין דעם צוזאַמענלעבן פונעם מענטשלעכן קאָלעקטיוו. ס'איז אַן אַלטע שאלה און זי הערט נישט אויף צו זיין אַקטועל אויך היינט. אָט ווייסן מיר פון אונדזערע אַלטע מקורות אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן נאָר דערפאַר ווייל די מענטשן האָבן דעמאָלט געלעבט נישט לויט דעם איינשטעל פון רחמים, נאָר לויט דעם איינשטעל פון דין. אָבער די דאָזיקע פראַגע איז גאָרנישט אַזוי פּשוט אַז מען זאָל זי קענען פאַרענטפערן אויף אַ סימפּליצירטן אופן, ווייל זי איז פאַרבונדן מיט אַן אַנדער פראַגע פון סאָציאַל־פילאָזאָפישן כאַראַקטער און נעמלעך מיט דער פראַגע צי די עוואָלוציע פון דער מענטשהייט איז פאָרגעקומען צוליבן קאַמף פון די מינים פאַרן קיום — ווי עס האַלט דאַרווין, אָדער זי איז פאָרגעקומען צוליב דעם וואָס דער מענטש האָט זיך דערהויבן אויפן שטאַפּל פון עוואָלוציע אַ דאַנק דער קעגנזייטיקער הילף — ווי עס האַלט קראָפּאָטקין. לאָמיר צום סוף נישט פאַרגעסן אַז די דאָזיקע פראַגן וואָס גראַדע באַהאַנדלט אַזוי ברייט אין טייל פון זיינע ווערק איז שוין אין אַנדערע פאָרמען און אין אַנדערע אויסדרוקן באַהאַנדלט געוואָרן אין דער ליטעראַטור פון די עלטסטע צייטן ביז היינט. געטע, למשל, האָט געזאָגט אַז ער האַלט דאָס אומאָרדענונג איז ערגער ווי אומגערעכטיקייט. אין אומאָרדענונג האָט געטע געזען די צעשטערונג פון געזעץ. דאקעגן אין אומגערעכטיקייט האָט ער געזען די צעשטערונג פון דעם מיטלייד־פּרינציפּ, און ער, דער „אָלימפּיקער", האָט געהאַלטן אַז די וועלט קען אפשר לעבן אָן רחמים, אָבער זי קען נישט לעבן אָן דין, אָן איינגעשטעלטער אָרדענונג. גראַדע פאַרטיפט זיך אין די דאָזיקע עטיש־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען און פּרוּווט קומען צו אויספירן וואָס זענען דער אויסדרוק פון זיין קוק אויפן לעבן, פון זיין וועלטבאַנעם. דאָס איז דער עיקר אין זיין ראָמאַן „די ענוגה". דאָס זעלביקע ווען עס גייט וועגן די צוויי הויפּטהעלדן אין זיין גרויס ווערק צמח אַטלאַס. אויך דאָ האָבן מיר פאַר זיך צוויי כאַראַקטערן, וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט אויס אַן אַנדער צוגאַנג צום לעבן און אַן אַנדער אופן פון קאַמף פאַר דער דערהייבונג פון דעם דאָזיקן לעבן. גראַדע האָט בכן אין דעם רעסטאַווּרירטן ייִדישן לעבן פון ווילנע פאַר אונדז אַרויסגעבראַכט מענטשן און גורלות, שאלות און פּראָבלעמען וואָס זענען געווען און זענען ווייטער לאַטענט און עס האָט דעריבער אַ גרויסן זינען אונדזער מי

אַרייַנצודרינגען אין זיי, אין זייער מהות. כ׳וויל זאָגן, אַז גראַדע גיט אונדז אין זיין ווערק נישט בלויז אַ דערקענטעניש פון אונדזער עבר, נאָר אויך פון אונדזער היינטיקן לעבן. ער שילדערט ייִדן אין ווילנע, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, אָבער מיר געפינען דאָ דעם ייִד פון היינט און פון מאָרגן, כאָטש ער טראָגט אפשר אַן אַנדער לבוש און זיין לעבנסשטייגער אין לחלוטין אַן אַנדערער ווי דער וואָס ווערט אין דעם ווערק געמאָלן און געשילדערט.

ד.

ווי געזאָגט, האָט חיים גראַדע שוין אין זיינע ערשטע פּראָזעווערק אונדז געוויזן געשטאַלטן, וואָס גייען אַרויס פון דער גרענעץ פון צייט און אָרט און קריצן זיך איין אין אונדזער זכרון מיט זייער אַלמענטשלעכקייט, כאָטש זיי טראָגן אויף זיך אַ טיפן חותם פון זייער פאָלקישער אָנגעהעריקייט און פון זייער סביבה־פּסיכיק. אַזאַ איז טאַקע, אין דער ערשטער ריי, זיין מאַמע וועלע, די ווילנער אויפס־הענדלערקע, וואָס איז פון איין זייט אַ לעבעדיקע, נישט־לעגענדאַרע, נאָר רעאַלע שׂרה־בת־טובים, מיט איר גוטסקייט און מיט איר טיף־ייִדישער און טיף־מענטשלעכער אָרנטלעכקייט און פון דער צווייטער זייט איז זי אַ טיפּע מענטשן־קענערין און אַ מין פילאָסאָף, וואָס ווייס גאָרנישט אז אירע פאָלקסטימלעכע ווערטלעך און געדאַנקען דריקן אויס גאַנצע פילאָסאָפישע סיסטעמען און לעבנס־נסיונות. בלויז וועגן דער איינער געשטאַלט אין גראַדעס ערשטן פּראָזעבוך וואָלט מען געקענט אָנשרייבן דיסערטאַציעס און פאָרשאַרבעטן אויף וויסנשאַפטלעכע, פּסיכאָלאָגישע און ליטעראַרישע געביטן.

צו גאָר הויכע קינסטלערישע מדרגות אין דעם אָ זינען דערגרייכט אָבער גראַדע אין זיינע ווייטערדיקע ווערק. אין די עגונה שטעלט ער אַוועק צוויי העלדן, וואָס נישט געקוקט אויף זייער ספּעציפישער טיפּישקייט און צוגעבונדנקייט צו זייער מיליע און צו זייער צייט, סימבאָליזירן זיי צוויי געשטאַלטן, וואָס גייען אַרויס פון די ראַמען פון זייער היסטאָרישער און געאָגראַפישער פּאָזיציע. ר׳ דוד זעלווער און ר׳ לוי הורביץ זענען ביידע טיפּישע מיזרח־אייראָפּעיִשע רבנים, וואָס מען האָט זיי געטראָפן אין ווילנע צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. דאָך וועט יעדער גוטער לייענער גיך באַמערקן, אַז כאָטש זיי זענען געשילדערט זייער רעאַליסטיש און זיי זענען דורכויס איינגעוועבט אין זייער שטייגער און אין זייערע סביבה־פאַרהעלטענישן, שטעלן זיי פאָר צוויי סינאָנימען פון מענטשלעכן כאַראַקטער און דערביי אויך צוויי צוגאַנגען צום מענטש און צו זיין לעבן. אָט די צוויי אַנטיפּאָדן טראָגן אויס אויף זיך מיט זייער האַנדלונג אינעם ראָמאַן דעם קאָמפּלעקס פּראָבלעמען מיט וועלכע פּסיכאָלאָגן און מענטשפאָרשערס מאַטערן זיך, ווען זיי קוקן אַריין אין מהות פון בן־אדם, צו וועלכן פאָלק און צו וועלכער צייט ער זאָל נישט געהערן.

גראַדע שאַפט אין זיינע ווערק געשטאַלטן וואָס זענען סינאָנימען. אָט אַזוי ווי האַמלעט איז אַ סינאָנים, אַזוי ווי דאָן קיכאָט איז אַ סינאָנים, אַזוי ווי טוביה דער מילכיקער און אַזוי ווי ר׳ שלמה פון דער גאָלדענער קייט זענען עס. צמח אַטלאַס און דער מחזה אַברהם (ווידער אַ מאָל אַנטיפּאָדן) זענען צוויי כאַראַקטערן, אָבער זיי זענען אויך (אפשר צוליב זייערע כאַראַקטער־סתּירות) צוויי באַזונדערע באַנעמען פון לעבן. זיי זענען ביידע טיף־ייִדיש און דערביי אַלמענטשלעך. אַרום זיי און מיט זיי און זייערע מעשׂים הייבט גראַדע אויף פילאָסאָפישע, עטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די וועלט באַשעפטיקט זיך זינט אָדם הראשון האָט טועם געווען פון עץ־הדעת. נישט וויכטיק דאָ צי גראַדע פאַרענטפערט פּראָבלעמען, וואָס זייער אַלטקייט און שטענדיקע אַקטואַליטעט באַווייזן, אַז מען קען זיי נישט פאַרענטפערן, ווייל אין יעדער צייט קומען זיי אַרויס אין אַ נייעם לבוש און אין יעדער נייער סביבה באַווייזן זיי זיך אין אַ נייער געשטאַלט, אין אַ נייער פאָרעם. וויכטיק איז אָבער, וואָס גראַדע הייבט אַרויס די דאָזיקע אַלמענטשלעכע, אַלצייטיקע פּראָבלעמען און באַווייזט עס צו טאָן דווקא אין די לבושים פון זיינע טיפּיש ייִדישע העלדן.

גראַדע האָט אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק, די קלויז און די גאַס ווי אויך דער שטומער מנין ווייטער געטאָן אין דעם געביט פון מחיה־מתים זיין אין קינסטלערישן בילד דאָס פאַרשווונדענע ייִדישע לעבן אין ווילנע. ער האָט ווייטער געמאָלן די טיפּן און די געשטאַלטן פון דער אַמאָליקער ווילנער ייִדנגאַס, אָבער ווען עס גייט אין שאַפן אָט די גרויסע סינאָנימע געשטאַלטן וועגן וועלכע מיר האָבן אָקערשט גערעדט, מוז מען זאָגן, אַז זיין זעניט האָט ער דערגרייכט אין צמח אַטלאַס.

אין די ביכער די קלויז און די גאַס און דער שטומער מנין טוט דער שרייבער דאָס זעלביקע וואָס אין זיינע פריִערדיקע ביכער און ער איז מחיה־מתים דעם עולם ומלואה פון דער ווילנער ייִדישקייט. דערביי זוכט ער עס אויסצוברייטערן דורך אַריינברענגען אין איר נייע סביבות און נייע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. חוץ־לזה זעען מיר, אַז אויב גראַדע ברענגט אין יענע ווערק יאָ אַרויס זיינע אַמאָליקע טיפּן און געשטאַלטן גיט ער זיי נייע דימענסיעס און ער ווייזט אונדז זייער אַנטוויקלונג דורך צייט און נסיונות. אויך אין די צוויי ווערק טרעפן מיר טיפּן וואָס זענען סינאָנימען, ווי למשל פערעלע די רביצין און דער שניצער פון שטומען מנין. אויב עמעצער וויל דווקא מעסטן די אַנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַטור אין דער הייך און אין דער טיף איז גענוג ער זאָל פאַרגלייבן די פּרימיטיוו געשילדערטע אישה רעה פון ווייסנבערגן מיט דער קאָמפּליצירטער געשטאַלט פון פערעלע די רביצין ביי גראַדען.

גראַדע איז אַ רעאַליסט און ער ציט ווייטער די ליניע פון די רעאַליסטן אין

אונדזער ליטעראַטור וואָס הייבט זיך אָן מיט מענדעלען. ווי יעדער גרויסער און עכטער קינסטלער האָט ער אָבער געשאַפן עפּעס אַזוינס ווי אַ נייעם נוסח אין דעם ייִדישן קינסטלערישן רעאַליזם. ער איז אַן עכטער פּראָזאַיִקער און וויס די גרענעץ צווישן דער פּאָעזיע און דער פּראָזע. עס טרעפט אָבער אויך, אַז ער באַניצט זיך מיט פּאָעטישע מיטלען כּדי צו פאַרשטאַרקן דעם עפעקט פון זיין פּראָזע־שילדערונג. מיר האָבן דאָ אין זינען, למשל, די סצענע פון די אָרעמע־לייט וואָס באַפאַלן די קראָמען אין אַ טאָג ווען זיי האָבן, לויטן איינשטעל, נישט קיין רעכט אַרומצוגיין נאָך נדבות. גראַדעס שילדערונג פון די הענט וואָס שטרעקן זיך אויס נאָך דער נדבה איז אַ שעדעווער און אַזעלכע שילדערונגען אין חיים גראַדעס פּראָזע זענען פאַראַן אַ סך.

גראַדע איז אויך אין זיין פּראָזע — אַ פּאָעט, כאָטש זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען זענען געשריבן לויט די בעסטע מוסטערן פון דער קלאַסישער פּראָזע. פּונקט ווי אין זיינע לידער און פּאָעמעס זעט זיך זיין טאַלאַנט פון אַ פּראָזאַיִקער וואָס קען נישט בלויז זינגען, נאָר אויך מאָלן און שילדערן מיט אַ פאַרכאַפּנדיקן כּוח.

צום סוף וויל איך צוגעבן:

דער גרויסער דיכטער היינריך היינע האָט פאַר זיין טויט זיך באַקלאָגט אַז מען וועט נאָך אים קיין מעסע נישט זינגען און מען וועט נאָך אים קיין קדיש נישט זאָגן. חיים גראַדע האָט זיך אויך געקלאָגט אין אַ ליד וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין „די גאָלדענע קייט" צו זיין 70סטן געבוירנטאָג, אַז מען וועט פאַר זיין אָרון נישט עפענען דעם שולהויף־טויער און מען וועט אים נישט מספּיד זיין אויף טרעפּלעך פון קלויז־ישן. דער אמת איז אָבער, אַז טראָץ דער אומאָנגענעמער געשיכטע מיט זיין אַנאָנימער לוויה, איז גראַדע אַוועק פון דער וועלט מיט דער פולסטער פאַרערונג מצד זיינע לייענערס און מיט דער פולסטער ליבשאַפט מצד זיינע חסידים און אָנהענגערס. חיים גראַדע וועט געדענקט ווערן און וועט פאַרערט ווערן ווי אַ גרויסער ייִדישער שרייבער אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין אַ ייִדישע ליטעראַטור און אַזוי לאַנג ווי די ייִדישע ליטעראַטור וועט נישט פעלשן אין איר אייביקער באַשטימונג: צו סטימולירן דעם קאַמף פאַר דעם המשך פון ייִדישן פאָלק, פון ייִדישן לעבן.

# „די באָרוועסע וואָד״ פון קעהאָס קליגער

פאַראַן שרייבערס וואָס זייער שעפערישער אומרו טרייבט זיי צו ווערסאַטילקייט, דאָס הייסט: צו אַקערן מיט דער פּען אויף די פעלדער פון פאַרשיידענע ליטעראַרישע זשאַנערן: פּאָעזיע, פּראָזע, עסיי און אויך פּובליציסטיק. קעהאָס קליגער איז אַן אויטענטישער פּאָעט און זיין פּאָעטישע מוזע איז צו אײפערזיכטיק אַז זי זאָל אים דערלויבן דעם גרינגסטן פלירט מיט אַנדערע שעפערישע זשאַנערן. דאָך איז אָבער אמת אַז אין זיין איין־מוזעדיקייט איז אויך קעהאָס קליגער זייער פאַרשיידנאַרטיק און אויב עס גייט וועגן דער פּאָעזיע, שפּילט ער נישט בלויז אויף אַלע אירע אינסטרומענטן, נאָר זיין אומרו טראָגט אים אויך צו אַ פאַרשיידן־אַרטיקער טעמאַטיק און ברענגט אים צו דעם אַז ער זאָל, אינערהאַלב דעם פּאָעטישן זשאַנער, באַמייסטערן אַלערליי קעגנזעצלעכע טעמאַטישע שטחים.

אין זיין אריינפיר־עסיי צום בוך „די באָרוועסע וואָד״, רעדט פּראָפ. דב סדן וועגן צוויי טעמאַטישע און פּאָעטישע פּאָלוסן אין קעהאָס קליגערס שאַפן. ער רעדט וועגן דעם נאָסטאַלגישן וואָלין וואָס דער פּאָעט טראָגט אין זיין זכרון און וועגן דעם רעאַלן, סאָציאַלן מאָטיוו וועגן וועלכן ער זינגט ווי אַ פּועל־יוצא פון זיין באַריר מיט דעם לעבן אין די לענדער פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. מיר דאַכט זיך אָבער אַז קעהאָס קליגערס דיכטערישע טעמאַטיק איז פיל ברייטער, וואָרעם קליגער איז אין זיין דיכטערישער טעמאַטיק אַן אמתער שעפערישער קאַליידאָסקאָפּ און איר געפינט ביי אים נישט בלויז נאָסטאַלגישע לידער פון איין זייט — און סאָציאַלע מאָטיוון, פון דער אַנדערער זייט, נאָר איר וועט גאָרנישט לאַנג דאַרפן זוכן כּדי צו געפינען ביי אים אויך לידער אויף פילאָזאָפישע מאָטיוון און דאָס גלייכן לידער פון דער נאַטור און פון איר אָפּשפּיגלונג אינעם מענטשלעכן געפיל. פּראָפ. סדן באַמערקט ריכטיק אַז קליגער האָט אַ טבע צו סדרן זיינע פאַרשידן־טעמאַטישע לידער אין באַזונדערע טעמאַטישע ביכער און דאָס טאַקע דאַכט זיך מיר ברענגט צו דעם אַז די לייענערס און די קריטיקערס זאָלן צו ביסלעך פאַרגעסן אין זיין טעמאַטישער רייכקייט און פאַרשיידנאַרטיקייט וואָס כאַראַקטעריזירט זיין שאַפן און ברענגט צום אויסדרוק זיין פולע דיכטערישע פערזענלעכקייט.

ווען מען רעדט וועגן דעם פולן שעפערישן פּאָרטרעט פון דעם פּאָעט

קעהאָס קליגער מוז מען אָבער געדענקען אַז ער איז נישט בלויז דער דיכטער פון דעם וואָלינער נאָסטאַלגישן מאָטיוו וואָס קומט אַזוי שפעדיק צום אויסדרוק אין זיינע ביכער „געזאַנג אויף דער ערד", „אַ פייפל אין פרימאָרגן", „מיינע ליבע-בריוולעך צו פרומעטן" און „די שיינע רויז", ער איז אויך נישט בלויז דער דיכטער פון דעם סאָציאַלן מאָטיוו וועלכער רודערט אים אויף מיט זיין נאַקעטער אַנטפּלעקונג אין אַזעלכע ביכער ווי „מיט לייב און לעבן" און אין דעם איצטיקן בוך „די באָרוועסע וואָך", נאָר ער איז אויך דער דיכטער, דער מאָלער פון די פּרעכטיקע „פּייזאַזשן פון ישראל" און גאַנץ באַזונדערס פון דער פּאַנטעיִסטיש-קאָסמישער שירה אין דעם בוך „איך און דער ים", וואָס איך, פּערזענלעך, האַלט פאַר קליגערס גרעסטן דיכטערישן דערגרייך. איך וואָלט דעריבער נישט געזאָגט אַז אין קליגערס פּאָעטישן שאַפן זענען פאַראַן בלויז צוויי טעמאַטישע פּאָלוסן וואָס זענען אָפּט קעגנזעצלעך אין זייער מהות, נאָר איך וואָלט ריזיקירט צו זאָגן אַז אונדזער דיכטערס פּאָעטישע יצירה שטעלט מיט זיך פאָר אַ גאַנצן שעפערישן בנין וואָס פאַרמאָגט נישט בלויז די פיר זייטן פון זיין וועלטבאַנעס און לעבנס-שפּירונג, נאָר פאַרמאָגט אויך אַ דאַך און אַ הימל איבערן קאָפּ. און דאָס איז זיין בוך „איך און דער ים" ווו די קאָנפראָנטאַציע מיט די מעשי-בראשית און מעשי מרכבה נעמען אָן און באַקומען אין זיין געזאַנג מיסטיש-פילאָזאָפישע דימענסיעס און רירן אָן פראַגן און געפילן וועלכע מאַכן דעם מענטש פאַר דעם בחיר כל היצירה.

ווער עס לייענט בלויז איין בוך פון קעהאָס קליגער, באַקומט דעם איינדרוק אַז דער דיכטער איז אפשר אַ ביסל צו פיל איין-טעמעדיק און דעריבער איינטאָניק. אָבער כּדי צו קענען און דערקענען דעם אמתן מהות פון קליגערס פּאָעטישער וועלט מוז מען לייענען אַלע זיינע ביכער, ווייל דעמאָלט דערזעט מען אַז אָט דער כּלומרשט איין-טעמעדיקער דיכטער איז אין דער אמתן דער פיל טעמאַטישסטער שרייבער אין אונדזער ליריק און זיין שאַפן שטעלט מיט זיך פאָר. ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, אַן אמתן פאַרביקן קאַליידאָסקאָפּ פון דיכטערישע פאַראינטערעסירונגען און פון פּאָעטישע אינספּיראַציעס. דאָס האָט ליידער. נישט דערזען אַזאַ שאַרפער און בדרך כּלל זעעוודיקער קריטיקער ווי עס איז געווען יעקב גלאַטשטיין, ע"ה, וועלכער האָט נישט געוווסט און אפשר נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס קליגער דערגייט אָפּט מאָל אין זיינע לידער צו דעם סאַמע אַבסטראַקטן מאָדערניזם אונטער דעם פּאָזיטיוון איינפלוס פון פּאַבלאָ נערודאַ. און אין אַנדערע לידער האַלט ער זיך שטרענג ביי די טלית-עקן פון דער סטיליזירטער פאָלקסטימלעכקייט, פאַלנדיק כּורעים אונטער דער נעגאַטיווער השפּעה פון איציק מאַנגער (פאַרוואָס איין השפּעה איז פאַר אים פּאָזיטיוו און אַ צווייטע — נעגאַטיוו, דאָס איז אַ באַזונדערער ענין). יעקב באַטאַשאַנסקי ע"ה, וועלכער האָט דאָס יאָ באַמערקט האָט געפּרוווט קליגערן

פֿאַרטיידיקן קעגן זיין קריטיקער. אָבער קליגערס לידער נייטיקן זיך נישט אין קיין פֿאַרטיידיקער, נאָר עס נייטיקן זיך אין פֿאַרטיידיקער יענע קריטיקערס וועלכע האָבן נאָר דערזען אַ פֿראַגמענט פֿון דער קליגערישער פּאָעטישער מאָזאַיִק און האָבן נישט דערזען די גאַנצע שעפֿערישע קאָמפּאָזיציע וועלכע ער האָט אויסגעוועבט מיט זיינע יצירות.

דאָס אַלץ וויל זאָגן אַז אויב די שאַפֿונגען פֿון אַ פּאָעט זענען די שטריכן און פֿאַרבן מיט וועלכע ער מאָלט אַ גאַנץ לעבן זיין גייסטיקן פּאָרטרעט, איז קעהאָס קליגער איינער פֿון אונדזערע אינטערעסאַנטסטע פּאָעטן. ער איז, צוליב די קאָנטראַסטן אין זיין שאַפֿן, אפשר איינער פֿון אונדזערע קאָמפּליצירטסטע פּאָעטן, אָבער אַז זיין דיכטערישער שיעור־קומה לאָקט און ציט צו זיך צו דעם אמתן פּאָעזיע־געניסער — וועגן דעם איז גאָר קיין ספק נישטאָ.

עס איז דערביי שווער צו זאָגן אויף געוויס אין וועלכער פּאָעטישער טעמע, קליגער איז אינטערעסאַנטער און דיכטעריש רייפֿער, ווייל דאָס וויכטיקסטע פֿון אַלע פּאָעטישע קוואַליטעטן, הייס־מענטשלעך געפֿיל און אָנגעלאָדן שטורעמדיק געמיט אַנטפּלעקט קעהאָס קליגער אין אַלע זיינע לידער און אין אַלע זיינע טעמאַטישע באַזונדערקייטן. פּאָרט דאַכט זיך מיר אויס אַז עס זענען פֿאַראַן טעמעס ווו ער קאָן ברייטער פֿאַנאַנדערשפּרייטן זיינע שעפֿערישע פֿליגל צו דעם פּלי אין די הויכקייטן פֿון וואָרט־אויסדרוק און עס זענען פֿאַראַן טעמעס וואָס בינדן צו מאָל זיינע פֿליגל און לאָזן אים נישט אויפֿשטייגן צו יענער הויך ווו דאָס בילד ווערט אַ סימבאָל און ווו קלאַנג מיט קלאַנג גיסן זיך צונויף אין אַ מעלאָדיע. שמשונס גבורה איז געלעגן אין זיינע האָר און קליגערס כּוח ליגט אינעם לירישן פּאַטאָס וואָס ברענגט צום אויסדרוק זיין אויפֿרודערונג, זיין חידוש איבער די ווונדער פֿון זיין וואָס ער זעט ווי אַ קינד, און יעדער עכטער פּאָעט מוז האָבן אין זיך אָט די קינדישע פֿאַר־חידושקייט פֿון ערשטמאָליקן דערזען זיך אין דער וועלט און די וועלט אַרום זיך. דערביי וויל איך דאָ באַמערקן אַז בדרך כּלל זענען ליריק און פּאַטאָס אַ מין תרתי־דסתרי. דאָס הייסט: קעגנזאַצן וואָס לאָזן זיך נישט גרינג פֿאַראייניקן. קליגער איז אָבער דער פּאָעט וואָס געפֿינט די ריכטיקע מזיגה צווישן די צוויי סטיכישע עלעמענטן אין זיין נאַטור און אין דעם באַשטייט זיין אייגנאַרט. זיין ליריש קול ווערט אָנגעוואָרעמט דורך דעם פּאַטאָס און זיין פּאַטאָס ווערט ראַפֿינירט און געאיידלט דורך זיין ליריזם. זיין פּאָעטיש וואָרט האָב דעריבער אין זיך די געזונטע קראַפֿט פֿון זינלעכקייט און עס פֿאַלט קיין מאָל נישט אַריין אין קיין זיסלעכן פֿאַרחלשטן אוממאַכט, אָבער אין דער זעלביקער צייט האָט זיין שיין תּמיד אַרום זיך אַ לירישן שאָטן און עס רייסט נישט די אויגן מיט דעם נאַקעטן בלענד פֿון דער הוילער רעטאָריק.

דאָרט ווו קליגער איז דער פאַרגאַפּטער, אַנטציקטער, אָדער צעווייטיקטער אַנטפּלעקער פון זיין חידוש אין אַנגעזיכט פון די דערשיינונגען אויף גאָטס וועלט, ווי למשל אין זיינע ישראל־פּייזאַזשן, אָדער אין זיינע לידער וועגן דער ים־סטיכיע וואָס ברענגט אים צו פאַרגלייכן די גרויסקייט און אייביקייט פון מאַקראָקאָסמאָס מיט דער קליינקייט און פאַרגעגנגלעכקייט פון דעם מיקראָ־קאָסמאָס, דאָרט זינגט ער מיט זיין פולער שטים און ער לאָזט אונדז הערן אַלע ניואַנסן פון זיין אייגנאַרטיקער פּאָעטישער כּלי. דאָרט אָבער ווו ער ווערט אַ רעגיסטראַטאָר, אָדער בלויז אַ שילדערער פון גרויע טאָג־טעגלעכע לעבנס־פאַקטן אָדער סאָציאַלע דערשיינונגען, דאָרט פאַרלירט זיין פּאָעטישע דיקציע צו ביסלעך איר קלאָרקייט און דער רעטאָרישער עלעמענט נעמט אָפּט מאָל דאָמינירן איבער דעם בילדלעכן און עס דאַכט זיך אונדז אויס אַז זיין משל איז אַ סך גרעסער ווי זיין נימשל.

אַוודאי לייקן איך נישט אַז אין קליגערס סאָציאַלע לידער איז פאַראַן אַ מענטשלעכער טיף יושרדיקער אַפּעל אונטער וועלכן מיר אַלע שרייבן זיך אונטער. אַוודאי גלייבן מיר אַז דער פּאָעט איז טיף־אויפריכטיק אויפגערודערט געוואָרן אין אַנבליק פון די עוולות וואָס ער האָט דערזען אין אונדזער אַרומיקן לעבן און אַז ער שטרעבט מיט זיינע שורות אויפצורודערן אונדזער איינגעדרימלט געוויסן כּדי מיר זאָלן העלפן די דאָזיקע עוולות פאַרריכטן. קליגער מאַכט אָבער אַ טעות ווען ער שילדערט אונדז די בילדער פון דער נויט אין אַזעלכע גראָטעסקע, נאַטוראַליסטישע פאַרבן, אַז זי פאַרלירט איר פונק מענטשלעכקייט און ווערט אַ מאָנסטער פון וועלכן מיר ווילן זיך דערווייטערן. יאָ, די אויפגאַבע פון אַ פּאָעט, מיט אַ טיף געפיל פאַר יושר און צדק, איז אפשר טאָקע צו געבן אָרעמקייט־בילדער וועלכע זאָלן עקספּלאָדירן וועלכע זאָלן, אַזוי צו זאָגן, נישט צולאָזן דעם שלאָף צו אונדזערע אויגן, אָבער ער קאָן דערגרייכן זיין ציל נאָר דעמאָלט ווען ער שילדערט אונדז דעם עמק־הבכה פון מענטשלעכן עלנט אין מענטשלעכע דימענסיעס און דאָס הייסט: ווען ער ווייזט אונדז די נויט מיט איך אינערלעך ליכט, מיט איר צלם־אלוקים. אין דעם בוך „די באָרוועסע וואָך" זענען אָבער פאַראַן לידער וועלכע שילדערן די אָרעמקייט אַזוי נאַטוראַליסטיש־אָפּשטויסנדיק, אַזוי מאָנסטרועז־חושכדיק, אַז זיי פאַרפעלן אָפּט מאָל זייער גוטגעמיינטן ציל אין דאָס מיינט צו זאָגן אַז זיי באַווייזן נישט ארויסצורופן אין אונדז דאָס פּראָטעסט־געפיל וואָס דער מחבר האָט מכוון געווען. וואָרעם עס איז פאַראַן אַ כּלל־גדול, אַז מיט דעם וואָס מיר קענען זיך נישט אידענ־טיפיצירן, מיט דעם קענען מיר נישט סימפּאַטיזירן און אָן סימפּאַטיע, אָן מיטפילענדיקייט איז נישטאָ קיין סאָציאַלער פּראָטעסט און קיין ווילן דעם דאָזיקן פּראָטעסט צו פאַרוואַנדלען אין דער קראַפט וואָס היילט אויס די איבלען פון דער אומגערעכטיקייט.

קליגער האָט אונדז איך זיין בוך „די באַרוועסע וואָך״ געגעבן, אַזוי צו זאָגן, די סאָציאַלע טאָפּאָגראַפיע פון דעם אַמעריקאַנער און טיילווייז אויך אייראָפּעיִשן און אַפריקאַנער קאָנטינענט. איך בין אָבער זיכער אַז דאָס דאָזיקע בוך וועט בלייבן אין קליגערס שעפערישן פאַרמעג נישט צוליב אָט דער סאָציאַלער טאָפּאָגראַפיע וועלכע בייט זיך פון יאָר צו יאָר, נאָר צוליב דער פסיכאָגעאָגראַפיע וואָס ער אַנטדעקט אויף די סאָציאַלע לאַנדשאַפטן פון זיין ליד. איך מיין דערמיט צו זאָגן אַז ווי וויכטיק עס זאָלן נישט זיין די בילדער פון דער נויט וואָס ער זעט און שילדערט אונדז אין יעדן פון די לענדער, איז אָבער פאַר אונדז נאָך וויכטיקער דער געאָ־פסיכישער, קלימאַט פון יעדן לאַנד וואָס ער באַזינגט. די נויט און די עוולות האָבן אומעטום די זעלביקע ציין און נעגל מיט וועלכע זיי שניידן זיך איין אין דעם לייב פון זייערע קרבנות. אָבער די נאַטור־לאַנדשאַפט, דער קלימאַט, צי דער לעבנס־שטייגער פון יעדן לאַנד האָט זיין ספּעציפישקייט און איז אַנדערש אין טשילע און אַנדערש אין בראַזיל, אַנדערש אין אַפריקע און אַנדערש אין ווענעציע. אין דעם דערזען און דערשפּירן די דאָזיקע אַנדערשקייט וואָס ווירקט אויף דער מענטאַליטעט פון די קרבנות און זייערע פּייניקער ליגט די וויזיאָנערע קראַפט פון דעם פּאָעט דורך וועלכער ער מאַכט אונדז דערזען נישט נאָר די פאַקטן, נאָר אויך זייער טיפערע סיבה, נישט נאָר די רעאַליטעט אין וועלכער מענטשן לעבן, נאָר אויך זייער גורל און זייער פאַרמשפּטקייט דורכן לעבן.

פּאָעטן ווערן אָפט פאַרגליכן צו די אינסטרומענטן פון אַ סימפאָנישן אָרקעסטער, איינער איז אַ פידל, אַ צווייטער אין אַ פלייט, אַ דריטער — אַ פויק. קעהאָס קליגער, אַלס פּאָעט, איז אַליין אַ גאַנצער סימפאָנישער אָרקעסטער, ווייל אָפּהענגיק פון זיינע טעמעס שפּילט ער אויף אַלערליי אינסטרומענטן און שאַפט אין אַלערליי פאָרמען: אָט ליריש־צאַרט ווי אַ פידל, אָט ווייַנענדיק עלעגיש ווי אַ פלייט, אָט פאַטעטיש אויפגעברויזט ווי דער מעשענער טרומייט און אָט סאָציאַל־דונערנדיק ווי די פויק. מיר פערזענלעך איז מער צום האַרצן דער קליגער וואָס שפּילט מתיקותדיק אויף זיין גאָט־געבענטשטן לירישן וויאָלאָנטשעל און דערגראָבט זיך מיט זיינע טענער צו די טיפסטע טיפעניִשן פון דער מענטשלעכער נשמה פון וואַנען עס עפנט זיך אַן אויסבליק צו די העכסטע און לויטערסטע רעגיאָנען פון מענטשלעכן גייסט וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דעם „אַז ישיר״ פון דער דיכטונג.

# די בריוו־זאַמלונג פון שלום אַש

די זאַמלונג בריוו פון שלום אַש, רעדאַקטירט און פאַרזען מיט הערות פון מרדכי צאַנין און אַרויסגעגעבן דורך דעם „בית שלום אש", צוזאַמען מיט דער עיריה פון בת־ים, שטעלט מיט זיך פאַר איינע פון די וויכטיקע אויסגאַבעס וואָס זענען לעצטנס דערשינען אויף אונדזער יידישן ביכערמאַרק. זי איז דאָס מחמת צוויי טעמים: ערשטנס, מחמת זי אַנטפּלעקט אַ שלל אומבאַוווסטע פּרטים וועלכע האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער ביאָגראַפיע פון דעם בריוו־שרייבער, און צווייטנס — מחמת זי עפנט פאַר אונדז אַ ברייט פענצטער דורך וועלכן מיר קענען אַריינקוקן אין די פאַרהוילנסטע ווינקלען פון דער אַש־פּערזענלעכקייט און דורך דעם דערזען די קאָמפּליצירטקייט פון זיין כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט וועלכע האָבן, ווי מיר ווייסן, באַווירקט אי זיין לעבן, אי זיין שאַפן.

לאָרד ביקאָנספילד — ד'איזראַעלי האָט געזאָגט אַז דער כאַראַקטער פונעם מענטש, דאָס איז זיין גורל. אין דער אמתן איז נישטאָ קיין. שום צווייפל אַז אויך שלום אַשס גורל איז פאַרמירט געוואָרן דורך זיין כאַראַקטער. אַש האָט זיין גאַנץ לעבן געליטן פון כלערליי מחלוקתן און שטרייטן. אָבער ווען מען לייענט זיינע בריוו זעט מען אַז, ווען ער וואָלט געהאָט אַן אַנדערן, ווייניקער עגאָצענטרישן כאַראַקטער, וואָלטן זיינע באַציונגען מיט מענטשן אויך געווען אַנדערע און ער וואָלט אויסגעמיטן אַ סך זאַכן וועלכע האָבן אים פאַרשאַפט עגמת־נפש און ליידן. פון דער אַנדערער זייט אָבער שטעלט זיך פאַר אונדז די פראַגע צי וואָלט שלום אַש דערגרייכט דאָס אַלץ וואָס ער האָט דערגרייכט ווען ער וואָלט נישט געווען דאָס וואָס ער איז און דאָס הייסט: ווען ער וואָלט געהאָט אַן אַנדערן, לאָמיר זאָגן ווייכערן און ווייניקער אַגרעסיוון כאַראַקטער? פון די בריוו וואָס ער שרייבט צו זיין פרוי מאַטילדע ווערט אונדז קלאָר אַז ווען שלום אַש וואָלט געווען ווייניקער עגאָצענטריש, ווייניקער פאַרגלייבט אין זיך, אין זיינע שרייבערישע מעגלעכקייטן און אין זיין שרייבערישער שליחות, וואָלט ער קיין מאָל נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה צו וועלכער ער איז דערגאַנגען; ער וואָלט קיין מאָל נישט געווען דער ערשטער אין אונדזער ליטעראַטור וואָס האָט אַריבערגעשפּרייזט די גרענעץ צו דער נישט־יידישער וועלט. אַוודאי איז שלום אש געווען אַ גרויסער טאַלאַנט. אין דעם

צווייפלט קיינער נישט, אָבער ווען שלום אַש וואָלט נישט געוואָרעמט זיין טאַלאַנט אויפן פייער פון זיינע אַמביציעס, ווער ווייסט צי ער וואָלט געוואָרן שלום אַש און דאָס דאזיקע קען מען זאָגן נישט בלויז וועגן אַשן נאָר וועגן אַ סך שרייבערס אונדזערע, וואָס ווען נישט זייער אַמביציעזקייט און זייער ענערגיע, וואָלטן זיי פאַרבליבן זיידענע יונגע־לייט אין זייערע שטעטלעך, אָבער זיי וואָלטן נישט פאַרנומען קיין פּאָזיציעס אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער מעכטיקער אַמביציעזער דראַנג נישט צו בלייבן קיין זיידענער יוגערמאַנטשיק אין קוטנע קומט בולט צום אויסדרוק אין אַשס בריוו צו זיין פרוי וואָס הייבן זיך אָן אין 1905 און ציט זיך ביז 1919. אַש האָט דעמאָלט נאָר וואָס געהאַט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע אונטער דעם פּאַטערלעכן השגחה־אויג פון י. ל. פּרץ און איז געווען אַרומגערינגלט מיט דער ליבשאַפט פון זיינע חברים ה. ד. נאָמבערג און אברהם רייזען. באַלד מיט זיין ערשטן אויפטריט אין דער ליטעראַטור האָט ער זיך דערוואָרבן אַ נאָמען מיט וועלכן אַ סך האָבן אים געקענט מקנא זיין און האָבן אים טאַקע מקנא געווען. אָבער אַש האָט שוין דעמאָלט נישט געטראַכט צו רוען אויף דעם לאָרבערקרענץ פון זיינע דערגרייכונגען. אים איז שוין דעמאָלט ענג געווען די וועלט, דאָס הייסט: די ייִדיש־ליטעראַרישע וועלט און ער האָט זיך געריסן צו דער גרויסער נישט־ייִדישער וועלט און צו איר אָנערקענונג. ער האָט זיך דערוועגט אויף דעם וואָס עס האָבן פאַר אים זיך נישט דערוועגט די קלאַסיקערס וועלכע האָבן נאָך געלעבט און פאַרשפּרייט זייער שיין איבער דער יונגער ייִדישער ליטעראַטור. נישט מענדעלע, נישט שלום־עליכם און נישט פּרץ האָבן דעמאָלט געטראַכט וועגן איבערזעצונגען אין די לאַנדשפּראַכן, דאָס הייסט; וועגן אַריבערשפּרייזן די גרענעצן צו דער נישט־ייִדישער גאַס און צו די מעגלעכקייטן וואָס זי האָט געגעבן אירע באַרימטקייטן. דער יונגער שלום אַש, דער מחבר פון איין ביכל מיט עטלעכע דערציילונגען, האָט זיך יאָ דערוועגט צו טראַכטן וועגן דעם. נאָך מער: ער האָט געוווסט פון דעם כּלל, אַז ווען דער באַרג קומט נישט צו מאַכמעדן, דאַרף מאַכמעד גיין צום באַרג און שלום אַש, ווי' עס ווייזן עס זיינע בריוו, איז טאַקע געגאַנגען צום באַרג. ער איז געפאָרן קיין קראָקע זיך באַקענען מיט פּוילישע שרייבערס און אַקטיאָרן. ער איז געפאָרן קיין בערלין זיך טרעפן מיט דייטשישע שרייבערס און טעאַטער־אונטערנעמערס און ער איז אויך געפאָרן קיין מאָסקווע און קיין פּעטערבורג צוליב די זעלביקע צילן. אים איז שוין דעמאָלט ווייניק געווען די ייִדישע גאַס. ער האָט זיך געריסן צו דער וועלט און ער האָט דערגרייכט וואָס ער האָט געוואָלט.

שוין אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן די מחלוקתן צווישן אים און די ייִדישע שרייבערס. שוין דעמאָלט האָט מען אים באַשולדיקט אַז ער גייט צו די גוייִם פאַרקויפן יענקל שאַפּשאָוויטשעס תּורה מיט זיין הייזל. אָבער דער אמת

איז, ווי מיר זעען איצט, אַז געגאַנגען צו דער באַרימטקייט אין דער גוייִשער וועלט איז ער טאַקע יאָ, אָבער אַז ער האָט די גוייִם געזוכט צו פאַנגען מיט דער עקזאָטיק פון ייִדישן לעבן, דאָס איז נישט אין גאַנצן ריכטיק, און דערפאַר האָט אים דעמאָלט נישט קיין אַנדערער ווי י. ל. פּרץ אי באַשולדיקט, אי פאַרטיידיקט.

אין דער אַקטיאָרן־וועלט זענען פאַראַן גוטע אַקטיאָרן און סטאַרן. אַש איז באַלד פון זיין אָנהייב געווען אַ שרייבער אַ סטאַר. ער האָט געהאַט גרויסע אַמביציעס. ער האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם מיט זיין שטעטל, אָבער ער האָט נישט געוואָלט בלייבן אין שטעטל, נישט שעפעריש און נישט פּערזענלעך. ער האָט זיך געריסן צו דער גרויסער וועלט. אין זיינע בריוו צו מאַדזשען רעדט ער טייל מאָל מיט אַ געוויסן ביטול וועגן זיינע בעסטע פריינד. רייזען און נאָמבערג, דערפאַר ווייל זיי רעדן אים צו צו בלייבן און דער שטעטלדיקער סביבה. אַפילו אין זיין גרויסער פאַרערונג צו פּרצן פילט מען דאָך אַז ער קוקט אויף אים צו ביסלעך ווי אויף אַ בטלן וואָס האַלט זיך ווייט פון דער גרויסער וועלט. שלום אַש וואָס האָט אָקאָרשט זיך קונה עולמות געווען מיט זיין שטעטל און מיט זיינע שטעטלדיקע טיפּן וואַרפט זיך באַלד איבער אין זיין שאַפן אויף גאַנץ אַנדערע שטחים פון ייִדישן לעבן. ער, דער אָקאָרשטיקער מאָלער און באַזינגער פון דעם הנוודיקן אידילישן ייִדישן שטעטל, ווערט דער מאָלער פון דער ייִדישער גרויסשטאָט מיט איר נייער נישט אידילישער נאָר דראַמאַטישער פּראָבלעמאַטיק. אַש רוט נישט אויף זיינע דערפאָלגן. אַש גייט יעדן טאָג באַנייס אַרויס איינגעמען די וועלט און דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אויף אַ בולטן אופן אין זיינע בריוו פון דער דאָזיקער עפּאָכע.

אַז מען לייענט אַשס בריוו צו זיין פרוי, דערהויפּט די בריוו פון דער ערשטער תּקופה פון זייער צוזאַמענלעבן, ווערט מען צו ביסלעך שאַקירט פון אַן אומאָנגענעמער דערשיינונג וואָס אַנטפּלעקט זיך אין זיין כאַראַקטער. בוכשטעבלעך אין יעדן בריוו פון יענער תּקופה רעדט זיך, אַזוי אָדער אַנדערש, וועגן געלט. אַש שרייבט וועגן באַקומען געלט, וועגן געבן געלט, וועגן פּלענער צו פאַרדינען געלט און אַזוי ווייטער און ווייטער. דער אמת איז אַז אַ ייִדישער שרייבער מוז נישט זיין קיין שונא בצע, ער מוז נישט האָבן פאַר קיין אידעאַל צו בלייבן אַ קבצן און נישט וויסן פון קיין צורת־מטבע. אָבער אַזוי פיל רעדן וועגן געלט וויפל אַש רעדס אין זיינע בריוו, דאָס איז שוין אַ ביסל צו פיל, נישט נאָר פאַר אַזאַ שרייבער ווי שלום אַש, נייערט אַפילו פאַר אַ געוויינלעכן בשר־ודם. דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אויך איינע פון די כאַראַקטער־שטריכן וואָס האָבן אַשן נישט פאַרשאַפט קיין פריינד אין לעבן און האָבן אויף אַ גאַנץ באַשטימטן אופן זיך אויסגעווירקט אויף זיין גורל, אויף זיין לעבן.

פון דעסטוועגן, אַז מען וויל זיין גערעכט צו אַשן, מוז מען דאָך צוגעבן אַז זיינע בריוו דעקן אויף נישט בלויז זיין געלט־גייציקייט נאָר אויך די סיבה פון איר. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ביי אַשן, אין דער ערשטער פּאַזע פון זיין ליטעראַרישער קאַריערע, איז דאָס געלט לפּחות, געווען נישט בלויז קיין ציל, נאָר אַ מיטל צום ציל. עטלעכע מאָל שרייבט ער צו מאַדזשען, אַז ער וויל קומען צו אַ גרעסערער סומע געלט. אָדער צו אַ באַשטימטער חודשלעכער הכנסה, כּדי ער זאָל קענען זיך אָוועקזעצן, ווי ער שרייבט, אין סקערניעוויץ אָדער אין לוויוויטש און שאַפן די דאָזיקע ווערק וועלכע ער וויל שאַפן. דאָס געלט איז דעריבער, ווי מיר זעען, נישט מער ווי אַ מיטל צום ציל און דער ציל איז צו שאַפן, צו שרייבן, צו ברענגען צום אויסדרוק דאָס אַלץ וואָס געפינט זיך אין אים און וויל געפינען אַ שרייבערישן תּיקון. ס'קען זיין אַז מיט דער צייט איז דאָס מיטל צום ציל געוואָרן דער ציל גופא און וועגן דעם זענען אויך פאַראַן אַ סך סמנים אין די בריוו, אָבער לכתחילה איז אָט דער נעגאַטיווער שטריך אין אַשס כאַראַקטער געווען דווקא פון די פּאָזיטיווע עלעמענטן אין זיין שעפערישן מהות.

שלום אַש איז געווען אַ גרויסער שרייבער און זיין גרויסקייט איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט זיך געגומען צו ריזיקע פּאַרמעסטן און האָט זיי מער־ווייניקער געוווּנען. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געווען פון גרויסן שוווּנג. פון גרויסן סטיל. ער איז צווישן די ייִדישע שרייבערס דער איינציקער וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן קינסטלעריש צו געשטאַלטיקן דאָס לעבן פון ייִדישן פאָלק, סיי היסטאָריש, סיי געאָגראַפיש. וועגן וועמען און וועגן וואָס האָט אַש נישט געשריבן? ער האָט געשריבן און געשטאַלטיקט די ביבלישע עפּאָכע אין ייִדישן פאָלקס־לעבן און האָט געשילדערט די צייט פון חורבן בית־שני. ער האָט געגעבן לייוונטן פון דער אינקוויזיציע־צייט און פון גזירת ת"ח ות"ט. נענטער צו אונדזער צייט האָט ער אויפגעהויבן פּראָבלעמען וואָס האָבן באַשעפטיקט אַלע שיכטן אין אונדזער לעבן און ער האָט געשטאַלטיקט די זיין־צייטיקע ייִדישע עקזיסטענץ מיט איר פּראָבלעמאַטיק אין פּוילן, אין רוסלאַנד און אין די אַמעריקעס. ער איז אויך געווען מיט דעם אויפגייענדיקן ייִדישן לעבן אין ארץ־ישראל און האָט דעם אויפגאַנג באַזונגען מיט ליבע. עס איז נישט געווען קיין איין ווינקל פון אונדזער זיין וואָס אַש זאָל נישט האָבן דערין אַריינגעדרונגען און עס קינסטלעריש פאַראייביקט אין זיינע ווערק. אין פּרט פון שעפערישן כּוח און פון שעפערישן פאַרמעסט קען מען אים פאַרגלייכן נאָר מיט איין טאָלסטאָי. אַש האָט געהערט צו די שעפערישע בני־ענק, צו די שרייבערס וואָס קומען נישט אָפּ מיט „קיי און שפּיי". ביי שלום־עליכמען איז פאַראַן אַ ייִד וואָס איז אַ זולל־וסובא אויף תעניתים. שלום אַש איז געווען אַ זולל־וסובא אויף ליטעראַרישער געשטאַלטיקונג, אויף שילדערן עפּאָכעס, געשעענישן, מענטשן און זייערע

פראָבלעמען. מיר וואָלטן דאָ געקענט אָנצייכענען 25 סעמינאַר־טעמעס געשטיצט אויף די ווערק פון שלום אַש און זיין זען דאָס ייִדישע לעבן, דעם ייִדישן מענטש, די ייִדישע פרוי און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אַש איז ווייניק געווען דאָס זיין אַ שרייבער. ער האָט געפילט אַז ווי אַ שרייבער טראָגט ער אויף זיך אויך אַ שליחות פאַר זיין פאָלק. ער האָט טאַקע געהערט צו פאַרשידענע ייִדישע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און האָט הייליק געגלויבט אַז זיין אָנוועזנהייט העלפט די אָרגאַניזאַציעס רעאַליזירן זייערע אויפגאַבעס פאַרן ייִדישן לעבן. צוליב אָט דער אָנגעהעריקייט צו די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן איז אַש אָפט מאָל פאַרוויקלט געוואָרן אין שטרייטן וועלכע האָבן אים נישט פאַרשאַפט קיין נחת. באַזונדער פיינלעך איז געוואָרן די לאַגע פון אַש ווען ער איז צוגעטרעטן, אַזוי צו זאָגן, צו דער אַקציע פון איבערבעטן די ייִדישע וועלט מיט דער קריסטלעכער וועלט. אַש האָט, ווי מיר זעען עס אין די בריוו וואָס ער האָט געשריבן אין דער תּקופה פון 1939 ביז 1957, פּשוט נישט פאַרשטאַנען וואָס מען וויל פון אים, פאַר וואָס מען זידלט אים און אין וואָס מען באַשולדיקט אים. און היות ווי דער שטרייט אַרום שלום אַשן האָט שוין לאַנג אויפגעהערט, קען מען שוין זאָגן אַז הגם נישט אין אַלע פּרטים זענען אַשס קעגנערס געווען גערעכט, זענען זיי אָבער אין אַ סך, אַ סך פּרטים געווען זייער און זייער גערעכט. עס האָט פון זיי נישט אַרויסגערעדט בלויז קינאה און נישט־פאַרגינערײַ, נאָר אַ פּרינציפּיעלע שטעלונג צו פראַגן אין וועלכע ייִדן האָבן נישט געטאָרט גיין אויף קיין פּשרה. נאָך מער: צווישן די וואָס זענען אַרויסגעטרעטן קעגן אַשן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט זענען געווען אַזעלכע וועלכע האָבן אים בפירוש ליב געהאַט און האָבן פאַרערט זיין שרייבן. זיי האָבן אָבער נישט געקענט אָננעמען דעם רעצעפּט מיט וועלכן ער האָט אונדז פאָרגעלייגט צו היילן דאָס ייִדישע פאָלק און צו לינדערן די ווייטיקן וואָס דער אַנטיסעמיטיזם האָט אונדז גורם געווען.

שלום אַש אין ליכט פון זיינע בריוו איז נישט אַלע מאָל סימפּאַטיש און נישט אַלע מאָל שטייט ער אויף דער דאָזיקער הייך אויף וועלכער מיר וואָלטן געוואָלט זען אַזאַ שרייבער. שלום אַש איז אָבער אַלע מאָל אַ שרייבער וואָס איז געטריי זיין פאָלקס ליטעראַטור און זיין פאָלקס שיקזאַל. ער איז אַ גרויסער שרייבער אויך מיט דעם וואָס ער איז אַ גרויסע טעמע פאַר אַ שרייבער און דער שרייבער וועלכער וועט ווען עס איז וועלן צוטרעטן צו געשטאַלטיקן די דאָזיקע טעמע וועט אומבאַדינגט מוזן אָנקומען צו דער זאַמלונג בריוו וועגן וועלכער מיר האָבן דאָ גערעדט.

ס'איז בלויז אַ שאָד וואָס אין די הערות זענען אַריינגעפאַלן אייניקע פאַרדריסלעכע טעותים און אומפּינקטלעכקייטן וועלכע וועלן דאַרפן אויף וועלכן עס איז אופן אויסגעבעסערט ווערן.

## שמואל איזבאַנס ארץ־ישׂראל־דערציילונגען

א.

די אָריענטאַלישע עקזאָטישקייט פון דעם לעבן־שטייגער און פון די פאַרשוינען, וואָס איז מייסטעריש אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך שמואל איזבאַן אין זיין בוך דערציילונגען „אַ וואַלפיש אין יפו״, איז אפשר נישט כאַראַקטע־ריסטיש פאַר דער הייַנטיקער מדינהשער ישׂראל. זי איז אָבער ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פאַר־מדינישן ארץ־ישׂראל, סיי גאָר, אַ מאָל, אונטער דער פאָן פון דער טערקישער האַלבער לבנה, סיי פאַר די שפּעטערדיקע צייטן פון די ענגלענדער. מען קען אַפילו זאָגן, אַז ערשט דורך די אַראַבעסקע שילדערונגען פון דעם אַ מאָל הייבט מען אָן טיפער באַנעמען אַ סך זאַכן, וועלכע זענען נוגע אונדזער הייַנט, ווי, למשל, דאָס צונויפלעבן זיך פון די עדות און די קאָנפליקטן וואָס צעברענען זיך איצט וואָס אַ מאָל אָפענער, מחמת די קעגנזאָצן צווישן די צוויי לעבן־שטייגערס און מענטאַליטעטן. אַזוי אַז דאָס דאָזיקע בוך איז נישט בלויז אַ בוך וועגן דעם פאַרשווונדענעם נעכטן, נאָר ס׳איז אויך אַ בוך וואָס לערנט אונדז עפּעס וועגן דעם הייַנט און מאַכט אונדז קלאָרער דעם שורש פון די פּראָבלעמען מיט וועלכע מיר ראַנגלען זיך אויך אין אונדזערע טעג.

ב.

פאַראַן שרייבערס, וואָס האַלטן זיך אַ גאַנץ לעבן ביי איין טעמע און זיי שילדערן איין סביבה, אָדער עטלעכע צווישן זיך נאָענטע מענטאַליטעט־גרופּעס. שמואל איזבאַן פאַרמאָגט די שעפערישע פעיִקייט זיך אַריינצולעבן יעדעס מאָל אין אַ נייער סביבה און זי צו געשטאַלטיקן סיי מיט איר פּערסאָנאַזש, סיי מיט איר לעבנס־און שטייגער־ספּעציפישקייט, קען מען טאָקע זען ווי איזבאַן איז פון דעם לעבן אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן אַריבער צו שילדערן דאָס אָריענטאַלע ארץ־ישׂראל מיט איר טיפּאַזש פון אַראַבישע, ספרדישע, תּימנישע און אַנדערע עדות און ווי ער איז דערנאָך אַוועק צו דעם אַמעריקאַנער באָדן, געשטאַלטנדיק אין זיין בוך „די שטאָט פון צאָרן״ אַ ריי טיפּן און סיטואַציעס וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מדינה פון קאָלומבוסן. מען מוז דערביי באַטאָנען, אַז כאָטש דער מהלך צווישן די דאָזיקע דריי טעמאַטישע ריינגען איז אַ גאַנץ היפּשער, האָט איזבאַן באַוויזן צו מאַכן פון זיי אַ גאַנצקייט אין דער

פּרוכפּערדיקער קייט פון זיין שאַפן. די דאָזיקע אייגנשאַפט האָט דער שרייבער אויך דעמאָנסטרירט אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק, אין וועלכע עס האָט נעבן דעם רעפּאָרטאַזש „אומלעגאַלע עולים שפּאַלטן ימען" געמאַכט אַ רושם דער ראָמאַן „פאַמיליע קאַרפּ" און שפּעטער — זיינע היסטאָרישע תּנ"ך־ראָמאַנען „איזבל" און „יריחו".

שמואל איזבאַן געהערט שוין פון לאַנג צו די אָנגעזעענסטע פּראָזע־שאַפערס אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע ווערק וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט פאַרשידענע ווינקלען פון יידישן און אויך נישט־יידישן לעבן. און כאָטש ער האָט אָפּעררירט מיט פאַרשידענע טעמאַטישע קרייזן און צו זיי געניצט פאַרשידענע סטילן (דעם רעאַליסטיש־פּסיכאָלאָגישן ביים שילדערן דאָס לעבן פון זיין קעגנוואַרט; דעם תּנ"כישן ביי די ראָמאַנען פון אונדזער ווייטן עבר און דעם אָריענטאַליש־אַראַבעסקן סטיל אין זיינע דער ציילונגען פונעם בוך „אַ וואָלפיש אין יפו"), האָט ער דאָך אומעטום — אין אַלע זיינע זשאַנערן און סטילן — אַנטפּלעקט זיין אייגענעם נוסח פון דערציילן און שילדערן אויף אַזאַ אופן אַז מיר זאָלן, לייענענדיק מיטלעבן מיט די העלדן און איבערלעבן די געשעענישן ווי מיר וואָלטן אַליין אין זיי אָנטייל גענומען. לפי דעתי איז דאָס דער בעסטער עדות פון טאַלאַנט און פון דער ווערטפולקייט פון אַ פּראָזאַיקער.

ג.

פון די אַכט דערציילונגען וועלכע גייען אַריין אינעם בוך „אַ וואָלפיש אין יפו" האָבן בלויז צוויי נישט קיין טעמאַטישע שייכות מיט די אַנדערע דער־ציילונגען. איינע פון זיי שילדערט די איבערלעבענישן פון אַ יידישן זעלנער אין דער מדבר נאָך דעם ווי ער האָט אין לויף פון דער שלאַכט אין דער באַפרייונג־מלחמה, פאַרלוירן זיין אָפּטיילונג און איז געבליבן איינער אַליין אין דעם אומענדלעכן זאַמדיקן אָקעאַן. די צווייטע דערציילונג איז טעמאַטיש פון די „אומלעגאַלע יידן שפּאַלטן ימען" ד. ה. וועגן דער אומלעגאַלער עליה, אָדער עליה ב' וואָס איז געפירט געוואָרן מיט מסירת־נפש קעגן די ענגלענדער וואָס האָבן באַוואַכט מיט זייער ריזיקן פלאָט די ישׂראל־ברעגן ווי אויך די ימען וואָס האָבן געפירט אַהינצו. און דאָס אַלץ, ווי מיר געדענקען, איז געטאָן געוואָרן דורך די ענגלישע היטערס פון די ימען, כּדי נישט צו דערלאָזן אַז עס זאָלן זיך אַריינכאַפּן אין לאַנד אַריין די געראַטעוועטע יידן פונעם גרויסן פייער וואָס האָט חרוב געמאַכט זייערע היימען אין מזרח־אייראָפּע, בעיקר אין פּוילן און אין ליטע.

מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו די דאָזיקע צוויי אויסנעמלעכע דערציילונגען, אָבער דערביי ווילן מיר שוין איצט באַמערקן, אַז די דאָזיקע צוויי דערציילונגען צייכענען זיך אויס מיט די בעסטע מעלות פון איזבאַנס טאַלאַנט ווי אַ פּראָזאַיקער:

זיי זענען דורכויס רעאַליסטיש און דאָך עפּעס פאַנטאַסטיש; עס איז פאַראַן אין זיי אי דער טעמפּעראַמענט פון די וואָס זענען גרייט צו ברעכן ווענט מיטן קאָפּ מיט דער זיכערקייט, אַז זיי מוזן גובר זיין אַלע שטערונגען און גלייכצייטיק איז אין זיי פאַראַן דער פּאַטוס פון דער עקזיסטענץ ווען מען ווייסט אַז נאָך אַלע גבורות און העלדישקייטן וואַרט אויף דעם מענטש דער דאָזיקער גורל וואָס איז נישט קיין פריילעכער.

וואָס שייך די אַנדערע זעקס דערציילונגען האָבן מיר דאָ פאַר זיך אַ וועלט וואָס איז, ווי שוין געזאָגט, מער נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער הייניקער מדינת־ישראל, אָבער גלייכצייטיק איז עס אַ וועלט וואָס אירע שפּורן געפינען מיר בסדר אין אונדזער קעגנוואַרטיקן לעבן אין דער מדינה. ס'איז די וועלט פון אונדזער היגן נעכטן אין וועלכן מיר זיצן נאָך היינט און פון וועלכער מיר וועלן זיך נאָך לאַנגע יאָרן נישט קענען אַרויסקאַראַבקען, כאָטש מען וועט זיך נישט וועלן מודה זיין, אַז דערביי מאַכן מיר אַ טריט צוריק אין אונדזער געשיכטע — אַ שריט אין דער ריכטונג פון לעוואַנטינישקייט וואָס מיר האָבן געמיינט, אַז זי שטעלט שוין מער נישט פאַר מיט זיך פאַר אונדז קיין שום סכנה.

אַלע דערציילונגען אינם בוך זענען אינטערעסאַנט, עקזאָטיש און פאַרביק. ווי געזאָגט זענען זיי אי רעאַליסטיש, אי פאַנטאַסטיש, אי דורכויס טאָגטעגלעך און אי ווי אַ מין מעשׂה פון טויזנט און איין נאַכט. ערגעץ ווו רופט זיך איזבאַן אין די דאָזיקע דערציילונגען איבער מיט דעם נישט גענוג אָפּגעשאַצטן העברעיִשן שרייבער יהודה בורלאַ, איבערהויפּט ביים שילדערן די פרויען־פיגורן אין דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער עקזאָטישקייט, אָבער איזבאַנס פרויען־פיגורן זענען פאָרט אַקטיווער ווי זייערע שוועסטער ביי בורלאַן און כאָטש זיי ווייסן וועגן זייער גורל און זייער פּאָזיציע אין דער וועלט פון דער מוסולמענישער מאָראַל און שטייגער־איינשטעלן, לאָזן זיי אָבער נישט אַראָפּ די הענט און זיי קעמפן כדי צו ענדערן זייער באַשערטקייט — אַ זאַך וואָס גיט זיך זיי זעלטן איין.

ווי אויסטערליש אַנדערש עס זאָלן נישט זיין די טערקישע מוכטאַרן, די אַראַבישע פעלאַכן, די תּימנישע ייִדן, די בעלי־גופים פון מאַראָקאָ, צי סאַלאָניקי, אַנטפּלעקן זיי אָבער אין זייערע האַנדלונגען די שטריכן וואָס זענען אייגן פאַר דעם מין מענטש אין אַלע צייטן און אונטער פאַרשידענע אומשטענדן. די תּאווה זידט אין זייערע הערצער, די גייציקייט גליט אין זייערע אָדערן, דאָס וועלן הערשן איבער יענעם און דאָס באַהערשט ווערן דורך אַזעלכן, וואָס איז מעכטיקער, רייכער און געפינט זיך אויף אַ העכערן סאָציאַלן טרעפּל איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע העלדן און געשטאַלטן אין איזבאַנס דערציילונגען און דאָס איז זייער מעלה! זיי זענען אַנדערש ווי מיר, אָפּשטאַמיקע פון מזרח־

אייראָפּע, וואָס פאַרנעמען אַזאַ גרויס אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַטור און דאָך זענען זיי, אין תּוך גענומען, פּונקט ווי מיר מיט די זעלביקע פאַרלאַנגען און באַגערן מיט די זעלביקע פריידן אוןליידן. זיי זענען איינגעהילט אין לעגענדעס, אָבער זיי אַליין זענען וואָר און אין דעם באַשטייט דער אויפטו פון דער מחבר.

ד.

כ׳מיין, אַז די דערציילונג, וואָס ברענגט אַרויס מיט בולטקייט די אייגנאַרט פון ש. איזבאַנס טאַלאַנט ווי אַ פּראָזע־שרייבער איז „אַ חלום אין מדבר". דאָ האָט איר פאַר זיך אַ רעאַלע געשעעניש, וואָס איז גלייכצייטיק פאַנטאַסטיש, עפּעס ווי פון די שעכערעזאַדע־מעשׂיות אויף וועלכע דער העלד פון דער דאַזיקער דערציילונג איז געוואַקסן, הגם איזבאַן זאָגט אונדז נישט גענוי פון אַ וואָסער עדה ער שטאַמט און וועלכן עטנישן עבר ער האָט הינטער זיך. ס׳איז אונדז בלויז קלאָר, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ ייִד, וואָס האָט געקעמפט אין דער מלחמת־השיחרור קעגן די עגיפּטער און איז אין קאַמף פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין אַן אומענדלעכן מדבר. דאָך וויפל דער שרייבער זאָל נישט וועלן נישט באַטאָנען דעם עדהשן אָפּשטאַם פון זיין העלד, האָבן מיר פאַרט דעם איינדרוק, אַז ער געהערט צו די מזרח־עדות און אַז זיינע פאַנטאַזיעס און פאַנטאַסמאַגאָריעס זענען פאַרוואָרצלט אין דעם אַראַבישן אָריענט און אַ פּראָדוקט פון דער צעהיצטער בילדערישקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די „חלומות אויף דער וואָר" פונעם מיטל־מזרחדיקן מענטש.

אויך די דערציילונג „ים־וועלף" איז גענומען פון דער ווירקלעכקייט וואָס האָט געדינט ווי אַ פּאָן פאַר דעם קאַמף, וואָס דער ארץ־ישׂראל־ישוב האָט געפירט קעגן דער מאַנדאַטאַרישער מאַכט וואָס האָט — כדי צו געווינען חן אין די אויגן, פון די אַראַבער — נישט געוואָלט אַריינלאָזן ייִדן אין לאַנד אַריין. די דאָזיקע עפּאָפּיע האָט ש. איזבאַן, ווי באַקאַנט, געשילדערט אויף אַ ברייטליווונטיקן אופן אין זיין ווערק „אומלעגאַלע ייִדן שפּאַלטן ימען" און די דערציילונג „ים־וועלף" איז נאָר איין מאָמענט אין דעם דאָזיקן קאַמף. דאָך ליגט אין דער דאָזיקער דערציילונג עפּעס אַ סימבאָלישער רמז וואָס, אַז מען וויל, גיט זי איבער דעם תּוך און דעם תּמצית פון גאַנצן ייִדישן אָפּווערקאַמף אין די טעג און יאָרן, איידער עס איז געשאַפן געוואָרן די מדינה, פּונקט ווי עס ליגט עפּעס סימבאָלישס אין די סאָמנאַמבולישע זעונגען און איבערלעבונגען פון דעם ייִדישן סאָלדאַט וואָס אַ לייביכע היט אים ער זאָל פון איר נישט אַנטלויפן ביז זי פאַלט פון די קוילן פון די חברים פון דעם אין מדבר־פאַרבלאָנדזשעטן זעלנער.

ש. איזבאַן האָט אין זיינע פריערדיקע ווערק (דערהויפּט אין די תּנ״כישע ראָמאַנען) באַוויזן, אַז ער איז אַ בעל־לשון און בעל־סיגנון. מיט זיין שפּראַך

שאַפט ער די אַטמאָספער פון די געשעענישן, וועלכע ער שילדערט און ער כאַראַקטעריזירט די פּאַרשוינען וועגן וועלכע ער דערציילט. איזבאַן האָט באַוויזן צו שאַפן אַ מין אַלטן אַרכאַאישן ייִדיש, אָנגעפילט מיט היפּערבאָלן און געמעלן וואָס פירן אונדז אַריין אין די פון אונדז היסטאָריש ווייטע טעמעס און ער האָט אין דעם בוך „אַ וואָלפיש אין יפו" דערפירט ביז צו מייסטערישקייט די עקזאָטיק פון דעם אָריענטאַלן לעבנס-שטייגער. ס'טוט ממש הנאה צו לייענען דעם גוזמאדיקן אויסדרוקס-אופן פון זיינע העלדן, ווען אַפילו פון זייערע רייד שיינט נישט אַלע מאָל אַרויס די משלים-חכמה פון די מזרחדיקע פעלקער. און אויב אַפילו אין אַזאַ דערציילונג ווי די „ים-וועלף" וואָלט איזבאַן געקענט אויסקומען אָן אָט דעם אָריענטאַלישן אופן פון רעדן און שילדערן, אַרט דאָס אונדז אָבער נישט, ווייל מיר זענען שוין צוגעגרייט אויך די דאָזיקע רעאַליסטישע דערציילונג מצרף צו זיין צו די דערציילונגען אין בוך, וואָס אין זיי דאָמינירט דער אָריענטאַליש-עקזאָטישער עלעמענט.

אונדזער איינדרוק נאָכן איבערלייענען דאָס בוך דערציילונגען פון ש. איזבאַן, איז, אַז מיר האָבן צ וטאָן מיט אַ קרעפטיקן טאַלאַנטפולן דערציילער.

# לייזער אייכענראַנד:
# „צווישן איצט און קיינמאָל“ *

א.

אויב מען נעמט אָן די עטוואָס־פּאַראַדאָקסאַלע באַהויפּטונג פון פראַנצויזישן דיכטער פראַנסואַ שאַטאָבריאַן, אַז „אַן אָריגינעלער פּאָעט איז נישט דער וואָס שרייבט נישט אַזוי ווי אַנדערע, נאָר דער וואָס אַנדערע שרייבן נישט אַזוי ער“ — דעמאָלט מוז מען זאָגן, אַז לייזער אייכענראַנד געהערט צו אונדזערע סאַמע אָריגינעלסטע פּאָעטן, מחמת ער איז אין זיין יצירה נישט בלויז נישט ענלעך צו אַנדערע ייִדישע דיכטערס, נייערט — און דאָס האָט נאָך פעסטגעשטעלט יעקב גלאַטשטיין ע״ה — ער איז צווישן אַלע ייִדישע דיכטערס אַזאַ יוצא־דופן, אַז ס׳איז נישט צו געפינען נאָך איינעם וואָס זאָל זיין ענלעך צו אים, דאָס הייסט ענלעך אויף אַזוי פיל אַז מע זאָל קענען זאָגן אַזביידע וואַקסן זיי אויף איין און זעלביקן באָדן פון פּאָעטישער טראַדיציע און ביידע ציען זיי זייער יניקה פון איין און דעם זעלביקן שעפערישן שורש.

ס׳זענען פאַראַן בלויז געציילטע ייִדישע דיכטערס (ווי למשל: נ. ב. מינקאָוו, ז״ל) וואָס די קאָשמאַרע אַטמאָספער אין זייער ליד דערמאַנט אונדז די מיסטישע עזאָטערישקייט אין אייכענראַנדס וויזיעס. זיי זענען אָבער און סאַמע תוך ווייט נישט אידענטיש מיט אייכענראַנדן און דאָס זעלביקע — אייכענראַנד מיט זיי. לייזער אייכענראַנד געהערט דעריבער אין דער ייִדישער דיכטונג צו די דאָזיקע אַליין־גייערס וואָס זייערס אַ פערז דערקענט מען זיבן מייל פון דער ווייטנס ווי עס וואָלט געווען אַ מגילה אין וועלכער יעדער אות טראָגט אויף זיך דעם חותם פון אַ באַזונדערקייט וואָס מען קען זי מיט קיין שום אַנדערע נישט פאַרטוישן.

ב.

נישט געקוקט דערויף וואָס עס הערשט ביי אונדז די דעה, אַז די ייִדישע ליטעראַטור פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, סיי די פּאָעזיע, סיי די

* לייזער אייכענראַנד: „צווישן איצט און קיינמאָל“ — פאַרלאַג „תמיד“, תל־אביב, תשמ״ד, 135 זייטן.

פראָזע, גייט נישט מיט דעם גאַנג פון דער מאָדערנער צייט און איז ווייט פון די נוסחאות און ריכטונגען וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שעפערישקייט אין דער נישט יִדישער וועלט, איז אָבער אַפילו אַן אויבנאויפיקע באַקאַנטשאַפט מיט דער היינטצייטיקער יִדישער ליטעראַטור עלול אונדז צו ווייזן אויף וויפיל די דאָזיקע מיינונג איז נישט באַגרינדעט און נישט ריכטיק. עס וואָלט אָבער פאַרנומען צו פיל אָרט און צייט, ווען מיר זאָלן וועלן אויפקלערן פון וואַנען עס נעמט זיך די דאָזיקע איינשטעלונג און פון וואַנען עס נעמט זיך די דאָזיקע מיינונג וואָס האָט נישט קיין אחיזה אין דער ליטעראַטור־שעפערישער רעאַליטעט און אַקטואַליטעט פון אונדזערע טעג.

וואָרעם צי קען מען פאַרלייקענען די מאָדערניטעט פון אַזאַ דיכטער ווי אברהם סוצקעווער? ווי מלכה חפץ־טוזמאַן? ווי ירמיה העשעלעס? ווי שלמה שוואַרץ און נאָך פיל אַנדערע וועלכע זענען — מיט באַדייטנדיקע גראַדאַציע־אונטערשיידן אין זייער שיעור־קומה —אַזוי מאָדערניסטיש אַז עס פעלן נישט אַפילו צווישן זיי די סאַמע מאָדערנסטע אין דער היינטיקער דיכטונג — די אַזוי גערופענע הערמעטישע דיכטערס?

און דאָס זעלביקע וועגן די פּראָזאַקערס וואָס האָבן אַפילו נישט קיין מורא צו באַשווערן זייערע פּראָזע־שאַפונגען מיט דער געפאַר פון לאַנגווייל, כּדי מיטצוהאַלטן דעם שפּאַן פון די מאָדערניסטן אין דער ליטעראַטור פון דער היינטיקער וועלט.

לייזער אייכענראַנד געהערט צו אונדזערע סאַמע מאָדערנסטע דיכטערס, כאָטש ער איז לחלוטין אַנדערש פון זיי. איינער קען מער באַווירקט ווערן, אַן אַנדערער קען ווייניקער באַווירקט ווערן פון זיינס אַ ליד. אַלע וואָס לייענען זיינס אַ ליד ווייסן אָבער, אַז ער איז דער דיכטער וואָס שרייבט אַנדערש פון אַנדערע — און דא קומען מיר צוריק צו שאַטאָבריאַנען — וואָס אַנדערע שרייבן נישט (קענען נישט שרייבן) אַזוי ווי ער...

ג.

אַן דעם בלי
פון דיינע ווערטער
דער בלי
פאַלט אין פאַרדאַרבן:
מיט דעם בלי
פון דיינע ווערטער —
מוזיק
און ריינסטע פאַרבן.

(זייט 17)

יעדער אמתער דיכטער צייכנט זיך אויס מיט דער ספּעציפישקייט פון זיין פּאָעטישן וואָרטשליסל, מיט דער באַזונדערקייט פון זיין מוזיק, מיט דער אייגנקייט פון זיינע וויזיעס. לייזער אייכענראַנד טיילט זיך אויס מיט דער באַזונדערער אַטמאָספער וואָס נעמט אייך אַרום אין זיין ליד, מיט דער באַזונדערער שטימונג וואָס אָט די אַטמאָספער שאַפט מיט איר וואָרט־ און קלאַנג־בינדונג נאָך אַ סך פריער איידער איר האָט באַנומען דעם פּירוש־המילות פון זיין פערז, דעם מיין פון זיינע רייד.

אייכענראַנד פערזן פאַרלאַנגען אַן עיון, אַן אַריינטראַכט אין זייער מיין, ווייל דער מיין פון אייכענראַנדס וואָרט בייט זיך אָפט און איז אָפט אָפּהענגיק פון די אַנדערע ווערטער אינעם פערז. און דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער סוד פון דער פּאָעזיע וואָס אירע ווערטער זענען תּמיד געבונדן מיט די אַנדערע ווערטער אין זייער שכנות און זיי ווערן פון זיי באַווירקט אויף אַזוי פיל, אַז זיי בייטן אָפּט זייער ערשטן גרונטיקן מיין און שיינען אויף מיט אַ נייעם באַטייט, אונטער דער באַשטראַלונג פון דעם וואָס איז מזווג די וואָרט־זיווגים — דעם פּאָעט.

מיט דיין צייט
פון שטענדיק ווערן —
מוזיק
און ריינסטע פאַרבן.

(זייט 17)

זאָגט איבער פאַר זיך די עטלעכע פערזן עטלעכע מאָל און איר וועט דערפילן נישט בלויז זייער מיין נאָר אויך דעם טעם פון זייער מוזיק אין זייערע „ריינסטע פאַרבן" און דעמאָלט וועט איר באַנעמען דעם טיפן זין פון דער אַנטפּלעקונג אינעם ליד:

אַן דעם ליכט
פון דיינע רגעס
די בליקן
שטאַרבן, שטאַרבן:
מיט דעם ליכט
פון דיינע רגעס —
מוזיק
און ריינסטע פאַרבן.

(זייט 18)

ד.

הענריק איבסען האַלט, אַז שרייבן לידער הייסט משפּטן זיך אַליין. הוגא פאָן האָפמאַנסטאַל טענהט, אַז יעדעס ליד איז אַ ווידוי. דאַקעגן זאָגט ערגעץ בראַנדעס, אַז אינעם קלענסטן ליד, אויב עס קומט פון אַן אמתן פּאָעט אַנטפּלעקט זיך זיין וועלטבאַנעם און דער עיקר — עס גיט אונדז אַ באַגריף וועגן דעם וואָס עס טוט אים ווי אין דעם וועלט־סדר, דאָס מיינט: דאָס וואָס אים אַרט אין לעבן און צוליב וועלכן ער איז גרייט זיך אויסצוטענהן מיט גאָט ווי איוב בשעתו.

מיט אַנדערע ווערטער: לידער, לויט בראַנדעסן, זענען די שערבעלעך מיט וועלכע דער פּאָעט קראַצט די ווונדן פון זיין זעל, ווי עס האָט עס געטאָן דער מאַן פון עוץ בעת ער האָט אויסגעוויטיקט זיינע טענות צום כביכול.

לייזער אייכענראַנדס טענות צו גאָט זענען נישט אַזעלכע דירעקטע און אָפענע ווי איובס, אָבער אַז מען לייענט זיך אַריין מיט כּוונה אין זיינע לידער, וואָס זענען געצוימט מיט זייער קנאַפּוואָרטיקייט, דערפילט מען, אַז דעם דיכטער גייט עס אין דעם וואָס גאָט זאָגט, אַז ער האָט געמאַכט דעם מענטש אין זיין געטלעך געשטאַלט, בעת אין דער אמתן האָט ער אים פאַרפעלט צו געבן דעם וויכטיקסטן אַטריבוט פון געטלעכקייט, די אייביקייט, אָדער מיט אַנדערע ווערטער: דעם **איצט** און דעם **אַלעמאָל**, בעת ער, דער בן־אדם, געפינט זיך כּסדר אונטערן צייכן פון קורצן **איצט** און דעם לאַנגן „קיינמאָל". דער בעל־התהילים זאָגט דערויף „ותחסרהו מעט מאלוקים" און דערמיט שטילט ער איין אין זיך דעם יאָמער איבער דער פאַרגענגלעכקייט. דער דיכטער, דער עדות פון גרעסטן חורבן אין אונדזער געשיכטע, ווייל אָבער דעם דאָזיקן צידוק־הדין נישט אָננעמען און ער קערט זיך אַלע מאָל אום צו דעם מענטש וואָס זיין גורל איז באַשטימט פון ששת ימי בראשית און וואָס איז דערביי אוממעכטיק עפּעס צו טאָן כּדי דעם דאָזיקן גורל צו ענדערן.

דאָך, אַז מען הערט זיך גוט צו צו אייכענראַנדס טענות צו גאָט, ווערט קלאָר אַז גאָט איז אפשר אויף זיין זייט און קען זיך אַליין, ווייל גאָט אַליין קען נישט ענדערן דעם גורל און די אכזריותדיקע געזעצלעכקייט פון זיין.

„קיין דערגאַנצן וועט דערלייזן
וואָס דער סוף דערלייזט אַליין".

(זייט 118)

אויב אין די פריערדיקע לידער־ביכער פון ל. אייכענראַנדן איז פאַראַן פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער אכזריות פון לעבנסגעזעץ, איז פאַראַן בונט אַנטקעגן דעם באַשאַפער פון דער האַרטער אומגערעכטער ווירקלעכקייט וואָס ער, דער האַר פון דער וועלט, האָט זי באַשטימט, איז אָבער אין דעם באַהאַנדלטן לידערבוך די דאָזיקע מרידה שוין נישט אַזוי אַנזעעוודיק. עס זעט אויס אַז

דער פּאָעט האָט, סוף כּל סוף, פאַרשטאַנען אַז מען טאָר צו גאָט קיין טענות נישט האָבן. און אפשר? אפשר האָט ער דערזען און באַנומען, אַז ס׳איז נישטאָ צו וועמען צו האָבן טענות, ווייל דער צו וועמען מען דאַרף שיקן די טענות איז אין דער אמתן אַליין געפאַנגען פון זיין באַשאַף און פון דער גרעזעלעכקייט וואָס ער האָט איינגעשטעלט, כּדי דער באַשאַף זאָל קענען עקזיסטירן אייביק, טראָץ דעם וואָס דעם מענטש איז אין דער דאָזיקער אייביקייט נאָר צוגעטיילט אַ קליינע בליציקע פאַרביילויפנדיקע רגעדיקע פונקציע.

ה.

דאָס אָקאָרשט געזאָגטע האָט ערגעץ ווו אַ שייכות מיט דער מיסטעריע וועלכע איז פאַראַן אין דער קבלה. לייזער אייכענראַנדס לידער זענען טאַקע אַ מין אייגנאַרטיקע קבלה, דאָס הייסט: אַן אייגנאַרטיקער באַמי אַריינצודרינגען אין די סודות פון זיין און נישט-זיין, אין די סודות פון **איצט** און קיינמאָל, אין דעם עצם-וועזן פון לעבן און טויט.

תּמיד, ווען מען רעדט וועגן אייכענראַנדס פּאָעטישן שאַפן, מוז מען אויך רעדן וועגן דעם פּראָבלעם פון פאַרשטענדלעכקייט אין זיין ליד. איך אַליין האָב דאָס שוין געטאָן עטלעכע מאָל און בין שוין מיד פון איבערחזרן, אַז אויך אין אונדזער ספר הספרים זענען פאַראַן ערטער און ווענדונגען וואָס זענען נאָך ביז היינט נישט קלאָר און נישט פאַרשטענדלעך און דאָס זעלביקע דאַרף געזאָגט ווערן סיי וועגן די סאָנעטן פון שעקספּירן, סיי וועגן די סאָנעטן פון מיקעל אַנדזשעלאָ און צענדליקער אַנדערע אנשי-שם וואָס זייערע ווערק זענען ווינקלשטיינער אין דער וועלט-ליטעראַטור. מען דאַרף דערביי געדענקען, אַז נישט תּמיד קען מען פאַרשטיין אַ פּאָעטישן געדאַנק, אַ פּאָעטישע וויזיע, ווייל אויך דאָס לעבן פון וועלכן זיי זענען אינספּירירט איז נישט פאַרשטענדלעך. דאַקעגן איז נישט פאַראַן קיין שום שוועריקייטן צו זיין פאַרשטענדלעך פאַר די פּאָעטן פון „פּאַטשע-פּאַטשע קיכעלעך, דער טאַטע וועט קויפן שיכעלעך". עס גלוסט זיך דעריבער וועגן דעם דאָזיקן ענין שוין נישט רעדן, ווייל מיר ווייסן דאָך, אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין ערגערער בלינדער ווי דער וואָס וויל נישט זען.

דאָך עפּעס וועגן דעם ענין דאַרף יאָ געזאָגט ווערן: עס זענען פאַראַן ביי אייכענראַנדן לידער, וואָס איך וואָלט מיר דאַכט זיך נישט געקענט באַשרייבן זייער מיין און זייער געדאַנק, אָבער דאָס איז נאָר אין דער ערשטער רגע אַזוי. ס׳איז אָבער געוווינלעך אַ סימן איבערצולייענען דאָס דאָזיקע „אומפאַרשטענדלעכע" ליד, אָדער פּערז איין מאָל און נאָך אַ מאָל, כּדי דער מיין און דער געדאַנק זייערער זאָלן זיך אַנטפּלעקן און זיך אויסשיילן ווי דער יאָדער פון דער שאָל אַרויס. מען דאַרף זיך נאָר לאָזן מיטרייסן מיט דעם ניגון פון ליד, מיט דער

אַטמאָספער פון די פערזון, כּדי דער נס זאָל געשען און דעמאָלט זאָל דאָס ליד אויפשיינען און מיר זאָלן עס דערזען אין זיין פולן ליכט און דערביי נאָך מער הנאה האָבן דערפון, ווייל מיר זענען געוואָרן שותּפים צו מעשי־בראשית, דאָס הייסט: מיטשעפער צו דעם דיכטער, צו זיין אינספּיראַציע.

דערצו איז אָבער קודם־כּל נויטיק צו רעזיגנירן פון דער קאָנסערוואַטיווער עקשנות בנוגע נייע ווערטן און אויסדרוקס־פאָרמען אין דער ליטעראַטור, אין דער פּאָעזיע. דערצו איז נויטיק זיך קודם־כּל אָפּצוזאָגן פון די כּלערליי „טעאָריעס", צו וועלכע מיר זענען שוין צוגעוווינט און וועלכע זענען אונדז באַקוועם ווי אַן אַלטער, אויסגעטרעטענער שטוב־פּאַנטאָפל. דערצו איז אויך נויטיק אַן אינערלעך־אַנטוויקלטער חוש פאַר דעם ליטעראַרישן ווערק וואָס איז מבחין בין טוב לרע, צווישן עכטקייט און פאַלשקייט, צווישן ווערטיקייט און אומווערטיקייט אין דער דיכטערישער שאַפונג, אַן דעם דאָזיקן חוש — אַן אָרגאַנישן אָדער אַנטוויקלטן — וואָלטן מיר נאָך היינט געהאַלטן ביי דער פּרימיטיווקייט פון פאָלקסליד, אַן דעם חן און דער שיינקייט פון דעם ליד וואָס זיין שעפער איז דאָס פאָלק.

און לסוף לאָמיר פאַרענדיקן דעם דאָזיקן מאמר מיט אַ ליד פון אייכענראַנדס נייעם לידערבוך „צווישן איצט און קיינמאָל" — מיט אַ ליד וואָס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין פּאָעטיש־לירישן מהות בכלל און פאַר דער מדרגה פון זיין אַנטוויקלונג און דערגרייכונג אין איצטיקן מאָמענט.

דאָס ליד הייסט. „אין שענק אַרום דעם פידלער" און עס געפינט זיך אויף זיין 19 פון דעם בוך.

אין שענק אַרום דעם פידלער
רויכט אַ שיין,
בשעת ער ציט אין רגעס
אויס און איין.

געשטאַלטן טונקלען איבער בעכערס
שטום אַליין,
בשעת ער ציט אין רגעס
אויס און איין.

זיי טרינקען שטיל דעם רויטן
קילן וויין,
בשעת ער ציט אין רגעס
אויס און איין.

און בליקן מיט די בליקן
גלאָז און שטיין,
בשעת ער ציט און רגעס
אויס און איין.

די טונקעלע געשטאַלטן איבער
בעכערס ווײַן,
עס הילט מיט פידל־קלאַנגען
ווי תכריכים איין.

אין דעם דאָזיקן ליד קומט בולט צום אויסדרוק דאָס געמיט פון דיכטער און די אָפּשפּיגלונג פון זײַן וועלטבאַנעם. דאָ איז אויף אַ סימבאָלישן און זייער דין־ראַפינירטן אופן אַרויסגעבראַכט דער אָבסעסיאָנירנדיקער דרײַוו פון אונדזער פאַרגאַנגלעכקייט אינעם צי פון פידלבויגן איבער די סטרונעס פון גורלדיקן שפּילער אויף דעם אינסטרומענט וואָס הייסט אונדזער זײַן בעת מיר גייען כּסדר צום נישט־זײַן.

נישט יעדן מאָל טיק און דאַנערשטיק קומט אונדז אויס צו לייענען אַ ליד אין וועלכן עס ווערט מיט אַזוי ווייניק ווערטער אַזוי פיל געזאָגט.

# „די מאַראַנען־משפּחה״ פון שמשון אַפּטער

מען ווייסט זייער אַ סך וועגן דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און אַנדערע לענדער פון דער אַלטער וועלט. מען ווייסט אָבער זייער ווייניק — אויף יעדן פאַל: נישט גענוג — וועגן דער אינקוויזיציע אין די לענדער פון דער נייער וועלט. און דער אמת איז דאָך, אַז וואָס שייך אירע גרויל־מעשים אין בראַזיל, פּערו, מעקסיקע און אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער און צענטראַל־אַמעריקאַנער מדינות איז די אינקוויזיציע אויף אַ האָר נישט אָפּגעשטאַנען פון איר עלטערער שוועסטער אין אייראָפּע און זי האָט אין אַ געוויסן זין אַנטפּלעקט איר פאַרברעכערישן, פּערפידן און רויבערישן כאַראַקטער, אפשר נאָך מער ווי די דאָזיקע „הייליקע״ אינסטיטוציע אויפן אַלטן קאָנטינענט.

וואָס אַזוינס עס האָט פאַרגעשטעלט די אינקוויזיציע אין די מעבר־לים־לענדער איבער וועלכע עס האָט געהערשט די שפּאַנישע אָדער פּאָרטוגעזישע קרוין האָבן אונדז דערציילט און געשילדערט די באַקאַנטע ייִדישע היסטאָריקער און פאָרשער, פּראָפ׳ ב. לעווין פון אַרגענטינע און ד״ר אליהו ליפּינער פון בראַזיל (היינט אין ישראל). ביידע געלערנטע האָבן אָפּגעגעבן אַ סך יאָרן און מ׳ צו שטודירן די אינקוויזיציע־אַרכיון אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער שטעט (פּראָפ׳ ב. לעווין) און די אינקוויזיציע־אַקטן אין פּאָרטוגאַל (ד״ר אליהו ליפּינער) און ביידע האָבן זיי אונדז געוויזן, אַז פּונקט ווי די קאָנקוויסטאַטאָרן אין לאַטיין־אַמעריקע, זענען געווען אכזיותדיקער און רויבערישער ווי די קאָלאָניזאַטאָרן פון צפון־אַמעריקע, אַזוי איז אויך די קירכלעכע מאַכט דער צלם וואָס איז געגאַנגען הינטער דער שווערד, געווען ריקזיכטלאָזער, געמיינער און גרויליקער ווי אין די לענדער, וועלכע האָבן נישט געהערט צו דער קאַטוילישער וועלט.

ווען שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן פאַרכאַפּט גרויסע ערד־שטחים אויפן דרומדיקן אַמעריקאַנער קאָנטינענט און זיי האָבן שוין באַוויזן צו פאַרטיליקן די אַלטע מאַכטהאָבערס, האָבן זיי, כּדי צו באַהערשן די נייע לענדערייען און כּדי צו געניסן פון זייערע אוצרות, געדאַרפט האָבן וואָס מער פעיקע און דרייסטע לייט, וועלכע זאָלן אָרגאַניזירן דעם רויב אין די ניי־דעראָבערטע געביטן, אָבער גלייכצייטיק זיי אויך אַנטוויקלען ווי קאָלאָניעס וואָס זייער שפע זאָל פּערמאַנענט גרייכן צו די אַזוי גערופענע, „מוטער־לענדער״. האָבן זיך טאַקע

געלאָזט אין יענע לענדער אַריין פּלערליי אוואַנטוריסטן, בעלנים שנעל רייך צו ווערן און אויך קרימינעלע טיפּן. פון זיי אַלעמען האָט אָבער די קרוין אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל קיין גרויס נחת נישט געהאַט און נישט געקענט האָבן. די איינציקע פון וועלכע די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע הערשערס האָבן יאָ געקענט האָבן און געהאַט נוצן, זענען געווען די מאַראַנען, די ייִדן וועלכע האָבן זיך געשמדט, כּדי נישט אַרויסגעטריבן צו ווערן פון פּירענעיִשן האַלב־אינדזל און אויך די וועלכע מען האָט ווי קינדער געשמדט מיט געוואַלד און זיי דערצויגן ווי קריסטן און דאָך זענען זיי געבליבן געטריי דער אמונה פון זייערע עלטערן און האָבן אין דער שטיל אָפּגעריכט דעם רעליגיעזן קולט פון זייערע אבות, ווערנדיק צוליב דעם פאַרפאָלגט פון דער אינקוויזיציע און כּסדר געפּייניקט אין אירע טאָרטור־קעלערן און געברענט אויף אירע אויטאָ־דאַפעען.

ס׳איז בכן נישט קיין וווּנדער וואָס אַט די פאַרפאָלגטע מאַראַנען אין אייראָפּע האָבן אויפגעהויבן זייערע אויגן צו די נייע לענדער אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, האָפנדיק אַז דאָרט, ווייט פון דער קירכלעכער פעסטונג, וועט פאַר זיי נישט זיין אַזוי געפערלעך אָפּצוהיטן זייער אמתע רעליגיע. פון דער צווייטער זייט האָט די קעניגלעכע מאַכט אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל געגעבן גאַנץ גראָבע רמזים אַז זי וועט אין די נייע לענדער „נישט בודק זיין ביי קיינעם די ציצית" און אַז יעדער וועט דאָרט קענען זיך פירן לויט ווי ער פאַרשטייט. עס וואָלט דעריבער געווען אַ וווּנדער ווען די מאַראַנען וועלכע זענען ס׳רוב געווען ענערגישע און אונטערנעמערישע מענטשן, וואָלטן זיך נישט געלאָזט פאַנגען אויף דער דאָזיקער ווענדקע. האָבן אַ סך פון זיי טאַקע אויסגעוואַנדערט אַהינצו, ווו עס האָט געצויגן די מעגלעכקייט צו שאַרן גאָלד, אָבער אויך די פּערספּעקטיוון צו זיין וואָס ווייטער פון דער איינגעפונדע־וועטער קאַטוילישער קירכע, וואָס האָט באַהערשט דאָס לעבן אין דער אַלטער וועלט.

ווי נאָר אַ גרעסערע צאָל מאַראַנען האָבן זיך באַזעצט אין די נייע לענדער און באַוויזן אין זיי צו אַנטוויקלען דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן — צום גרויסן נוצן פון די אייראָפּעישע מאָנאַרכן — אַזוי האָט זיך אויך די קירכע דאָ באַוויזן און גענומען זיך פירן, געגוי לויט די מוסטערן פון דער אַלטער היים. דאָס לעבן פון די אנוסים איז דאָ, אין אַ קורצער צייט אַרום, געוואָרן פונקט אַזוי אומזיכער ווי אין אייראָפּע. מען האָט שפּיאָנירט זייערע טריט, מען האָט געלויערט אויף יעדער באַוועגונג זייערער. וואָס רייכער איינער פון זיי האָט באַוויזן צו ווערן, אַלץ מער האָט ער זיך געפונען אין סכּנה, אַז מען זאָל אַנטדעקן זיין געהיימע ייִדישע אָנגעהעריקייט און אים אָפּשיקן צום אינקוויזיציע־טריבונאַל קיין אייראָפּע, (אין געוויסע דרום־אַמעריקאַנער לענדער

האָט מען זיי אויך געברענט אויפֿן אָרט) קאָנפֿיסקירנדיק, פֿאַרשטייט זיך, זייַן גאַנץ פֿאַרמעגן. וואָס גרעסער דאָס פֿאַרמעגן איז געווען, אַלץ מער חטאים האָט מען געזוכט אויף דעם מאַראַן, וואָס האָט עס מיט זייַן מי, פֿלייס און טאַלאַנט דערוואָרבן. און אַז מען זוכט געפֿינט מען. דאָס לעבן פֿון די מאַראַנען אין די לאַטייַן־אַמעריקאַנער לענדער האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין נאָך אַ הייסערן גיהנום, ווי אין אייראָפּע.

*

ש. אַפּטער האָט זיך באַקאַנט געמאַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט זייַן היסטאָרישן ראָמאַן „אין רוימישן געטאָ”. שפּעטער האָט ער אָנגעשריבן נאָך אַ ראָמאַן וועגן די ערשטע טעג פֿון דער ייִדישער באַזעצונג אויף דער נייַער ערד און וועגן דעם קאַמף וואָס די דאָזיקע ערשטע ייִדן איז אויסגעקומען צו פֿירן פֿאַר זייערע רעכט — אַ קאַמף וואָס איז געווען די התחלה פֿון דעם ייִדישן ישוב אויפֿן צפֿון־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דער ראָמאַן „די מאַראַנען־משפּחה דאַ סילוואַ” איז דער דריטער היסטאָרישער ראָמאַן, אין וועלכן דער מחבר ווייזט אונדז די פֿרעהיסטאָריע פֿון דעם דרום־אַמעריקאַנער ייִדנטום וואָס איבערבלייבן פֿון איר געפֿינט מען נאָך אין געוויסע לאַטייַן־אַמעריקאַנער לענדער, אַפֿילו אין די וואָס אין זיי זענען קיין ייִדן כּמעט נישט בנימצא.

ווען עס קומט צו היסטאָרישע ראָמאַנען ווייסן מיר, אַז עס זענען פֿאַראַן צוויי סיבות וואָס שטויסן זייערע מחברים צו גיין אויף די שפּורן פֿון דעם עבר וואָס זיי מאַכן פֿאַר אַ טעמע פֿון זייער שעפֿערישער מי. איין סיבה איז דאָס וואָס דעם מחבר איז נמאס די גרויקייט פֿון זייַן קעגנוואַרט צייט־לעבן און ער גייט דעריבער צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, זוכנדיק אַ לעבן וואָס זעט אים אויס צו זייַן פֿאַרביקער, אינטערעסאַנטער און פֿאַרכאַפּנדיקער, ווי דאָס לעבן אין זייַן צייט, און די צווייטע סיבה איז דאָס, וואָס דער מחבר איז, פֿאַרקערט, גאָר שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין זייַן צייטלעבן און ער גייט צו דער פֿאַרגאַנגענהייט כּדי צו געפֿינען ראיות פֿאַר דעם וואָס ער האַלט אַז דאָס דאַרף זייַן אַ מוסר־השׂכּל פֿאַר זייַן צייט און פֿאַר זייַן דור. דער דאָזיקער מחבר איז, בכן, נישט קיין אַנטלויפֿער פֿון דער ווירקלעכקייט, אין וועלכער ער זיצט און שאַפֿט, נאָר ער איז אויסן אַז זי, די ווירקלעכקייט זאָל לערנען פֿון די אַמאָליקע דערפֿאַרונגען אין וועלכע עס אַנטפּלעקט זיך עפּעס וואָס איז אייביק, אין לעבן פֿון זייַן פֿאָלק, אין לעבן פֿון מענטש בכלל.

צו דעם ערשטן מין ראָמאַנען געהערן די פֿון וואָלטער סקאָט, הענריק שענקעוויטש און זייערס גלייַכן, און צו דעם צווייטן מין — די ראָמאַנען פֿון פֿויכטוואַנגער, טאָמאַס מאַן, לעוו טאָלסטאָי און זייערס גלייַכן.

שמשון אַפּטער געהערט צו דער צווייטער שול און דאָס הייסט, אַז דער היסטאָרישער ראָמאַן איז פֿאַר אים אַ שפּיגל, אין וועלכן ער זעט דאָס וואָס

איז אויך וויכטיק און גילטיק פאַר זיין צייט, נאָך מער, אין דעם היסטאָרישן ראָמאַן זוכט ער דאָס וואָס איז אייביק אין זיין פאָלקס לעבן און דאָס וואָס קומט צום אויסדרוק אין אַלע פאַזעס פון דער געשיכטע פון זיין פאָלק.

לויט ווי מיר זעט אויס, איז שמשון אַפּטער אין זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען געגאַנגען זוכן אַן ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס איז דער סוד פון ייִדישן פאָלקסדויער? וואָס אינספּירירט דעם ייִד צו קעמפן פאַר זיין עקזיסטענץ אין אַן אַרום און אין באַדינגונגען אין וועלכע אַנדערע פעלקער האָבן שוין לאַנג אויפגעגעבן זייער קאַמף פאַר לעבן און זענען אונטערגעגאַנגען און פאַרשווונדן פון דער היסטאָרישער אַרענע? די דאָזיקע פראגע האָט ער זיך געשטעלט אין זיין ערשטן, ווי אויך אין זיין צווייטן און דריטן היסטאָרישן ראָמאַן, הגם מען מוז צוגעבן אַז געשטעלט די דאָזיקע פראַגע, האָט ער נישט דירעקט און נישט אזוי אָפן פאָרמולירט ווי מיר האָבן עס נאָר וואָס געטאָן. ס'איז אָבער פאַר אונדז קיין שום ספק נישט, אַז אויב די דאָזיקע שאלה געהערט נישט צו דעם ניגלה פון זיינע ווערק אויף היסטאָרישע טעמעס, איז עס זייער נסתּר, און דער נסתּר, ווייסן מיר דאָך, זאָגט אונדז אָפט וועגן דעם שרייבערס צילן און טענדענצן, אַ סך מער ווי דאָס וואָס ער ברענגט אַרויס אין די דאָזיקע ווערק, אויף אַן אָפענעם, דירעקטן אופן.

וואָרעם אין דער אמתן איז עס דאָך אַ גרויס רעטעניש: ווי אַזוי האָבן ייִדן באַוויזן דורכצודויערן די אַלע פּיינען און רדיפות אין די פאַרשידענע לענדער, וווּ זיי איז אויסגעקומען צו עקזיסטירן? ווי אַזוי האָבן זיי נישט פאַרלוירן דעם קאָלעקטיוון פאָלקישן לעבנס־ווילן און דורך דעם אונטערגעגאַנגען, ווי אַ סך אַנדערע פעלקער וועלכע האָבן זיך מיט אונדז געפונען אויף איין און דער זעלבער לעבנס־אַרענע? וואָס איז דער סוד פון אונדזער צו־להכעיסדיקער עקשנות? פון אונדזער „אף־על־פּי״־טראָציקייט וואָס רעגט אַזוי אויף די פעלקער צווישן וועלכע מיר לעבן?

אַ שרייבער, ווייסן מיר, פרעגט פראַגן, אָבער נישט אַלע מאָל פאַרענטפערט ער זיי. זיין עיקר־פאַרדינסט באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ער ברענגט די דאָזיקע פראַגן צו אונדזער דערקענטעניש. און ער טוט דאָס דורכן ווידערשאַפן קינסטלעריש דאָס לעבן אויף אַזאַ אופן, אַז די פראַגן זאָלן במילא זיך ביי אונדז דערוועקן און אונדז צווינגען זיך צו פאַרטראַכטן וועגן זיי. דאָס האָט ש. אַפּטער געטאָן אויך אין זיינע פריערדיקע היסטאָרישע ראָמאַנען און דאָס טוט ער מיט נאָך מער פאַרנעם אין דעם ראָמאן „די מאַראַנען־משפּחה דאַ סילוואַ״.*

* שמשון אַפּטער: די מאַראַנען־משפּחה דאַ סילוואַ, היסטאָרישער ראָמאַן, אַרויסגעגעבן דורכן וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב תשמ״ב, 1982.

✶

*ש.* אַפּטער פירט אונדז אַריין אין אַ לעבן פון אַן עפּאָכע וואָס איז אונדז ווייט און נאָענט גלייכצייטיק. פון איין זייט האָבן מיר מענטשן וועלכע זענען אונדז נאָענט ווי מענטשן און ווי ייִדן (הגם זייער ייִדישקייט איז שוין ווייט פון אונדזער רעליגיעזן שטייגער און לויט דער הלכה געהערן זיי זיך שוין נישט אָן צום ייִדישן כּלל) און פון דער צווייטער זייט האָבן מיר דאָ די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון דעם אָנהייב 18טן יאָרהונדערט אין דעם פאַרביקן נאָך נישט איינגעשטעלטן לעבן פון די נייע לענדערייען, וועלכע זענען באַהערשט געוואָרן מיט דער הילף פון אייראָפּעישן וואָפן און מיליטערישער קראַפט. עס איז אַ פולשטענדיק נייע וועלט מיט איר נייעם נוסח און מיט אירע נייע העלדן, וואָס צווישן זיי שפּילן די מאַראַנען אַ גרויסע ראָל. דאָס גוטע דערביי איז וואָס *ש.* אַפּטער פירט אונדז אַריין אין דעם דאָזיקן נייעם לעבן, מאַכט עס אונדז נאָענט אויף אַזוי' פיל, אַז מיר הייבן אָן צו זען נישט נאָר דאָס ניי־שטייגערישע און עטוואָס עקזאָטישע פון די נייע באַציִונגען און פאַרהעלטענישן וועלכע ער שילדערט, נאָר מען געפינט אויך אויס דעם מענטש מיט זיינע כאַראַקטעריסטישע מעלות און חסרונות, וואָס זענען אייביק און אומעטומיק, אין אַמעריקע ווי אין אייראָפּע, אין בראַזיל ווי' אין שפּאַניע אָדער פּאָרטוגאַל.

אַפּטער האָט נאָטירלעך גוט אויסשטודירט די עפּאָכע און די סביבה וועלכע ער שילדערט אין זיין ראָמאַן. ער האָט זיך געגנוי באַקאַנט מיט די לעבנס־באַדינגונגען פון יענער צייט און פון דעם אָרט וואָס ער שילדערט. ער באַנוצט זיך אין זיין ראָמאַן מיט אויטענטישע פיגורן און מיט פאַקטישע געשעענישן וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די געשיכטע פון בראַזיל אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע. אָבער כאָטש ער איז אין תוך געטריי צו די היסטאָרישע געשעענישן וואָס זענען נוגע דער מאַראַנען־משפּחה דאַ סילוואַ און ער דערציילט זייער פאַקטישע מאַרטירערישע ביאָגראַפיעס, ווייסט ער אָבער ווען ער דאַרף אויף אַ ווייל אָפּטרעטן פון דער היסטאָרישער רעאַליטעט און לאָזן אין גאַנג זיין קינסטלערישע אינטויציע, כּדי די העלדן און זייערע האַנדלונגען זאָלן אונדז ווערן בולטער, קלאָרער און אויך פאַרשטענדלעכער. אַפּטער געהערט נישט צו די שרייבערס וואָס לייגן אַוועק זייערע העלדן אויף דער סאָפקע און גריבלען זיך אין זייער פּסיכיק, אָבער ער באַמיט זיך אַז די האַנדלונגען און אימפּולסן פון זיינע פאַרשוינען זאָלן האָבן אַ דעקונג אין זייער פּסיכישער וועלט און מיר, די לייענער, זאָלן זען און וויסן פאַר וואָס זיי האַנדלען אַזוי און נישט אַנדערש. עס ווערט געזאָגט אַז קיין מענטש גיט נישט קיין קלאַפּ מיטן פינגער אונטן, אויב מען באַשטימט עס נישט פון אויבן. מען קאָן דאָס פאַרשטיין אויך אין אַן אַנדער זין, דאָס הייסט, אַז קיין מענטש טוט נישט קיין שום

זאַך, וואָס זאָל נישט האָבן זיין סיבה אין דער מענטשלעכער פּסיכיק. דערביי זענען די סיבות ביי יעדן מענטש אַנדערע, ווייל יעדער איז אַ וועלט פאַר זיך און רעאַגירט אַנדערש אויף די זעלביקע לעבנס־פאַקטן.

אַרום די עטלעכע אויטענטישע העלדן פון ראָמאַן פון דער משפּחה דאַ סילוואַ, אַרום די פאַקטישע געשעענישן וואָס האָבן צעבראָכן דאָס לעבן פון דער דאָזיקער משפּחה, צוזאַמען מיט דעם לעבן פון אַנדערע מאַראַנען אין בראַזיל און אין אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער (די געשיכטע פון דער דאָזיקער פאַמיליע און איר טראַגישן סוף אין די אינקוויזיציע־קעלערן איז אונדז באַקאַנט פון די היסטאָרישע שריפטן פון די דערמאַנטע היסטאָריקערס פּראָפ׳ ב. לעווין און ד״ר אליהו ליפּינער) בויט אָפּטער אויס אַ פאַרצווייגטע און געננוג קאָמפּליצירטע קאַנסטרוקציע וואָס דערלויבט אונדז צו זען דאָס לעבן אין יענעם לאַנד און אין יענער צייט פון כּלערליי אַספּעקטן. מיר האָבן דאַ די עקאַנאָמיק פון יענער צייט. מיר האָבן אויך דעם לעבנס־שטייגער פון דער צייט. אָבער דעם עיקר האָבן מיר פאַר זיך אַ גאַלעריע פון טיפּן און געשטאַלטן אין די צענדליקער, וואָס באַוועגן זיך אַרום די הויפּטהעלדן פון ראָמאַן. די טיפּן און געשטאַלטן זענען דערביי פילפאַרביק און זיי שטעלן מיט זיך פאָר די דאָזיקע אייגנשאַפטן, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ערב־רב וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין דעם עקוואַטאָריאַלן לאַנד פון אַלע עקן וועלט.

מען וואָלט געקענט אָנשרייבן אַ גראָבבייכיקע סטודיע וועגן די פאַרשוינען, סיי די פּאָזיטיווע און סיי די נעגאַטיווע וואָס באַפעלקערן דעם שטח פון אָפּטערס ראָמאַן. מען וואָלט אויך געקענט שרייבן דיסערטאַציעס וועגן דער צייט, די באַדינגונגען און די ספּעציפישקייטן פון לאַנד און פון דער עפּאָכע וואָס אַפּטער מאָלט און שילדערט פאַר אונדז מיט זייערע האַנדלונגען. מען דאַרף פון דעסטוועגן געדענקען אַז אָנשטאַט מיר זאָלן לייענען שטודיעס וועגן בוך, אין תּמיד בעסער צו לייענען דאָס בוך גופא. אויף יעדן פאַל מוז מען זאָגן, אַז אַפּטער האָט אונדז געלאָזט אַריינבליקן אין אַן אונטערגעגאַנגענער וועלט און אין אַן אינטערעסאַנטן קאַפּיטל פון דער ייִדישער געשיכטע. די אויטענטישע העלדן פון דעם דאָזיקן ראָמאַן, ווי זשואַן מענדעס דאַ סילוואַ, זיין ווייב דאָנאַ לאַוורענסיאַ דאַ סילוואַ, דער אַלטער יוחנן גאָמעס און זיין סימבאָלישער אומקום, דער שפּאַנישער אַדלמאַן מאַרטעס בלאַנקאַ, פּעדראָ דער מאָנאַך, דער אַלטער פעליפּע און זיין אויסגעלאַסן ווייב און פיל, פיל אַנדערע, גייען אונדז אויף פון די בלעטער פון דעם דאָזיקן בוך און פאַראינטערעסירן אונדז מיט זייער מענטשלעכן גורל און מיט זייער כאַראַקטער־פאַרשידנקייט. דער ראָמאַן איז טאַקע וועגן אָנהייב 18טן יאָרהונדערט, אָבער ער דערמאָנט אויך אונדזער צייט און באַזונדערס דערמאַנען אונדז אין דעם היינטיקן סאָוויעט־רוסלאַנד די שילדערונגען פון די אינקוויזיציע־מעטאָדן וואָס ברענגען דערצו אַז איין בירגער זאָל ציטערן פאַר

א צווייטן און אַז מען זאָל אַפילו מורא האָבן פּאַר אַן אייגן ווייב — טאָמען איז זי אַ שליח פון דער אינקוויזיציע, אָדער סתּם אַ מסור.

*

די הויפּטהעלדן פון בוך און זייער געשיכטע זענען, ווי געזאָגט, אויטענטיש. זיי זענען גענומען פון די אינקוויזיציע־אַרכיוון. דער דאָזיקער בחור וואָס ווערט געבוירן אין אָנהייב פון ראָמאַן, וועט שפּעטער אַפילו זוכה זיין צו אַן אייגענעם אינקוויזיציע־משפּט און ער וועט אומקומען ווי אַ באַקאַנטער קאָמעדיע־שרייבער וואָס האָט זיך דערוואָגט אָפּצולאַכן פון דער קירך. אַפּטער לאָזט אָבער אַראָפּ די פאָרהאַנגען איבער דער מאַראַנען־דראַמע, אַ סך אַ סך פריער. ס׳איז זיכער אַז ער וועט צו דעם המשך פון דער דאָזיקער טראַגישער מאַראַנען־געשיכטע נאָך אומקערן אין אַ ווייטערדיקן טייל פון זיין ווערק. פאַר אונדז אָבער איז דאָס דאָזיקע ווערק אַזוי אויך פאַרענדיקט, ווייל דאָס וואָס דער שרייבער האָט געוואָלט האָט ער אין אים אַרויסגעבראַכט. ער האָט אונדז געוואָלט שילדערן יידישן גורל און געוואָלט אָנווייזן אויף דעם „פּינטעלע ייד״ וואָס איז דער סוד פון אונדזער פאַלקסדויער און ער האָט דאָס אונדז געוויזן מיט די בעסטע מיטלען פון קינסטלערישער געשטאַלטיקונג.

דער ראָמאַן „די מאַראַנען־משפּחה דאַ סילוואַ״ איז אַ בפירוש קינסטלערישע דערגרייכונג פון דעם ראָמאַניסט שמשון אַפּטער.

# דער דיכטער הירש אָשעראָוויטש

יעדער דיכטער שפּיגלט אָפּ אין זיין יצירה אַ טייל פון זיינע איבערלעבונגען, אַ טייל פון זיינע רעיונות און שטימונגען וועלכע פילן אויס זיין לעבן. לייענענדיק די לידער פון הירש אָשעראָוויטשן, האָבן מיר אָבער דעם איינדרוק אַז דאָס ליד איז נישט בלויז דער שפּיגל פון זיין לעבן, נאָר דאָס ליד איז זיין גאַנץ לעבן. מיר אַלע האָבן איבערלעבונגען, מיר אַלע האָבן געמיט־צושטאַנדן, מיר אַלע האָבן געדאַנקען וואָס טייל טרויען מיר אָן דעם פּאַפּיר און טייל לאָזן מיר פאַרשווינדן אָן שום שפור. ביי אָשעראָוויטשן, זעט מיר אויס, גייט קיין שום איבערלעבונג נישט לאיבוד, קיין שום שטימונג ווערט נישט פאַרלוירן. יעדע געשעעניש אין זיין לעבן מאַכט אויפציטערן די פּאָעטישע סטרונעס פון זיין פידל און ער ענטפערט אויף איר מיט אַ פּאָעטיש געזאַנג. מיר דאַרפן דעריבער געדענקען אַז ביי אָשעראָוויטשן איז דער פּאָעטישער כּמות אַן אויסדרוק פון זיין איכות אַלס פּאָעט, דאָס הייסט: זי איז אַ צייכן פון זיינע אינטענסיווע איבערלעבונגען, זי איז אַ באַווייז פון זיין תּמיד וואַכן און תּמיד אימפּולסיוון שעפערישן דראַנג צו אַנטפּלעקן דאָס וואָס ליגט אין די מסתּרים־ווינקעלעך פון זיין נשמה, אָדער דאָס וואָס קנוילט זיך אין די טיפענישן פון זיין זעל און מאָנט און מאַטערט געשטאַלטיקט צו ווערן.

הירש אָשעראָוויטש איז געקומען קיין ישראל, ווען ער איז שוין געווען אַ רייפער אויספאָרמירטער דיכטער און דעריבער וואָלט נאַריש געווען צו זוכן אין זיינע הי־אַרויסגעגעבענע ביכער אַ דיכטערישן אַנטוויקלונג־וועג אָדער אַ שטייגערונג־ליניע. אגב דאַרף מען דאָ באַמערקן, אַז פּאַקטיש איז ביי קיין שום דיכטער וואָס קומט פון סאָוויעט־רוסלאַנד נישט מעגלעך פעסטצושטעלן די עליה און ירידה־דאַטעס אין זיין שעפערישער ביאָגראַפיע. וואָרעם דאָס לעבן און דאָס שאַפן פון יעדן דיכטער אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז כּסדר געווען אונטערגעוואָרפן דער מאַכט פון טעראָר און דער פויסט פון ווילקיר. במילא קען מען קיין מאָל נישט וויסן, צי דער דיכטער האָט אין אַ געגעבענער צייט נישט געלאָזט פון זיך הערן דערפאַר ווייל ער האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, אָדער דערפאַר ווייל מען האָט אינם אָנגעהאָנגען אַ שלאָס אויפן מויל. וואָס אונדז איז אָבער קלאָר געוואָרן ווען מיר האָבן געלייענט אָשעראָוויטשעס ערשטע לידער־ביכער דאָ אין ישראל, איז געווען דאָס, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ פּאָעט

וואָס האָט שוין לאַנג הינטער זיך די יוגנטלעכע בלאָנדזשענישן און זוכענישן פון אַן אייגענעם וועג, מחמת אַשעראַוויטש האָט זיין אייגענעם וועג שוין לאַנג געפונען. אָדער מיט אַנדערע ווערטער: מיר האָבן פאַר זיך אַ דיכטער וואָס האָט, לויט דער באַצייכענונג פון ווייַמאַרער גאון, שוין דורכגעמאַכט די לערן־און וואַנדער־יאָרן און האָט שוין דערגרייכט צו די יאָרן פון באַזעסנקייט און מייסטערשאַפט.

פרידריך ניטשע האָט אין זיין „געבורט דער טראַגעדיע" איינגעטיילט די דיכטערס אין צוויי קאַטעגאָריעס, אין אַפּאָללאָנערס און אין דיאָניזעערס. די דיכטערס וואָס געפינען זיך אונטער דער השפּעה פון גריכישן אָפּגאָט אַפּאָללאָ זענען די אָפּטימיסטן, די וואָס זינגען הלל צום באַשאַף, די וואָס באַגייסטערן זיך מיט דער נאַטור און זאָגן אַ שטענדיקן יאָ, אָדער אַ שטענדיקן כי טוב צום לעבן. די דיאָניזעערס, דאַקעגן, דאָס זענען די פּעסימיסטן, די שטענדיקע גריבלערס און צווייפלערס, די וואָס זעען אין דער יצירה דעם שאָטן און נישט די זון. די אַפּאָללאָנערס זינגען תּמיד שיר השירים און אַפילו ווען זיי לייִדן, אָדער זיי זעען אונדערע לייִדן, נעמען זיי עס אויף ווי אַ צייטווייליקייט און ווי אַ צושטאַנד וואָס מען קאָן און מען דאַרף פאַרמיידן. די אַנדערע ווידער, די דיאָניזעער, זענען די וואָס זינגען תּמיד קהלתדיק, זיי זעען תּמיד אַז די לייִדן אין דער עקזיסטענץ זענען גרעסער ווי די פריידן זיי זעען די אומזיניקייט פון מענטשלעכן לעבן וואָס מוז זיך ענדיקן מיט פאַרגאַנג. דער אַפּאָללאָנער דיכטער זאָגט, אַז דאָס לעבן איז אַזוי שיין, אַז ס'איז פאַראַן דערין אַזוי פיל געטלעכער זין, אַז עס איז כּדאי אָנצונעמען דאָס ביסל טרויער און פּיין וואָס שטרייכט ערשט רעכט אונטער די שיינקייט און דאָס גוטס פון דער עקזיסטענץ. דאַקעגן דער דיאָניזעער זאָגט, אַז דאָס לעבן איז אַזוי אָן זין, אַז אַרום אונדז איז פאַראַן אַזוי פיל טראַגיק, אַזוי פיל עלנטקייט און אַבסורדאַלקייט, אַז אַפילו דאָס ביסל פרייד און דאָס ביסל שיינקייט קאָן אונדז נישט באַקומען און עס ווערט בטל בשישים אין דעם פּאַטום פון זיין.

וואָס פאַר אַ דיכטער איז הירש אָשעראָוויטש? איז ער אַן אַפּאָללאָנער, אָדער אַ דיאָניזעער? מיר דאַכט, אַז אויף דער פראַגע איז נישט שווער צו ענטפערן. דער אמת איז, אַז אין אונדזער צייט זענען בכלל פאַראַן ווייניק ייִדישע דיכטערס וואָס מען זאָל זיי קענען מצרף זיין צו דער קאַטעגאָריע וואָס ניטשע באַצייכנט ווי אַפּאָללאָנערס און אויף מיר האָבן אַ מאָל געהאַט אַזעלכע דיכטערס, זענען זיי שוין לאַנג אַוועק אין דער בעסערער וועלט, אָדער זיי זענען אַלט געוואָרן און מיט דער עלטער געביטן זייער כאַראַקטער. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש: מיר האָבן אַ מאָל געהאַט אַ דיכטער מיטן נאָמען סעגאַלאָוויטש. אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געשריבן שפּילעוודיקע, עלעגיש־פאַרבענקטע לידער וואָס אין זייער אָנטציקונג פאַר דער שיינקייט פון דער

נאַטור, פאַר דער ליבע און אַזוי ווייטער און ווייטער האָט מען אים געקענט צורעכענען צו דער אָפּטימיסטישער גרופּע פון די אַפּאָללאָנער דיכטערס. מיט וואָס ער האָט פאַרענדיקט, ווייסט יעדער. ער איז געוואָרן איינער פון די טרויעריקסטע מקוננים, איינער פון די גרעסטע באַוויינערס פון ייִדישן חורבן, פון דעם רשעות אויף דער וועלט, וואָס האָט דערלאָזט צו דעם מאָרד איבער אונדז. איך וואָלט געקענט ברענגען אַ סך, אַ סך ביישפּילן פון אַזעלכע פאַרוואַנדלונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור, און איך מוז צוגעבן אַז אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור טרעפן מיר אָט די פאַרוואַנדלונגען, אפשר נישט מיט אַזאַ אָפטקייט ווי ביי אונדז. איין ביישפּיל פון אַ סך איז דער פּאָעט אַדאַם מיצקעוויטש, וואָס איז אין זיין „פּאַן טאַדעוש" אַן אַפּאָללאָנער דיכטער, בעת אין זיין דראַמאַטיש ווערק „דזשיאַדי" איז ער אַ דיאָניזיער.

לויט דער דעפיניציע פון פרידריך ניטשע איז אונדזער דיכטער הירש אָשעראָוויטש אַ דיאָניזיער, דאָס הייסט אַ דיכטער וואָס זעט די שאָטנזייט פון דער עקזיסטענץ און האַלט אַז דאָס שלעכטס איז גרעסער און כאַראַקטעריסטישער ווי דאָס גוטס, דער טרויער איז גרעסער ווי די פרייד, די ליידן זענען גרעסער ווי די הנאות. עס איז אויך כדאי צו באַמערקן אַז אויך דער הנחה דאָס די ליידן זענען אין דער וועלט גרעסער ווי די הנאות האָט שאָפּענהויער געבויט זיין פּעסימיסטישע פילאָזאָפיע. שאָפּענהויער האָט זיך באַנוצט מיט זייער אַ פּשוטן אָבער דירעקטן ביישפּיל. ער האָט געזאָגט: אונדזער עקזיסטענץ איז אַזוי איינגעשטעלט אַז כדי דער וואָלף זאָל קענען עקזיסטירן מוז ער אויפפרעסן דעם שעפּס. דער וואָלף האָט ביים פרעסן הנאה. צי קען זיך אָבער, פרעגט ער, די הנאה פון וואָלף פאַרגלייכן מיט דעם ווייטיק וואָס ער איז גורם דעם שעפּס? אָשעראָוויטש, הגם ער איז אַן אינטעלעקטועלער דיכטער, ברענגט ער אונדז אָבער זיין וועלט־דערקענטעניש נישט מיט לאָגישע הנחות, נאָר מיט דיכטערישע בילדער און ווען ער וויל אַז מיר זאָלן דערזען דעם אומזין פון לעבן, דעם אַבסורד פון דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, שילדערט ער אונדז אין זיינע אַ ליד ווי אַזוי אַ פיש־פאַנגער שטייט ביים טייך און וויל כאַפּן פיש מיט זיין ווענטקע. ער שטייט און שטייט און קיין פיש כאַפּט זיך נישט. פּלוצעם קריגט ער אַ האַרץ־אַטאַקע און ער פאַלט אַוועק און שטאַרבט. אָבער באותו הרגע ווען ער שטאַרבט, האָט זיין ווענטקע געכאַפּט אַ פישל וואָס צאַפּלט זיך און וועט אויסגיין אָן שום נוצן פאַר קיינעם. דאָס איז אַ דורכויס פּעסימיסטיש ליד. דאָס איז אַ ליד וואָס ווייעט אָן אויף אונדז אַ טרויעריקע שטימונג, אַ פינצטער געמיט. עס איז נאָך ערגער, פאַטאַליסטישער ווי שאָפּענהויערס וואָלף, וואָס פרעסט אויף דעם שעפּס. דאָרט האָט לכל הפּחות דער וואָלף געהאַט אַ שטיקל הנאה. דאָ האָט קיינער נישט קיין הנאה. דאָ, ביים פישל און ביים פאַנגער באַקומט זיך עפּעס אַ נאַריש קאָסמיש שפּיל

וואָס איז אי אַבסורדאַל, אי אַכזריותדיק. צי קאָן דער וואָס זעט אין דער עקזיסטענץ אָט דאָס אַבסורדאַלע אַכזריותדיקע שפּיל זיין אַן אָפּטימיסט? צי קאָן ער זינגען אַ הלל צום לעבן, צום זיין?

ס'איז פריער געזאָגט געוואָרן אַז אַשעראָוויטש איז אַן אינטעלעקטועלער דיכטער. וואָס מיינט אַזוינס אַן אינטעלעקטועלער דיכטער? דאָס מיינט נישט אַז ער איז אַ פילאָזאָף, אָדער אַ דענקער, הגם אין זיינע לידער זענען פאַראַן פיל אינטערעסאַנטע געדאַנקען און פילאָזאָפישע דערקענטענישן. אַן אינטעלעקטועלער דיכטער איז אָבער אַשעראָוויטש דערמיט וואָס ער הייבט אויף אויף אַ דיכטערישן אופן געוויסע פּראָבלעמען פון אונדזער לעבן, אָבער בעיקר דערמיט וואָס ער צווינגט אונדז צו טראַכטן. אַזוי למשל שפירן מיר ווען מיר לייענען זיינע לידער אַז ער פירט אונדז אַריין אין אַ וויכוח. מיט זיך אַליין, אַז ער גיט אונדז צו דערזען און מאַכט אונדז באַגרייפן די צוויי פּנימער פון איין און דער זעלביקער דערשיינונג, אָדער געשעעניש. פונקט ווי אין זיין פּאָעמע „שאול" פירט זיך אַ דיאַלאָג צווישן שאול דעם קעניג און דעם אַנדערן שאול, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם קעניגס געוויסן, אַזוי ווייזט ער אונדז אין כמעט אַלע זיינע לידער דעם דיאַלאָג צווישן דעם „איך" וואָס יעדער מענטש מאַניפעסטירט פאַר דער וועלט און דעם אַנדערן „איך" וועלכן ער באַהאַלט אויס פון מענטשלעכע בליקן. אין אַשעראָוויטשעס לידער דערזעען מיר דעריבער די מענטשלעכע דואַליטעט, דעם קידער־ווידער וואָס שפּילט זיך אָפּ אינעם מענטשלעכן האַרץ און אין דער גאַנצער נאַטור. די דאָזיקע דערקענטעניש ברענגט אונדז צו געוויסע געדאַנקען וואָס ווירקן אויף אונדז נישט מיט קיין טרוקענער לאָגיק, נאָר מיטן כוח פון דער עמאָציע, אָדער מיט אַ מין פּאָעטישער אינטעלעקטואַליטעט.

מענטשן וווּנדערן זיך אָפּט מאָל הלמאי דיכטערס רעדן תמיד וועגן זיך און זענען תמיד פאַרקוקט אין דעם אייגענעם איך. מען מיינט אַז דאָס איז עגאָצענטריזם, אָדער סתם עגאָיִזם. דער אמת איז אָבער אַז דאָס איז נישט קיין עגאָיִזם און נישט קיין עגאָצענטריזם. ס'איז פאַראַן אַ פילאָזאָפישע שיטה וואָס האַלט אַז איין מענטש וואָלט נישט געקענט אויפנעמען און באַנעמען קיין צווייטן מענטש, ווען זיי שפּאַרן נישט אָפּ קיין בשותּפותדיקע דערפאַרונגען. אַ מענטש וואָלט נישט געקענט וויסן וואָס אַזוינס עס איז צאָן־ווייטיק ביי זיין מיטמענטש, ווען ער אַליין וואָלט נישט איבערגעלעבט קיין יסורים. ער וואָלט נישט געקענט באַגרייפן וואָס עס איז אַ פריידי פון זיין חבר ווען ער אַליין וואָלט נישט איבערגעלעבט דאָס דאָזיקע געפיל. אין אַ געוויסן זין מיינט דאָס זעלביקע דער געיאָגטער און געפּלאָגטער איוב ווען ער זאָגט „מבשרי אחזה אלוה" — דורך מיין אייגן לייב זע איך גאָט, דאָס מיינט: דורך זיך אַליין, דורכן אַריינקוקן אין זיך אַליין, דורכן נאָכפאָרשן זיך אַליין באַגרייף איך גאָט.

געטע האָט דעם דאָזיקן געדאַנק אויסגעדריקט אויף אַן אַנדערן אופן, ווען ער האָט געזאָגט: „אַן דעם געפיל אין האַרצן וואָלטן מיר קיין מאָל נישט געקענט וויסן אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אין הימל".

הירש אָשעראָוויטש איז אַ דיכטער וואָס קוקט טיף אַריין אין זיך, וואָס גראָבט און גריבלט זיך אין זיין אייגענעם איך. ס׳איז דערפאַר, ווייל ער איז ווי אַ דיכטער עגאָצענטריש און אויך דערפאַר, ווייל ער וויל דורך זיך דערקענען די וועלט אַרום זיך. אָפט, זייער אָפט קומט טאַקע דער דיכטער צו טראַגישע דערקענטעניש, צו פּעסימיסטישע דערקענטעניש, צו דערקענטעניש וואָס טוען אים גופא שטאַרק ווי׳, אָבער ער באַהאַלט נישט דעם קאָפּ אין זאַמד, ווענדט נישט אָפּ זיין בליק פון דעם וואָס ער אַנטפּלעקט און דערציילט אונדז אין ליד אויף אַ בילדלעכן און עמאָציאָנעלן אופן וועגן דעם אמת צו וועלכן ער איז דערגאַנגען.

אין דעם פּרט איז זייער כאַראַקטעריסטיש אָשעראָוויטשעס ליד „איך, די מאַלפּע אָן אַן עק" אין וועלכן דער דיכטער אַנטפּלעקט זיך מיט דער פולסטער און ווייטיקלעכסטער אויפריכטיקייט „איך, די מאַלפּע אָן אַן עק / קלעטער מער שוין נישט אויף ביימער, / דאָך די שווערע דזשונגל־שרעק /זיצט נאָך אַלץ אין מיינע ביינער. // וויפל כ׳זאָל נישט מיען זיך / פון מיין אורשפּרונג צו אַנטרינען / טוט עס תּמיד ציען מיך / פון דאָס ניי אים צו געפינען; // כאָטש כ׳בין פון דער שלאַנג אַוועק / און אַנטלאָפן פונעם טיגער, // כאָטש איך מאַלפּע אָן אַן עק / בין אין וואַלד שוין נישט קיין היגער, / שפּינט אין מיר דער וואַלד און שפּינט / הפקר, גרויל און גאַזלעוואַיע / און עס פלייסט זיך אַלץ זיין ווינט / אין מיין האַרצן טאָן אַ וואַיע. // איך אַראָפּ בין אויף דער ערד/ איך זאָל קענען העכער שטייגן / מערער ווי עס איז באַשערט / זיצנדיק אויף הויכע צווייגן. // איך די מאַלפּע אָן אַן עק / ציר זיך מיט דעם גרויסן נאָמען / וואָס קאָן אויפהייבן אויף בערג / און פאַרשליידערן אין תּהומען".

ס׳איז באמת שווער צו געפינען אַ ליד וואָס זאָל אַזוי טרעפלעך און אויף אַזאַ פּאָעטיש־קאָנדענסירטן און ווירקנדיקן אופן איבערגעבן די טראַגישע דואַליטעט פון דעם בן אדם וואָס קען אי אויפהייבן אויף בערג, אי פאַרשליידערן אין תּהומען. אָשעראָוויטש האָט דאָ מיט טיפסטן ווי כאַראַקטעריזירט דאָס טראַגישע אין אונדזער טבע, ווו דאָס מענטשלעכע אין אונדז ווערט כסדר צוריקגעצויגן צום דזשונגל, צום מאַלפּישן, צום חיהשן, פון וועלכן מיר קענען זיך נישט באַפרייען.

דאָס אַנאַליזירן זיך אַליין און דאָס דערקענען די טראַגיק פון דער עקזיסטענץ, די דואַליטעט פון דער מענטשלעכער נאַטור ברענגט מענטשן צו ציניזם, צו ניהיליזם. אָבער ביי אָשעראָוויטשן איז נישט צו זען די דאָזיקע

פלאָג פון דער אינטעלעקטואַליטעט, ווען זי דערזעט אַז די וועלט איז אַ הפקר־קרעטשמע, ווו עס הערשט דאָס געזעץ פון שטאַרקן און ווו עס איז לית־דין ולית־דיין. אַשעראָוויטש, ווי אַ ייִדישער דיכטער, ווי אַ ייִדישער אינטעלעקטואַל, זעט און ווייסט אַז יצר לב האדם רע מנעוריו, אָבער דאָס פירט אים נישט צו לייקענען אין יעדער מאָראַל און אין יעדן עטישן געזעץ. יאָ, אַשעראָוויטש זעט טאַקע אַז אַ סך מאָראַלישע פּאָסטולאַטן זענען פאַלשע, באַדינגלעכע, צייטלעכע. אָבער דאָס פירט אים נישט צו קיין פאַרצווייפלונג, צו קיין אָפּוואַרפן אַלע מאָראַל־עיקרים. טאַקע דערפאַר וואָרנט ער אונדז אין זיין ליד „דער עיקר״: „היט זיך אָבער מיט אַ האַרץ אַ גרינגגן / מאַכן אויספירן דערפון און וועלן דרינגען / אַז נישטאָ איז גאָר קיין עיקר... דאָס איז דאָך דער עיקר״.

אויך אין דעם בוך „געזאַנג אין לאַבירינט״ טרעפן מיר די זעלביקע ליריש־אינטעלעקטועלע מעדיטאַציעס פון פּאָעט וועלכער וויל אין יעדן ביבלישן העלד אָדער בכלל אין יעדער דערשיינונג דערזען איר דו־פּרצופּימדיקייט, איר דאָפּל־געשטאַלטיקייט; מען זעט דעם דיכטער וואָס זוכט צו דערקענען אין זיך און אין יעדן מענטש די דואַליטעט; אין יעדער געשעעניש — איר קאָנטראַסטיקע ווירקונג אויף דעם ווייטערדיקן לויף פון לעבן. ווי אין זיינע פריערדיקע לידער איז דער דיכטער כּסדר פאַרקוקט אין זיך. אדם, דער ערשטער מענטש אויף דער וועלט, זאָגט וועגן זיך: „אויף מיינע ליפּן וויגט זיך אַל דאָס זעלבע וואָרט: / וואָס הייסט עס „איך״? — ווער בין איך, ווער?״ אַשעראָוויטש בלייבט אויך אין דעם דאָזיקן בוך דער דיכטער וואָס דעקט אויף סתּירות אין מענטש און דאָך ווייסט ער אַז די דאָזיקע סתּירות בינדן זיך ערגעץ־ווו ער זינגט: „ווערסט אַן עדות פונעם גרעסטן וווּנדער, / ווען נעמסט נאָכקוקן ווי ס'קייטלען זיך געדאַנקען. / איטלעכער פון זיי — אַזוי באַזונדער, / ס'טרעפט, זיי זענען גאָר ווי סתּירות אויפגעגאַנגען, / און עס קניפּט זיך און עס בינדט זיך״. יאָ, אויך די סתּירות קניפּן זיך און בינדן זיך, אָבער די דאָזיקע האַרמאָניע אין דער דיסהאַרמאָניע קאָן דערזען אַ פּאָעט, אָדער אַ דענקער וואָס האָט געענידערט אין די טיפסטע תּהומען פון דעם מענטשלעכן לעבן, אָדער איז אויפגעשטיגן אויף די העכסטע בערג פון געפיל און געדאַנק. דאָס קאָן דערזען נאָר דער וואָס האָט געלעבט און געליטן און דאָך אַפילו אין די ליידן זיך נישט פאַרלוירן און שטענדיק אָבסערווירט זיך אַליין ווי פון אַ זייט. אַשעראָוויטש, ווייסן מיר, האָט אין זיין לעבן נישט ווייניק געליטן. ער האָט אויסגעטראָגן אַ באַזונדערן פּיין נאָך אין די שוואַרצע יאָרן פאַרן סאָוויעטישן ייִדנטום, ער האָט זיבן יאָר פאַרבראַכט אין די סטאַלינישע גיהנום־לאַגערן. אָבער אויך אין זיינע ליידן איז ער געווען דער מענטש וואָס קוקט און זעט נישט בלויז זיך, נאָר אויך אָרום זיך; אויך דעמאָלט האָט ער נישט

אויפגעהערט צו גראָבן און צו פרעגן קשיות, קשיות זיך אַליין און אויך קשיות דעם מענטשלעכן גורל. דערפאַר, קאָן זיין, האָט ער זוכה געווען צו זען דאָס גרויסע ליכט אין וועלכן סתירות בינדן זיך און ווידעראַנאַנדן לייזן זיך אויף.

אַשעראָוויטשעס גרויסע פּאָעמעס סיי אויף היסטאָרישע טעמעס, סיי פון זיין אייגענעם לעבן, אָדער פון לעבן פון זיינע נאָענטסטע, גיבן אונדז אַן אַריינבליק אין די אומוואַנדלונגען וועלכע זיין נשמה האָט דורכגעמאַכט ביז ער איז דערגאַנגען צו זיין פּעסימיסטיש־דיכטערישער וועלט־דערקענטעניש. ס'איז אָן שום ספק אַז די איבערלעבונגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, דער אויסראָט פון די זעקס מיליאָן ייִדן דורך די נאַציס און דאָן, די אַנטוישונג אין די וועלכע האָבן אונדז צוגעזאָגט אַ קאָמוניסטישן גן־עדן אויף דער ערד, האָבן געברענגט דערצו, אַז ער זאָל זיך באַציען אַזוי סקעפּטיש צו דעם מענטש און צו זיינע דערגרייכונגען. פון דער אַנדערער זייט ווייסן מיר אָבער אַז אַשעראָוויטש איז, ווי שוין פריער געזאָגט, נישט געוואָרן קיין ציניקער, ווייל מיר דערזעען, אַז ביים קומען קיין ישראל, ביים אַנטרעפן זיך מיט דער ערד וואָס איז די וויג פון דער ייִדישער פאָלקס־אייביקייט, ווערט ער פול מיט התפעלות און עס רייסן זיך פון אים אַרויס טענער פון באַגייסטערונג און גלויבן וואָס מיר האָבן זיי פון אים פריער נישט געהערט.

אין איינעם אַ ליד זיינעם מיטן נאָמען „מאָסן״ זאָגט אַשעראָוויטש: „ניט די ראָל פון שאָטן / נאָר דעם שאָטנס שוואַרצקייט / איז די מאָס צו שאַצן שטאַרקייט פונעם שיין. // ניט צי ס'איז געראָטן, / צי געטאָן כ'האָב האַרציק / אויף אָט דער אָ פראַגע דאַרף דער ענטפער זיין״. ווייסן מיר, אַז טאַקע די שאָטנדיקע שוואַרצקייט, וואָס אַשעראָוויטשן איז באַשערט געווען אויסצוטראָגן, האָט עס געבראַכט צו דער געלייטערטער שיין פון זיין ליד. און וואָס שייך דער פראַגע צו עס איז אים געראָטן, קאָנען מיר ענטפערן, אַז אים איז געראָטן אונדז צו באַווירקן נישט בלויז מיט זיין האַרציקייט, נייערט אויך מיט זיין טיפקייט און ערנסטקייט מיט וועלכער ער צייכנט זיך אויס אין זיין באַציִונג צו דעם פּאָעטישן שאַפן בכלל און צו דעם ייִדיש־דיכטערישן וואָרט בפרט.

# רבקה באַסמאַן

ווען איך זאָל וועלן פּראַקטיצירן דאָס וואָס מען רופט אָן: „שער-בלאַט-קריטיק", וואָלט איך געזאָגט אַז די לידער פון דער דיכטערין רבקה באַסמאַן זענען נישט קיין „צעשאָטענע קרעלן", נאָר זיי זענען, פאַרקערט, קרעלן פון געמיט און געפיל ,וואָס זענען אויפגעצויגן געוואָרן אויף דעם ליכטיקן פאָדעם פון פּאָעטיש-קינסטלערישן רעיון. וואָרעס צעשאָטנקייט רופט ביי אונדז אַרויס אַן אַסאָציאַציע מיט תוהו ובוהו, מיט כאַאָס און אומסדר. רבקה באַסמאַן דאַקעגן שטרעבט אין איר ליד צו התגלות, צו אַנטפּלעקן דאָס פאַרהוילענע און דער עיקר — זי שטרעבט צו יענער האַרמאָניע פון וואָג און מאָס וואָס מאַכט פון ווערטער אַ ליד און פון אַ ליד אַן עליקסיר צו היילן די ווייטיקן פון דעם מענטשנס נשמה.

„ווען עמעצער ווייסט / אַ מאָס, / אַ וואָג / וויפל/ ליד / אַריינגעבן / אין טאָג / אין יעדער שעה / און אויסטרינקען / אַזאַ מין לידשאַפט-עליקסיר, — / וואָלט קיין זאַך מער ניט ווי געטאָן / און אויך דער זון-פאַרגאַנג / וואָלט ניט אַזוי / געוויינט / אין מיר".

האָב איך אָבער נישט ליב קיין שער-בלאַט-קריטיק און דעריבער וועל איך נישט דרשענען דעם נאָמען „צעשאָטענע קרעלן" מיט וועלכן זי האָט אָנגערופן איר נייסט בוך לידער, אגב, דאָס פערטע, וואָס זי האָט ביז איצט אַרויסגעגעבן, און אפשר טאַקע דאָס בעסטע — ווייל דאָס רייפסטע צווישן אירע ביז אַהער דערשינענע פּאָעזיע-זאַמלונגען.

רבקה באַסמאַן האָט זיך ביז איצט אויסגעצייכנט, לפּחות, מיט דריי דיכטערישע אייגנשאַפטן וואָס האָבן דעראָבערט פאַר איר אַ בכּבודיקע פּאָזיציע אין דער נייער ייִדישער ליריק און באַליבט געמאַכט ביי די לייענערס און ליטעראַטור-קריטיקערס איר קנאַפּ-וואָרטיקע, אָבער פיל-זאָגנדיקע לידער. זי האָט זיך אויסגעצייכנט, קודם כּל, מיט אַ לירישער צאַרטקייט וואָס האָט געשאַפן און איר ליד אַ שטימונג פון דערהויבנקייט, אַ שטימונג אין וועלכער די פּשוטסטע און וואָכעדיקסטע ווערטער צעבליען זיך מיט יום טובדיקע פאַרבן און מיינען. זי האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט אַן עלעגיש-מוזיקאַלישן מיגאָר וואָס האָט וווּנדערלעך האַרמאָניזירט מיט אירע פּאָעטישע רעטשיטאַטיוון. זי

* רבקה באַסמאַן: צעשאָטענע קרעלן פאַרלאַג „ישראל-בוך", תּל-אביב 1982. הילע און פּאָרטרעט: מולאַ בן חיים.

האָט זיך, לסוף, אויך אויסגעטיילט דערמיט וואָס, כאָטש איר וואָרט איז תּמיד צאַרט און שטיל ווי אַ הויך אויף אַ שפּיגל, האָט עס אָבער דעס כּוח צו ווענדן אונדזערע בליקן אין יענער זייט ווו די דיכטערין ווייזט אונדז איר וויזיע פון וואָר און חלום...

אָט איז אַ ליד פון איר נייסטן בוך, וואָס צייכנט זיך אויס מיט די אַלע דריי אייגנשאַפטן:

„מיר האָבן זיך ניט אויסגעלערנט לעבן, / מיר האָבן זיך ניט צוגעוווינט צו שטאַרבן, / מיר ווערן אָוונטיק / ווען ס'בייטן זיך פון טאָג די פאַרבן. // מיר קאָנען ניט מיט זיך אַליין פאַרבלייבן, / און זוכן שכנים, פרעמדע טירן, / מיר זוכן ווו די צייט פאַרטרייבן / און זוכן ווו דעם טאָג פאַרלירן. / און זוכנדיק, פאַרלירן מיר די יאָרן / און פאָרן איבער ימען זיי געפינען, / נאָר אומעטום באַגלייט אונדז דער זכרון, / מיר קאָנען פון זיין שליטה ניט אַנטרינען. / מיר האָבן זיך ניט אויסגעלערנט לעבן, / און ווייסן ניט ווי זיך אַליין צו היילן; / די גרויסע נאַכט וואָס קומט אונדז ליבשאַפט געבן / איז טויב צו אַלץ וואָס מיר דערציילן.“

ס'איז אַ ווונדערלעכע ליריש-פילאָזאָפישע לעבנס-דערקענטעניש וואָס איר קהלתדיקער סך־הכּל איז אויסגעזונגען מיט שיר־השירימדיקער אָריגינאַליטעט. ס'קען זיין אַז די דערקענטעניש גופא איז נישט קיין נייע, ווייל זי איז אַזוי אַלט ווי אַלט עס איז דעם מענטשנס זוכן אַן ענטפער אויף די פראַגן פון זיין... אויף דעם זין פון זיין... אָבער אַרויסגעבראַכט זענען די דאָזיקע פראַגן מיט די דריי אייגנשאַפטן וואָס כאַראַקטעריזירן דער דיכטערינס טאַלאַנט און דער עיקר — מיט איר אייגנאַרטיקייט.

כּמעט אַלע אירע לידער זענען אַזעלכע טיפּזיניקע ליריש־פילאָזאָפישע לעבנס-דערקענטענישן וואָס מען קומט צו זיי אי דורך אַ לאַנג אַריינטראַכטן אין די סודות פון די מעשׂי־מרכּבה וואָס באַשטימען די גרענעצן און די געזעצן פון דער עקזיסטענץ, אי דורך אַן אויפבליץ פון געדאַנק אָדער חזיון, וועלכע מאַכן אונדז זען זאַכן און דערשיינונגען אין אַ נײַ ביז איצט נישט געזען ליכט. פאָרט — וויפל מיר זאָלן נישט ווערן פאַרבליפט פון דער דערקענטעניש גופא, ווערן מיר אָבער נאָך מער באַווירקט און אויפגערודערט דורך דעם אופן ווי די דיכטערין ברענגט זי אַרויס, צי גאָר — ברענגט זי אַריין אין אונדזער געמיט.

„פאַר וועמען / בליט אַ בלום / אין אַ פאַרלאָזטן גאָרטן? / ניטאָ קיין פויגל, / ניט קיין גראָז / און קוים די זון — / פאַר וועמען / בליט זי דאָרטן / צווישן שפּליטערס / גלאָז און שטיין: / זאָל זיין / פאַר זיך /אַליין?“

אין רבקה באַסמאַנס דיכטערישן אופן פון דערזען די וועלט און דאָס לעבן איז פאַראַן אַ סך חידוש. ס'איז אַפילו פאַראַנען אין אירע לידער אַן אחד משישים

פון איבערראַשנדיקייט אָדער פּאַראַדאָקסאַלקייט. אַט דערציילט זי אונדז פון איר אַנטדעקונג אַז „אויף לידער / זיינען טראַפּנס היילונג, / מען טרינקט זיי ביזן דנאָ — / און לייכטער ווערט שוין צו דערציילן / אַז היילונג איז ניטאָ”. יאָ, לידער זענען היילונג כאָטש קיין היילונג איז אין דער אמתן נישטאָ. אין רבקה באַסמאַנס לידער זענען פאַראַן אַ סך אַזעלכע מאָמענטן ווען אונדז ווערט קלאָר אַז יאָ און ניין זענען אָפּט איינס און דאָס זעלביקע און זענען גאָר קיין סתירה נישט. אין איינעם פון אירע לידער זאָגט זי: „אין אַזאַ שעה / קאָן מען געדענקען / אַזוינס, וואָס איז נאָך נישט געשען, / וועט ניט אויפהערן זיין — / איז ניט געווען”.

צו דער כאַראַקטעריסטיק פון רבקה באַסמאַנס פּאָעטישן מהות דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן אַז, כאָטש אין אירע לידער דאָמינירט דער אינטעלעקטועל־מעדיטאַטיווער עלעמענט וואָס דערזינגט זיך אָפּט מאָל ביז צו עפּיגראַמאַטישקייט (ווי מיר זעען עס אין דעם נאָר וואָס ציטירטן ליד), ווירקט זי אָבער אויף אונדז מיט די ריינסטע מיטלען פון דער עמאָציאָנעלער ליריק און דאָס הייסט: מיטן רעדן צו אונדזער געפיל, צו אונדזער געמיט און צו אונדזער שטימונג. אירע לידער האָבן אין זיך אַ סך ליכטיקע געדאַנקלעכקייט, אָבער זיי האָבן אין זיך אויך דעם שאָטן פון אומבאַשטימטקייט, אויב נישט צו זאָגן: פון מיסטישקייט. דער עיקר: איר וואָרט האָט נישט אין זיך די קאַלטקייט פון דער ראַציאָ, נאָר די וואַרעמקייט פון דער עמאָציע און דאָס ברענגט דערצו, אַז נאָך איידער מיר פאַרשטייען איר ליד, דערפילן מיר עס און לאָזן זיך דערפון באַווירקן.

מיר האָבן אָקאָרשט דערמאָנט דאָס וואָרט „מיסטישקייט” אין די לידער פון רבקה באַסמאַן. דער אמת איז אַז דאָס דאָזיקע וואָרט איז נישט פאַראַן אין קיין איינס פון אירע לידער און דאָך איז אין די לידער יאָ פאַראַן דער איידעלער בלויער שאָטן פון יענער אומבאַשטימקייט וואָס מען קען זי אַנדערש ווי מיסטיש נישט באַצייכענען. פאַר אַ ביישפּיל לאָמיר ציטירן איין ליד פון אַ סך: „אויף נאַכטיקע וועגן / בענקט שאָפּען. / זיינע טריט / ווערן קלאַנגען / וואָס קלינגען אַריין / אין מיין בלוט. / די לבנה דערקענט מיך / און קומט מיר דערמאָנען / די שלאָפלאָזע נעכט / פון קראַנקע פּאָעטן, / וואָס קומען זיך היילן / צו קוואַל פון מוזיק.”

כ׳האָב פריער געזאָגט אַז דאָס בוך „צעשאָטענע קרעלן” איז דאָס רייפסטע אין רבקה באַסמאַנס דיכטערישן אָפּשפּאַר, פאַר וואָס איז עס דאָס רייפסטע? דערפאַר ווייל די דיכטערין האָט, לויט מיין מיינונג, אין אירע לידער געפונען דעם קורצסטן וועג צו דער אַנטפּלעקונג פון איר דיכטערישער פּערזענלעכקייט. עלוזאַ לאַסקער־שילער האָט אַ מאָל געזאָגט אַז זי זינגט נאָר וועגן זיך, ווייל זיך קאָן זי צום בעסטן... אַ שעפערישער מענטש זוכט אַמאָל אַ גאַנץ לעבן ביז ער קומט צו דער דאָזיקער אַליין־דערקענטעניש וואָס גיט האָפט און קראַפט,

וואַגיקייט אוןווערטיקייט זיין שאַפן. מיר דאַכט אַז די דאַזיקע מדרגה פון אַליין־דערקענטעניש האָט רבקה באַסמאַן איצט דערגרייכט און טאַקע דאָס גיט צו רייפקייט און צייטיקייט איר ליד און געזאַנג.

דאָס וויל נישט זאָגן אַז אויפן וועג צו דער אַליין־דערקענטעניש מוז דער דיכטער נאָר רעדן און זינגען וועגן זיך און דערצו אויף אַ דירעקטן אופן. ניין, כאָטש דאָס איז בדרך כּלל זייער אָנגענומען אין דער דיכטונג, איז אָבער אַזאַ כּסדרדיק פיקסירט זיין אויף זיך אַליין עלול צייטנווייז אַראָפּצופירן דעם פּאָעט פון ריכטיקן וועג און אים דערפירן צו אַ קרענקלעכן נאַרציסיזם אין וועלכן עס שטעלט זיך צווישן אים און דעם לייענער אַ וואַנט נישט דורכצודרינגען. ס'איז טאַקע ריכטיק אַז דער פּאָעט דאַרף קודם־כּל אַנטפּלעקן זיך אַליין, זיין אינערלעכע וועלט, זיין חלום און זיין וואָר. אָבער ער דאַרף פון דעסטוועגן רעדן אַזוי אַז דאָס וואָרט, דאָס פּאָעטישע וואָרט זאָל ווערן אַ בריק צווישן אים און דעם לייענער און מהאי טעמה האַלט איך אַזוי קנאַפּ פון דער אַזוי גערופענער הערמעטישער פּאָעזיע, וואָס פּאַראַדירט דערמיט וואָס זי איז אַזוי פאַרשלאָסן אין זיך, אַז דער לייענער קען קיין מאָל נישט אַריינדרינגען אין אירע דלת־אמות.

געלויבט איז גאָט! רבקה באַסמאַן געהערט נישט צו דער דאָזיקער שיטה. זי זינגט טאַקע וועגן זיך, אָבער זי זינגט מער אומדירעקט ווי דירעקט. דער לייענער קאָן תּמיד געפינען אין איר ליד אויך זיך מיט זיינע שטימונגען, געפילן און געמיט־צושטאַנדן. איר דיכטערישע אייגנאַרט, איר אָריגינאַליטעט שטערט נישט דעם אויפנעם פון אירע לידער. פאַרקערט, דווקא די דאָזיקע אָריגינאַליטעט ברענגט דעם לייענער ער זאָל זיך ביי אירע לידער פאַרטראַכטן, ער זאָל זיך אין זיי פאַרטיפן, ער זאָל זיי פאַר זיך צעעפענען און באַשיידן.

כ'האָב אָנגעהויבן מיט דעם וואָס כ'האָב געזאָגט אַז דער נאָמען פון בוך „צעשאָטענע קרעלן" איז לויט מיין דעה נישט זייער פּאַסיק פאַר די לידער אין דער דאָזיקער זאַמלונג. ווייזט זיך אַרויס אַז דער דאָזיקער נאָמען נעמט זיך פון דעם ווילן מרמז צו זיין אויף די טעג וואָס זענען אַוועק און מען קאָן זיי מער נישט אויפקלייבן, אויף די יאָרן וואָס זענען פאַרביי און מען קאָן זיי מער נישט אומקערן. דאָס זוכן די פאַרגאַנגענהייט, איבערהויפּט דעם „פאַרלוירענעם גן־עדן פון דער קינדהייט", איז איינע פון די מעכטיקסטע אימפּולסן אין דיכטערישן שאַפן פון דעסטוועגן — ווי עס זאָל נישט זיין — קיין צעשאָטענע קרעלן זענען אירע לידער געוויס נישט. זיי זענען טאַקע אַוועק, די יאָרן, און מען קען זיי נישט צוריק ברענגען. זיי האָבן אָבער דער דיכטערין און די ליבהאָבערס פון דער יידישער פּאָעזיע מזכּה געווען מיט פּאָעטישן אָפּשפּאָר וואָס בלייבט און וועט בלייבן מיט אַ באַזונדערקייט פון חן אין דער סימפאָניע פון דער יידישער ליריק.

# „מיינע אינטימע מינוטן” פון משה בערנשטיין

קינסטלער וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט צוויי קונסט־אינסטרומענטן, אָדער האָבן זיך געפונען אונטער דער השראה פון צוויי טאַלאַנט־מוזעס זענען אין דער געשיכטע באַקאַנט נישט ווייניק. באַזונדערס געבענטשט מיט אָט די צוויי מוזע־קינסטלער איז געווען די רענעסאַנס־עפּאָכע וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע גרויסע מאָלער וועלכע זענען אויך געווען גרויסע פּאָעטן, אָדער גרויסע סקולפּטאָרן וואָס האָבן אַנטפּלעקט נישט־דורכשניטלעכע באַגאַבונגען אויפן שטח פון וואָרט, מוזיק און אַפילו וויסנשאַפט. דער אויסדרוק „אַ רענעסאַנס־פּערזענלעכקייט” איז דעריבער געוואָרן דער שם נרדף פאַר אַ פילזייטיקער טאַלאַנטירטקייט וואָס האָט אויף פאַרשידענע קונסט־פעלדער דערגרייכט צו וויכטיקע שעפערישע רעזולטאַטן.

וואָס האָט געברענגט דערצו אַז אַזאַ גרויסער קינסטלער ווי מיקעל אַנדזשעלאָ זאָל פון צייט צו צייט אַוועקלייגן די דלאָט און דעם פּענדזל, כּדי צו נעמען אין האַנט אַריין די פעדער און שרייבן סאָנעטן ? וואָס האָט געבראַכט אַזאַ שרייבער ווי ערנסט טעאָדאָר אַמאַדעוס האָפמאַן (ער איז אויך געווען אַ קאָמפּאָזיטאָר) אַז ער זאָל זיך נישט באַגנוגענען מיטן וואָרט נאָר אויך מאָלן בילדער ? זעט אויס אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט פענאָמענען וואָס האָבן, טראָץ זייערע גרויסע דערגרייכונגען אויף איין קונסטגעביט, דאָך געהאַלטן אַז זיי זענען אין דעם דאָזיקן געביט נישט געקומען גענוג צום אויסדרוק; אַז עפּעס פון זייער קינסטלערישן „איך” איז נאָך געבליבן נישט אַנטפּלעקט, אָדער אַז אַ באַשטימטער טייל פון זייער אַפּעל צו די מיט־מענטשן איז נאָך געבליבן נישט דערזאָגט. צוליב אָט די מאָטיוון, אַ פּנים, האָבן זיי זיך געוואָרפן צו אַנדערע קינסטלערישע מעדיומס דורך וועלכע זיי האָבן געוואָלט ממלא זיין דאָס וואָס זיי האָבן אין איין קונסט־שטח נישט געקענט אַרויסברענגען.

דאָס וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן מיקעל אַנדזשעלאָ, צי וועגן פון ע.ט.א. האָפמאַן, איז נוגע אַ גאַר גרויסע צאָל באַרימטע נעמען סיי אין דער וועלט־ליטעראַטור, סיי אין דער וועלטקונסט. ס'איז גענוג צו פאַרצייכענען אַז אויך די באַרימטע דיכטערס געטע און שילער האָבן געמאָלן און געצייכנט, ווי אַמאַטאָרן, פאַרשטייט זיך. און לאָמיר דאָ ווייטער דערמאָנען אַ טייל פון די דאָזיקע נעמען וואָס האָבן אין דער מאָלעריי נישט דערגרייכט די קינסטלערישע

מדרגות וואָס זיי האָבן דערגרייכט אין דער פּאָעזיע, אָדער אין דער פּראָזע און אויף פּאַרקערט. דאָך האָבן אַ סך פֿון די שרייבערס נישט באַטראַכט דאָס מאָלן זייערס ווי אַ זייטיקן האָבי און דעסגלייכן האָבן אויך די פּלאַסטישע קינסטלערס נישט באַטראַכט זייער שרייבן ווי עפּעס וואָס ברענגט נישט צום אויסדרוק זייער קינסטלערישע פּערזענלעכקייט.

ובכן מיינען מיר אַז געמאָלן און געצייכנט האָבן חוץ די שוין פריער דערמאָנטע אויך טאָמאַס מאַן און פראַנץ קאַפקאַ, געמאָלן האָט גאָטפריד קעלער און הערמאַן העסע, פרידריק דירענמאַט און היינריך מאַן, וויספּיאַנסקי און אייכענדאָרף, ווילהלם ראַאַבע און אכום פון ארנים, שאַמיסאָ און רילקע, אַרנאָלד צווייג און נאָך אַנדערע. אויך ביי ייִדן האָבן מיר אַ ריי שרייבערס וואָס האָבן געמאָלן ווי למשל משה לייב האַלפּערן, בער האָראָוויץ, עכטן מאָלערישן טאַלאַנט האָט אַנטפּלעקט אפרים קאַגאַנאָווסקי. געמאָלן אָדער געצייכנט שערבלעטער האָט אויך משה בראָדערזאָן, מלך ראַוויטש, י. י. זינגער, חיים לייב פוקס, ישראל ראַבאָן, מענדל מאַן, אלחנן וואָגלער, באָרווין־פּרענקעל, יצחק ליכטענשטיין, אָסיפ דימאָוו, שאול ראַסקין, הענעך קאָן און נאָך. פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר אַזאַ מאָלער ווי מאַרק שאַגאַל, וואָס האָט ווי מיר ווייסן, געשריבן לידער אין ייִדיש. יאָני פיין — אַ מאָלער אין אַמעריקע — שרייבט לידער. יאָסל קאָטלער און זוני מאַוד האָבן געשריבן, געצייכנט זייערע מאַריאָנעטן און יעקב מיטלער, אַ קרעפּטיקער מאָלער, האָט געשריבן מאמרים וועגן קונסט. יעקב ראָטבוים איז באַקאַנט ווי אַ מאָלער און רעזשיסער. און די אַ נעמען זענען נאָך ווייט נישט אַלע וועלכע מען וואָלט על־פּי־יושר געדאַרפט מצרף זיין צו די קינסטלערס וואָס, האָבן געפילט אַ נויטווענדיקייט צו ברענגען זיך צום אויסדרוק מער ווי אין איין קונסטפאָרם.

אויך אונדזער משה בערנשטיין געהערט, זעט אויס, צו די דאָזיקע אומרויקע און אומצופרידענע שעפער וואָס האַלטן אַז דער מאָלערישער מעדיום איז ערגעץ־ווו באַגרענעצט און דערלאָזט נישט איבערצוגעבן דאָס אַלץ וואָס דער קינסטלער האָט צו זאָגן צו זיינע מיטמענטשן וועגן זיין אינערלעכער וועלט, וועגן זיינע נשמה־ווייטיקן און וועגן זיינע חלומות.

אָט דער דאָזיקער אומצופרידנקייט האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען זיין ווענדן זיך צום דיכטערישן וואָרט דורך וועלכן ער וויל ממלא זיין דאָס וואָס קאָן נישט אויסגעדריקט ווערן דורך פאַרב און ליניע, מיט דער הילף פון פענזל אָדער בלייער.

אַן עדות דערפון איז זיין אַלבום פון לידער און שוואַרץ־ווייס־צייכענונגען אונטערן נאָמען „מיינע אינטימע מינוטן" וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט צו פייערן דעם 25יעריקן יובל פון זיין קינסטלערי־שער טעטיקייט.

עס איז אַ גרויסער פּראַכטיק אַרויסגעגעבענער אַלבום, אין דריי הונדערט נומערירטע עקזעמפּלאַרן, אין וועלכן די לידער זענען נישט געדרוקט, נאָר געכתיבהט דורך אַ סופר סת״ם און, פאַרשטייט זיך, אַז יעדעס ליד איז באַגלייט און אילוסטרירט דורך אַ צייכענונג פון גרויסן מאַלערישן ווערט.

איז דאָס אָבער ריכטיק אַז די צייכענונגען אין בוך זענען אילוסטראַציעס צו די לידער? ניין, נישט אַלעמאָל. וואָרים אין פיל פאַלן האָט מען דעם איינדרוק אַז די לידער זענען גאָר דער וואָרט־פּאָרטרייטש פון דעם וואָס עס ווילן אונדז זאָגן די בילד־צייכענונגען אין דעם דאָזיקן אַלבום.

אויף יעדן פאַל ווערט אונדז קלאָר אַז כאָטש מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט צוויי באַזונדערע קונסט־אויסדרוקן זענען זיי אָבער צווישן זיך אַזוי אָרגאַניש פאַרבונדן אַז טיילמאָל איז שווער צו זאָגן ווער פון זיי עס שפּילט די ערשטע פידל און ווער — די צווייטע.

דער אמת איז אַז מען מוז זיי ביידע נעמען צוזאַמען, ווי איין גאַנצקייט. זיי דערמאָנען אונדז אַ סאָנאַטע פאַר פידל און קלאַוויר אין וועלכער דער לייט־מאָטיוו גייט אָפּט איבער פון איין אינסטרומענט צום צווייטן.

„מיינע לידער — שרייבט משה בערנשטיין אין זיין הקדמה צו דער אויסגאַבע — זענען עכאָס פון בלוטיק־פאַרגאַנגענע וויטן, אומרואיקע מינוטן, איינזאַמע שעהען פון אַ ווייענדיק האַרץ״.

און ווייטער אין דער זעלביקער הקדמה: „די לידער זענען טראָפּנס טרערן פון מיין צעווייטאָגטער נשמה און שטילן אומעט״.

דאָס זעלביקע „לייענען״ מיר אַרויס פון זיינע בילדער, הגם זיי רעדן צו אונדז אָן ווערטער.

אויך ווען בערנשטיין ווענדט זיך שוין צום וואָרט כּדי מיט זיין הילף פאַר אונדז צו אַנטפּלעקן די געפילן וואָס ברויזן אין אים, בלייבט ער דער מאָלער וואָס זיין סטיכיע איז דאָס רעדן דורך שווייגן.

„אין דעם ווילדן ווערטער־וואַלד
וועל איך אויסשווייגן מיין עלנט.
די שקיעה אין איר פאַרגיין
איז דאָס געמאָלענע בילד פון נישט געזעענעם מייסטער
וואָס מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרשטיין
פון וואַנען צויבערט זיך דער כּוח אומבאַוווסטער״.

האַרמאָניע דערגרייכט בערנשטיין ווען זיין וואָרט און זיין בילד קומען זיך צונויף אין דער אַטמאָספער פון דער לירישער איבערלעבונג וואָס אָטעמט אויף אונדז מיט תּפילה:

„און אַז קומען וועט דער טאָג
פון רחמים און פאַרגעבונג,
און אַז קומען וועט ער —
וועל איך שטיין פאַר אים,
ווי אַ שפּעטע בלום אין האַרבסט
מיט אַ פּנים אַ ליקוי חמה,
מיט אַ פּול האַרץ געבעט,
שעפּטשענדיקע ליפּן,
צאַנקענדיקע אויגן.
כ׳וועל שטיין אַזוי,
פאַרוויקלט אין מיין תּפילה
מיט זיך אַליין.
נישט קיין יום הדין,
נאָר אַ ריינער האַרציקער טאָג
פון רחמים און פאַרגעבונג".

משה בערנשטיין איז דער זינגער און מאָלער פון דער פאַרגאַנגענער, בלוטיק אומגעבראַכטער וועלט אין וועלכער עס האָט זיך געפונען זיין היים. די געשטאַלטן פון זיין היים, די נאָענטע וועלכע זענען דאָרט אומגעקומען — זיי לעבן אין זיין קינסטלערישן זכרון און זיי זוכט ער צוריק אויפצולעבן אין זיין בילד. זיין וויי איבער זייער אומקום באַקלאָגט ער אין זיין ליד.

איך טראָג זיי ביז היינט ווי הייליקע שמות
פאַרבאָרגן אין איינעם
מיט מיין גאַנצער בענקשאַפט
מיין ווייסינקע פאַרברענטע מאַמע.

אין אַן אַנדער ליד דערמאָנט ער זיך מיט צער:

„אַמאָל אין דער פרעמד
האָסטו בריוו מיר געשיקט;
האָבן דיינע צעפליגלטע אותיות
ווי טויבן געוואָרקעט אין מיין האַרץ".

בערנשטיין אַנטפּלעקט פאַר אונדז וואָס ער לעבט איבער אין זיינע אינטימע מינוטן אָבער די איבערלעבונג גופא האָט צו טאָן נישט בלויז מיט זיין אינטימקייט, מיט אונדזער אַלעמענס צער און מיט אונדזערע אַלעמענס חלומות וואָס דיווירקלעכקייט האָט אומברחמנותדיק אַראָפּ זייערע קעפּ. דער אופן פון

איבערלעבן איז אַ יחידישער, אָבער דאָס איבערגעלעבטע איז נוגע דעם כּלל, דעם געראַטעוועטן פון גרויסן פייער.

פאַרענדיקן די דאָזיקע קורצע באַמערקונגען וועגן דער דאָזיקער אויסגאַבע וויל איך מיטן ציטירן אַ ליד געווידמעט דעם ווילנער דיכטער אלחנן וואָגלער, ז״ל:

„ס׳איז דיין פּנים אַ טרויער־מגילה;
דו טראָגסט אים דורך שריפות, וואָגל און צאָרן,
פאַרגאַרטלט מיט ווינט און דיין איינזאַמער תּפילה,
דו האָסט זיי געלייטערט דורך בלוטיקע יאָרן.
דו איינזאַמער זינגער פון פייגל און טראַקטן,
פון פעלדער באַטויטע אין בלאָע קאַיאָרן,
איצט ליגט דיין בעריאָזע מיט אַ קאָפּ אָפּגעהאַקטן
און ס׳דוכט זיך אירביידע בלוטיקט פאַרלאָרן״.

מען וואָלט געקענט נאָך אַ סך ציטירן פון בערנשטיינס „אינטימע מינוטן״־לידער, אָבער מען דאַרף דאָס נישט טאָן, ווייל די דאָזיקע לידער דאַרף מען לייענען צוזאַמען מיט די בילדער־צייכענונגען, פּונקט ווי מען דאַרף די בילדער־צייכענונגען אויפנעמען צוזאַמען מיט די לידער.

# בינם העלער

## (צו זיין ווערן אַ בן־שבעים)

דער פּאָעט בינם העלער געהערט צום לעצטן דור פּאָעטן וואָס דאָס ייִדישע פּוילן האָט אַרויסגעגעבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָס איז דער דור פון יונג־ווילנע, פון חיים סעמיאַטיצקי, רייזל זשיכלינסקי, נחום באַמזע, משה שימעל און אַנדערע.

בינם העלער האָט צווישן די אַ פּאָעטן פונעם דור פאַרנומען אַ גאָר חשובע און אייגענע פּאָזיציע. מע קאָן אַפילו זאָגן, אַז וואָס שייך דעם רעזאָנאַנס פון זיין שאַפן האָט ער איבערגעשטיגן אַ היפּשע צאָל פון זיינע מיטצייטלערס און אַפילו אַ ריי פּאָעטן פון די פריִערדיקע דורות.

בינם העלער האָט, מיין איך, זיין דיכטערישע פּאָזיציע געהאַט צו פאַרדאַנקען צוויי מאָמענטן: 1. וואָס מען האָט אין אים געזען אַן אויטענטישן און אָריגינעלן ליריקער; 2. וואָס אין זיין שאַפן האָט ער געבראַכט צום אויסדרוק דאָס געמיט פון זיין אויפגעבראָזטער צייט.

פּאַטאָס און ליריק זענען שוִער נישט קיין תּרתּי דסתרי, מחמת פּאַטאָס איז רעטאָריק און ליריק איז געזאַנג. מוז מען זיך טאַקע וווּנדערן ווען מען זעט ווי ביי בינם העלער זענען די דאָזיקע צוויי עלעמענטן אַזוי ענג געבונדן אין זיין שאַפערישקייט, אַז זיי ווערן אין זייער האַרמאָניע דער סימן־מובהק פון זיין פּאָעטישן סיגנון, אָדער דער ספּעציעל כאַראַקטעריסטישער קענצייכן פון זיין דיכטונג.

ווען מען רעדט וועגן פּאַטאָס און ליריק און זייער קאָליזיע אינעם דיכטערס ליד מיינט מען נישט בלויז דאָס וואָס יעקב גלאַטשטיין האָט אַ מאָל באַצייכנט ווי געזאַנג און געזאָג אין דער פּאָעזיע, ווייל מיר זענען דאָך שוין אַלע, אָדער כּמעט אַלע, מסכּים, אַז דאָס זאָגערישע אין דער פּאָעטישער יצירה, דאָס פּראָזאַישע אין דער פּאָעזיע איז ווי דער שטאָף וואָס אַ דאַנק אים ווערט געהאַרטעוועט און געקרעפטיקט דאָס איידעלע גאָלדמעטאַל. במילא האָבן מיר שוין לאַנג שלום געמאַכט מיטן געדאַנק אַז קיין שום עלעמענט אין דער דיכטונג איז נישט פּסול אויב ער דינט נאָר דער גאַנצקייט און דער האַרמאָניע פונעם ליד.

ווען מיר רעדן אָבער וועגן ליריק און פּאַטאָס ביי העלערן און וועגן דער

הארמאָנישער מזיגה וואָס זיי דערגרייכן אין זיין פּאָעזיע, רעדן מיר וועגן אַ פּאַטאָס וואָס ס׳איז גאָר זעלטן אַז מען זאָל אים קענען פּאַראייניקן מיט ליריק. דער ווונדער באַשטייט אין דעם, וואָס בינם העלער האָט עס יאָ באַוויזן, און ווען מיר לייענען היינט זיינע לידער פון מיט פערציק אָדער מיט פופציק יאָר צוריק — לידער פון דורכאויסיקן סאָציאַלן און פּאָליטישן פּאַטאָס — ווערן מיר נאָך אַלץ באַווירקט פון דעם לירישן שטראָם אין זיי.

לאָמיר נעמען פאַר אַ דוגמא בינם העלערס אַ ליד וואָס איז געשריבן געוואָרן קנאַפּע פופציק יאָר צוריק, דאָס ליד הייסט „ביים בוג" און ס׳איז געשריבן געוואָרן אין ביאַליסטאָק אין די טראַגישע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה:

אַ, ליד מיינס, איך האָבן דיך געצוימט!
זיי רויק — פאַר פליגל פון טרוים
פאַראַן איז נאָך שטח גענוג —
דערווייל ליגט געפרוירן דער בוג.
— — — — —
איך ווייס, אַז פאַרשטשעמען די ציין
איז שווער, ווען מען הערט אַ געוויין
פון יענער זייט גרענעץ זיך רוקט,
דאָך דאַרף מען איצט וואַכן ב׳יים בוג.

(ביים ראַנד ז׳ 7)

כ׳געדענק נאָך דעם שטאַרקן רושם וואָס דאָס ליד האָט געמאַכט בעת מיר האָבן עס געלייענט, צי גאָר געהערט לייענען און כ׳מוז מודה זיין אַז כאָטש ביים היינטיקן טאָג זענען מיר אַ טייל וועגדונגען אינעם ליד שוין נישט פאַרשטענדלעך און איך ווייס נישט אויף וואָס דער פּאָעט איז מיט זיי מרמז (און אויב איך ווייס יאָ, וואַרף איך זיי אָפּ ווי אומבאַשטעטיקטע דורך די דערפאַרונגען פון די שפּעטערדיקע יאָרן) האָט זיך אָבער דער אַראָמאַט פונעם ליד נישט אויסגעוועפּט. עס איז געבליבן אין דעם ליד דער ספּעציפישער העלערישער ניגון וואָס זינגט זיך מיט כּמעט־געשלאָסענע ליפּן; אַ ניגון אין וועלכן עס זענען פאַרקנאָטן התלהבות מיט ליריק, דבקות און האַרציקע געזאַנגיקייט.

✶

אַ באַזונדערער קאַפּיטל, און זייער אַ געהויבענער, אין בינם העלערס שאַפן, זענען די לידער זיינע וועגן דעם חורבן אונדזערן וואָס ער האָט אין יאָר 1973 צוזאַמענגענומען און אַרויסגעגעבן אין איין באַנד א״נ **אין וואַרשעווער געטאָ איז חודש ניסן.**

די חורבן-טעמאַטיק און די טרויער-לידער פאַרנעמען אַ גרויס און באַזונדער אָרט אין בינם העלערס דיכטערישן אָפּשפּאָר. זיינע לידער פון צער און צאָרן איבער דעם אומקום פון אונדזערע זעקס מיליאָן פאַרנעמען אָבער אויך אַ גרויס אָרט אין אונדזער יזכור-דיכטונג, אין אונדזער ווײַלירִיק וואָס איר באַגלייט־מאָטיוו איז דער גרויסער נאַציאָנאַלער קדיש נאָך אַן אומגעבראַכט פאָלק.

ווי דערמאָנט, האָט העלער אַלע זיינע לידער וועגן חורבן געזאַמלט אין איין באַנד און אים אָנגערופן מיטן נאָמען פון זיין באַרימט געוואָרן ליד „אין וואַרשעווער געטאָ איז (איצט) חודש ניסן". דאָס דאָזיקע ליד וואָס איז באַוווסט בכל-תּפוצות־ישׂראל און איז אַריין אין אונדזער נייעם ייִדיש-וועלטלעכן קולטור-מחזור, איז אָבער נישט דאָס איינציקע וואָס העלער האָט געשאַפן אין די יאָרן פון ייִאוש און פּיין. שוין אין יאָר 1942 זענען צום דיכטער אין זיין וואָגל איבער די שטעט פון ווייטער אַזיע דערגאַנגען ידיעות וועגן דער רציחה איבער אונדזער פאָלק און ער האָט אין דעם פּרט נישט געוואָלט זיך מאַכן קיין שום אילוזיעס, כאָטש דאָס דערזען און דערפילן דעם דאָזיקן גרויליקן אמת האָט פאַרפּייניקט זיין גוף און דול געמאַכט זיין גייסט.

רויט איז דער הימל, שוואַרץ איז דאָס גראָז,
פעלדער מיט נאַקעטע ביינער פאַרזייט.
קברים אויף קברים, אויף לענג און אויף ברייט,
רויט איז דער הימל, שוואַרץ איז דאָס גראָז,
אַלט איז די תּפילה. פאַר וואָס, אוי פאַר וואָס?

(אין וואַרשעווער געטאָ איז חודש ניסן, ז' 25)

דאָס איז נאָך איינס פון אַ סך לידער אין העלערס שאַפערישן אָפּשפּאָר. אין זיינע חורבן-לידער דערהייבט זיך בינם העלער צו דער הייך פון אַ נאַציאָנאַלן מקונן און זיין דיכטעריש וואָרט גייט אויף צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַל שליחות. אין די דאָזיקע לידער איז פאַראַן נישט בלויז וויגעשריי, נאָר אויך נביאישע וויזיע און נישט בלויז טרויער און פּראָטעסט, נאָר אויך רוף צום קאַמף און סטימול פאַרן ווייטערדיקן לעבן.

✶

ווען בינם העלער איז אַוועק פון פּוילן און זיך באַזעצט אין מדינת ישׂראל איז זיין פּאָעטיש שאַפן אַוועק איבער צוויי רעלסן: חשבון-הנפש, ווי אויך פּיין-רעוויזיע בנוגע דעם עבר און עקשנותדיקער אָנשטרענג זיך איינצוואָרצלען אין דעם נייעם לעבן און צו געפינען דערין אַ נייע אמונה. די דאָזיקע צוויי מאָמענטן האָבן אַבסאָרבירט זיין דיכטערישע שעפערישקייט אויפן ישׂראלדיקן באָדן שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין באַריר מיטן לאַנד.

אויך אין זיין בוך אַ בוים אין אָוונט זענען די דאָזיקע צוויי מאָמענטן נאָך גאַנץ אַנזעעוודיק, אָבער זיי הערשן שוין נישט איבער זיין ליד אַזוי טאָטאַל ווי אין די פריִערדיקע לידער.

אָנגעהויבן פון דעם דאָזיקן בוך, אַזוי דאַכט מיר, נעמט דער פּאָעט מאַכן אַ טיפערן לעבנס־סך־הכּל, אַ סך־הכּל דורך וועלכן ער וויל באַשיידן די גרויסע, די אייביקע רעטענישן פון מענטשלעכן זיין.

אין גלוסט צו אָט דעם פילאָסאָפישן סך־הכּל דערזעט ער מיט אַ מאָל אין אַ ניי ליכט דאָס מענטשלעכע וואָרט — דעם הויפּט־אינסטרומענט פון דער דיכטערישער יצירה.

גענוג! מיר זענען שוין דערעסן און דערווידער
די רייד ווי אויסגעדראָשענע ציטאַטן,
איך ראַנגל זיך אַליין אין מיינע לידער —
און לויף אַרום אין זיי ווי צווישן קראַטן.

(אַ בוים אין אָוונט ז׳ 8)

ס׳איז אַ שווערער מאָמענט אין לעבן פון איטלעכן דיכטער, וואָס דערזעט די הילפלאָזיקייט פון דער שפּראַך, די פאַרפירערישקייט פון דעם מענטשלעכן וואָרט וואָס גיט נישט בלויז נישט איבער דעם מיין פון שאַפער, נאָר פאַרוואַנדלט זיך גאָר אָפט אין זיין תּפיסה וואָס האַלט אים געפאַנגען מיט די אַליין־געשאַפענע קראַטן. דאָס איז אַ מאָמענט פון ייִאושדיקער לעבנס־דערקענטעניש און די אַ ייִאושדיקע לעבנס־דערקענטעניש קומט אויך צום אויסדרוק אין זיין ליד „אני מאמין״:

איך פּרוּוו דאָס אַלטע לעבן נאָך פאַרריכטן,
איך לייג דערויף אַ לאַטע נאָך אַ לאַטע,
איך מוז נאָך אַלץ אויף עמעצן זיך ריכטן,
ווי אויף משיחן אַ מאָל — דער טאַטע.

(אַ בוים אין אָוונט ז׳ 11)

ווי געזאָגט, האָט מען אין העלערס שאַפן באַלד נאָך זיין קומען אין לאַנד אַריין דערפילט זיין ווילן זיך איינצוּוואָרצלען אינעם נייעם לעבן וואָס איז פאַר אים אויפגעגאַנגען מיט אַ נייער אמונה וועלכע איז אייגנטלעך געווען זיין ערשטע און אַלטע אמונה. פאַראַן אָבער אין זיינע ישׂראל־לידער — פון יענער צייט — עפּעס אַזוינס וואָס ווייזט, אַז דעם דיכטער איז פּיינלעך שווער דאָס אָפּרייסן זיך פונעם עבר און טאַקע מחמת דעם קומט אין זיינע שאַפונגען אַזוי בולט צום אויסדרוק דאָס חשבונען זיך מיט אים.

וואָס לענגער אין לאַנד, וואָס טיפער זיין שלאָגן דאָ וואָרצלען, אַלץ מער קומען אויף אין זיין שאַפן די עלעגישע טענער פון אַ פאַרסך־הכלונג וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער צייטיקייט פון דער שעפערישער פערזענלעכקייט. העלער, וואָס האָט אָקערשט געהאַט צו זיך טענות, אַז ער האָט כביכול „פאַרשוועכט דעם אָנדענק פון זיין מאַמען ביים זוכן געלונגענע גראַמען" (דאָס ליד „דול" זייט 111 אין בוך אין וואַרשעווער געטאָ...) מאַכט איצטער שלום מיט זיך און ער הייבט אָן פאַרשטיין אַז סוף־כל־סוף איז דאָס דיכטערישע שאַפן די איינציקע אַחיזה זיינע אינעם לעבן, און ז' איז אויך זיין איינציקער באַריער קעגן „לעצטן פון די פּחדים". עס קומען דעמאָלט אויף אין העלערס שאַפן אַ ריי נייע מאָטיוון און קודם־כל דער מאָטיוו פון בענקשאַפט צו דעם פאַרגאַנגענעם, די בענקשאַפט צו דעם „צוריק".

נאָסטאַלגיע —\
פון טרויער די שענסטע מוזיק,\
דו שפּילסט אויף אַן איינציקער נאָטע,\
דאָס איינציקע וואָרט בלויז: צוריק.\
(אַ בוים אין אָוונט ז' 12)

מיט אַ גילדענער לויטערער רייפקייט צייכענען זיך אויס נישט נאָר די ליד־זכרונות וועגן זיין מאַמען; וועגן דעם וואָרקער ניגון וואָס דער טאַטע האָט אים אַריינגעצירשנט אין דער נשמה, נאָר אַפילו אַ טאָג־טעגלעך לעבנסבילד געזען אין שכונת־התקוה פירט אים צוריק צו זיין יוגנט וואָס איז דורכגעגאַנגען אין דער גראָער נויט פון אַ וואַרשעווער גאַס.

העלער קלעטערט אויף דעם לייטער פון די ליד־זכרונות נישט נאָר צום אַמאָל, נישט נאָר צו דער יונגער פרייד, צו דער יונגער ליבשאַפט און צו באַרוישונגען פון דער יוגנט, נאָר ער דערגרייכט אויך דורך זיי צו די לירישע מעדיטאַציעס און רעזאָנירונגען וועגן לעבן בכלל. ער קומט צו אַנטפּלעקונגען און אויספירן וואָס נוגע דער אייביקער שאלה: מה אנו ומה חיינו?

אין דעם דאָזיקן ליריש־פילאָסאָפישן לעבנס־סך־הכל קומט דער דיכטער צו אַזעלכע לידער ווי דאָס ליד וואָס מיר ציטירן דאָ אין גאַנצן:

באַפרייט פון נאָמען און פון יעדן סימן,\
אַ פשוטער, אָן יִחוס און אָן שטאַם —\
אין גראָער אומבאַקאַנטקייט לאָז מיך שווימען,\
אַ מינדסטער טראָפּן אינעם גרויסן ים.

דאָרט וועל איך אין דער פרעמדעניש אַנטרינען
פון אויסגעצייכנטקייט און פון געזעץ,
פון מיינע דינע אותיות, די שפינען,
וואָס האַלטן מיך געפאַנגען אין אַ נעץ.

און ווען מען וועט מיך פון דעם אויג פאַרלירן
און ווען איך וועל שוין זיין צו גאָר און נישט —
ערשט דעמאָלט וועט אַ שטויבעלע דערשפירן,
אַז כ׳בין מיט גאָט געוואָרן אויסגעמישט.
(אַ בוים אין אָוונט ז׳ 7)

בינם העלער איז ווי אַ פּאָעט נישט קיין ראָמאַנטישער רעאַליטעט־אַנטלויפער. פאַרקערט, דאָס פּאָזיטיוויסטע אין העלערס פּאָעזיע איז דאָס, וואָס ער האָט תּמיד אַן אָפן אויג און אַן אָפן אויער פאַר דער רעאַליטעט וואָס רינגלט אים אַרום און וואָס באַווירקט אים און רופט אין אים אַרויס כּלערליי געדאַנקען־אויפבליצן און געפיל־אַנטפלעקונגען. אָבער אין זיינע ביכער **אַ בוים אין אָוונט** און **ביחידות** איז די אינספּיראַציע פון דער רעאַליטעט זייער אַ קאָמפּליצירטע און ס׳איז ביז גאָר אינטערעסאַנט צו זען ווי אין שמעלצטיגל פון דער מוזע רופט אַ באַשטימטער קאָנקרעטער פאַקט אַרויס שטימונגען, געדאַנקען און געפילן וועלכע האָבן למראית־עין נישט קיין דירעקטע שייכות מיט דער אינספּירירנדיקער רעאַליטעט. בינם העלערן געראָט דעמאָלט פון דעם גראָען און האַרטן שטיין פון דער ווירקלעכקייט אַרויסצושלאָגן דאָס מים־חיים וואָס דערפרישט אונדז מיט מוזיקאַלישער לויטערקייט. דעמאָלט פאַרוואַנדלט ער מיטן כּישוף־כּוח פון דער פּאָעזיע די גרויע וואָר אין אַ יום־טוב.

בינם העלער געהערט נישט צו די פּאָעטן וואָס בלענדן און בליצן מיט שפּראַך־מייסטערשאַפט, אָבער כאָטש ער איז נישט וואָרט־שפּילעריש איז ער וואָרט־פילעריש. ער פילט דעם טעם, דעם ריח און די וואָג פונעם וואָרט און באַניצט דעם ריכטיקן אויסדרוק אויפן ריכטיקן אָרט. אויך זיינע גראַמען און אַסאָנאַנסן באַמיִען זיך נישט צו זיין צו פיל אויסגעפינעריש, אָבער זיי זענען קיין מאָל נישט באַנאַל.

כ׳וויל פאַרענדיקן די דאָזיקע ווערטער וועגן דעם פּאָעט בינם העלער, געשריבן צו זיין ווערן אַ בן־שבעים, עד מאה ועשרים, מיט זיינס אַ ליד וואָס איך האַלט פאַר אַ גרויסער דערגרייכונג אין זיין אייגן שאַפן און פאַר אַ וויכטיקן פּאָעטישן דאָקומענט אין דער יִדישער דיכטונג:

די נייע גאַסן וואָלט איך אָנגערופן
מיט נעמען פון די אַלע יונגע דיכטער,
וואָס תּיכּף נאָך די סאַמע ערשטע פּרוּוון
פאַרשניטן האָט אַ טויט אַן אומגעריכטער.

פאַראַן ביי מיר אַ פּאַלקע אויף דער שאַפע
מיט דינע ביכלעך פון די ערשטע לידער,
און דאָרט פאַרזאַמלט איז דאָס גאַנצע שאַפן
פון די פּאָעטן — מיינע יונגע ברידער.

און יעדעס ביכל גרינג איז ווי אַ שאָטן,
נאָר ווי איך נעם און מיש דערין די בלעטער,
דערפיל איך ווי עס וואָלט געווען געלאָדן
מיט נישט-דערלעבטע ליבשאַפטן פון שפּעטער.

די שורות זענען נאָך נישט קיין געניטע,
די ליידנשאַפטן — נאָך נישט קיין באַהערשטע,
און דאָך, מיין האַרץ שטעלט אָפּ זיך לויטן ריטעם
פון אָט די לידער — איינציקע און ערשטע.

(ביחידות ז׳ 46)

מלך ראַוויטש ע״ה האָט אַ מאָל געזאָגט און שפּעטער האָט ער עס אויך געשריבן, אַז ער דערוואַרט יעדעס ניי ליד פון בינם העלער מיט אַ ציטער אין האַרצן. דאָס איז דער אמת! העלער געהערט נישט צו די פּאָעטן וואָס איבערראַשן, אָבער ער געהערט צו די סאָלידע דיכטערס וואָס מען ווייסט, אַז דאָס קומענדיקע ליד זיינס וועט זיין פּונקט אַזוי גוט, פּונקט אַזוי פול מיט שטימונג, פּונקט אַזוי אָנגעלאָדן מיט געפיל און פּונקט אַזוי אָנגעזעטיקט מיט בילד און מיט געמיט ווי עס איז געווען דאָס ליד וואָס מיר האָבן אָקערשט געלייענט און פון וועלכן מיר זענען אַזוי באַווירקט געוואָרן. חוץ-לזה ווייסן מיר אַז בינם העלער איז אַ פּאָעט וואָס שרייבט נישט סתּם אַזוי, נאָר ער שרייבט ווייל עפּעס גייט אים אָן אין אונדזער לעבן און עפּעס רודערט אים אויף אין אונדזער מענטשלעכן גורל. דערפאַר לייענען מיר זיינע לידער מיט אַזאַ נייגער, דערפאַר גייט אונדז אָן זיין געזאַנג און דערפאַר רודערט אונדז אויף די דיכטערישע אַנטפּלעקונג פון זיין יחידישן גורל אין וועלכן דער לייענער און דער פּאָעזיע-געניסער זעט זיך ווי אין אַ שפּיגל...

# „פון אַלע ווייטן" פון משה וואַלדמאַן

„פון אַלע ווייטן" איז פּאַקטיש וואַלדמאַנס צווייטע בוך לידער. זיין ערשט לידערבוך „פּאַרטונקלטע פרימאָרגנס" איז דערשינען אין וואַרשע, אין יאָר 1938. פון דעמאָלט ביז היינט זענען אַוועק 42 יאָר און דאָס איז אין לעבן פון אַ מענטש אַ היפּש שטיק צייט. ווען מען נעמט דערצו אין אַכט אַז אין דעם איצטיקן בוך איז אויך אַריין אַן אָפּקלייב פון לידער וואָס זענען געווען פּאַרעפנטלעכט אין דעם ערשטן בוך זיינעם, באַקומט זיך אַז מיר האָבן פאַר זיך אַן אַנטאָלאָגיע פון וואַלדמאַנס ביז איצטיקן פּאָעטישן שאַפן וואָס האָט שוין הינטער זיך אַ יובל מיט יאָרן.

וואָס עס וואַרפט זיך תיכּף אין די אויגן ביים לייענען משה וואַלדמאַנס דיכטערישן אָפּקלייב איז דאָס וואָס, הגם די לידער זענען געשריבן געוואָרן אין משך פון אַזאַ בכּבודיקן צייטאָפּשניט, איז אָבער אין זיי פאַראַן אַן איבערראַשנדיקע איינהייטלעכקייט, סיי אין טאָן און סיי אין דעם אופן פון אויסדריקן דעם דיכטערס געמיט. די דאָזיקע איינהייטלעכקייט איז אויף אַזויפיל ניכּר אין די לידער, אַז עס ווילט זיך אויף אַ רגע צווייפלען צי זיי זענען טאַקע געשריבן געוואָרן אין משך פון אַזאַ גרויסן צייט-שטח. ס'וויל נישט זאָגן אַז אין בוך מערקט זיך נישט די אַנטוויקלונג פון דיכטער, במשך פון דער צייט. דאָ בין איך בלויז אויסן צו באַמערקן אַז ווען עס האַנדלט זיך אין טאָן וואָס מאַכט די מוזיק, אַדער אין די אימאָזשן וואָס מיט זייער הילף ווירקט ער אויפן געמיט פונעם לייענער, איז משה וואַלדמאַן געבליבן דער זעלביקער אין זיינע לעצטע לידער ווי אין זיינע ערשטע, ווי מיר וועלן עס באַלד זען אין די צוויי ווייטער ציטירטע שאַפונגען.

אָט איז די ערשטע שאַפונג, געשריבן אין יאָר 1936.

„ווו זאָל איך גיין?
ווו זאָל איך גיין? —
ווען אַלע וועגן זענען פול מיט בלוט.
ווו זאָל איך זיין?
ווו זאָל איך זיין? —
ווען אַלע לעבנס דראָען מיך מיט בלוט.

כ׳בליק — אין חשכות —
אַלע מיינע בליקן אויס,
אומעטום איז נאַכט.
ווו איז מיין ליכט ?״

לאָמיר פאַרגלייכן דאָס דאָזיקע ליד מיט אַ ליד וואָס דער דיכטער האָט עס געשריבן מיט 40 יאָר שפּעטער.

„האָסט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליינער שטוב
פאַרוואָרפן אין אַ פינצטערן ווינקל —
ווו דער געשריי איז העכער ווי דו.
וועמען, וועמען זוכסטו ?
ווער וועט ענטפערן ?
דאָ איז קיינער נישטאָ.
פון וואַנען קומט דער געשריי ? —
אפשר פון דיר ?
אפשר פון מיר ?
אפשר גאר פון דעם,
וואָס איז פון יענער זייט טיר ?
לאָמיר אַרויסגיין פון דאַנען,
דאָ איז קיינער נישטאָ.
עמעצנס לעצטער געשריי נאָר לעבט
און וועט לעבן אומעטום —
וואָהין מיר וועלן גיין״.

די ענלעכקייט צווישן די צוויי לידער ליגט נישט בלויז אין דער אידענטישקייט פון זייערע אַפּאָסטראָפישע ווענדונגען און אין זייערע רעטאָרישע פראַגעס וואָס זענען דעם דיכטער שוין לאַנג פאַרענטפערט, נאָר אין דעם ספּעציפישן ווערטער־צוזאַמענשטעל און אין די פראַגע־איבערחזרונגען מיט וועלכע דער פּאָעט גיט אונדז איבער זיין געמיט און פירט אונדז אַריין אין דער שטימונג אין וועלכער דאָס ליד איז געבוירן געוואָרן. און אַפילו ווען דער דאָזיקער ווערטער־צוזאַמענשטעל און אויך זיין אויסשטעל זעט אונדז אָפּט מאָל אויס ווי נישט קיין אומבאַדינגטער, איבערצייגן מיר זיך אָבער ווען מיר נעמען אין אַכט זייער עקשנותדיקע סטאַבילקייט אַז דאָ איז בשום אופן נישט פאַראַן קיין צופעליקייט. ס׳ווערט קלאָר אַז דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַן אויסדרוק וואָס איר פערמאַנענטקייט, זאָגט עדות אויף אַ דיכטערישער אייגנאַרטי־

קייט, דאָס הייסט: אויף אַ דיכטער וואָס איז אויף אַזוי פיל „ער אַליין״, אַז צייט און באַדינגונגען האָבן נישט קיין שליטה אויף דעם אופן פון זיין שאַפן.

עס איז אָנגענומען אַז אַ דיכטער ווערט געשאַצט נישט לויט זיין ענלעכקייט מיט אַנדערע, נאָר לויט זיין אַנדערשקייט פון אַנדערע. וואַלדמאַנס אַנדערשקייט כאַראַקטעריזירט אים באַלד אין זיין אָנהייב און גיט אים אַ ספּעציעלן ווערט אויך אין דער פּאָעזיע פון אונדזערע טעג.

משה וואַלדמאַן געהערט צום לעצטן אויפשפּראָץ אין דעם פּרדס פון דער ייִדישער פּאָעזיע אין פּוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות און דערביי איז ער אַ בולטער באַווייז פון דער וויטאַליטעט פון דער דאָזיקער פּאָעזיע וואָס האָט ביז דער לעצטער מינוט געבליט מיט נייע קוואַליטעטן און אַפילו מיט נייע נוסחאות אין דער וואָרטקונסט. וואַלדמאַנס ליד האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט טאַקע דערפאַר ווייל ס׳איז געווען אַן אָנזאָג פון אַ נייעם נוסח אין דער אייראָפּעישער פּאָעזיע, אַ נוסח וועלכן דער דיכטער איז טריי געבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

מען דאַרף געדענקען אַז בעת אין אַמעריקע האָט שוין דער אימפּרעסיאָניזם געהאַט דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה און איז שוין געגאַנגען באַרג־אַראָפּ מיט די פּאָסט־„יונגע״, האָט די אימפּרעסיאָניסטישע ריכטונג, צוזאַמען מיט דעם אימאַזשיניזם, נאָך אַלץ געקעניגט אויף דער ייִדיש־פּאָעטישער גאַס אין פּוילן. דאָך איז קלאָר אַז דער צייטזייגער האָט שוין אויך אין פּוילן געוויזן רוקן זיינע ווייזערס נענטער און נענטער צום סורעאַליזם. משה וואַלדמאַן איז געווען איינער פון די ווייניקע וועלכע האָבן אין זייער ליד אויסגעדריקט די דאָזיקע נייע ווענדונג פון די ייִנגסטע אין דער ייִדישער דיכטונג אין פּוילן און דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז מען זאָל זיין בוך באַמערקן אין דער ייִדיש־ליטעראַרישער וועלט.

אין פּלוג מאַכט וואַלדמאַנס אַ ליד דעם איינדרוק פון אַ געזעמל אויסגעשרייען און פראַגעס וואָס זענען — על פּי דער לאָגיק פון צוויי מאָל צוויי איז פיר — נישט שטאַרק געבונדן צווישן זיך. אָפט מאָל איז אונדז אַפילו שווער צו דערקלערן דעם זין וואָס בינדט צונויף איין שורה מיט אַ צווייטער און מיר זענען דעריבער גרייט צו קוואַליפיצירן די דאָזיקע שאַפונגען ווי אָנגעהעריקע צו דער הערמעטישער דיכטונג. דער אמת איז אָבער אַז דער איינדרוק איז נישט קיין ריכטיקער: וואַלדמאַנס פּאָעזיע איז נישט קיין הערמעטישע, נישט קיין פאַרשלאָסענע און זיינע שורות אין ליד זענען געבונדן צווישן זיך דורך אַן אינערלעכער פּאָעטישער לאָגיק. נישט מער — וואַלדמאַנען דאַרף מען לייענען מיט אַ באַזונדערן מוזיקאַלישן שליסל און דאָס הייסט אַז מען דאַרף זיך באַמיען צו פאַרשטיין דעם ווערטער־באַטייט אין זיין פּאָעטישער שפּראַך. דעמאָלט ווען דאָס וועט געשען, וועט דער לייענער אַליין איינזען

אַז אַפילו דאָס פאַרהוילענע אין זיין שורה האָט אַ זין און דריקט אויס די געפילן, די שטימונגען און די געדאַנקען פונעם פּאָעט.

משה וואַלדמאַן איז אין זיין ליד נישט בלויז סימבאָליש. ער איז אָפט אויך אַלעגאָריש. ווי ביי יעדן סימבאָליקער האָבן ביי אים געוויסע ווערטער און פאַרבן אַ באַזונדערן באַטייט און ער באַנוצט זיי כּדי מיט אַ קפיצת־הדרך צו דערגרייכן צו אַ קאָמוניקאַציע מיטן לייענער. אָגב זענען זיינע פאַרבן זייער שאַרפע און זיי דערמאָנען זייער שטאַרק די סורעאַליסטישע מאָלעריי. אַז וואַלדמאַנס דיכטונג געהערט צו דער סורעאַליסטישער ריכטונג האָבן מיר שוין געזאָגט. דאָס וווּנדער איז אָבער וואָס ער איז עס שוין געווען אין זיין ערשטן בוך, ווען די דאָזיקע ריכטונג איז נאָך כּלל נישט פּאָפּולער געווען אויף דער יידישער גאַס.

דיכטערס אונטערשיידן זיך איינער פון אַנדערן, אי מיט דעם „וואָס" און אי מיט דעם „ווי אַזוי". מיט דעם „וואָס" איז וואַלדמאַן נישט ווייט אַוועק פון זיין דיכטער־דור. ער איז אָבער אַוועק אויף אַן אַנדערן וועג מיט זיין „ווי אַזוי" און כּדי אים צו כאַראַקטעריזירן, וועלן מיר דאָ ברענגען אייניקע ציטאַטעס פון זיינע לידער אין דעם בוך „פון אַלע ווייטן".

„דער חלום פונעם ליד / וואַנדערט אום אין דיין אויג. / דער חלום פונעם אויג / וואַנדערט אום אין דיין ליד. / פאַרן חלום פון אויג — / דער בוים שטייט געבויגן. / פאַרן חלום פון ליד — / דער מענטש שטייט געבויגן. // וויפל זילבערנע טעג / אַוועק שוין — אין רוים! / וויפל טונקעלע נעכט — / פאַרברענט שוין אין טרוים. // ביים פענצטער צעציטערט, / דער בוים בלייבט דאָרט שטיין. / פאַרוווּנדערט אַ גרויער / דער מענטש בלייכט אַליין. // נאָר ליכטיק איז דעמאָלט / אין גאָרטן, אין הויז, / ביז ס'לעשט זיך דער חלום / אין ליד ווידער אויס".

אין אַן אַנדער ליד זינגט ער וועגן מאַרק שאַגאַלס פאַרביקער וועלט: „וויפל זונען האָבן דאָ אויפגעשיינט ? // אויף ברוינע בערג מיט העלע פינטעלעך — / די הייזער — / גייען מלאכים אַרום מיט קאָזעס אויף פּאַשע. / זינגען דערביי אַ קאַפּיטל תּהילים / און לערנען דערצו אַ פּשט פון רש"י".

און אָט איז נאָך אַן אָנהייב פון אַ ליד וואָס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר משה וואַלדמאַנס דיכטערישן „ווי אַזוי": „— וווּאַהין ? / וווּאַהין ווילסטו מיך באַגלייטן — מיטן צלמל, / דעם דאָרן צלמל ? // אָפּענע איך זע אַזוי פיל פרעמדע שטעט, — / דאָרט הוליען בייז־וויינענדיקע ווינטן ; / זיי סיקען און ברומען און וואָיען / מיט טונקעלער אימה אין די טעג. // ברענען מיינע ווענט — / מיט בלויע פייערן. / וויינען מיינע שויבן — מיט רויטע טרערן".

דער דיכטערישער „ווי אַזוי" איז דאָ באמת אַן אייגענער און אייגנאַרטיקער און עס מאַכט גאַרנישט אויס וואָס זישע לאַנדוי, דער בולטסטער פירשפּרעכער פון יידישן אימפּרעסיאָניזם, וואָלט דאָ געהאַט טענות צו אַזאַ איבערחזרונג ווי „מיטן צלמל, דעם דאָרן צלמל" און ער וואָלט אויך נישט גורס געווען די „בלויע פייערן" און די „רויטע טרערן", ווי אויך אַזעלכע אויסדרוקן ווי די „בלויע וואָר" וואָס מען טרעפט זייער אָפט אין וואַלדמאַנס לידער. וואַלדמאַן איז פאַקטיש אַוועק אַ שטיק וועגס פונעם אימפּרעסיאָניזם און דעריבער קען מען אים נישט מעסטן מיט די אימפּרעסיאָניסטישע מאָסן, נאָר מיט אַ נייער מאָס, דער עיקר — מיט זיין אייגענער מאָס.

כ׳האָב פריער געזאָגט אַז וואַלדמאַן אונטערשיידט זיך פון אַנדערע יידישע דיכטערס נישט מיט זיין „וואָס" נאָר מיט זיין „ווי אַזוי". מחמת זיין „וואָס" איז אין זיין וויכטיקסטן טייל דער זעלביקער וואָס כמעט ביי אַלע יידישע פּאָעטן און דאָס איז דער גרויל און דער קאָשמאַר פון חורבן, וואָס האָט פאַרוויסט און פאַרשניטן דאָס יידישע לעבן אין מזרח אייראָפּע. כאָטש אין זיין בוך זענען לרוב פאַראַן לידער מיט גאָר אַנדערע מאָטיוון וועגן וועלכע מיר וועלן באַלד זאָגן עטלעכע ווערטער, איז אָבער דער חורבן־גרויל און די איכה ישבה בדד־קינה די דאָמינירנדיקסטע אין זיין שאַפן און אין איר דערגרייכט ער זיין זעניט אין אַזאַ ליד ווי „באַלאַדע פון אַ יתום" און אַנדערע. אויך די הלל־געזאַנגען צו מדינת־ישראל און זיין „גאַנג אַרויף" צו ירושלים געהערט צו די מאָטיוון וואָס מיט זיי איז פול די יידישע ליטעראַטור פון אונדזער דור און עס פאַרשטייט זיך, אַז וואַלדמאַן ווי אַ מענטש פון אונדזער דור, ווי אַ ייד פון אונדזער דור האָט נישט געקענט נישט רעאַגירן דיכטעריש אויף אָט די צוויי איבערלעבונגען וועלכע האָבן אין זייער טיגל איבערגעפורעמט אונדזער יידישן זיין און באַוווּסטזיין.

דאָ איז אָבער כּדאַי אָנצווייזן אַז אין וואַלדמאַנס בוך לידער טרעפן מיר אַן אַ צאָל שאַפונגען וואָס זענען געווידמעט דער פריינדשאַפט פון מענטש צו מענטש, דאָס שטרעבן פון מענטש צו גיין אין אַ כּסדרדיקן באַרג אַרויף צו זיין שלימות. מיר טרעפן אין זיי אַן אָדע צו דעם מענטשלעכן גלויבן, צו דעם מענטשנס אידעאַלן או"וו א"וו. דאָס מערקווירדיקסטע איז וואָס אָט די אַלע מאָטיוון זענען אין פולשטענדיקער קאָליזיע מיט דעם סוררעאַליזם וואָס ציט זיין וועלט־אַנשויערישע יניקה פון דעם עקזיסטענציאַליסטישן פּעסימיזם. טרעפן מיר טאַקע אין וואַלדמאַנס לידער אַן אָפּטימיזם. אַ לויבגעזאַנג צום מענטש, אַ הימן צו זיין ווילן צו גיין איבערבעטן די געטער, אָבער דאָס אַלץ — אויסגעדריקט אין סוררעאַליסטישע בילדער וואָס קומען פון אַ פּאָעטישער און פילאָזאָפישער ריכטונג וואָס איז כּולו פּעסימיזם און כּולו אומגלויבן אין דעם תּכלית פון דער יצירה. געוויס זענען די דאָזיקע צוויי מאָמענטן אין וואַלדמאַנס

פּאָעטישן שאַפן סתּירותדיק ביז גאַר, אָבער דווקא דערפֿאַר איז זיין שאַפן אמתדיקער, ווערטיקער און איבערציינגנדיקער. עמעצער האָט דאָך שוין לאַנג געזאָגט אַז דאָס וואָס מאַכט די פּערזענלעכקייט איז נישט איר גראַדליניקייט, נאָר אירע סתּירות וואָס לייזן זיך אויף אין דער האַרמאָניע פון קינסטלערישן אויסדרוק.

42 יאָר האָט געדויערט ביז משה וואַלדמאַן האָט זיך צוזאַמענגענומען און אויך צוזאַמענגענומען זיינע לידער זיי אַרויסצוגעבן צווישן די טאָוולען פון אַ בוך. פון איין זייט האָט ער זיך דערמיט נישט געטאָן קיין טובה, ווייל ס'איז אוממעגלעך צו רעדן אַרומנעמענדיק וועגן אַזאַ שלל לידער וואָס פאַרנעמען 368 זייטן. פון דער אַנדערער זייט האָט ער אָבער דערגרייכט דערצו אַז מען זעט אים אין זיין גאַנצקייט און עס באַשטעטיקט זיך דאָ דער העגעליאַנישער זאָג אַז „קוואַנטיטעט גייט איבער אין קוואַליטעט".

מיר געפעלט זייער דער אַריינפיר־עסיי פון פּראָפ. דב סדן צו וואַלדמאַנס בוך. ער איז געשריבן מיט גרויסער באַציִונג צום מחבר און מיט אַ סך וויסן וועגן די וועגן און שטעגן פון דעם פּאָעט און זיין דיכטונג. פּראָפ. סדן, איבער וועלכן מען דאַרף מאַכן די ברכה „זוכר נשכּחות", פירט אונדז אַריין אין די צייט־לאַבירינטן פון וואַלדמאַנס פּאָעטישן אָנהייב וואָס איז, ווי איך האָב שוין באַמערקט, געבליבן דער אייגענער וואָס ער איז איצט.

אין סך־הכּל ווילט זיך זאָגן אַז אויב ס'איז פאַראַן אַ ממרא „יש קונה עולמו בשעה אחת", דאָס הייסט, אַז אַ מענטש קען זוכה זיין צו עולם־הבא מיט איין גוטער טווּנג, דאַרף אויך זיין אַ צווייטע ממרא וואָס זאָל אונדז פאַרזיכערן אַז „יש קונה עולמו בספר אחד", דאָס מיינט אַז אַ שרייבער קען זיך דערווערבן אַ פּאָזיציע פון דויער אַפילו מיט איין בוך און ער מוז נישט אַרויסגעבן יעדע דריי פערטל יאָר קיין ניי בוך. משה וואַלדמאַן האָט מיט דעם בוך „פון אַלע ווייטן", וואָס איז אַן אַנטאָלאָגיע פון זיינע לידער וועלכע ער האָט געשריבן אין משך פון די 50 יאָר פון זיין פּאָעטישער שעפערישקייט, זיך דערוואָרבן אין היכל פון דער ייִדישער ליריק אַ פּאָזיציע וואָס מען דאַרף זי באַמערקן בעיקר — דורך איר באַזונדערקייט און אייגנקייט וואָס דאָס איז איינע פון די קוואַליטעטן וואָס האָבן אייביק געגאָלטן און וועלן אויך ווייטער גילטן ווי אַ פּרוּוושטיין פאַר יעדן אמתן פּאָעט, פאַר יעדן אמתן דיכטערישן טאַלאַנט.

# יוסף ווײַנבערג און זײַן בוך „דאָס תבואה־קינד"

א.

עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן אַז די ליטעראַטור און די קונסט דאַרפֿן דערפֿילן אַ שליחות אין אונדזער לעבן און עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן אַז די ליטעראַטור און די קונסט האָבן נישט צו דערפֿילן אין אונדזער לעבן קיין שום שליחות און אויב זיי האָבן אויף זיך יאָ אַ וואָסער עס איז אויפֿגאַבע, איז עס נאָך דער אויפֿגאַבע אונדז צו פֿאַרווײַלן — אין דעם סאַמע אײדלסטן זין פֿון דעם דאָזיקן באַגריף, פֿאַרשטייט זיך.

די וואָס מיינען, אַז די ליטעראַטור דאַרף דערפֿילן אַן אויפֿגאַבע, האַלטן אַז דער דאָזיקער אויפֿגאַבע איז צו ברענגען צו אונדזער באַוווּסטזײַן און צו פֿאַרקריצן אין אונדזער זכּרון די דערפֿאַרונגען און די סך־הכּלען וועגן וועלט, מענטש און לעבן. די וואָס זענען ביי דער מיינונג, אַז די ליטעראַטור דאַרף אונדז נאָר פֿאַרווײַלן, האַלטן אַז זי דאַרף, פֿאַרקערט, אונדז העלפֿן פֿאַרגעסן די דאָזיקע סך־הכּלען וואָס פֿאַרענדיקן זיך תּמיד מיט דעם טרויעריקן סוף־פּסוק פֿון טויט. („טרויעריק איז דאָס לעבן, הייטער איז די קונסט", האָט געטענהט פֿרידריך שילער).

כּמעט די גאַנצע ייִדישע ליטעראַטור איז דורכגענומען מיטן געדאַנק און מיטן באַוווּסטזײַן אַז דאָס ליטעראַרישע וואָרט און דער קינסטלערישער אויסדרוק דאַרפֿן יאָ און מוזן יאָ דערפֿילן אַ שליחות אין לעבן פֿונעם מענטש און אַוודאי און אַוודאי דאַרף אַזאַ שליחות דערפֿילן די חורבן־ליטעראַטור, וואָס איז, לכּל־הדעות, אַ ליטעראַטור וואָס וויל אַז מיר זאָלן געדענקען און וויל נישט אַז מיר זאָלן פֿאַרגעסן.

ב.

דער גרונט־מאָטיוו פֿון דער חורבן־ליטעראַטור אין אַלע ייִדישע דורות און צייטן (ווייל די חורבן־ליטעראַטור באַגלייט דאָס ייִדישע לעבן פֿון אַ מאָל ביז הײַנט) קאָן אויסגעדריקט ווערן אין דעם באַקאַנטן ביבלישן געבאָט „זכור את אשר עשה לך עמלק". די דאָזיקע ליטעראַטור באַמיט זיך אַז אַלץ וואָס עמלק, סיי דער אַמאָליקער, ביבלישער, סיי אַלע שפּעטערדיקע, האָבן געטאָן, זאָל דורך אונדז געדענקט ווערן און דער עיקר — אַז דאָס געדענקטע זאָל אונדז סטימולירן צו מאַכן די געהעריקע סך־הכּלען וועגן אונדזער לעבן און די דאָזיקע

סך־הכלען זאָלן אונדז דינען ווי אָנווייזונגען ווי אַזוי ווייטער צו לעבן, ווי אַזוי צו באַקעמפן די סכנות און זיך צו שטאַרקן איבער זיי און אונדזער דראַנג צו אַ ווייטערדיקער עקזיסטענץ.

אַט דער אָנזאָג „למען תזכרו", וואָס פאַרנעמט אַזאַ וויכטיק אָרט אין דער תורה און אין אונדזער גאַנצער לאַנגער און פּיינפולער געשיכטע, איז דער הויפּטשטריך פון דער היינטיקער חורבן־ליטעראַטור. זייט דעם יאָר 1945, תיכּף נאָך דעם ווי די היטלערישע חיה־רעה איז דערשלאָגן געוואָרן אין איר אייגענער נעסט, האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער, מען קאָן זאָגן — גראַנדיעזער פּראָצעס פון פאַרשרייבן אַלץ, וואָס אונדזער פאָלק האָט דורכגעלעבט און איבערגעלעבט אין די יאָרן פון נאַצישן שגעון און ביטערן צאָרן. דער דאָזיקער פּראָצעס גייט אָן ביזן היינטיקן טאָג און, ווי עס זעט אויס, וועט ער אָנהאַלטן נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן. עס איז דערביי נישטאָ קיין שום ספק, אַז אויף דעם דאָזיקן געביט, אויפן געביט פון פאַרקריצן אין זכרון פון דורות וואָס עס האָט געמיינט און וואָס עס האָט באַדייט פאַר אונדזער פאָלק דער חורבן וואָס היטלער, ימח שמו, האָט אויף אונדז געבראַכט — אויף דעם דאָזיקן געביט האָבן מיר צו זיך נישט קיין גלייכן אין קיין שום אַנדער ליטעראַטור. דער חורבן־מאָנומענט אין דער יידישער ליטעראַטור שטייט ווי אַ ריזיקער טורעם אויף דער ערד פון אונדזער איבערלעבעניש און זיין שפּיץ דערהייבט זיך ביז צום הימל פון אונדזער דערקענטעניש, וואָס אָן איר איז נישט מעגלעך קיין אַקטיוויטעט פאַרן ווייטערדיקן לעבן.

ג.

צוויי מאָמענטן זענען כּדאַי אונטערגעשטראָכן צו ווערן ווען מיר רעדן וועגן דער חורבן־ליטעראַטור וואָס איז געשאַפן געוואָרן און וואָס ווערט ווייטער געשאַפן אין יידיש. ערשטנס דאַרף מען באַטאָנען, אַז די דאָזיקע ליטעראַטור נעמט אַרום אַלע, אַלע ווינקלען פון יידישן פּיין און יידישן אומקום אין די טרויעריקע צייטן פון דער היטלער־הערשאַפט; עס איז כּמעט נישט פאַראַן קיין ווינקל פון יידישע ליידן, קיין פאַרעם פון יידישן טויט וואָס זאָל נישט האָבן פאַרפיקסירט געוואָרן אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור און פון דעסטוועגן קומען יעדן טאָג צו נייע ביכער נייע ווערק און נייע דאָקומענטן־זאַמלונגען, וואָס ווייזן אַלץ נייע און נייע פּאַנאָראַמעס פון אונדזערע ביטערע יסורים און פון אונדזער אומקום אין די חיהשע לאַפּעס פון היטלעריזם. די דאָזיקע פאַראייביקונג פון אונדזער אומקום און פּיין איז פאַרקריצט געוואָרן אין יידישן לשון אין אַלערליי פאָרמען, אָנגעהויבן פון טרוקענע דאָקומענטן־זאַמלונגען און גבית־עדותן, ביז צו ליטעראַרישע ווערק וואָס דערגרייכן צו הויכע קינסטלערישע מדרגות, כאָטש זיי זענען געבויט אויף אויטענטישע פאַקטן און נישט אויף קיין פיקציע.

דער צווייטער מאָמענט וואָס דאַרף, לויט אונדזער דעה, אונטערגעשטראָכן ווערן ווען מען רעדט וועגן דער ייִדישער חורבן־ליטעראַטור, איז דער פאַקט וואָס אויב מען פאַרגלייכט זי צו אַ ריזיקן טורעם, איז דער דאָזיקער טורעם געבויט געוואָרן דורך דעם גאַנצן פאָלק, ווייל אין זיין אויפשטייג האָבן געווירקט נישט נאָר שרייבערס, היסטאָריקערס, וויסנשאַפטלערס און דאָס גלייכן, נאָר עס האָבן דאָ געווירקט פשוטע ייִדן, פאָלקסמענטשן וואָס האָבן פריער קיין מאָל צו שרייבערישע צוועקן די פעדער אין האַנט נישט גענומען. הונדערטער און אפשר טאָקע טויזנטער ייִדן האָבן נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך מיט ניסים געראַטעוועט פון אומקום, דערפילט די היסטאָרישע וויכטיקייט פון פאַרשרייבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען און אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. זיי זענען אפילו, אין אַ געוויסן זין, פאַרויסגעלאָפן די שרייבערס. אַן עדות פון דעם דאָזיקן פאַקט זענען די הונדערטער יזכור־ביכער פון די פאַרשניטענע קהילות, וואָס זענען דערשינען ביז איצט און האַלטן ווייטער אין דערשיינען. ווען מען נעמט צוזאַמען די אַלע יזכור־ביכער און די אנדערע זכרונות־ביכער וועגן חורבן, געשריבן פון פשוטע ייִדן, אָן שרייבערישע אַמביציעס, קען מען זאָגן אַז ממש אַ גאַנץ פאָלק האָט זיך גענומען פאַר דער פען, כּדי צו שרייבן און צו פאַרשרייבן, כּדי מקיים צו זיין דאָס געבאָט „למען ידעו דורותיכם”.

אין דער חורבן־ליטעראַטור פאַרנעמט אַ גרויס אָרט די פאַקטאָגראַפיע פון די ייִדישע איבערלעבונגען אין דעם היטלערישן גהינום און דערביי ווערט דערציילט ווער עס איז געווען מיט אונדז און ווער איז געווען קעגן אונדז. אָבער אין דער דאָזיקער ליטעראַטור פאַרנעמט אויך אַ גאָר גרויסע פּאָזיציע דאָס רעסטאַווורירן דאָס חרוב־געוואָרענע ייִדישע לעבן פון פאַר דעם קאַטאַקליזם. דעם דאָזיקן אויפגאַב האָט אויף זיך גענומען דאָס קינסטלערישע וואָרט און אויף דעם געביט האָבן מיר גרויסע ווערק וואָס זייער באַדייט פאַר אונדזער פאָלקס־זכּרון און פאַר דעם המשך פון די קולטור־ווערטן פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום, זענען אַן אוצר וואָס איז ממש נישט אָפּצושאַצן.

ד.

נאָך צוויי ווערטער דאַרפן געזאָגט ווערן וועגן דער חורבן־ליטעראַטור וואָס פאַרפיקסירט די ליידן און דעם אומקום פון זעקס מיליאָן ייִדן אין אייראָפּע. אויך די דאָזיקע ליטעראַטור טיילט זיך אויף צוויי טיילן. איין טייל — דאָס איז די ליטעראַטור וואָס ווייזט, דאָקומענטירט און דערציילט וועגן דעם. וואָס מען האָט מיט אונדז געטאָן אין יענער שוידערצייט. דער צווייטער טייל ווייזט און דערציילט וואָס מיר אַליין האָבן געטאָן איז דער צייט פון יענעם גרויל, ווי אַזוי מיר האָבן רעאַגירט און זיך אויפגעפירט אין טאָל פון טויט, ווען די געפאַרן האָבן געלויערט פון אַלע זייטן און דער שונא האָט אַלץ געטאָן כּדי

אונדז צו דעמאָראַליזירן. דאָס לעצטע — די דערקענטעניש פון אונדזער אייגענעם עטישן און מענטשלעכן מהות איז אין אַ געוויסן זין פאַר אונדזער פאָלקס־זכרון נישט ווייניקער וויכטיק, ווי דאָס פאַראייביקן דאָס היטלעריסטישע רשעות וואָס האָט גורם געווען אונדזער פאַרניכטונג.

צוויי־דריי יאָר נאָך דעם ווי די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך געהאַט געענדיקט האָט אונדזער גרויסער דיכטער ה. לייוויק געוואָרפן די לאָזונג „אַנשטאָט זיך צו גריבלען אין דעם חושך פון רשעס, טומאה, לאָמיר זיך פאַרטיפן אין ליכט פון אונדזער אייגענער קדושה". די דאָזיקע לאָזונג איז אָנגענומען געוואָרן נאָר טיילוויז. אַ טייל שרייבערס האָבן טאַקע אָנגעהויבן לייגן מער אַכט אויף דער הערא̇ישער זייט פון ייִדישן אויפפיר אין די געטאָס און לאַגערן און האָבן אַרויסגעהויבן די קדושה־מאָמענטן פון ייִדישער און מענטשלעכער סאָלידאַריטעט אין אַ וועלט וואָס האָט פאַרלוירן איר מענטשלעכן פּרצוף. אָבער אַנדערע שרייבערס האָבן געהאַלטן — און אפשר מיט רעכט — אַז אויב דערציילן, אויב שילדערן דעם ייִד אין דעם שאָטן פון דער היטלערישער טויטדראָונג, דאַרף מען ווייזן אי די קדושה, אי די סיטרא־אחרא. מען דאַרף נישט פעלשן דאָס לעבן און מען דאַרף עס שילדערן אַזוי ווי עס איז געווען מיט דעם גוטן און מיט דעם שלעכטן, וואָס דער מוראדיקער נסיון האָט אַנטפּלעקט אינעם ייִד. דאָס האָבן טאַקע געטאָן ישעיה שפּיגל, יהודה עלבערג, ק. צעטניק, אברהם סוצקעווער, חוה ראָזענפאַרב, לייב ראָכמאַן, מרדכי שטריגלער, יחיאל הירשהויט, און נאָך אַנדערע. אמת, עס זענען געווען אַזעלכע שרייבערס, וואָס אין זייערע ווערק האָט מען נאָר געזען די געפאַלענע, דעמאָראַליזירטע ייִדן־ראַטלערס, קאַפּאָס און זייערס גלייכן. עס זענען אָבער געווען אַנדערע וואָס האָבן געזען און זיך באַמיט צו ווייזן די קרבנות אין זייער דערהייבונג, אין זייער מסירות־נפש, אין זייער אויסגעהאַלטענעם מאָראַלישן נסיון.

ה.

צו די שרייבערס, וואָס גייען אין וועג פון לייוויקס אנווייז, געהערט יוסף ווײַנבערג. זיין בוך „אַ טרער און אַ תּפילה" האָט טאַקע געמאַכט אַ רושם, ווייל עס האָט געוויזן ייִדן פון זייער סאַמע מענטשלעכסטער זייט. אַוודאי האָט יוסף ווײַנבערג אין יענע פאַרהעלטענישן אויך געזען שלעכטע ייִדן און שלעכטע מענטשן, וועלכע האָבן געשענדט דעם צלם־אלוקים אין וועלכן דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן. אָבער ווײַנבערג, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט דעם גאַנצן גרויל, האָט צו אונדז ווי געזאָגט: קוקט אַ ביסל טיפער און זעט אַז דער נס איז געווען דאָס וואָס דער מענטש איז אין די דאָזיקע שוידער־באַדינגונגען נאָך אַלץ געבליבן אַ מענטש און בעת מיר מאַכן דעם גורלדיקן חשבון וועגן דעם בן־אדם, לאָמיר נישט זען בלויז זיין מאָראַלישע ירידה, לאָמיר

אויך זען זיין דערהייבונג, ווייל נישט די ירידה איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם מענטש, פאַר דעם ייִד, נאָר דווקא דאָס פאַרקערטע.

אויך אין זיין בוך „דאָס תּבואה־קינד" טרעט וויינבערג אויף נישט בלויז ווי דער סניגור פון ייִדן, נאָר אויך ווי דער פאַרטיידיקער פון מענטשלעכן מין. ער איז נישט מסכּים דערמיט, אַז דער ייצר לב אדם איז רע מנעוריו. אַפילו אין אַזאַ צייט פון מאָראַל־קריזיס ווי עס איז געווען די עפּאָכע פון היטלערס ממשלה, זענען געווען מענטשן, אויך נישט־ייִדן, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן דעם מאָראַלישן עקזאַמען און זיי זענען אויפגעשטיגן אין דער הייך. דערביי איז פאַראַן אַ שטאַנדפּונקט אַז איין מענטש וואָס האָט גובר געווען אין זיך דעם חיהשן אינסטינקט איז שקול קעגן צען אנדערע וואָס האָבן דעם נסיון נישט אויסגעהאַלטן. אין אַ געוויסן זין איז עס אפשר אמת.

ו.

פאַר די וואָס פאַרשן די חורבן־עפּאָכע און ווילן אין אָט דער פאָרשונג דערגרייכן צו דעם מאַקסימום פון אָביעקטיווּיטעט, שטעלט זיך די פראַגע וועגן דער באַציִונג צו ייִדן מצד די פעלקער וועלכע היטלער האָט באַזיגט און וועלכע האָבן אַפילו געפירט קעגן אים אַ העפטיקן קאַמף. אין דער ערשטער ריי מיינט מען דאָ די פּאָליאַקן. דער אַלגעמיינער איינדרוק איז אַז די פּאָליאַקן זענען אין זייער פיינטשאַפט צו ייִדן געווען די מיטהעלפערס פון היטלערן אין זיין טייוולאָנישן פּאַרמעסט אויסצוראָטן די ייִדן פון אייראָפּע. ס'איז באַוווּסט וועגן פּאָליאַקן וואָס האָבן געכאַפּט ייִדן און זיי געפירט אין דער געסטאַפּאָ פאַרן לוין פון אַ פונט זאַלץ. ס'איז באַקאַנט די ראָל פון די „שמאַלצאָווניקעס" וואָס האָבן שאַנטאַזשירט יענע ייִדן וואָס האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט. ס'איז אויך גענוג באַשטעטיקט געוואָרן אַז בעת די ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן געקעמפט קעגן היטלערס סאָלדאַטן און דאָס געטאָ האָט געברענט, זענען פּאָליאַקן געשטאַנען אויף יענער זייט מויער און האָבן אַנגעקוואָלן דערפון וואָס „די זשידקעס פּרעגלען זיך".

אָבער פון דער צווייטער זייט האָבן מיר אויך די גבית־עדות פון ייִדן וואָס האָבן איבערגעלעבט אויף דער אַרישער זייט אַ דאַנק דער הילפגרייטקייט פון פּאָליאַקן. מען דאַרף נישט פאַרגעסן אַז פאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייִד האָבן די דייטשן באַשטראָפט מיט טויט, פון דעסטוועגן דערציילן חיהלע דאַרעמבוס, רחל אויערבאַך, לייב ראָכמאַן, באַשע בערמאַן און צענדליקער אַנדערע וועגן פּאָליאַקן חסידי האומות. וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען און געראַטעוועט ייִדן. מען מאַכט דערביי דעם חשבון, אַז אויב אין פּוילן האָבן זיך אויף דער אַרישער זייט געראַטעוועט 100 טויזנט ייִדן, זענען דערין פאַרמישט געווען אַ מיליאָן פּאָליאַקן וועלכע האָבן מיטגעווירקט צו דער רעטונג סיי אַקטיוו, סיי

פּאַסיוו. דאָס איז אַ ציפער וואָס מען מוז נעמען אין אַכט אַפילו ווען מען איז נישט געניגט צו קומען צו ענדגילטיקע סך־הכּלען.

ז.

יוסף וויינבערג, ווי אַן אוד מוצל מאש, וויל זאָגן זיין וואָרט אויך אין דער דאָזיקער פראַגע, וועלכער עס איז — לויט מיין איינזען — געווידמעט דאָס בוך „דאָס תּבֿואה־קינד" און ווו אין צענטער פון דעם געשילדערטן און דערציילטן שטייט אַ פּוילישע פרוי, אַ פּוילישער גלח און אַ פּוילישער פּישער, וועלכע זענען דער באַווייז, אַז אויך צווישן די פּאָליאַקן האָבן זיך געפונען מענטשן מיט אַ הויכער מענטשלעכער און מאָראַלישער אָנלאָדונג און האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט ייִדן אין דער גורלדיקער צייט און מען ווייסט נישט צי אָט די דריי וועלכע מיר טרעפן אין וויינבערגס בוך, ווי די הויפּטהעלדן פון דער דערציילונג, זענען טאַקע נישט שקול קעגן די אַלע אַנדערע פּאָליאַקן וועלכע האָבן קיין ייִדן נישט געראַטעוועט און האָבן נאָך מיטגעווירקט צו זייער פאַרניכטונג.

מיר אַלע וועלכע זענען „אין טרעבלינקע נישט געווען" נאָר האָבן זיך געראַטעוועט ווייט פון דעם אָרט ווו דער משחית האָט געבושעוועט נאָך דעם ווי ער האָט געקריגן רשות, דאַרפן אין דער דאָזיקער פראַגע נישט נעמען קיין וואָרט. אַוודאי און אַוודאי דאַרפן מיר זיך אויסהיטן פון וועלן זיין פּוסקים אין דער דאָזיקער ביטערער שאלה. מיר דאַרפן זיך אָבער מיט געדולד און מיט געוויסן צוהערן צו די וועלכע זענען יאָ געווען אינעם יאָמערטאָל און זענען געפּרוּווט געוואָרן מיט אַלע נסיונות. דאָס וויל זאָגן אַז מיר דאַרפן זיך צוהערן צו דעם, וואָס וויינבערג דערציילט אונדז, צוקוקן צו דעם וואָס ער ווייזט אונדז און פּרוּוון קומען צו אַ ביסל קלאָרקייט וועגן די פאַרפּלאָנטערטע פאַרהעלטענישן וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט מחמת דעם מאָרד־שגעון וואָס דער היטלעריזם האָט פאַנאַנדערגעפּענטעט אויף דער וועלט.

ח.

יוסף וויינבערג איז אין זיין שרייבן אַ סורעאַליסט. אַוודאי איז אין סורעאַליזם פאַראַן אַ באַשטימטע רעאַליטעט. די רעאַליטעט אינעם סורעאַליזם איז אָבער געזען און איבערגעלעבט אַזוי ווי אַ מענטש זעט און לעבט איבער אין הויכן פיבער, אין אַ צושטאַנד פון קאָשמאַר. און ווי אַנדערש האָט מען דען געקענט אויפנעמען די ווירקלעכקייט אין וועלכער דער נאַצי־דייטש האָט אונדז אַריינגעטריבן? ווי אַנדערש האָט מען דען געקענט איבערלעבן די רעאַלע געשעענישן נאָך דעם ווי מען איז כּסדר געשטאַנען אין שאָטן פון טויט, פּנים־

אל־פּנים מיט די שרעקלעכסטע ליידן, מיט די מוראדיקסטע יסורים וועלכע זענען געווען די וועגן וועלכע האָבן געפירט צום טויט?

כאָטש דאָס בוך „דאָס תּבואה־קינד" רופט אַרויס אַ ריי באַוואָרענישן צוליב דעם קאָמפּליצירטן פּאַרוויקל פון די פריער דערמאָנטע פּראָבלעמען, איז עס אָבער אַ בוך וואָס מאַכט אויף אונדז אַ שטאַרקן רושם. עס איז אַ בוך וואָס פירט אונדז אַריין אין דער אַטמאָספער פון יענעם קאָשמאַר אין וועלכן אוממעגלעכע זאַכן זענען טיילווייז און צייטנווייז געוואָרן מעגלעך. דעריבער זאָג איך אַז נעמען יענע קאָשמאַרעווירקלעכקייט און לויט איר פאַרענטפערן די פראַגן וואָס מיר האָבן פריער געפרעגט, איז אפשר טאַקע נישט מעגלעך, ווייל וויפל דאָס בוך זאָל אויף אונדז נישט ווירקן, וויפל מיר זאָלן נישט אָנגעגליט ווערן מיט דער טעמפּעראַטור פון די שילדערונגען און פון די ליידן וואָס עס מאַכן דורך די העלדן פון בוך, מוזן מיר אָבער — ווען עס קומט צום ענטפערן אויף באַשטימטע עיקרדיקע פראַגן וואָס נוגע דער חורבן־עפּאָכע, וואָס נוגע דעם מהות פון בן־אדם, וואָס נוגע דעם אמתן וועזן פון פּוילישן מענטש — מוזן מיר, האַלט איך, זאָגן: תּיקו! די דאָזיקע פראַגן קאָן דערוויַיל קיינער נישט פאַרענטפערן. דער מחבר דערפון האָט זיך טאַקע אַליין געקאָכט אינעם קעסל פון גרויל, אָבער אויף וויפל ער איז אַ וויכטיקער עדות, איז ער אָבער נישט קיין שופט. דעם אורטייל וועט געבן די צייט וואָס דערוויַיל איז זי נאָך נישט געקומען.

ט.

ווי געזאָגט, וועלן אַ סך לייענערס פונעם בוך. האָבן טענות צום מחבר, הלמאי ער האָט אויפן פּאַן פון רעאַלן לעבן אין דער חורבן־תּקופה אונדז געגעבן אַ ווערק וואָס פאַרמאָגט אומרעאַלע סיטואַציעס און סצענעס, (ווי למשל די סצענע ווי אַ ייִד וואָס הענגט מיטן קאָפּ אַראָפּ איבער אַ ברענענדיקן שייטער כאַפּט אַרויס אַ שופר און מיט פאַרברענטע ליפּן בלאָזט ער אַ תּקיעה גדולה און שטאַרבט). איך קאָן נישט זאָגן אַז די דאָזיקע לייענערישע טענות וועלן אין דעם פאַל זיין אין גאַנצן אומגערעכט. איך קאָן בלויז זאָגן אַז אויך די לייענערס וואָס וועלן אַרויסברענגען די דאָזיקע טענות וועלן מוזן צוגעבן אַז דאָס בוך „דאָס תּבואה־קינד", פּונקט ווי דאָס פריערדיקע בוך פון יוסף וויינבערג, „אַ טרער און אַ תּפילה", האָט אין זיך עפּעס אַזאַ קראַפט וואָס שמידט צו זיך צו און וואָס צעשטורעמט דאָס געמיט. עס איז, ווי געזאָגט, אַ סוררעאַליסטיש בוך. דער רעאַליזם פון בוך איז אַן אַנדערער ווי דער רעאַליזם פון נאָרמאַלע צייטן. עס איז דער רעאַליזם פון קאָשמאַר, דער רעאַליזם פון פיבער, פון האַלוצינאַציעס. איר קענט נישט זאָגן אַז די לופט אינעם בוך איז נישט די לופט פון דער חורבן־צייט און אַז צוזאַמען מיט די געשעענישן וועלכע זענען אַזוי נישט וואַרשיינלעך האָבן אַנדערע געשעענישן אין דעם בוך נישט געקענט געשען

און זענען נישט געשען אין יענער צייט ווען דער שטן האָט רעגירט מיט דער וועלט. עס איז אמת, אין וויינבערגס בוך איז פאַראַן אַ סך פאַנטאַסטישקייט, אָבער מען דאַרף פאַרשטיין, אַז פאַר אַ מענטש וואָס האָט איבערגעלעבט די דאָזיקע צייט איז די פאַנטאַסמאַגאָריע געגוג וואַרשיינלעך און אין דעם קענען מיר זיך איבערצייגן, ווען מיר לייענען די געטאָ־דערציילונגען פון אַ סך אַנדערע שרייבערס. אייגנטלעך איז דאָך אין די געטאָ־לידער און אין די געטאָ־דערציילונגען פון אברהם סוצקעווער, אין די געטאָ־דערציילונגען פון ישעיה שפּיגל, און די געטאָ־שילדערונגען פון לייב ראָכמאַן, פון קלמן סעגאַל דאָס סאַמע ווירקנדיקסטע. טאַקע די פאַנטאַסמאַגאָרישקייט וואָס ווייזט אונדז די אירעאַליטעט פון דעם וואָס מיר באַטראַכטן ווי די רעאַליטעט.

י.

יוסף וויינבערגס בוך „דאָס תבואה־קינד״ וועט, גלויב איך, אַרויסרופן אַ מיינונגט־פאַרשיידנקייט ביים לייענער און אפשר אויך אַן ערנסטע דיסקוסיע וועגן דער געטאָ־און חורבן־ליטעראַטור. אויב דאָס וועט געשען, וועט עס זיין אַ גוטער סימן פאַרן בוך. עס איז אַ בוך וואָס לאָזט נישט גלייכגילטיק און דאָס איז זייער און זייער אַ סך.

# פון באַשרייבערישקייט צו קינסטלערישער געשטאַלטיקונג

וועגן שלמה וואַרזאַגער

דער שרייבער שלמה וואַרזאַגער האָט ביז איצט אַרויסגעגעבן צוויי ביכער פּאָעזיע און פיר ביכער פּראָזע. קוואַנטיטאַטיוו איז, בכן, זיין שעפערישקייט מער אַנזעעוודיק אינעם תּחום פון דער פּראָזע, ווי פון דער פּאָעזיע. פון דעסטוועגן וואָלט איך קיינעם נישט געראַטן אויף דעם דאָזיקן סמך צו מאַכן וועלכע עס איז אויספירן וואָס נוגע דער בכורה פון זיין שעפערישן זשאַנער. יעקב גלאַטשטיין, ע״ה, האָט געהאַלטן, אַז כאָטש וואַרזאַגער שרייבט עכטע פּראָזע, אָדער ווי ער דריקט זיך אויס „ברויט מיט פוטער־פּראָזע״ איז דאָס אָבער די פּראָזע פון אַ פּאָעט. דאַקעגן אַ צווייטער יִדישער ליטעראַטור־קריטיקער, יהושע ראַפּאַפּאָרט, ע״ה, האָט שרייבנדיק וועגן וואַרזאַגערן געשטעלט דעם דגש אויף זיין פּראָזע און נישט אויף זיין פּאָעזיע. דער אמת איז, אַז שלמה וואַרזאַגער איז אי אַ פּאָעט, אי אַ פּראָזאַיקער, און פּונקט ווי מען מערקט אין זיין פּראָזע אַ פּאָעטישן אויפבליץ, אַזוי איז אויך ניכּר אין זיין פּאָעזיע אַ מין פּראָזאַישע שווערוואָגיקייט. וואָס איז ער מער — פּאָעט צי פּראָזאַיקער? דאָס וועט מיסתּמא באַוויזן זיין ווייטערדיק שאַפן און אין ערגסטן פאַל וועט דאָס בלייבן איינע פון די קשיות וועלכע מיר וועלן איבערלאָזן צו פאַרענטפערן פאַרן תּישבי נאָך דעם ווי משיח צדקנו וועט קומען.

וואָס פאַר אונדז איז וויכטיק אין איצטיקן מאָמענט איז דער פאַקט, אַז אין די דאָזיקע ביידע קונסט־געביטן — דער פּאָעזיע און דער פּראָזע — האָט שלמה וואַרזאַגער זיך פאַרשריבן מיט ווערק, וואָס זאָגט עדות, אַז ער איז אין זיי נישט קיין פרעמדער און נישט קיין צופעליקער גאַסט אויף אַ ווייל. אַ ביסל שפּעטער וועלן מיר שמועסן וועגן די באַזונדערע שרייבערישע אייגנשאַפטן וואָס ער ברענגט צום אויסדרוק אין די דאָזיקע זשאַנערן, אָבער שוין איצט לאָזט זיך זאָגן, אַז ער איז אין ביידע זשאַנערן דערשינען ווי אַ שרייבער, וואָס האָט דעם כּוח צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, סיי מיט דער טעמע און סיי מיט איר אויספאָרמירונג. דאָס מיינט, אַז סיי אין זיין פּראָזע, סיי אין זיין פּאָעזיע איז צו מערקן דעם טאַלאַנט פונעם שאַפער, וואָס אי ער האָט וואָס צו זאָגן, אי ער ווייסט ווי אַזוי עס צו זאָגן, כּדי דאָס געזאָגטע זאָל

מאַכן אויף אונדז אַן איינדרוק און זאָל בלייבן אין אונדזער געדעכעניש. און ווי מען האָט אונדז געלערנט זעגען דאָך דער „ווי" און דער „ווי אַזוי" דער אלף און דער תא"ו פון דער שרייבקונסט.

פּראָפ. דב סדן וועלכער באַצייכנט וואַרזאַגערן ווי דעם עלצטן יונג־ישראל־שרייבער, רעדט בעיקר וועגן זיינע פּראָזע־שאַפונגען און שטרייכט אונטער, אַז יעדעס פון זיינע פיר פּראָזע־ביכער איז ווי אַ טרעפ־אַרויף אין דער ביאָגראַפישער און שעפערישער לייטער פון מחבר. גם אני הקטן מסכים, אַז פּראָפ. סדנס פעסטשטעלונג איז אַ ריכטיקע, כאָטש מיר איז שוין אויסגעקומען צו הערן אויך אַנדערע מיינונגען, מחמת קונסט איז פאַרט נישט קיין עקזאַקטע וויסנשאַפט און די אָפּשאַצונג פון אַ קונסטווערק איז אָפּהענגיק פון די פּערספּעקטיוון פון וועלכע דאָס ווערק ווערט געזען און געמשפּט. דאַקעגן האַלט איך אָבער, אַז ס'איז לית מאן דפליג ווען עס גייט וועגן אַ צווייטער פעסטשטעלונג פון פּראָפ. דב סדן און דאָס איז די פעסטשטעלונג, אַז יעדעס פון שלמה וואַרזאַגערס פיר ביכער איז אַ טייל פון זיין אייגענער ביאָגראַפיע און וואָס נאָך וויכטיקער — אַ טייל פון דער ביאָגראַפיע פון זיין דור. איך האַלט, אַז אָט די סדנישע דעפיניציע גיט אונדז אַ געוויסן שליסל צו שלמה וואַרזאַגערס קינסטלערישער וועלט. אין דעם איבערגעפלעכט פון זיין פּערזענלעכער ביאָגראַפיע מיט דער ביאָגראַפיע פון זיין דור דאַרפן מיר זוכן דעם סוד פון זיין אויפשטייג אויף דער שעפערישער לייטער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויף די נידעריקע שטאַפּלען פון באַשרייבערישקייט און האָט זיך דערהויבן ביז צו די העכערע שטאַפּלען פון געשטאַלטערישקייט — אַ זאַך וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן ווען מען לייענט זיין ערשט בוך „ברויט" און זיין פערט פּראָזעבוך „יאָרן".

שלמה וואַרזאַגער איז, ווי באַוווסט, אַ יליד כעלם און איז אַ צווייג פון אַ ברייט־צעוואַקסענעם משפּחה־בוים. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער דרוקן זיינע שאַפונגען האָט ער גענומען ערשט נאָך דער מלחמה. זיין ערשט ביכעלע לידער מיטן נאָמען „זיין" איז דערשינען אין מינכען אין יאָר 1948. זיין ערשט פּראָזעווערק „ברויט" איז שוין דערשינען דאָ אין ישראל, אין יאָר 1960, אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג י. ל. פּרץ. דאַן קומט זיין ראָמאַן „זאַמד", וואָס איז דערשינען אין זעלבן פאַרלאַג, אין יאָר 1963. זיין ראָמאַן „גורלות" דערשיינט אין פאַרלאַג „המנורה" אין דעם גורל־פולן יאָר 1967. זיין בוך „יאָרן" דערשיינט אין יאָר 1973, ווידער אַ מאָל אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ. אין זעלבן י. ל. פּרץ־פאַרלאַג דערשיינט אויך אין יאָר 1975 זיין בוך לידער „דאָ גייט אויף די זון". מיט אַ קורצער צייט צוריק איז דערשינען זיין העברעיש בוך „9 סיפּורים" אין דער איבערזעצונג פון דיכטער מ. יונגמאַן. לאָמיר צו דער דאָזיקער ביבליאָגראַפישער רשימה נאָך צוגעבן אַז זיין ערשט בוך פּראָזע, דאָס בוך „ברויט", איז אויפגענומען געוואָרן

דורך אונדזער ליטעראַטור־קריטיק מיט אַ סך ליבע און אָנערקענונג. מיר האָבן פריער דערמאָנט די אָפּרופן פון יעקב גלאַטשטיין און י. ראַפּאָפּאָרט. צו זיי קומען צו די אָפּרופן פון אפרים אויערבאַך, בונים העלער, דב סדן, י. צ. שאַרגעל און אַ סך אַנדערע. לאָמיר אויף דאָ צוגעבן, אַז דאָס ווערק איז בשעתו פּרעמירט געוואָרן מיט דער ל. בימקאָ־פּרעמיע ביים אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק. אין יענע יאָרן איז דאָס געווען אַ גאָר חשובע אויסצייכענונג פאַר אַ יונגן שרייבער, מחמת דעם אַנזען פון די ליטעראַטור־פּרייזן אין יענער צייט.

ווי שוין דערמאָנט, האָט שלמה וואַרזאַגער דעביוטירט ווי אַ פּאָעט און איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צו שרייבן פּראָזע. אויב יעקב גלאַטשטיין האָט וועגן וואַרזאַגערס ראָמאַן זיך אויסגעדריקט, אַז זיין פּראָזע איז „ברויט מיט פּוטער", קאָן מען וועגן וואַרזאַגערס דיכטונג זאָגן, אַז זי איז **ברויט** מיט **חלום**, אָדער, אַז זי האָט אין זיך דעם טערפּקע־ווייניקן טעם פון גרינע עפּל, וואָס עס פעלט זיי נאָך אַ קליין ביסל זון און טוי. דער אמת איז טאַקע אַז וואַרזאַגער איז אין זיין פּראָזע פריער רייף געוואָרן, ווי אין זיין פּאָעזיע. שוין אין זיין ערשטן פּראָזעבוך „ברויט" זענען פאַראַן בלעטער און בילדער, וואָס ווייזן אונדז אַ רייפן דערציילער, וועלכער ווייסט ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט אַלע אינסטרומענטן פונעם דערצייל־אָרקעסטער. אין דער פּאָעזיע האָט וואַרזאַגער נאָך געדאַרפט וואַרטן אַ היפּשע פּאָר יאָר ביז ער האָט דערגרייכט צו דער רייפקייטס־מדרגה. כ׳וועל דערביי אונטערשטרייכן, אַז דאָס ווערט, חלילה, נישט געזאָגט לגנאי. ווייל גאַנץ אָפט איז עס אפילו אַ טובה פאַר אַ שרייבער ווען ער ווערט נישט רייף פאַר דער צייט, נאָר זיין טאַלאַנט שטייט זיך אויס, ווי גוטער וויין, ביז ער באַקומט דעם ריח און דעם טעם פון צייטיקייט.

אויב מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז אין וואַרזאַגערס פּראָזע געפינען מיר בלעטלעך פון זיין אייגענער ביאָגראַפיע און דורך דעם אויך — בלעטלעך פון דער ביאָגראַפיע פון זיין דור — איז במילא קלאָר, אַז אין זיינע לידער איז ער אוודאי און אוודאי אויטאָביאָגראַפיש. וואָרעם מיר ווייסן דאָך, אַז דער העלד פון יעדן לידער־ראָמאַן איז דער פּאָעט גופא. חוץ דעם געדענקען מיר דאָך דעם זאָג פונעם איטאַליעניִשן ליריקער דזשאַקאָמאָ לעאָפּאַרדי, אַז „דאָס ליד איז דאָס געטרייסטע אָפּבילד פון זיין שאַפער". דער חילוק איז נאָר וואָס אין דער פּראָזע רעדט צו אונדז דער שרייבער אויף אַ שפּראַך, וואָס איז נישט שווער צו פאַרשטיין, בעת אין דער פּאָעזיע רעדט צו אונדז דער דיכטער מיט סימבאָלן און באַגריפן, וואָס נישט אַלע מאָל באַנעמען מיר זיי אין דער ערשטער רגע און עס מוז נעמען אַ ביסל צייט און מען מוז צולייגן אַ ביסל קאָפּ, כדי זיי צו דעשיפרירן און כדי צו אַנטפּלעקן פאַר זיך זייער ריכטיקן אינהאַלט און זייער אמתן מיין.

עס איז כּדאי דאָ צו באַטאָנען, אַז אין פלוג האָט וואַרזאַגערס פּאָעזיע נישט קיין גרויסן שייכות מיט זיין פּראָזע. אין זיינע פּראָזעווערק, דערהויפּט אין די ערשטע, איז ער האַרט ביי דער ערד און זיינע העלדן זענען גראָדליניק און לעבנסלוסטיק. זיי קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ מיט ציין און מיט נעגל, נישט פאַרלירנדיק דערביי דעם חוש פאַר יושר און פאַר דער מאָראַל אין וועלכער זיי זענען דערצויגן. זיי זענען, קאָן מען זאָגן, גאַנצע מענטשן כאָטש זיי דערהייבן זיך נישט צו דער מדרגה פון פערזענלעכקייטן. אין דער פּאָעזיע איז וואַרזאַגער שוין ווייט נישט אַזוי מאָנאָליט און גראָדליניק, ווייט שוין נישט אַזוי „ברויט מיט פּוטערדיק" ווי אין זיין פּראָזע, כאָטש אַ פאַקט איז, אַז סיי אין זיין פּראָזע, סיי אין זיין פּאָעזיע, אַנטפּלעקט דער שרייבער זיך אַליין און דערציילט, שילדערט און מאָלט פאַר אונדז זיינע אייגענע איבערלעבונגען, זיינע אייגענע פאַרלאַנגען און זיינע אייגענע חלומות.

אין איינעם פון זיינע לידער אינעם בוך „דאָ גייט אויף די זון", זאָגט דער דיכטער:

„ווייל כ'בין באַשאַנקען, פאַרשאָלטן מיט פליגל,
איז שווער אויף דער ערד מיר דאָס גיין.
די זון אין מיין אויג איז אַ בלענדיקער עיגול
מאַכט פינצטער מיין טראָט אויפן שטיין".

דאָ הערן מיר בפירוש אַרויס דעם ווייטיק פון דיכטער צוליב זיין געשפּאָלטנקייט, צוליב דער צווייאיקייט אין אים, וואָס איז אי „באַשאַנקען" און אי „פאַרשאָלטן". די דאָזיקע אַמביוואַלענץ אין דער דיכטערישער נשמה הערן מיר נאָך בולטער אַרויס אין אַן אַנדער ליד אין וועלכן דער דיכטער קלאָגט זיך, אַז:

„ווען ס'האָט די מאַמע מיך געבוירן
האָט אַרויסגעוויינט אַ צווילינג:
פלייצט די עצבות דורך צעפּראַלטע טויערן
פון אַ האַרץ אַ זינגענדיק-צעפּרילינגטס".

פון דעסטוועגן, כאָטש מיר האָבן נאָר וואָס געזאָגט, אַז וואַרזאַגערס פּראָזע און וואַרזאַגערס פּאָעזיע זענען שיער נישט אַ תרתי דסתרי, וועט אונדז אָבער אַ טיפערער אַריינבליק ווייזן, אַז אין תוך געגומען קומען זיי ביידע פון איין קוואַל און ס'איז צווישן זיי פאַראַן אַ טיפע אינערלעכע שייכות. נישט מער, אין דער פּראָזע זעען מיר די וואָר פון דיכטער און אין זיינע לידער זעען מיר — זיין חלום. חלום און וואָר דערגאַנצן זיך אָבער און קאָנען אָן זיך נישט אויסקומען. ערשט דעמאָלט ווען מיר זעען דעם דיכטערס וואָר און דעם דיכטערס חלום, ערשט דעמאָלט ווען מיר מעסטן אויס דעם מהלך צווישן זיי,

דעמאָלט באַנעמען מיר, פאַרשטייען מיר דעם ריס אין זיין לעבן, וואָס זיין שעפערישקייט וויל פאַרלאָטען; דעמאָלט באַגרייפן מיר ערשט די טראַגיק, וואָס ליגט אין דער טיפעניש פון בן־אדם און וואָס נאָר זי איז די טרייבקראַפט פון אונדזער דראַנג זיך צו אַנטפלעקן אין אַלע פאָרמען פון דער קונסט.

ווייל ס׳קומט כסדר דאָ אויס צו רעדן וועגן וואַרזאַגערן דעם פּאָעט און דעם פּראָזאַיקער אין איין אָטעם, מוז איך באַטאָנען נאָך עפּעס, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן ביים לייענען זיינע ביכער. אין זיין פּראָזע באַמיט זיך נישט דער מחבר צו זיין קיין מחדש־חידושים אויפן שפּראַכלעכן געביט און מען קאָן זאָגן, אַז, ווי אַ פּראָזאַיִקער גייט ער אין די אויסגעפּרוווטע וועגן פון אַ רעאַליסט. ער דערגייט אָפּט מאָל (דערהויפּט אין זיינע ערשטע צוויי פּראָזע־ביכער) צו דעם נאַטוראַליזם פון ווייסנבערגן און האָראָנטשיקן און צו דער פּסיכאָלאָגישער עקסקורסיע אין דער נשמה פון זיינע העלדן פון אַזאַ שרייבער, ווי יונה ראָזנפעלד. דאַקעגן אין זיין פּאָעזיע האָט דער דיכטער שוין די אַמביציע צו זיין וואָרט־און פאָרם־באַנייעריש און ער דערוועגט זיך שוין אַפילו געוויסע מאָדערניסטישע עקספּערימענטן אין הסכם מיטן צייטגייסט. בכל אופן איז ער אין זיין פּאָעזיע מושפּע פון די סאַמע מאָדערנסטע דערגרייכונגען פון דער יִידישער דיכטונג אַפילו פון די אויפטוען אין דער העברעיִשער פּאָעזיע און אויך פון דער פּאָעזיע פון דער גרויסער קולטורוועלט.

וואַרזאַגער איז אין זיין דיכטונג נאָענט צו די עקספּרעסיאָניסטן און אינזיכיסטן, כאָטש ער איז נישט קיין רעטאָריקער און ער ברענגט צום אויסדרוק זיין געמיט און זיינע געפילן דורך אימאַזשן און וויזיעס. מען זעט אָבער בחוש, ווי ער צעשטערט אָפּט מאָל בכיוון די מוזיקאַלישקייט פון זיין ליד און באַנוצט זיך מיט ווערטער, וואָס קלינגען ווי דיסאַנאַנסן.

עס וואָלט צו פיל אָרט פאַרנומען ווען מיר זאָלן וועלן ברענגען ציטאָטן צו באַשטעטיקן דאָס געזאָגטע. אָבער ווער עס לייענט שלמה וואַרזאַגערס לידער דער קאָן זיך איבערציילן, אַז ער איז נישט פון די פּאָעטן, וואָס פאַרוויגן זייערע לייענער. ער געהערט צו די דיכטערס וואָס צעשטערן די שלווה פון לייענער מיט זייער אינערלעכן אומרו, מיט דער אומרעגלמעסיקייט פון זייער פרייען פערז, מיט דער אַטאָנאַליטעט פון זייער מוזיק, מיט דער געוואַגטקייט פון זייערע אַסאָנאַנסן.

ער איז דער פּאָעט, וואָס אַפילו ווען ער פרייט זיך מיטן לעבן, ווו עס גייט אויף די זון, דערוועקט ער אָבער אינעם לייענער דאָס געפיל פון טיפן צער צוליב די קרבנות, וואָס אָט דער זונאויפגאַנג קאָסט אונדזער פאָלק, ווי אויך צוליב דער פּיין, וואָס מיר מוזן פאַרשאַפן אַנדערע אין קאַמף פאַר אונדזער קיום. ער זעט:

„דער הימל אין רויכן, די פעלדער — אין פייער״.

און ער פרעגט:

,,ווער האָט עס, ווער האָט עס טויזנטער גייער
אין אַנגסטיקן פלאַנטער פאַראייניקט? —
אין אַנגסטיקן פלאַנטער — פאַרוויניקט?"

און ער פאַרענדיקט דאָס ליד מיט די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע פערזן:

,,וואָס זענען יסורים, וואָס זענען דען ווונדן,
אין מיטן פון חרובער וועלט ליגסט געבונדן
צום געוויין פון אַ זויגלינג — אַ זעגן פון גרילן
און האָסט נישט מיט וואָס אַזאַ הונגער צו שטילן".

נישט אַלץ איז אונדז אין דעם ליד, ווי אין אַנדערע לידער פון דעם דיכטער, פאַרשטענדלעך און קלאָר, אָבער מתוך דעם אומפאַרשטיין זייער פשט, גייט אויף אין אונדז די שטימונג פון דיכטער און די אומרויִקייט פונעם דיכטער און דערמיט דערגרייכט דאָס ליד צו דעם צו וועלכן עס דאַרף דערגרייכן.

*

אַנדערש, גאַנץ אַנדערש איז וואַרזאַגער אין זיין פּראָזע. דאָ איז ער נישט בלויז פאָלקסטימלעך, נאָר אפילו פאָלקלאָריסטיש: ער איז אין זיין שרייבן ניי, אָפּילו מאָדערן, אָבער נישט מאָדערניסטיש. ווי יעדער יונגער שרייבער זוכט ער אויסדרוק פאַר זיין וועלטוויזיע, פאַר זיין מענטש־דערקענטעניש, אָבער ער עקספּערימענטירט נישט. ער שילדערט זיינע העלדן אי אין אַנפאַס און אי אין פּראָפיל. ער שילדערט זיי אָבער אין נאַרמאַלע פּאָזיציעס און קריכט נישט מיט דער רעכטער האַנט צום לינקן אויער כדי אַרויסצורופן וועלכע עס איז ניימאָדישע עפעקטן וואָס שרעקן דעם לייענער מער ווי זיי באַווירקן אים.

שוין מיט זיין ערשטן פּראָזעבוך ,,ברויט", ווייזט ער, אַז ער איז אַ שרייבער, וואָס האָט דעם מוט צו גיין מיט דעם דרך המלך פון דער פּראָזעקונסט. ער קומט נישט מיט קיין נייער טעמאַטיק. ער קומט נישט מיט קיין נייע העלדן. ער קומט אויך נישט מיט קיין נייע פּראָבלעמען. ער קומט מיט דעם טויזנט און איין מאָל באַשריבענעם יידישן שטעטל אין פּוילן. ער קומט מיט די יידן און יידענעס פון שטעטל וואָס זענען שוין אין אונדזער ליטעראַטור פיקסירט געוואָרן אין אַן אַ שיעור פּאָזיציעס, אין אַן אַ שיעור מאָמענטן. ער קומט מיט אַזאַ ,,ניי" פּראָבלעם ווי עס איז יידישע אָרעמקייט, אָדער קאַמף פאַרן טרוקענעם שטיקל ברויט וואָס פעלט אויס. און דאָך — כאָטש ער קומט מיט אַן אַלטער אפשר אויך באַקאַנטער טעמאַטיק — לייענען מיר אים גערן און מיר ווערן באַווירקט פון דעם וואָס ער דערציילט און שילדערט פאַר אונדז. מיר ווערן גערירט פון דעם גורל, וואָס די העלדן זיינע שלעפּן אויף זיך און מיר אידענטיפיצירן זיך מיט זייער קאַמף פאַר דעם נאַקעטן דאָזיין. די ברויט־און פוטער־פּראָזע פון שלמה וואַרזאַגער שילדערט אַ לעבן, וואָס איז גאָרנישט ברויט

און פוטערדיק. אָבער טאַקע דערפאַר ווייל זיינע מענטשן זענען עכטע, לעבעדיקע מענטשן, ווייל זייערע דאגות און ווייטיקן זענען עכטע און טיף מענטשלעכע איבערלעבונגען, ווערן מיר פון זיי באַווירקט און מיר לעבן מיט מיט זייער פיין און צער אַפילו דעמאָלט ווען מיר ווייסן שוין, אַז דאָס קאָנקרעטע שטעטל, וואָס וואַרזאַגער שילדערט איז מער נישטאָ און אַז די העלדן האָט דער באַצישער רשע לאַנג, לאַנג אומגעבראַכט.

וואַרזאַגער פאַרמאָגט אָבסערוואַציע פעיקייט און אַ זכרון, וואָס מאַגאַזינירט די אָנגעזאַמלטע אָבסערוואַציעס. אָן די צוויי עלעמענטן קאָן מען בכלל נישט שרייבן קיין פּראָזע. דאָס מערקט זיך באַלד אין זיין ערשטן פּראָזעבוך „ברויט". אין זיין בוך „זאַמד" קומען די דאָזיקע צוויי אייגנשאַפטן פון דעם פּראָזאַיִקער נאָך מער צום אויסדרוק. דאָ האָבן מיר שוין פאַר זיך אַ נייע מיליע, אַ נייע לעבנס־סיטואַציע און אַ גאַנץ נייעם פערסאָנאַזש: אַפילו אַ נייע, לחלוטין נייע לאַנדשאַפט. וואָרעם דער דאָזיקער ראָמאַן (אויב מען קאָן אים אַזוי אָנרופן) שפּילט זיך אָפּ אין מיטלאַזיע און אין מלחמה־צייט. דער רוב פון די העלדן זיינע איז טאַקע פון יענעם שטעטל, וואָס אין „ברויט", אָבער דערפאַר — וואָס פאַר אַ מהלך צווישן יענע לעבנס־באַדינגונגען און די איצטיקע! אַנטקעגן דער נויט, אַנטקעגן דער שווערער אַרבעט. און דער עלנטקייט און פרעמדקייט פון די מענטשן אין ראָמאַן „זאַמד" איז דער שווערער גערנגל פאַר ברויט אין ראָמאַן „ברויט" ממש אַן אידיליע. אויך דאָרטן, אין „ברויט" האָט מען געהאַט צו טאָן מיט דער גויִשער, אַנטיסעמיטישער מאַכט, מיט אירע קאָרומפּירטע באַאַמטע, שוטרים ונוגשים. אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז עס מיט דער צביעות, קאָרופּציע און פאַלשקייט, וואָס זיי, די העלדן זיינע, טרעפן אָן אין די סאָוויעטישע לעבנס־באַדינגונגען. וואָס פאַר אַ פאַרגלייך צווישן יענער פּראַצע און דער איצטיקער קאַטאָרזשנער אַרבעט? אָבער דער שרייבער פאַרלירט זיך נישט. ער זעט אַלץ, הערט אַלץ און פאַרפיקסירט אַלץ אויף זיין שטייגער. ער באַווייזט אַפילו אין דעם נאַקעטן געראַנגל פאַרן ביסן צו זען מענטשלעכע אָרנטלעכקייט. מענטשלעכע גוטסקייט. זיין הויפּטהעלד איז טאַקע אַנטוישט אין סאָוויעטישן גן־עדן, וואָס צוליב אים איז ער פון די יִנגסטע יאָרן אָן געזעסן אין די פּוילישע תּפיסות, אָבער ער פאַרזעט דערביי נישט דאָס פּאָזיטיווע, וואָס איז פאַראַן אין דעם וואָס רינגלט אים אַרום.

אידעיִש האָט אים דאָס סאָוויעטישע לעבן געמאַכט פאַר אַ וויסטן אָרעמאַן. אָבער קינסטלעריש האָט עס אים שטאַרק באַרייכערט. ער האָט געזען דעם מענטשן און דאָס לעבן אין מינוטן פון נסיון. און די דאָזיקע מינוטן פון נסיון האָט ער אין זיין בוך „זאַמד" פאַרוואַנדלט אין שעפערישן גאָלד.

„זאַמד" איז אַן אויפשטייג אויף אַ העכער טרעפּל אין פאַרגלייך מיטן בוך „ברויט". „גורלות" איז אַ העכערונג־שטאַפּל אין פאַרגלייך מיט „זאַמד". אין די

דערציילונגען פון ,ברויט' און ,זאַמד', האָט דער מחבר זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ גוטער שילדערער און באַשרייבער פון מענטשן, סביבות און געשעענישן. אין זיין ראָמאַן „גורלות" באַווייזט ער זיך ווי אַ געשטאַלטיקער פון כאַראַקטערן, פון היסטאָרישע ווענדונגען און פון מענטשלעכע שיקזאַלן. אויך אין זיין וועלט וואָס ער שילדערט אין זיינע ערשטע צוויי ביכער טרעפן מיר נעגאַטיווע פאַרשוינען, אָבער אינעם בוך „גורלות" ווייזט אונדז שלמה וואַרזאַגער נעגאַטיווע געשטאַלטן, וואָס זייער נעגאַטיווקייט איז אַ רעזולטאַט פון אַ פאָזיטיוון, היסטאָרישן פּראַצעס. די אַקציע פון ראָמאַן שפּילט זיך אָפּ אין דער יונגער מדינה, אין דער עפּאָכע, ווען די קאַמפן אויף די באַפרייונג־פעלדער האָבן נאָך נישט אויפגעהערט. עס איז אָנגעקומען די גרויסע עליה. עס איז די צייט פון מעברות, פון „צנע". עס גייט אָן אַ גרויסער פּראָצעס פון איבערשמעלצונג, פון איבערשיכטונג, פון אַריינוואַקסן אין אַ נייַ לעבן, פון שאַפן די פאָרמען פון אַ נייַ לעבן. דאָס איז אַ ווייטיקלעכער פּראָצעס און עס איז אַ שווערע צייט. די דאָזיקע צייט שילדערט אונדז דער שרייבער אין בוך „גורלות" און ער געשטאַלטיקט זי פאַר אונדזערע אויגן. דורך די טיפן און געשטאַלטן וועלכע מיר זעען אויפן פאָן פון דער צייט, אַזוי לעבעדיק און אמתדיק, אַז זיי רירן אונדז מיט זייער באַשערטקייט. אַפילו ווען מיר פאַרמשפּטן דאָס נעגאַטיווע און זייערע האַנדלונגען, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון זייער געצוווּנגענער אומוואַנדלונג אויפן וועג פון אויסשמידן פון פאַרשיידענע ייִדישע עדות איין ייִדיש פאָלק, אין זיין אייגענער מדינה.

און לסוף: בלויז צוויי, דריי ווערטער וועגן שלמה וואַרזאַגערס 4־טן פּראָזע־ראָמאַן „יאָרן". וועגן דעם ראָמאַן וואָלט מען באַדאַרפט רעדן באַזונדער און באריכות. אָן שום ספק איז עס דאָס רייפסטע און ווערטפולסטע ווערק, וואָס וואַרזאַגער האָט אָנגעשריבן. דער ברויט מיט פוטערדיקער פּראָזאַיִקער דערשיינט דאָ ווי אַ ליריקער און ווי אַ פּסיכאָלאָג, וואָס אַריענטירט זיך אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון מענטשלעכן כאַראַקטער, אין די דינסטע געפילן פון בן־אדם, וואָס קומט אָפּט אין קאָנפליקט מיט זיך אַליין (און די דאָזיקע קאָנפליקטן זענען דאָך די שווערסטע). דין און איידל וויקלט דער שרייבער פאַר אונדז אויף די ליבע־פּלאָנטערן פון אַן עלטערן מאַן צו אַ יונג מיידל און דאָס וואָס ער דערזאָגט נישט מאַכט טיפער און וואָגיקער דאָס געזאָגטע. די דאָזיקע דערציילונג האָט אין זיך דעם אָטעם פון דער מאָדערנער וועלט־ליטעראַטור. און כ'וואָלט אַפילו געזאָגט, אַז ס'איז פאַראַן אין איר אַן אָפּשיין פון דעם באַרוישנדיקן בוך וויקטאָריאַ וועמענס מחבר עס איז אונדז ייִדן שווער אָנצורופן ביים נאָמען צוליב באַקאַנטע סיבות, כאָטש מען פרווט נישט פאַרמינערן זיין שרייבערישע גרייס.

פון באַשרייבונג צו קינסטלערישער געשטאַלטיקונג — דאָס איז שלמה וואַרזאַגערס גאַנג אַרויף אויף דער לייטער פון שעפערישקייט.

## שפרה ווערבערס „אויף גראָז און ליים"

די דיכטערין שפרה ווערבער האָט זיך קיין מאָל נישט אויסגעצייכנט מיט קיין גרינג־געמיטיקע, פריילעכע לידער, אָבער אַזוי מינאָר, אָנגעזאַפּט מיט פּיין ווי עס איז איר ליד אין דעם בוך „אויף גראָז און ליים" איז איר געזאַנג קיין מאָל נישט געווען. מיר מוזן דאָס צו שרייבן די איבערלעבונגען וואָס האָבן זי אינספּירירט די לעצטע יאָרן און זיי זענען דאָך, ווי מיר ווייסן, געווען זייער און זייער שווערע.

שפרה ווערבער איז אַ דיכטערין, וואָס איר ליד איז פּועל־יוצא פון אירע איבערלעבונגען, כאָטש זי דערציילט קיין מאָל נישט וועגן דער סיבה פון איר ווייטיק. מען מוז צוגעבן, אַז אַ חוץ דעם וואָס שפרה ווערבער איז אין איר פּערז זייער רמזימדיק און וואָרט־קאַרג, איז זי נאָך דערצו באַשיידן און זי קאָן ביי זיך נישט פּועלן צו טראָגן אין רשות־הרבים אַריין די איבערלעבענישן, וואָס האָבן צעוויגט די פּאָעטישע סטרונעס פון איר האַרצן. איר ליד איז דעריבער אַ טונקל־פאַרשלייערטער משל וועגן אַ נימשל, צו וועלכן מיר קענען דערגיין נאָר מיטן געפיל און דאָס אויך דעמאָלט ווען אונדז געלינגט באַווירקט צו ווערן פון דער שטימונג, וואָס עס שאַפט די וואָרטמוזיק פון איר ליד.

איך זאָג „ווען אונדז געלינגט באַווירקט צו ווערן, אא"וו א"וו", דערפאַר, ווייל לייענענדיק די לידער פון שפרה ווערבער, פילן מיר, אַז זי געהערט נישט צו די וואָס וואַרפן זיך אַרויף אויפן לייענער און צווינגען אים מיט געוואַלד זיך אונטערצוגעבן זייער השפעה. שפרה ווערבער געהערט צו די דיכטערס וואָס כּדי זיי צו דערפילן, כּדי זיי צו באַנעמען מוזט איר קומען אין זייערע פּאָעטישע דלת־אמות און זיך איינהיימישן אין זייער אָפט נישט היימלעכער אַטמאָספער און ערשט דאַן באַווירקט ווערן פון זייער וואָרט, ניגון און בילד. טרעפט טאַקע, אַז איר לייענט איבער אירס אַ ליד איין מאָל און נאָך אַ מאָל און איר בלייבט מחוץ דעם ליד און מחוץ דער שטימונג דערין. דאָך, אַז איר לייענט דאָס זעלביקע ליד אַ דריט מאָל, גיט עס זיך פאַר אייך אַ צעעפן, עס נעמט אייך אַריין אין זיך און עס גייט אויף פאַר אייך מיט די אַלע ווערטן, וואָס מאַכן אויף אייך אַן איינדרוק און באַווירקן אייך.

שפרה ווערבערס ווערטער אין ליד קומען פון אַן „אָנגעגליטן שווייגן". דערפאַר דאַרף מען גאָר אָפט איר וואָרט נישט נעמען פּשוטו כמשמעו. וואָרעם

איר וואָרט האָט אַ סך מאָל אַ גאַנץ באַזונדערן מיין און באַדייט, איבערהויפּט ווען גאָר אָפט באַמיט זי זיך אַפילו נישט צו געבן אין איר פּערז דעם פּשוטן צוזאַמענבונד צווישן וואָרט און וואָרט, און צווישן שורה און שורה. „ניט שריי, / ווען פייער פאַרצערט דיך / נאָך אַנאַנדער — / שטייגן און שטייגן / אין געלייטער / פון אַנגעגליטן שווייגן".

ערשט ווען מיר לייענען די ווייטערדיקע סטראָפן, ווערט אונדז גאָענט דאָס געמיט אין וועלכן די ווערטער פון דער דיכטערין האָבן זיך באַהאַפטן צו ווערן אַ ליד און דערביי ווערט אונדז אויך נתגלה דאָס וואָס ס'האָט אַ רגע צופריער אויסגעזען ווי אַן אומפאַרשטענדלעכער נסתר:

„אויך די זון, אין קרייז / פון אייביקע צונדן, / שמעלצט אירע וווּנדן / אין אייגענעם פייער / אין אַנהויף פון לײדן / אין טיגלישן שווייגן".

און דאַן גייען אַרויס די ווערטער פון זייער נעפּל, פון זייער שלייער, פון זייער אומפאַרשטענדלעכקייט און זיי באַקומען אַ באַזונדערן זין, אַ העכערן זין, אַ פּאָעטישן זין. מיר דערזעען און דערפילן דאָס פאַרצערנדיקע פייער אין זיך ווי די זון איבער זיך און מיר זינגען מיט דער דיכטערין: „זי וויגט זיך / אַ צעגליטע / אין אירע בלענדיקע שטראָמען. / און ס'האָבן אויף איר ניט קיין שליטה / די רוימען און תהומען".

אָט איז אַן אַנדער ליד פון דעם זעלביקן ציקל וואָס איר מוזט דערין אַריינגיין, כּדי עס זאָל זיך פאַר אייך עפענען און כּדי איר זאָלט דערפילן און אויספילן דאָס פאַרבינדנדיקע צווישן די שורות:

„צווישן מיר און טיר
אַ שלאָס —
רויטער גלי און צאַרטער ראָז־גענאָד —
אַזוי פיל סוד!

און ווי האָב איך פאַרגעסן
אַז ליידיק דאָס הויז,
און דער רויך
וואָס וויקלט זיך אַרויף —
לעצטער הויך
פון פאַרגליטע טעג.

זעץ איך זיך
ביים טייטלבוים אַוועק,

פון זיינע בלעטער
אָבלדיק באַדעקט.

איך זע דורך זיי
אין פורפור אַ פאַרגיין,
און פון זיינע שופֿן־קנופּן
הער איך אַ געוויין".

„אויף גראָז און ליים" איז שפרה ווערבערס דריט בוך לידער. איר ערשט בוך איז געווען די פּאָעמע „ניסעלעס טרער" און דאָס צווייטע בוך „ווונד אין בלי". דאָס בוך „אויף גראָז און ליים" האַלט 104 זייטן איז אַרויסגעגעבן דורך דעם פאַרלאַג „י. ל. פרץ", תל־אביב תשל"ו, 1976 און איז געטיילט אין פאָלגנדיקע אָפּטיילונגען: 1) „אין טיגל פון שווייגן", 2) „דאָרטן", 3) שטאָלענע טעג", 4) „אומרו", 5) „און ס'וועט זיין", 6) „אָפּשייד".

ווי אין אירע פריערדיקע לידער ווייזט זיך שפרה ווערבער אויך אין דעם איצטיקן בוך ווי אַן אייגנאַרטיקע דיכטערין, וואָס דערגראָבט זיך צו אַן אייגענעם וואָרט־אויסדרוק פאַר אירע וויזיע־אימאַזשן און פאַר איר געפיל וואָס די לעבט איבער אין זייער אַן אינטענסיווער פאָרעם. אירע לידער זענען בטבע קנאַפּ־וואָרטיק, אָבער מען פילט, אַז אין דעם צימצום איז פאַראַן די שפּאַנונג פון אַ וואָרט־אַנגעלאָדנקייט, וואָס איז עלול אויפצורייסן. אירע אימאַזשן זענען פול מיט טונקלקייט און סוד און עפּעס איז אין זיי תּמיד פאַראַן אַ סימבאָלישקייט, וואָס מיר דאַרפן דעשיפרירן.

ווי געזאָגט, זענען אירע לידער געשריבן אין מינאָר־שליסל און זיי ברענגען אויף זייער אופן אַרויס דעם עכאָ פון איבערלעבונגען וועלכע זענען זייער פיינלעך. די דאָזיקע פיינלעכקייט פילן מיר באַזונדערס שווער אין דעם ציקל לידער „אין אָפּשייד", געווידמעט אַבוש ווערבערן, ע"ה, דער דיכטערינס לעבנס־חבר, וואָס איז אַזוי פּריצייטיק אַוועק פון אונדז. שפרה ווערבער רעדט וועגן זיין אַוועקגיין און וועגן איר טרויער און צער אויף אַ רמזימדיקן אופן, ווייל זי איז בכלל די דיכטערין פון נישט דערזאָגן און דאָך זאָגן אירע לידער אַזוי פיל אין זייער נישט דערזאָגטקייט.

אָט איז אַ ליד פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג:

„איצט ביסטו איינגעהילט / אין שקיעה־סוד. // ווי קאָן מען וויסן, / אַז צווישן מיר און דיר / אַזוי פיל ריסן / מיט אַ מאָל. // ניט דיר — די שוואַרצע שטראָף / פון שטויביקן צעפּאַל / אין כּף הקלע. / צי גאָר — די ראָזע גנאָד / פון באַלזאַם / פאַרן גוף? // פאַרגליווערט דיין קול / און איך וויל הערן דיין רוף".

און אָט איז אַ צווייט ליד פֿון דעם זעלביקן ציקל:
„אָ, ווייז מיר נאָך איין מאָל / דיין פּנים, / וואָס אין קראַמף פֿון יסורים / איז מיר צערונען / געוואָרן / אין מיין זכרון. // אָ ווייז מיר נאָך איין מאָל / דיין צעפּרילינגטן שמייכל / מיט זוניקן זינען / פֿאַרצייכנט. // נאָך איין מאָל — די אויגן / גלאַנציק פֿאַרחידושט / אין שוועביקע וויטן / אויף לויפֿיקע טייכן / מיט אַ פֿליעסק אַ באַנייטן, / אויף חידוש-לבנה / פֿון קאָסמישע צייטן".

דאָס זענען לידער טיף דורכגעלעבטע, לידער טיף דורכגעווייטיקטע און טיף דורכגעפֿילטע; לידער וואָס קומען נישט אָן גרינג און גיבן זיך נישט גרינג דעם לייענער. אָבער דער וואָס דערפֿילט זיי, דערהערט זיי און דערזעט זיי, ווייסט, אַז זיי קומען פֿון דעם פּרדס פֿון דער עכטער פּאָעזיע.

1977

## וועגן בוך „משיח פון רמלה" פון פייוול זיגעלבוים

פאַראַן שרייבערס וואָס ווערן, אַזוי צו זאָגן, געבוירן צוזאַמען מיט זייער טעמע און זיי האַלטן זיך ביי איר אַ גאַנץ שעפעריש לעבן. אין דער ייִדישער ליטעראַטור זענען אַזעלכע שרייבערס געווען: עוזר וואַרשאַווסקי, אַ. מ. פוקס, אפרים קאַגאַנאָווסקי, יחיאל האָפּער און נאָך אַנדערע. די דאָזיקע אַלע דערמאָנטע און נישט דערמאָנטע שרייבערס זענען געקומען אין דער ליטעראַטור אַריין מיט דער שילדערונג פון ספּעציפישע סביבות און מיט דעם געמעל פון אייגנאַרטיקע טיפּן און געשטאַלטן. זיי האָבן געברענגט מיט זיך אַ וועלט מיט אַ באַזונדערן שטייגער, ווי אויך מיט אַ באַזונדער מאָראַל און לעבנס־באַנעם. דאָ, אינעם אַנטפּלעקן פאַר אונדז די דאָזיקע ספּעציפישע וועלט, איז געלעגן די אַטראַקטיווקייט פון די דאָזיקע שעפערס און דאָס איז, אין אַ גרויסער מאָס, אויך געווען דער זכות צוליב וועלכן זיי האָבן פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס אין אונדזער שאַפן.

דאָס פאָלק זאָגט אַז אַזוי ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי ייִדלט זיך און אַזוי ווי עס ייִדלט זיך, אַזוי קריסטלט זיך. ס'איז, בכן, קלאָר אַז די פריער דערמאָנטע דערשיינונג איז גילטיק אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור. ווי אַ ראיה דערצו לאָמיר אָנרופן בלויז עטלעכע נעמען, ווי למשל דעם רוסישן שרייבער מאַקסים גאָרקי מיט זיינע באָסיאַקישע טיפּן, דעם ייִדיש־רוסישן שרייבער איסאַק באַבעל מיט זיינע מאָלדאַוואַנקע־געשטאַלטן, דעם אַמעריקאַנער שרייבער דיימאָן ראַניאָן מיט זיינע העלדן פון דער ניו־יאָרקער האַלבוועלט און דעם אַרמענישן שרייבער וויליאַם סאַראָיאַן מיט זיינע לאַנדסלייט וואָס געפינען זיך שוין אויף דער שוועל פון אמעריקאַנער שמעלצקעסל. די אַלע זענען שרייבערס מיט ספּעציפישע טעמעס, מיט אַ באַזונדערער וועלט און מיט אַזעלכע טיפּן און פאַרשוינען וואָס איר קענט אַ מייל פון דער ווייטנס דערקענען צו וועלכן שאַפער זיי געהערן.

פאַראַן אָבער אויך אַנדערע שרייבערס — און די זענען אפשר די מערהייט — וואָס זייער טעמאַטיק איז נישט קיין באַזונדערע און די וועלט וואָס זיי געשטאַלטיקן איז נישט קיין ספּעציפישע. קען מען זאָגן אויף לעוו טאָלסטאָי אַז ער האָט געהאַט איין ספּעציפישע טעמע? קען מען באַהויפּטן אַז באַלזאַק האָט געשילדערט מענטשן פון איין ספּעציפישער סביבה? איז י. ל. פרץ געווען אַ

שרייבער וואָס האָט אַנטפּלעקט נאָר איין ווינקל פון ייִדישן לעבן? קלאָר אַז דער ענטפער מוז אין די אַלע פאַלן זיין אַ נעגאַטיווער. די אַלע דערמאָנטע און נישט דערמאָנטע שרייבערס זענען אין זייער שאַפן געווען טעמאַטיש פּילזייטיק און זייער פּילזייטיקייט האָט זיך פאַרמערט צוזאַמען מיט זייערע לעבנס־דערפאַרונגען און צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון זייער טאַלאַנט.

נעמט, למשל, אַזאַ שרייבער ווי שלום אַש. ווי מיר ווייסן איז אַש אַריין אין אונדזער ליטעראַטור מיט אַן אויסגעשפּראָכענער טעמע: מיט דער שילדערונג פון זיין אידילישן שטעטל און מען איז לכתחילה געווען זיכער אַז ער וועט ביי דער דאָזיקער טעמע בלייבן אויף עולמות. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער אַז ווי נאָר אַש האָט באַקומען סמנים פון פליגל, אַזוי איז אים אין דער שטעטל־טעמע באַלד ענג געוואָרן און ער איז אַוועק זוכן נייע רוימען פאַר זיין שעפערישן פלי. ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש וואָס נאָמבערג, רייזען און אַפילו פּרץ זענען אין אָנהייב נישט געווען צופרידן וואָס אַש פאַרלאָזט זיין ערשטיקע טעמאַטיק און ער נעמט זיך שילדערן סביבות און מענטשן מיט וועלכע ער איז נישט אַזוי היימיש ווי מיט זיינע שטעטלדיקע ייִדן. צום גליק האָט אַש צו זיי זיך נישט צוגעהערט און ער האָט זיך נישט געהאַלטן ביי דער שטעטל־טעמע ווי דער זינדיקער האַלט זיך ביי די קרני־המזבח. נאָר ער איז שרייבעריש אַוועק אין דער ברייטער וועלט אַריין און האָט דווקא שטאַרק מצליח געווען.

פייוול זיגעלבוים איז געקומען מיט אַ ספּעציפישער און אויסגעשפּראָכענער טעמע — מיט דעם לעבן פון דעם זולו־שבט אין דרום־אַפריקע און היות ער האָט מיט דער דאָזיקער טעמע געהאַט אַ היפּשן דערפאָלג, האָט מען געקענט און געדאַרפט זיך ריכטן אַז ער וועט ביי איר זיך האַלטן אויך ווייטער און מען וועט אים אַזוי אַרום דאַרפן מצרף זיין צו די ספּעציפישע טעמע־שרייבערס וועגן וועלכע מיר האָבן אָקאָרשט גערעדט.

עס איז אָבער אַוועק נישט קיין לאַנגע צייט און דער מחבר פון „די אוהאַמאַס" איז צו אונדז געקומען מיט אַ ניי בוך, „דער כּוח צו שטאַרבן" וואָס האָט טעמאַטיש גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט זיין ערשט בוך. אַוודאי זענען צווישן „די אוהאַמאַס" און צווישן דעם „כּוח צו שטאַרבן" פאַראַן געוויסע געמיינזאַמקייטן און אַנדערש קען עס דאָך נישט זיין, ווייל ביידע ווערק האָט דאָך געשריבן איין און דער זעלביקער שרייבער. מחוץ די דאָזיקע ענלעכקייטן און געמיינזאַמקייטן זענען עס אָבער צוויי באַזונדערע ווערק, ווי ווייט און באַזונדער עס איז דאָס לעבן און די עקזאָטיק פון די שבטים אין דזשונגל, הינטער דער הייסער אפריקאַנער זון און דעם לעבן פון די ייִדן אין פּוילן ערב דער שואה וואָס זיגעלבוים שילדערט און דערציילט דערוועגן אין שייכות מיט דער גענעאַלאָגיע פון זיין ברודער, דעם קדוש שמואל (אַרטור) זיגעלבוים.

איך מוז דאָ באַמערקן אַז ווען עס איז דערשינען זיגעלבוימס ווערק „די אוהאַמאַס״, האָבן אַ סך געפרעגט: ווי קומט דער שרייבער, אַ פּוילישער ייִד, צו דעם עקזאָטישן לעבן פון די זולוס? אָדער ווי פּראָפ. דב סדן האָט זיך אויסגעדריקט: ווי קומט דער חיבור צו דעם דאָזיקן מחבר? איך דערמאָן די דאָזיקע פראַגע צוליב עפּעס און אַז עס וועט קומען די צייט וועל איך אַרויסלאָזן די אָל פון זאַק און אויפקלערן אין וואָס דער דאָזיקער „עפּעס״ באַשטייט.

לעת־עתה דאַרפן מיר זאָגן אַז פּונקט ווי פייוול זיגעלבוים האָט געהאַט דערפאָלג מיט זיין בוך „די אוהאַמאַס״, האָט ער אויך עושה רושם געווען מיט זיין צווייטן בוך „דער כּוח צו שטאַרבן״. דאָס האָט אונדז בולט באַוויזן אַז ער געהערט נישט צו די שרייבערס פון אַ ספּעציפישען טעמע, נאָר איז אַ שרייבער וואָס אַלע טעמעס שטייען פאַר אים אָפן און קענען ווערן די אָביעקטן פון זיין ליטעראַרישער געשטאַלטיקונג.

דעם דאָזיקן אמת האָט זיגעלבוים נאָך שטאַרקער באַשטעטיקט מיט זיין בוך „משיח פון רמלה״, וואָס איז אין מיינע אויגן אַ קאַליידאָסקאָפּ פון טעמעס, טעמעס אָפט מאָל קאָנטראַסטיקע וואָס ווייזן אָבער דאָס לעבן אין דער פולער פאַרשידנקייט און פילפאַרביקייט.

אין די 14 זאַכן וואָס גייען אַריין אין דעם באַהאַנדלטן בוך האָבן מיר אַן ערך פיר דערציילונגען וואָס שפּיגלען אָפּ געוויסע מאָמענטן, געוויסע סביבות און געוויסע אַספּעקטן פון דעם אַמאָליקן ייִדישן לעבן אין פּוילן. דאָס דאָזיקע לעבן איז שוין פאַקטיש מער נישטאָ און עס דויערט אילוזאָריש בלויז אין אונדזער זכרון און דאָך שילדערן ייִדישע שרייבערס, און צווישן זיי אויך פייוול זיגעלבוים, דאָס דאָזיקע לעבן ווי עס וואָלט נאָך אָנגעגאַנגען פאַר אונדזערע אויגן אַזוי אַז אָפט דאַכט זיך אונדז אויס אַז די העלדן פון די דאָזיקע שילדערונגען ווירקן נישט אין פּוילן, וווּ עס זענען שוין כּמעט קיין ייִדן נישטאָ, נאָר זיי ווירקן און האַנדלען דאָ צווישן אונדז: מען דאַרף נאָר אַריבערשפּרייזן די שוועל צווישן רשות־היחיד צום רשות־הרבים כּדי זיי צו באַגעגענען און כּדי זיי צו טרעפן אין אונדזערע אייגענע דלת־אמות.

ווען עס גייט וועגן די דאָזיקע פאַרשווינען און וועגן דעם שטייגערלעבן אין וועלכן זיי זענען איינגעוועבט, שילדערט זיי זיגעלבוים מיט אַ שטילער ליבשאַפט און מיט אַן עלעגישן טרויער. אָפט מאָל דערגייט ער אַפילו צו אַ דינעם הומאָר מיט וועלכן ער פּרוּווט גרינגער מאַכן דעם צער וואָס מיר דערפילן ווען מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון אַז בסך־הכּל רעדט זיך דאָ פון אַ לעבן וואָס איז שוין אין דער בחינה פון אַ נפטר. נאָך עפּעס: די דערציילונגען פון דעם דאָזיקן מין זענען דורכויס רעאַליסטישע און דאָך איז אין זיי פאַראַן עפּעס וואָס שיינט פאַר אונדז מיט אַ סימבאָליש ליכט. דאָס קומט בולט צום אויסדרוק אין דער דערציילונג „דער גילגול״, ווו דער נאַיווער גלויבן פון אַ פּשוטן

פּאַלקסייִד שטעקט אָן אַ גאַנץ שטעטל. עס איז כּמעט אַ כעלעמער מעשה וואָס די אַמאָליקע משכּילישע שרייבערס וואָלטן שוין אויסגעגוצט אָפּצוחוזקן פון אַ שטעטל מיט ייִדן. אָבער פּייוול זיגעלבוים נוצט עס אויס בכדי צוווייזן דעם כּוח פון תּמימות.

חוץ די פיר דערציילונגען פון דעם „פאַרברענטן נעכטן" און חוץ דער דערציילונג „פעסטיוואַל" וואָס איז נישט געבונדן מיט צייט און אָרט, זענען אַלע ניין איבעריקע זאַכן וואָס גייען אַריין אין בוך פון דעם אַקטועלן לעבן אין מדינת ישראל. איך שטרייך אונטער דאָס וואָרט אַקטועלן, ווייל די הויפּט־דערציילונג פון דער זאַמלונג „משיח פון רמלה" שילדערט געשעענישן וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער יום כּיפּור־מלחמה און וואָס אירע רעפּלעקסן און אויסווירקונגען זענען נאָך היינט לאַטענט אין דעם לעבן פון דעם ישראל־ייִד.

דאָס ישראלדיקע לעבן מאָלט און שילדערט פּייוול זיגעלבוים פון דריי אַספּעקטן 1) דעם ביטערן געראַנגל פאַר דעם קיום פון דער מדינה און דאָס מיינט די מלחמות מיט די אויסערלעכע שונאים; 2) דעם קאַמף פאַר אַריינפּאַסן זיך אין דער נייער ווירקלעכקייט וואָס די מדינה האָט געשאַפן און וואָס אייניקע פון אירע זייטן זענען אונדז נישט תּמיד צום האַרצן, און 3) דעם שווערן פּראָצעס פון מיזוג־גלויות וואָס האָט זיך פּירגענומען שאַפן פון פאַרשידענע שבטים איין פאָלק און ברענגט דערביי צו נישט ווייניק רייבונגען אין דער ישראלדיקער געזעלשאַפט און צו נישט ווייניק איבלען אין דעם לעבן פון ייִדן אין זייער באַנייטער היים.

די דאָזיקע דריי אַספּעקטן קומען אונדז אַנטקעגן פון די דערציילונגען „משיח פון רמלה", „דאַליאַ", „אחיקם", „אַ קינד ווינט" און אַנדערע. מחוץ די דריי אַספּעקטן זענען אין בוך אויך פאַראַן דערציילונגען וואָס שפּיגלען אָפּ די טראַגיק פון די וועלכע האָבן זיך על־פּי־נס געראַטעוועט פון היטלער־פייער, ווי למשל די דערציילונג „דאָס פּירטע טרעפּל", אָדער די דערציילונג „צייט־סימפאָניע". ווי מיר זעען שפּילט זיגעלבוים אויף אַלע כּלים פון טעמאַטישן אָרקעסטער און אונדזער צייט, און דאָ דאַרף גאַנץ באַזונדערס אויסגעטיילט ווערן די גרויסע דערציילונג „דער עילוי פון חברון" וואָס הייבט זיך אָן אין פּוילן, גייט איבער קיין ארץ־ישראל, טרעפט אַריין אין די באַקאַנטע טראַגישע געשעענישן פון חברון אין יאָר 1929 און פאַרקייקלט זיך אַזש קיין דרום־אַפריקע, וווּ דער מחבר האָט די מעגלעכקייט אויפצוּוויקלען פאַר אונדז אַ שטיק פון דעם אָרטיקן ייִדישן לעבן, צוזאַמען מיט די פאַרשידענע טיפּן ייִדן וואָס באַפעלקערן דעם דאָרטיקן ייִדישן ישוב.

די צענטראַלע דערציילונג פון גאַנצן בוך איז „משיח פון רמלה", כאָטש די דערציילונג „דער עילוי פון חברון" איז נישט קלענער פון איר און וואָלט לויט איר אויסשפּרייט אין צייט און אין שטח געדאַרפט פאַרנעמען דאָס

הויפּטאָרט אין בוך. אין דער דערציילונג „משיח פון רמלה" האָבן מיר אָבער די אַלע דריי אַספּעקטן פונעם ישראל-לעבן וועגן וועלכע מיר האָבן פריער גערעדט און דערביי האָבן מיר נאָך עפּעס וויכטיקערס: מיר האָבן דאָ דאָס גורלדיק-בשותפותדיקע צווישן די אַלע דריי מאָמענטן און מיר זעען בפירוש ווי אַזוי זיי באַווירקן זיך, הן לטובה והן לרעה פון דעם ייִדישן לעבן אין דער מדינה.

מען קען האָבן צו זיגעלבוימס דערציילונגען פאַרשידענע טענות פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, אָבער מען מוז מודה זיין אַז אין די דאָזיקע פּראָזע-שאַפונגען זיינע ברויזט דאָס וואָרע און נאַקעטע לעבן. אַ סימן איז אַז מיר ווערן אַריינגעצויגן אין דעם גאַנג פון זייער אַקציע און מיר זעען פאַר זיך זייערע העלדן וואָס זייער געמיט, זייער צער און זייער פרייד ווערט אונדז נאָענט. דאָס איז אַ גרויסע זאַך און עס איז מכפר אויף אַ סך זינד אין דער פּראָזע. מען מוז צו דעם צוגעבן אַז סיי זיין דערציילונג „משיח פון רמלה", סיי זיין דערציילונג „דער עילוי פון חברון" האָט זיגעלבוים אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל האַנדלונגשטאָף און אַקציע אַז מען וואָלט פון זיי געקענט אויסבויען גרויסע ראָמאַנען. ס'קען זיין אַז מען מעג צו זיגעלבוימען האָבן טענות וואָס נוגע דער טיף פון זיינע שילדערונגען פון מענטשן און סיטואַציעס, אָבער וואָס נוגע זייער ברייטקייט און פאַרנעמיקייט פאַרדינט ער קאָמפּלימענטן.

ס'איז כּדאַי דאָ צו באַמערקן אַז די אומות העולם האָבן אַ געוויסן באַגריף אין זייער ליטעראַטור-קריטיק וואָס מיר ייִדן האָבן אים נישט דער דאָזיקער באַגריף איז „סטאָרי-טעלער" וואָס אין יידיש וואָלט עס געהייסן „מעשה-דערציילער", אָבער מעשה-דערציילער קען זייער גרינג פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַגריף פון נעגאַטיוון זין. דהיינו: אַ מעשה-דערציילער קען מען אָנרופן אַזאַ איינעם וואָס מען דאַרף נישט האָבן צופיל צוטרוי צו זיין וואָרט, ווייל ער איז בטבע אַ מעשה-דערציילער דאָס הייסט: אַ דערציילער פון נישט געשטויגן נישט געפלויגן. נעמענדיק אָבער דעם דאָזיקן באַגריף אַזוי ווי ער ווערט פאַרשטאַנען ביי די אומות-העולם, קען מען זאָגן אַז פייוול זיגעלבוים איז אַ סטאָרי-טעלער און ער באַנוצט זיך מיט אַלע מיטלען וועלכע זענען פאַראַן אין רשות פון וואָרט כּדי די „סטאָרי" וואָס ער דערציילט און שילדערט זאָל אונדז פאַראינטערעסירן און באַווירקן.

איצט איז שוין אפשר די צייט צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן אַן ענין, וועגן וועלכן מיר האָבן פריער שוין אָנגעוווּנקען. ס'איז באַוווּסט ווי אַ כּלל אַז דער פּראָזאַיִקער מוז זיין אויף אַ טיפן און אינעווייניקסטן אופן באַקאַנט מיט דעם לעבן וואָס ער שילדערט און מיט די העלדן וועלכע ער פירט אַרויס אין זיינע ווערק. מהאי-טעמא זענען מיר געוווינט אַז דער דערציילער זאָל זיך באַנוצן מיט דעם לעבנסשטאָף אין וועלכן ער איז אַ בן-בית. לאָמיר זיך דערמאָנען

אַז ווען פלאָבער האָט געשריבן זיין „סאַלאַמבאָ״, איז ער געפאָרן קיין טוניס און דאָרט פאַרבראַכט אַ לאַנגע צייט, כּדי זיך צו באַקענען מיט דער לאַנדשאַפט און אַפילו מיט דער טאָפּאָגראַפיע פון דעם אַמאָליקן קאַרטאַגאָ. עס איז אויך באַוווּסט אַז ווען דער העברעיִשער שרייבער חיים הזז האָט געשריבן זיין ראָמאַן יעיש, פון תּימנער לעבן, האָט ער זיך אַריינגעצויגן אין אַ שכונה פון תּימנער און מיט זיי געוווינט אַ לענגערע צייט, כּדי צו דערלערנען זייער שטייגער, זייערע מנהגים און זייער מענטאַליטעט. די פראַגע איז בכן, צי מעג און צי דאַרף אַ יִדישער שרייבער, אַ יִיד פון פוילן, נעמען אַלס הויפּטהעלד פון זיינס אַ דערציילונג אַ תּימנער יִיד וועלכן ער קען, זייענדיק בלויז צען יאָר אין לאַנד און אָבסערווירנדיק אים פון אַ געניג ווייטער פּערספּעקטיוו.

די פראַגע איז, ווי געזאָגט, שוין געשטעלט געוואָרן לגבי זיגעלבוימס ערשט בוך „די אוהאַמאַס״ און דער ענטפער, לויט מיר נאָך, איז אַז כאָטש אין פּרינציפּ איז די פראַגע פון אינעווייניקסטער באַקאַנטשאַפט מיט דעם לעבן וואָס דער שרייבער שילדערט, ריכטיק און גילטיק פאַר אַלע שרייבערס, איז אָבער נישטאָ קיין טערמין ווי לאַנג די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט דאַרף דויערן. ביי איינעם דאַרף זי דויערן אַ יאָר און ביי אַן אַנדערן — צען יאָר. חוץ־לזה איז אויך וויכטיק וואָס דער שרייבער וויל שילדערן. פאַראַן אַ שרייבער וואָס וויל שילדערן אַזעלכע זייטן פון לעבן וואָס צו זיי דאַרף מען זיין באַקאַנט מיט דעם אָביעקט פון דער שילדערונג אַ סך־אַ סך יאָרן און פאַראַן אַן אַנדער שרייבער וואָס פאַר זיין שילדערונג איז גענוג די באַקאַנטשאַפט מיטן אָביעקט בלויז עטלעכע יאָר, ווייל דער עיקר איז פאַר אים נישט דאָס ספּעציפישע פון דעם געשילדערטן, נאָר די אַלגעמיין מענטשלעכע זייט זיינע. נעמענדיק אין אַכט די דאָזיקע הנחות, ווערן פאַר אונדז פאַרענטפערט די פריער געשטעלטע פראַגן און מיר מוזן זאָגן, אַז פיוול זיגעלבוים האָט אַרויסגעוויזן גענוג באַקאַנטשאַפט מיט דער וועלט פון זיינע העלדן, הגם ער קען זיי ערשט אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצע צייט. אַ ראיה — מיר זעען זיינע העלדן און מיר פילן זייער מענטשלעכן ווייטיק און דאָס איז דאָך דאָס וויכטיקסטע.

וואָס מיר שטערט אָפּט אין זיגעלבוימס פּראָזע איז דאָס וואָס עס פעלט צייט־דיסטאַנץ צווישן דעם געשעענעם און דעם געשילדערטן. געוויסע סצענעס אין „משיח פון רמלה״ וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער יום כּיפּור־מלחמה האָט זיגעלבוים אָנגעהויבן שרייבן בעת די מלחמה האָט זיך קוים געהאַט פאַרענדיקט און דעריבער האָט זיך אָפּט אַריינגעכאַפּט אין זיינע דערציילונגען דער אימפּעטיקער הייסער אָטעם פון רעפּאָרטאַזש. זיגעלבוימס העלדן רעדן אָפּט מיט דעם לשון פון זייער מחבר און אַן אַנדער מאָל טרעפט, אַז דער מחבר נעמט רעדן מיט דער שפּראַך פון זיינע העלדן. איינע פון די בעסטע זאַכן אין בוך איז די דערציילונג „פעסטיוואַל״, וואָס שילדערט אַן אַלמענטשלעך פּראָבלעם, די מורא פאַר דעם

„אל תשליכנו לעת זקנה", וואָס איז דאָ באַזונדערס שטאַרק, ווייל מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַן אַקטיאָר וואָס די פראַגע פון יונגשאַפט איז אַ באַשטימענדיקער טייל פון זיין דערפאָלג ביים עולם. די דערציילונג וואָלט אָבער פיל געווונען, ווען זי זאָל געשריבן ווערן רויִק און באַהערשט; ווען דער שרייבער זאָל זיין סטיל נישט לאָזן באַווירקט ווערן פון זיין העלד וואָס געפינט זיך כמעט אויף דער שוועל פון היסטעריע.

אין סך־הכל וויל איך זאָגן דאָס וואָס איך האָב שוין פריער באַטאָנט: פייוול זיגעלבוים איז אַ שרייבער וואָס ווערט אָנגערעגט צום שרייבן דורך כלערליי לעבנס־געשעענישן און דערפאַר איז נישט קיין ווונדער וואָס ער האַלט זיך נישט ביי איין טעמע. מען מוז אָבער צוגעבן אַז די טעמעס וועלכע אינספּירירן אים צו שרייבן זענען תמיד פון אַ וויטאַלן און אפשר אויף צענטראַלן באַדייט אין אונדזער קאָלעקטיוון און יחידישן לעבן.

# פּרץ מיראַנסקיס „ניט דערזאָגט"

יש אומרים אז דעם פּאָעטס ביאָגראַפיע דאַרף מען, בעיקר, זוכן אין זיינע לידער. דאָס הייסט אַז דעם פּאָעטס לידער זענען די אויטענטישסטע פאַר־צייכענונגען אין זיין אויטאָביאָגראַפישן טאָגבוך.

פּרץ מיראַנסקיס לידערבוך **ניט דערזאָגט** וואָס איז דאָ ניט לאַנג אַרויס אין תּל־אָביבער י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, איז טאַקע אַ מין דיכטערישער טאָגבוך אין וועלכן עס זענען פאַרשריבן די וויכטיקסטע געשעענישן, אָדער בעסער געזאָגט: זיינע וויכטיקסטע איבערלעבענישן אין משך פון די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר.

קאָנקרעט: פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ביז די הײַנטיקע טעג, אָדער — פון דעמאָלט זינט ער האָט פאַרלאָזן זיין חרובע היימשטאָט ווילנע ביז דעם מאָמענט ווען ער האָט געשלאָגן וואָרצלען אין זיין נייער היים אין קאַנאַדע.

זאָל אָבער זיין קלאָר: בעת מיר זאָגן אַז אין דעם בוך זענען פאַרצייכנט די געשעענישן, אָדער די איבערלעבענישן וועלכע האָבן געפורעמט זיין ביאָגראַפיע, מיינען מיר דערמיט נישט צו זאָגן אַז ער האָט די דאָזיקע איבערלעבענישן און פאַקטן באַשריבן כּמו שהם, ס׳הייסט: אַזוי ווי זיי זענען פאָרגעקומען אין דער ווירקלעכקייט. ס׳וויל בלויז זאָגן, אַז אַלץ אָדער כּמעט אַלץ וואָס איז געשען מיט אים אָדער אַרום אים, אַלץ, אָדער כּמעט אַלץ, וואָס האָט פאַרנומען זיינע געדאַנקען, האָט אויפגערודערט זיינע געפילן, האָט געווירקט אויף זיין געמיט; אַלץ וואָס האָט געמאַכט אַ טיפן רושם אויף זיין נשמה און האָט אַרויסגערופן דעם באַדאַרף דיכטעריש צו רעאַגירן מיטן אויפזינגען זיין ליד — אָט דאָס אַלץ געפינט מען אין זיינע לידער וועלכע ער האָט צונויפגעזאַמלט אין זיין פאַרנעמיקן לידערבוך **ניט דערזאָגט**.

פּרץ מיראַנסקי, געבוירן אין ווילנע און דערצויגן אין דער ספּעציפישער אַטמאָספער פון דער ווילנער וועלטלעכער ייִדישקייט, האָט אָנגעהויבן שרייבן נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און איז אַפילו שוין דעמאָלט (ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגער בחור) אָנגענומען געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דער באַרימטער ליטעראַרישער גרופּע יונג־ווילנע. אמת, ער האָט דעמאָלט נישט געהערט צו דעם גרויסן קוואַרטעט גראַדע, וואָגלער, סוצקעווער און לייזער

---

* **פּרץ מיראַנסקי:** ניט דערזאָגט, **לידער, פאַרלאַג,** י. ל. פּרץ, **תּל־אָביב 1983.**

וואָלף), ער האָט אָבער געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון לייענער און קריטיקער מיט זיינע משלים און מיט זיין בריהשאַפט מיט וועלכער עס האָבן זיך, אַגב־אורחה, אויסגעצייכנט אויך אַנדערע מיטגלידער פון דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער חבורה.

דער חותם פון דער ווילנער יידישקייט און פון דער פּראָזאַדישער בריהשאַפט, באַזונדערש אויפן געביט פון גראַם און נייוואָרט־שאַפונג, איז ניכּר עד־היום־הזה אין דער יצירה פון פּרץ מיראַנסקי.

ווי אַ משלים־שרייבער איז פּרץ מיראַנסקי זייער אָפט דידאַקטיש און אַפילו עפּיגראַמאַטיש. ער מיידט אָבער אויס די דאָזיקע עלעמענטן אין זיינע לירישע לידער, וואָרעם אויף וויפל ער איז אין די משלים קלאָר און איינדייטיק, אַזוי פיל איז ער אין זיין ליריש ליד „ניט דערזאָגט" און רמזימדיק. מען קען אַפילו זאָגן, אַז אין זיינע לירישע לידער שפּילט ער אָפט אויס ניגונים וועלכע ער זינגט אויס אין דער האַלב־טונקלקייט פון געמיט. דערקעגן אין די משלים — און נישט נאָר אין די משלים — שטרעבט ער צו זיין לויטער און פּשוט. ער זאָגט וועגן זיך:

און אַלץ וואָס איז אומזעבאַר,
ווילט זיך מיר מאַכן קלאָר.

(ז' 5)

עס איז נישט אין מיין טבע צו דרשענען דעם שער־בלאַט פון אַ בוך. אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן פּרץ מיראַנסקי, מוז איך זאָגן אַז אין דעם נאָמען פון זיין ספר איז פאַראַן עפּעס וואָס איז טיף נוגע דעם פּאָעט און זיין פּאָעזיע. די פּוילישע דיכטערין מאַריאַ פּאַווליקאָווסקאַ־יאַסנאָזשעווסקאַ זאָגט ערגעץ אין אירס אַ ליד, אַז זי שטייט אָפט פאַרן נסיון צו דערזאָגן דאָס וואָס דאַרף בלייבן נישט־דערזאָגט. דער אמת איז אַז אַ סך פּאָעטן זענען מודה, אַז דאָס נישט־דערזאָגטע אַנטהאַלט און ווירקט אָפט שטאַרקער ווי דאָס דערזאָגטע און ווער שמועסט נאָך — דאָס אַריבערגעזאָגטע... מיט דעם לעצטן ווערן ביי אונדז אַ סך פּאָעטן ניכשל. צווישן זיי אויך אונדזער דיכטער פּרץ מיראַנסקי, וועלכער קען אָפט נישט באַהערשן דעם ווילן קלאָר צו מאַכן מיט רייד:

דאָס אַלץ, וואָס ווירבלט אויף מיין דנאָ,
פאַרנעפּלט אין טומאַנען,
וואָס איז אין לשון נאָך ניטאָ
און כ'קאָן עס בלויז דעראַנען,

(ז' 31)

מען דאַרף אָבער פון דעסטוועגן צוגעבן, אַז אין דעם דאָזיקן געראנגל מיט זיך אַליין איז דער פּאָעט אין מיראַנסקין גאַנץ אָפט מנצח און דעמאָלט געלינגט אים צו בלייבן אויף דער גרענעץ צווישן וואָר און טרוים, אויף דער גרענעץ צווישן דער רעאַליטעט און דעם חלום, ווי ער זינגט עס אין אַן אַנדער ליד:

זע, דיין ליד זאָל האָבן חלום,
ווען דיין חלום ווערן וואָר.
זע, דיין ליד און די משלים
זאָלן ווי אַ קוואַל זיין קלאָר.

(ז' 29)

מיראַנסקי גיט בשום־אופן נישט אויף דעם שעפערישן געראַנגל פאַר דער קלאָרקייט פון וואָרט, פאַר דער לויטערקייט פון ליד. ער ווייסט אָבער אַז אַ ליד מוז האָבן חלום און חלום איז תמיד „ניט דערזאָגט"...

*

דער אמתער פּאָעט ווערט גאַנץ אָפט איבערגעראַשט פון זיין אייגן ליד. אין דעם זינען איז ער גלייך צו דעם אָראַטאָר וועגן וועלכן עס רעדט טראָצקי אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, דאָס הייסט: צו דעם רעדנער וואָס אין מיטן רעדן הערט ער זיך אַליין צו צום דעם שטראָם פון זיינע רייד און ער ווערט דורך זיי באַווירקט. אויך דער אמתער פּאָעט הערט זיך אָפט צו מיט שטוינונג צו דעם שטראָם פון זיין יצירה און ער איז דעריבער פערמאַגנעט פאַרנומען מיטן זוכן די אורקוואַלן פון וועלכע עס נעמט זיך ביי אים די דאָזיקע שעפערישקייט.

אַ גרויסן טייל פון זיינע לידער ווידמעט פּרץ מיראַנסקי דעם דאָזיקן שעפערישן רעטעניש פון דיכטער. אויך ער, ווי טראָצקיס רעדנער, האָרכט זיך אָפט צו מיט דערשטוינען צו דעם שטראָם פון די ווערטער אין ליד און ער זוכט דעם סוד פון קוואַל פון וועלכן עס קומט צו אים דער ניגון. פאַראַן אַ סך וואָס זאָגן, אַז זיי האָבן נישט קיין הנאה פון די לידער וואָס פּאָעטן שרייבן וועגן לידער. דער אמת איז אָבער אַז אין די „לידער וועגן לידער" אַנטפּלעקט דער דיכטער זיך אַליין מער ווי אין וועלכן עס איז געזאַנג אויף אַנדערע טעמעס. דער פאַרוווּנדער מחמת דעם שטראָמיקן קוואַל פון געזאַנג, די מורא אַז דער דאָזיקער קוואַל זאָל פּלוצעם נישט פאַרשטאָפּט ווערן, אַזוי אַז פּונקט ווי מען ווייסט נישט פון וואַנען ער איז געקומען — זאָל מען נישט וויסן וווּהין ער איז אַוועק — דאָס אַלץ ברענגט דעם שעפער צו אַ מין אויפריכטיקייט וואָס גיט זיך איבער דעם לייענער און פאַרשוּתּפות זיי.

אויך פּרץ מיראַנסקיס ליד וועגן לידער געהערט צו דעם מין. אָט איז, ווי אַ ביישפּיל, איין ליד וועגן לידער אין דער אַ זאַמלונג:

אין דינע דממה דקות הער איך
דאָס אָנהויבוואָרט אין מיין געמיט,
און זילב נאָך זילב, אַזוי בערך,
פֿאַרקייטלט זיך אין מיר אַ ליד

בראשיתדיק גייט אויף דאָס אָנען
אין ווירבל־ווייטיקן באַשאַף,
עס נעמט דער זין דאָס וואָרט באַמאַגנען
ביז ווי אַ כּישופֿדיקער כּתב

פֿון שורות נעמט אין מיר שוין ברומען
און שוימען, ווי אין ווינט דער ים,
און דאַן איך קאָן שוין מער ניט שטומען,
און עס צעבליט זיך אויף מיין גומען
אַ ליד פֿאַרשלייפֿלט מיט אַ גראַם.

(ז׳ 30)

✶

מיראַנסקי פֿאַלט אָפּט אַריין אין די נעצן פֿון זיין „פֿאַרשלייפֿלען אַ גראַם״, ס׳הייסט: פֿון פֿערז־בריהשאַפֿט און דעמאָלט פֿאַרכּליניעט ער זיך מיט ווערטער וואָס זענען זייער קלינגענדיק און העל, האָבן אָבער נישט קיין עכאָ און קיין שאָטן. און אַ קבלה האָב איך פֿון דעם האַרציקן לירישן דיכטער שמואל האַלקין ז״ל, אַז דאָס ליד וואָס האָט נישט קיין עכאָ און קיין שאָטן איז נישט קיין דיכטערישער באַשאַף און וועט דעריבער נישט מוציא שנתו זיין (פֿאַראַן אַזאַ איינגלייבעניש, אַז דער מענטש וואָס האָט נישט קיין שאָטן וועט נישט אויסלעבן דאָס יאָר). פֿאַראַן אָבער לידער ביי מיראַנסקין וואָס די דאָזיקע בריהשאַפֿט שטערט נישט זייער קוואַליטעט און דעמאָלט געלינגט אים אַרויסצוברענגען פֿון די פּאָעטישע טונקלקייטן אַ ליכט, וואָס באַלייכט דאָס ליד און באַלייכט אויך די טונקלקייטן פֿון פּאָעטישן איך פֿון וואַנען דאָס ליד קומט און וווהין עס גייט... אַזאַ איז דאָס קורצע ליד „מיר, פּאָעטן״ אין דעם דאָזיקן בוך.

אַן אָנונג מיט אַן אָנונג רעדט זיך איבער,
נאָר שווער איז צו געפֿינען דעם באַשייד.
אַן אָרעמער איז אונדזער מענטשן־דיבור,
ס׳איז שווער אין אים צו טייטשן אונדזער פֿיבער,
ווען ס׳רעדט אַן אָנונג מיט אַ טרוים זיך איבער,
און ווערטער פֿעלן אויס ביי אונדז אין רייד.

מיר זוכן און מיר נישטערן און גראָבן
אין חושים און געפילן, ווו עס העלט
דער בלויער חלום, וואָס מיר טראָגן און מיר האָבן
געירשנט פון אַ ווייטער עלטער־באָבען,
וואָס האָט אין אונדז פאַרהוילן אירע גאָבן,
מיר זאָלן זיי אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט.

(ז' 47)

★

ווייל פּרץ מיראַנסקי איז אַזוי אַבסאָרבירט פון דעם סוד פון שאַפן איז שוין נישט קיין ווונדער וואָס ער פילט זיך אַזוי נאָענט צו שרייבערס וואָס האָבן געפורעמט די ייִדישע ליטעראַטור, ווי מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ, קולבאַק, מאַנגער און אַנדערע, וועלכע ער ווידמעט לידער אין דעם דאָזיקן בוך. אויך די לידער וועגן די שרייבערס האָבן די מעלה וואָס כאָטש זיי זאָגן אַ סך זענען זיי אָבער אויך נישט דערזאָגט. מיראַנסקיס לידער וועגן שרייבערס, וועגן דעם קוואַל פון שאַפן, זיינע געבעטן צו גאָט וועגן דער מתּנה פון שעפערישקייט, זענען אַ ווערטיקער טייל פון זיין לידערישן טאָגבוך אין וועלכן מיר זעען וואָס פאַר אַ גרויס אָרט דאָס שאַפן פאַרנעמט אין זיין לעבן, אין זיין ביאָגראַפיע.

★

פאַראַן נאָך אַ מין לידער וועגן שרייבערס און וועגן זיי ווילט זיך זאָגן כאָטש אַ פּאָר ווערטער, אי ווייל זיי געהערן צו די רירנדיקסטע אינעם בוך און אי דערפאַר, ווייל זיי זענען געבונדן מיט נאָך אַן אַנדערן מאָמענט אין מיראַנסקיס לידערישן טאָגבוך.

עס איז נאַטירלעך, אַז ווען אַ מענטש גייט אַריבער אַ געוויסע עלטער־גרענעץ זאָל ער אָנהייבן צוריקקוקן אויף דער אוועקגעגאַנגענער יוגנט מיט בענקשאַפט. ביי אַ ייִדישן דיכטער איז אָבער די דאָזיקע נאָסטאַלגיע פאַרבונדן מיט דעם ווייטיק מחמת די פאַרשוווּנדענע יוגנט איז פאַרבונדן מיט אַ וועלט וואָס איז חרוב געוואָרן. ווען אַ ייִדישער דיכטער זינגט, בכן, וועגן דער פאַרשוווּנדענער יוגנט, זינגט ער במילא וועגן דער חרובער היים, וועגן אַ לעבן וואָס איז אונטערגעגאַנגען און דאָס גיט זיין דיכטעריש געזאַנג אַ באַזונדערע דימענסיע, עס רודערט אויף אין אים אַ באַזונדערן ווייטיק. ער באַוויינט דעמאָלט שוין נישט בלויז די ביאָלאָגישע עוולה, וואָס די נאַטור באַגייט קעגן אים, ווי אַ יחיד, נייערט אויך דאָס גרויסע פאַרברעכן וואָס אַנדערע מענטשן, אין זיין געשטאַלט, זענען באַגאַנגען קעגן אים און קעגן זיין פאָלק.

דאָס ביז גאָר אינדיווידועלע ליד וועגן דער פאַרשוווּנדענער יוגנט ווערט דעמאָלט דאָס ליד פון פאָלקישן קאָלעקטיוו, וואָס איז געבונדן דורך דער דאָזיקער טראַגיק. ס'קומט בכן אויס, אַז זינגענדיק וועגן זיינע יוגנט־חברים, זינגט פּרץ

מיראַנסקי נישט בלויז וועגן זיי, נאָר אויך וועגן דער חרובער היים, וועגן דעם חרוב־געוואָרענעם לעבן וואָס איז פאַרבונדן מיט די יוגנטיאָרן, מיט די יוגנטטרוימען און מיט דעם אַלעם וואָס איז מיט דעם דאָזיקן חורבן פאַרגאַנגען.

יעדער איינער פון אונדז באַוויינט זיין פאַרשוווּנדענע יוגנט און יעדער איינער פון אונדז באַזינגט אין געוויין דאָס ייִדישע לעבן וואָס דער נאַצישער רוצח האָט אומגעבראַכט. דאָס דאָזיקע געוויין הערט מען טאַקע באַזונדערש אַרויס פון פרץ מיראַנסקיס געזאַנג און דאָס נישט בלויז ווען ער רעדט דירעקט וועגן רעם חורבן, נאָר דווקא דעמאָלט ווען ער רעדט וועגן זיינע חברים פון יונג־ווילנע, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן דערגרייכט צו הויכע פּאָזיציעס אין מלכות פון ייִדישן וואָרט און געזאַנג און טייל פון זיי זענען פאַרשניטן געוואָרן דורך די מערדערישע נאַציס נאָך איידער זייער ליכט האָט באַוויזן אויפצושיינען אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

פון די לידער וועגן שרייבערס, איבערהויפּט וועגן שרייבערס וואָס זענען פאַרבונדן מיט מיראַנסקיס ווילנער יוגנט, מאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק די פּאָעמע „דאָס געסל פון זיבן פּאָעטן". אין רירנדיקע ווערטער דערציילט דער דיכטער וועגן אַברהם סוצקעווער און וועגן זיין גלויביקער מאַמען, „זי טראַגט אונדז צו כּיבוד מיט ליבשאַפט און גוטס אין געזיכט" (ז' 106). אויף דעם זעלביקן געסל, ווייזט זיך אַרויס, האָט אויך געוווינט לייזער וואָלף, חוץ אים — דער זון פון רב מאיר באַסין („אַן איינזאַמער בחור, אין טונקעלע בגדים, אַ שוויגער", — ז' 107). אין דעם זעלביקן געסל האָט אויך געוווינט, געוואַקסן און געוואָרן אַ פּאָעט, דער דיכטער־פּאַרטיזאַן הירשקע גליק, וואָס איז אַ סך ייִנגער געווען פון די דערמאָנטע פּאָעטן, איז אָבער באַקאַנט געוואָרן אין דער גאַרער ייִדישער וועלט צוליב דעם ליד „זאָג ניט קיין מאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג", באַקאַנט ווי דער „פּאַרטיזאַנער־הימען". דאָ האָט אויך געוווינט, דאָ האָט זיך דערצויגן דער דיכטער משה גורין, וועלכער איז היינט אין ישׂראל, שרייבט ייִדישע לידער און איז דער דירעקטאָר פון אַ העברעיִשער שול אין חולון. און לסוף דער דיכטער פרץ מיראַנסקי אַליין, וואָס רופט אויס אין זיין ליד, דערמאָנענדיק די יוגנט אינעם געסל:

> אוי געסל, מיין געסל! אין גורל דעם האַרבן,
> ווער האָט דיך געקוילעט, זאָלסט לעבן אין האַרץ?
>
> (ז' 111)

און ווייטער:

> געסל מיינס, אומעטיק געסל,
> פול מיט גלויבן, חלומות און מערק,
> האָסטו זיך געקייקלט, ווי אַ פעסל,
> פול מיט ווייַן פון די שעשקינער בערג,

ביז דו האָסט דערקייקלט זיך צו שקיעה,
ברענענדיק גלייך, ווי ספּירט אַ טון,
און האָסט זיך פאַרלאָשן אין ווילִיע,
ווי אַ גרויסע פלאַמענדיקע זון. (ז׳ 111)

און ער ענדיקט די פּאָעמע מיט די אויפרודערנדיקע שורות:

טעג מיינע מיט סם און פלאַם פאַרווייטע,
פול מיט חלום, יוגנט און געדראַנג,
אויף אַ קליינעם געסל אַ פאַרזייטער,
אויפגעשפּראָצט האָט אונדזער יונג געזאַנג.

זיבן יונג צעזונגענע פּאָעטן,
פול מיט האָפן, פול מיט שאַפונגסווײַ,
ווער האָט דריי פון אייך פאַרזייט אין הארבסט אין שפּעטן,
אומצוקומען, בלִיענדיק, אין שביי?...
(זז׳ 111–112)

*

267 זייטן האַלט דאָס בוך ניט דערזאָגט פון דעם דיכטער פּרץ מיראַנסקי. פון דעם בוך קוקט צו אונדז אַרויס דאָס פּנים פון אַן אינדיווידועלן פּאָעט און גלייכצייטיק זעען מיר דערין דאָס געזיכט פון דער קאָלעקטיווער ווילנער ייִדישקייט מיט איר קולט פאַר די ייִדישע ליטעראַטור־שאַפערס, מיט איר פאַרערונג פאַר די ייִדיש־וועלטלעכע גייסטיקע ווערטן. פאַראַן אויך אַ ריי אַנדערע פּאָעטישע קוואַליטעטן אין דעם דאָזיקן בוך, וואָס איז, ווי מיר האָבן באַמערקט אין אָנהייב, אַ מין לירישער טאָגבוך פון דעם דיכטערס שטימונגען, געפילן און געדאַנקען אין משך פון אַ סך יאָרן.

ס׳איז, פאַרשטייט זיך, אין אַ קורצער אָפּהאַנדלונג נישט מעגלעך אויסצושעפּן דאָס גאַנצע בוך אין זיין פילזייטיקייט. ס׳דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז עס וואַרפט זיך אין די אויגן די דערגרייכטע רייפקייט פונעם דיכטער, ווי אויך די רייפקייט פון זיין לשון. איבער דעם בוך קאָן מען אַ סך שרייבן און אין פאַרשידענע אַספּעקטן. מיר דאָ האָבן קוים אָנגערירט אייניקע מאָמענטן וועלכע האָבן אונדז באַזונדערש געריירט. ווער ס׳וועט מאַכן אַן עקסקורסיע אין מיראַנסקיס ליד־מדינה און וועט מיט אַ טיפן אַקער אויפהייבן די פעטע ערד פון זיין דיכטערישער פּאָזיציע וועט געוויס קומען אויף זיין שכר און וועט אויך פאַרדינען אַ דאַנק און אַ לויב מצד דעם ייִדישן לייענער.

# פון אַלטע און יונגע כּתבֿ־ידן

אַברהם סוצקעווער, פון אַלטע און יונגע כּתבֿ־ידן, **פאַרלאַג** ישׂראל־בוך, **תּל־אָביב 1982.**

**א.**

ס'איז אָנגענומען, אַז מיר לויבן אַ פּאָעט, ווען ער איבערצייגט אונדז אין זיינע נייע ווערק, אַז ער איז אויסגעוואַקסן און האָט זיך שעפעריש אַנטוויקלט. פאַראַן אַ סך סימנים, וואָס זאָגן עדות אויף דעם דאָזיקן וווּקס און אַנטוויקלונג, דער עיקר, ווען דער פּאָעט דערגרייכט צו נייע טעמאַטישע קרייזן, באַרייכערט זיין פּאָעזיע מיט נייע אויסדרוק־מיטלען און אַנטפּלעקט נייע וויזיעס און דערקענטעניש. דערפון איז געדרונגען, אַז מיר לויבן דעם שעפערישן מענטש דערפאַר, ווייל ער דערהייבט זיך איבער זיין בראשית, איז אויפגעשטיגן אויף דער לייטער פון יצירה, און איז היינט אַנדערש ווי ער איז געווען נעכטן.

אין אַ בריוו צו זיין געליבטער, זשוליעט דרוע, שרייבט וויקטאָר הוגאָ: „איך האָב ליב פּאָעטן, וואָס זענען נישט בלויז אַנדערש פון אַנדערע פּאָעטן, נאָר זענען אויך אַנדערש פון זיך אַליין, דאָס הייסט: זיי האָבן די פעיִקייט צו זיין היינט אַנדערש ווי נעכטן". אָט דאָס אַנדערש ווערן איז אָפט דער גורם פון בונט־פאַרביקער שעפערישקייט, וואָס זאָגט עדות וועגן דער רייפקייט צו וועלכער דער שרייבער איז דערגאַנגען.

אָבער פּונקט ווי מיר וואַרטן אַז דער פּאָעט זאָל זיין אַנדערש אין איטלעכער יצירה זיינער, אַזוי ווילן מיר אויך ער זאָל בלייבן געטריי צו זיין באַזונדערקייט מיט וועלכער ער האָט זיך אַנטפּלעקט אין אָנהייב פון זיין שאַפן. וואָרעם אין די וואָרצלען פון אָט די ביכּורים ליגט אפשר דער סוד פון זיין פּאָעטישער אָריגינאַליטעט און אַפילו פון זיין שפּעטער אַנטוויקלטער פּערזענלעכקייט. יש אומרים, אַז פּונקט ווי מ'איז זיך נוהג אין דער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט צו זוכן די סיבה פון אינעווייניקסטע פּראָבלעמען ביי דערוואַקסענע דווקא אין דער ווייטער און פאַרהוילענער וועלט פון דער קינדהייט, אַזוי דאַרף מען אויך זוכן דעם מהות פון קינסטלערישער פאָרמירונג און אַנטוויקלונג אין די טונקעלע פאַרהוילענישן פון זיין פּאָעטישן בראשית. אַ פּאָעט וואָס זיין לידערשער אָנהייב איז נישט ניכּר אין זיינע שפּעטערדיקע יצירות רופט דעריבער אַרויס אַ חשד.

אין אַ באַשטימטער מאָס זענען מיר מסכּים מיט אָט דעם יש־אומרים, הגם די הנחה איז נישט תּמיד גילטיק, פאַראַן גרויסע פּאָעטן, וואָס זייער אָנהייב האָט בשום אופן נישט אָנגעזאָגט זייער שפּעטערדיקן וועג.

האָבן מיר דאָ, הייסט עס, אַ תּרתּי דסתרי, וואָרעם מחד־גיסא ווילן מיר אַז דער פּאָעט זאָל זיך כּסדר באַנייען און מאידך־גיסא ווילן מיר געפינען אין איטלעכער נייער יצירה די סימנים פון זיין אָנהייב. פאַרענטפערן קאָן מען דאָס בלויז דערמיט, וואָס אַזעלכע פּאַראַדאָקסן זענען פאַראַן אַ סך אין דער ליטעראַטור, אין דער קונסט.

ב.

ביים פּאָעט אַברהם סוצקעווער, און דער עיקר אין זיין בוך **פון אַלטע און יונגע כּתב־יידן**, פאַרשפּאָרן מיר זיך די טירחה, היות ווי מיר געפינען דאָ אי דעם וווקס דהיינו זיין „אַנדערש ווערן", און אי זיין געטריישאַפט צו דעם שורש פון זיין פּאָעטישער התחלה. גענוג איבערצולייענען צוויי לידער — איינס פון 1936 און דאָס צווייטע פון 1981, כּדי זיך צו איבערצייגן, ווי ווייט דער פּאָעט האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון די דאָזיקע שטורמישע יאָרן. אין דער זעלביקער צייט איבערצייגן מיר זיך אויך, ווי געטריי ער איז געבליבן זיין אייגענעם בראשית, דעם אייגענעם שעפערישן וועג אויף וועלכן ער האָט אָנגעהויבן צו שפּאַנען אין דער יידישער ליריק.

אַברהם סוצקעווערס **אַלטע כּתב־יידן**, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן פון דער יידנוועלט אין מיזרח־אייראָפּע, זענען אין זייער קינסטלערישן אויסדרוק און אין זייער קינסטלערישער אָריגינאַליטעט נישט ווינציקער פאַרכאַפּנדיק ווי זיינע **יונגע** לידער, וואָס אין אַ טייל פון זיי שטראָמט ממש דער הייסער אָטעם פון אונדזערע טעג; לידער וואָס ער האָט געשריבן אין די יאָרן ווען ער איז שוין געווען אויפן זעניט פון זיין יצירה און זיין וואָרט האָט שוין געצייכנט אַ נוסח אין דער יידישער פּאָעזיע.

אַברהם סוצקעווער האָט אָנגעהויבן זיין גאַנג־אַרויף צום באַרגשפּיץ פון אונדזער שירה־וזימרה, פון אַ גאָר הויכן שטאַפּל, און דער ווונדער איז, וואָס ער האָט אין זיין אויפשטייג תּמיד אַנטפּלעקט נייע הייכן. ווען ס'האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער האָט שוין דערגרייכט דעם זיבעטן הימל, האָט ער אונדז פּלוצעם איבערראַשט מיט אַן אַכטן צו וועלכן ער האָט גענומען קלעטערן. און לייען איך איצט די לידער וואָס ער האָט געשריבן אין די יונגע יאָרן, לידער וואָס זענען צוליב באַשטימטע סיבות ביז איצטער נישט אַריין אין זיינע פּאָעטישע זאַמלונגען, בין איך כּסדר איבערגענומען פון דעם אַ ווונדער און פאַראינטריגירט מיט דעם דאָזיקן פענאָמען. מיר האָבן פאַר זיך אַ גרויסן פּאָעט, וואָס זיין גרויסקייט איז נאָך אַלץ נישט אויסגעמאָסטן געוואָרן, מחמת דעם פּשוטן טעם, וואָס ער האָט כּסדר געהאַלטן און האַלט נאָך איצטער — אויף לאַנגע יאָרן — אין איין וואַקסן און גרעסער ווערן.

דאָס בוך פון **אַלטע און יונגע כּתב־ידן** גיט אונדז איבער אַ קיצורדיקע געשיכטע פון סוצקעווערס אַנטוויקלונג, אָבער אויך אַ באַגריף וועגן זיין דיכטערישן שורש. מאָלערס זענען זיך נוהג איינצואָרדענען פון צייט צו צייט, רעטראָספּעקטיווע אויסשטעלונגען פון זייערע ווערק. אַברהם סוצקעווערס בוך איז אויך אַזאַ מין רעטראָספּעקטיווע אויסשטעלונג פון קינסטלערישע ווערק. פאַראַן דאָ לידער וואָס זענען נאָך קיין מאָל נישט געווען געדרוקט, וואָס זענען ערשט איצטער, נאָך צענדליקער יאָרן, באַפרייט געוואָרן פון דער פּאָעטישער גניזה, צווישן זיי אַזעלכע וואָס שטאַמען פון דער סאַמע אָנהייבצייט, און פאַראַן לידער, וואָס זענען אַפילו שוין געווען געדרוקט אין ביכער און זענען איצטער באַנייס אויפגעזאַמלט געוואָרן, כּדי אויסצופורעמען אַ האַרמאָנישן איינס מיט די לידער פון שפּעטערדיקע תּקופות, ווי די **לידער פון טאָגבוך**, וואָס דערגרייכן ממש ביז צו אונדזערע טעג.

אין סך־הכּל האָבן מיר דאָ פאַר זיך אַן אייגן־מיניקן פויגלפלי איבער די פּאָעטישע האָריזאָנטן פון אַברהם סוצקעווער, און אין דעם אַ פלי זעען מיר נישט קיין שום צוזאַמענשטויס צווישן די שפּעטערישע תּקופות, למשל: סוצקעווער שרייבט היינט מער נישט אַזעלכע לידער און פּאָעמעס ווי „אָוונט־געבעט" וואָס ער האָט געשריבן מיט קאָרגע פופציק יאָר צוריק, אָבער ווען מע לייענט דאָס דאָזיקע ווערק, האָט מען דעם איינדרוק אַז ער האָט עס אָקערשט אָנגעשריבן. פון דעם „אָוונט־געבעט" ביז צו די **לידער פון טאָגבוך** איז טאַקע אַ גרויסע מהלך, אָבער אויף דעם גאַנצן מהלך אָטעמט מען די לופט וואָס סוצקעווערס ליד האָט אַריינגעבראַכט אין דער ייִדישער פּאָעזיע.

ג.

ס'איז נישט קלאָר פאַר וואָס אַברהם סוצקעווער האָט אַזאַ ווערק ווי „אָוונט־געבעט" נישט אַריינגענומען אין זיינע ביז איצטיקע זאַמלונגען, אָבער דערפאַר איז קלאָר, אַז דאָס איז אַ פּאָעטישע יצירה וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַ יצירה וואָס זאָגט עדות וועגן סוצקעווערס קינסטלערישער פערזענלעכקייט. געשריבן אין ווייסן פערז, אין ראָמאַנטיש־סימבאָלישן סטיל, ווי אַ דראַמאַטישע פּאָעמע מיט אַ סאָליסט און אַ כאָר אין הינטערגרונט, איז אָט דער **אַלטער כּתב־יד** פריש און צאַפּלדיק מיט היינטצייטיקייט און מיט אייביקייט. מע פילט אין דער פּאָעמע אַ פּאָעט פון אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם. איך מוז ציטירן כאָטש עטלעכע שורות פון דעם דאָזיקן ביז איצט באַהאַלטענעם פּערל:

> כ'האָב קיינעם ניט אויסער די צוויי שפּאַנען ערד אונטער מיר
> און אויסער מיין גוף אין אַ העמד פון דער נאַכטישער זון.

פון דעסטוועגן אַטעם איך אײַן אַלע בלומיקע ריחות
און בענטש מײַנע ערדישע רגעס ווי קינדערלעך קלײנע.
(פון אַלטע און יונגע כתב־ידן, ז׳ 9)

די שטים אין דאָזיקן געזאַנג כאַראַקטעריזירט נישט דעם דיאַגענעסישן אָפּזאָג פון דער וועלט און די צופרידנקייט מיטן פּאָס; להיפּוך, דאָס געזאַנג ברענגט גראָד אַרויס, אַז „אין טראָפּנדל טוי פון מײַן אויג נעמט זיך צוואָגן די וועלט / און לאָזט אין מיר איבער איר אָפּשײַן ווי פרײדיקע עכאָס״. דער כאָר, וואָס איז פון די אַלט־גריכישע צײַטן אָן דער אויסדרוק פונעם גורל, לאָזט דאָ הערן זײַן קול און ברענגט אויף אַן אָריגינעלן אופן אַרויס די קעגנערשאַפט צו דעם פּאָעטס זיך אָפּזונדערן פון דער וועלט און צום באַנוגענען זיך מיט „די צוויי שפּאַנען ערד אונטער מיר״.

צווישן דער שטים (פון פּאָעט) און דעם כאָר פון דער רעאַליטעט, אָדער פון גורל, וועבט זיך אַ זעלטן שײנער פילאָסאָפישער דיאַלאָג, וואָס איטלעכע שורה איז אָנגעלאָדן מיט טיפער מענטש־ און לעבן־דערקענטעניש.

אַזוי ווערט מען אויך נתפּעל ביים לייענען די קורצע פּאָעמע „די רייד פון אָראַקל״. ער האָט אָנגעשריבן די פּאָעמע פאַרן מבול, אין 1936, און זי אויסגעפורעמט און דערשליפן אין 1963, ווען די שוואַרצע וויזיעס און חורבן־נביאותן זענען שוין געווען אַ רעאַליטעט. די וויזיע איז שוין געהאַט מקוים געוואָרן אויף אַ שוידערלעכערן אופן ווי די נבואה גופא. מיר הערן ווי דער פּאָעט לאָזט זאָגן דעם אָראַקל: „אַן אונטערגאַנג זין איך, און ס׳וועט ניט פאַרמײַדן / זײַן לאַווע דײַן פאָלק אויף דער פײַנלעכער ערד״.

און אַברהם סוצקעווער, דער פאָרויסזעער פון חורבן און זײַן פאַראײביקער אין פּאָעטישע ווערק, אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין די רייד פון אָראַקל צוועלף שורות, וואָס צו זייער הויכקייט און טיפקייט קאָן זיך גלײַכן אין דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור בלויז דער מאָנאָלאָג פון מהר״ל אין אַרײַנפיר פון ה. לייוויקס דער גולם. דאָס געזאַנג וועגן דער וויזיע פון חורבן איז אײַנגעהילט אין אַ שײַן, וואָס מאַכט עס אי וואונדערלעך, ווי אַן אַנטפּלעקונג, אי פּשוט און רעאַל, ווי דער קלאַפּ פון אײגענעם האַרץ. אָט זענען די שורות:

און דיך, דעם באַנומענעם זינגער דעם בלײכן,
ווי זאָל איך, מײַן ליבער, דיך טרייסטן? דו ווייסט
אַליין דאָך, אַז ניט פון ברילאַנטענע הייכן
קומט־אָן דער באַפליגלטער מלאך פון טרייסט,
נאָר בלויז פון די אײגענע טיפן וואָס ברענען
אין דאָרשטיקן פײַער צו וועלן דערקענען.

און וואָרהאַפטיק: ס׳וועט ניט דיין שטויב פונעם וועג
די זילבערנע לויטערקייט דיינע וואָס פלעמלט
פאַרטונקלען. אַליין וועסטו ווערן דער וועג
אַווו ס׳וועט דיין ברודער דערנאָך צו עקדה
פון אייגן געוויסן מאַרשירן. און דעמלט
פאַרברידערטע וועט איר דערהייבן זיךביידע.

דער פּאָעט פאַרענדיקט די פּאָעמע מיט אַ הויכן אַקאָרד:

נאָר ערגעץ אין מיר קלאַפּט אַן אַדערל גלייביק
צו ווייטערדיק לעבן, צו נייע כּתב־ידן,
און כ׳בלייב מיט מיין ליבשאַפט אויף אייביק, אויף אייביק...
(דאָרטן, ז׳ 16)

אָט דאָס גלייביקע אַדערל, וואָס האָט געקלאַפּט אין אַ. סוצקעווערס יצירה פון זיין אָנהייב ביז צו זיין היינטיקער פּרוכפּערדיקער שעפערישקייט, זאָגט עדות אויף זיין שורש־נשמה. דאָס איז דער לייטמאָטיוו נישט בלויז פון זיין שאַפן, נאָר אויך פון זיין לעבן. אָט דער דאָזיקער גלייביקייט דאַרפן מיר דאַנקען, וואָס דער גורל האָט אים באַשיצט אין די שווערסטע רגעס. זיין ליד האָט זיך פאַרברידערט מיט אונדז אַלעמען און איז געוואָרן די בריק פון געוויסן אויף וועלכער מיר האָבן געשפּאַנט פון טויט־פאַרמישפּטקייט צו ניי לעבן.

אַברהם סוצקעווערס בוך פון אַלטע און יונגע כּתב־ידן, אַרויס ערב זיין זיבעציק־יאָריקייט, איז אַ גרויסע פּאָזיציע אין בנין פון פּאָעט, דער בנין וואָס דערהייבט זיך וואָס אַ מאָל העכער, כּה לחי.

# אַ ראָמאַן וועגן צוויי ברידער

יהודה עלבערג: „אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש", ראָמאַן. אַרויסגעגעבן דורכן וועלטראַט פֿאַר יידיש און יידישער קולטור, פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב תשמ"ג—1983.

א.

ווען איך האָב בשעתו געשריבן וועגן יהודה עלבערגס דערציילונג „אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש" — אַ דערציילונג וואָס איז אַריין אין זיין בוך „צעוואָרפענע זאַנגען", אַרויס אין יאָר 1976 — האָב איך אונטערגעשטראָכן, אַז עלבערג בלייבט אויך אין דער דאָזיקער דערציילונג דער קינסטלער, וואָס זוכט אין דער אויסערגעוויינטלעכקייט פון די געשעענישן די דערקענטעניש פון בן־אדם און זיין פּסיכיק. חוץ־לזה — האָב איך דעמאָלט געשריבן — פּירט ער זיינע העלדן, ווי אויך זיינע זייטיקע פּאַרשוינען, מיט זייערע כאַראַקטערן און גורלות, איבער גרויסע און פֿאַרשידנאַרטיקע לעבנס־שטחים. אַזוי אַז אויך די דאָזיקע דערציילונג, פּונקט ווי די אַנדערע, שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ קינסטלערישן שפּיגל אין וועלכן מיר זעען אונדזער צייט, אירע פּראָבלעמען און זייער ווירקונג אויף דער צערודערטער נשמה פון דעם היינטצייטיקן מענטש.

די באַנייס־באַאַרבעטע, קינסטלעריש־פּסיכאָלאָגיש אויסגעברייטערטע דערציילונג — „אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש", וואָס דער מחבר רופט אָן ראָמאַן, לאָזט זיך אין תּוך געגומען כאַראַקטעריזירן דורך דעם פריער געזאָגטן, און דאָס הייסט, אַז דאָס וואָס עס איז געווען גילטיק פֿאַר דער דערציילונג פון יאָר 1976 איז אויך אָנגעמאָסטן פֿאַר דעם נייעם וואַריאַנט פון 1983. דאָך, לייענענדיק און פֿאַרגלייכנדיק ביידע וואַריאַנטן, מוז מען קומען צום אויספיר, אַז אין דער איצטיקער ווערסיע זענען אַריינגעפּירט געוואָרן אַזוי פיל נייע געשטאַלטיקונג־מאָמענטן און בכלל — אַזוי פיל נייע קינסטלערישע עלעמענטן, אַז מען מוז דאָס דאָזיקע איצט־פּאַרטיפּטע ווערק באַטראַכטן ווי אַ לגמרי זעלבשטענדיקע שאַפונג, וואָס איז ראוי אויף ס'ביי באַהאַנדלט און באַלויכטן צו ווערן.

איידער מיר טוען דאָס, לאָמיר אָבער כאָטש מיט עטלעכע ווערטער

פאַרצייכענען געוויסע שרייבערישע אייגנשאַפטן, וואָס וואַרפן זיך אונדז אין די אויגן ווען מיר לייענען דעם דאָזיקן טאַלאַנטפולן פּראָזאַיקער. ובכן.

1. יהודה עלבערג צייכנט זיך אויס דערמיט וואָס ער פאַראייניקט אין זיין פּראָזע אי דעם דערציילער און אי דעם שילדערער. וואָס איז דער חילוק צווישן זיין ביידן? דעם דערציילער הערן מיר און דאָס געשילדערטע זעען מיר ואין דומה ראיה לשמיעה... לכאורה דאַכט זיך אויס, אַז די מזיגה צווישן דעם דערציילער און דעם שילדערער איז אַ נאַטירלעכע און אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע פּאַר אַ מענטש וואָס שרייבט פּראָזע און האָט מיט דעם דאָזיקן שרייבן שוין דערגרייכט אַ בכבודיקע פּאָזיציע אין דער ליטעראַטור. אין דער אמתן איז עס אָבער ווייט נישט אַזוי פּשוט ווי מען מיינט און מיר וואָלטן מיט אַ גאַנצער ריי ביישפּילן געקענט באַווייזן ווי אַזוי שרייבערס פון אַ באַדייטנדיקער מדרגה צייכענען זיך אויס אויף איין געביט און פאַלן שטאַרק אַראָפּ ווען עס קומט צו אַ צווייטן געביט. (מענדעלע און שלום עליכם. דער ערשטער — אַ שילדערער, דער צווייטער — אַ דערציילער), יהודה עלבערגס טאַלאַנט צו שילדערן דערציילנדיק און צו דערציילן שילדערנדיק דאַרף דעריבער באַטאָנט ווערן, איבערהויפּט דערפאַר, ווייל עס שאַפט אַ געוויסע האַרמאָנישע איינהייטלעכקייט, וואָס מיר קענען אָנרופן: סטיל אָדער נוסח.

2. יהודה עלבערג האָט אַ נטיה זיך אומצוקערן צו זיינע פריערדיקע, שוין פּובליקירטע ווערק, און זיי אויף ס׳ניי צו באַאַרבעטן, ווי מיר זעען עס אין דער דערציילונג וואָס מיר באַהאַנדלען איצט. אַזוי למשל האָט ער אויף ס׳ניי באַאַרבעט זיין גרויסע און באַרימט געוואָרענע דערציילונג „837" און אויך אַנדערע גרעסערע צי קלענערע פּראָזעווערק, וואָס זענען שוין לאַנג געהאַט אַראָפּ פון זיין וואַרשטאַט און זענען שוין באַקאַנט געווען אין רשות־הרבים. פאַראַן שרייבערס וואָס האַלטן, אַז איידער צו באַאַרבעטן אַ זאַך וואָס איז שוין באַקאַנט, איז בעסער אָנצושרייבן אַ נייע זאַך. עלבערג האַלט זיך נישט ביי דעם דאָזיקן כּלל. דאָס זאָגט עדות נישט בלויז וועגן דער קריטישער באַציִונג צו זיין אייגענעם שאַפן, נאָר בעיקר וועגן זיין שטרעבן צו שלמות, אין גייסט פון תּלמודישן וואָרט: חזקה על חבר שאינו מוציא מתחת ידו דבר שאינו מתוקן (עיר׳ לב. פס׳ ט.). דאָס איז אַ שעפערישער כאַראַקטער־שטריך וואָס קען נישט נישט געלויבט ווערן.

3. יהודה עלבערג איז נישט קיין פיל־זשאַנערדיקער שרייבער. ער איז אָבער אַ פיל־טעמאַטישער שרייבער. ער דערציילט און שילדערט דאָס לעבן פון פאַרשיידענע סביבות און במילא שילדערט ער אויף זייער פאָן שטייגערס וואָס זענען אין זייער כאַראַקטער און מענטאַליטעט, אין זייער דערציִונג און אויפפירונג ווייט איינער פון אַנדערן. זיין קינסטלערישע שעפערישקייט דעקט ברייטע און פילפאַרביקע מרחקים און שאַפט אַ קאַליידאָסקאָפּ פון טיפּן און געשטאַלטן, פון

גורלות און טעמפעראַמענטן מיט וועלכע אונדז קומט אויס זיך צו באַגעגענען אין אונדזער באַשערטן גאַנג פון לעבן, דאָ, אויף דער ערד.

וואָס נוגע דעם דאָזיקן פונקט, וועלן מיר נאָר בקיצור דערמאָנען דעם נאַטוראַליסטיש געשילדערטן בער לעפּ (פון דער דערציילונג מיטן זעלביקן נאָמען) און זיין קעגנזאַץ דעם איידעלן ייִד און זיין ווייב דבורהלע, די עקרה, פון דער דערציילונג „מפטיר יונה״; די רעאַליסטיש און פּסיכאָלאָגיש פּאָרטיפּטע דערציילונגען פון געטאָ־לעבן און בכלל — פון די חורבן־צייטן; זיינע דערציילונגען וועגן דעם לעבן אין די לענדער פון דער נייער וועלט ביז צו זיינע חסידישע מעשיות און לסוף — ביז צו זיין בוך „אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש״, וועגן וועלכן ס׳גייען די רייד אין די ביז איצטיקע און ווייטערדיקע שורות.

ב.

כּמנהג המחברים האָט יהודה עלבערג באַוואָרנט זיין בוך מיט דער באַמערקונג, אַז די געשעענישן און העלדן פון ראָמאַן זענען געבוירן געוואָרן אין דער פאַנטאַזיע פון מחבר און האָבן נישט קיין שייכות צו מענטשן וואָס האָבן באמת עקזיסטירט. דער אמתער אמת, ווי מען זאָגט, איז אָבער אַז די געשעענישן אינעם ראָמאַן, ווי אויך דער הויפּטהעלד זיינער זענען ערגעץ ווו נישט בלויז דער פּראָדוקט פון מחברס פאַנטאַזיע, נאָר האָבן אַ שייכות צו אַ געשעעניש וואָס איז פאָרגעקומען און האָט געהאַט אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין דער וועלט. מיר מיינען דאָ די געשיכטע מיט סאָבעלן, וואָס איז אַנטלאָפן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו מען האָט אים געמישפּט ווי אַ סאָוויעטישן שפּיאָן און וואָס איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אינעם עראָפּלאַן וואָס האָט אים צוריקגעפירט קיין אַמעריקע, נאָך דעם ווי ישראל האָט אים אַרויסגעגעבן אויף דער פאָדערונג פון דער אַמעריקאַנער יוסטיץ.

דער סוזשעטישער סקעלעט פון עלבערגס ראָמאַן איז, ווי מיר זעען, גענומען פון דער ווירקלעכקייט, פון דער נישט לאַנגסטיקער פאַרגאַנגענהייט. דאָס האָט אָבער גאָרנישט צו דער טענה פון שרייבער, אַז דער ראָמאַן איז אין ליטעראַריש־שעפערישן זינען, כּולו פאַנטאַזיע, דאָס הייסט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ קינסטלעריש ווערק וואָס ווערט באַצייכנט ווי פיקציע, נישט געקוקט דערויף וואָס דער פּאָבולאָרער קערן פון דער דערציילונג איז גענומען פון דער ווירקלעכקייט.

לאָמיר טאָקע בתּכלית־הקיצור איבערדערציילן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך אין אָט דער ראָמאַן־דערציילונג:

לעאָן טאַרנאָווסקי, וואָס איז געקומען צופעליק אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און האָט דערמיט אויסגעמיטן דעם גורל פון

די ייִדן אין מזרח־אייראָפּע, אין די חורבן־יאָרן, דערוויסט זיך, אַז זיין ברודער בערנאַרד איז דאָרטן געבליבן לעבן און געפינט זיך צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער אין די ערטער, וועלכע זענען איצט באַהערשט דורך די סאָוויעטן. לעאָן טאַרנאָווסקי הייבט אָן צו מאַכן באַמיִונגען, אַז דער ברודער און זיין משפּחה זאָלן קומען צו אים אין די שטאַטן — אַ זאַך וואָס געלינגט זייער זעלטן, מחמת די סאָוויעטישע מאַכט איז קעגן דעם אַז אירע בירגערס זאָלן אויסוואַנדערן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אָבער עס געשעט אַזוי, אַז דאָס מאָל געלינגט עס יאָ. די סאָוויעטן לאָזן אַרויס קיין אַמעריקע דעם ברודער מיט זיין טאָכטער. די אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַמיליע גיבן זיי אָבער נישט קיין מעגלעכקייטן אַרויסצופאָרן, מיט דער טענה, אַז די פרוי פון בערנאַרדן איז נישט קיין ייִדישע נאָר אַן אוקראַיִנישע און די אַנדערע קינדער, חוץ דער עלטסטער טאָכטער, ווילן נישט איבערלאָזן זייער מוטער.

דער אמת איז אָבער, אַז די סאָוויעטן לאָזן אַרויס בערנאַרדן און זיין טאָכטער און פאַרהאַלטן ביי זיך זיין פרוי און די אַנדערע קינדער, מחמת זיי האָבן אַ באַשטימטן ציל. זיי ווילן אַז בערנאַרד זאָל פאַר זיי שפּיאָנירן און כּדי ער זאָל געצוווּנגען זיין דאָס צו טאָן ווילן זיי אים האָבן אין דער האַנט. הקיצור: דער פּלאַן געלינגט זיי, בערנאַרד גיט זיי איבער די סודות פון דער כעמישער פאַבריק, וווּ ער באַקומט אַרבעט. אָבער די אַמעריקאַנער קעגנשפּיאָנאַזש־אַגענטור פאַלט אויף זיינע שפּורן און מען אַרעסטירט אים. אין דער לעצטער מינוט זאָגט אָבער פּלוצעם דער עלטערער ברודער, לעאָן, אַז דער שפּיאָן איז ער און דער ברודער זיינער האָט בלויז אויסגעפירט, בלא־יודעים, וואָס ער, לעאָן, האָט אים געהייסן. ס׳הייסט, אַז ער, לעאָן, טראָגט אויף זיך די שולד און נאָר ער דאַרף געמישפּט און באַשטראָפט ווערן. מען אַרעסטירט טאַקע לעאָנען, און נאָך דעם ווי זיין אַדוואָקאַט באַפרייט אים אויף קויציע, אַנטלויפט ער און באַהאַלט זיך אויס אַ צייט לאַנג אונטער אַ צווייטן נאָמען אין מדינת ישראל. סוף־כּל־סוף דערוויסט זיך די אַמעריקאַנער מאַכט ווו ער געפינט זיך און פאָדערט אַז ישראל זאָל אים אַרויסגעבן. עס שאַפט זיך אָן אָנגעשטרענגטע לאַגע, וואָס פירט שיער נישט צו אַ רעגירונג־קריזיס אין ישראל, און דער שפּיץ איז, אַז מען גיט אים אַרויס צו די אַמעריקאַנער. אויפן וועג, אין עראָפּלאַן פון ישראל קיין אַמעריקע, באַגייט לעאָן טאַרנאָווסקי זעלבסטמאָרד. מען נעמט אים אַראָפּ אין לאָנדאָן און דאָרטן שטאַרבט ער אין שפּיטאָל.

אויף דער באַזע פון די קורץ איבערדערציילטע געשעענישן האָט עלבערג אויסגעבויט אַ ווערק, וואָס איז אַן עולם־ומלואו אין פּרט פון דערקענטעניש פון דער מענטשלעכער פּסיכיק און פון די צווישנמענטשלעכע באַציִונגען אין אונדזער צייט.

די שאלה איז קודם־כּל: פאַר וואָס איז דער עלטערער ברודער, לעאָן

טאַרנאָווסקי, זיך מקריב פאַר זיין ייִנגערן ברודער, בערנאַרד, און נעמט אויף זיך אַזאַ שווערע שולד, אין וועלכער ער איז פאַקטיש גאָרנישט נישט שולדיק? טוט ער דאָס פון גרויסער ליבשאַפט צו אים?

מען קען מיינען אַז דאָס איז אַן אַקט אַ סטיכישער: פאָרט אַ ברודער, און בלוט איז נישט קיין וואַסער. מען קען אויך טראַכטן, אַז דער עלטערער ברודער, וועלכער ווייסט פון זיין לוקעמיעקרענק, און ווייסט אַז אים בלייבט שוין סיי ווי נישט קיין סך צו לעבן, נעמט אויף זיך די שולד, ווייל אים איז שוין אַלץ איינס. סיי ווי וועט ער אין גיבן שטאַרבן, און אפשר נאַרט ער זיך דערמיט, וואָס ער מיינט אַז אים, אַ געפערלעך קראַנקן, וועט מען נישט פאַרמישפּטן צו קיין שווערער שטראָף? עפּעס פון דעם אַלעמען איז טאַקע פאַראַן אין זיין נעמען אויף זיך די שולדיקייט, אָבער די ווייטערדיקע געשעענישן באַווייזן, אַז דאָס זענען נישט די אמתע מאָטיוון צוליב וועלכע ער נעמט אויף זיך דאָס אחריות פאַרן פאַרברעכן. די אמתע מאָטיוון זענען גאָר אַנדערע. דאָ חזרט זיך איבער די פריער געשטעלטע שאלה: טוט ער דאָס פון ברידערלעכער ליבע, פון רחמנות אויף זיין ברודער? דער ענטפער איז: ניין! ס'ווערט קלאָר, אַז ער טוט דאָס, להיפּוך, מחמת שינאה צו אים, אַ שינאה וואָס ציט זיך נאָך פון דער ווייטער קינדהייט, אין טאַטע־מאַמעס היים. און דאָ וויקלט פאַר אונדז עלבערג אויף, מיט די בעסטע מיטלען פון קינסטלערישן פלעשבעק, ווי מען רופט עס אין פילם־לשון, די ביאָגראַפיע פון זיין העלד, בעיקר זיין קינדהייט, זיין יוגנט און אויך די שפּעטערדיקע יאָרן.

דאָס וואָס עלבערג דערציילט און שילדערט פאַר אונדז אין דעם אַ ראָמאַן דערמאָנט אונדז די ערשטע טראַגעדיע פון דער מענטשהייט, נאָך דעם ווי אדם און חוה זענען פאַרטריבן געוואָרן פון גן־עדן, דאָס מיינט די שינאה וואָס האָט דערפירט דעם עלטערן ברודער קין צו דערמאָרדן זיין ייִנגערן ברודער הבל. די דאָזיקע טראַגעדיע איז שוין אויפגעשפּילט געוואָרן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט אין טויזנטער און אפשר צענדליקער טויזנטער וואַריאַנטן (אַפילו אין אונדזער תּנ״ך האָבן מיר די איבערחזרונג פון דער דאָזיקער געשיכטע אין אַ ריי וואַריאַציעס און דאָס האָט טאַקע פרוידן געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל אָננעמען, אַז דער קאָמפּלעקס פון פאָטערמאָרד האָט ביי ייִדן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאָמפּלעקס פון ברודערמאָרד מיט אַלע זיינע פּסיכיש־צעשטערערישע עלעמענטן), ביי עלבערגן האָט די דאָזיקע טראַגעדיע באַקומען אַן אייגן פּנים, וואָס איז ווייט פון דעם תּנ״כישן מאָדעל, אָבער וואָס ווייזט ווי אַזוי די שינאה, די אור־אַלטע ברידער־שינאה, ווירקט נאָך אַלץ אין אונדזער ציוויליזירט לעבן.

ס'איז נישט קיין נייעס אין דער היינטיקער פּסיכישער לערע וואָס שטעלט פעסט אַז די קינדישע אייפערזוכט צווישן די ברידער און דער קאָנקורענץ־קאַמף פאַר דער ליבשאַפט פון דער מוטער, אָדער פאַר דער גנאָדיקייט פון דעם

פאַטער, לייגט אַ טיפן חותם אויף דער אַנטוויקלונג פון כאַראַקטער ווי אויך אויף די מעשים אין זייער שפּעטערדיקן דערוואַקסן לעבן. יהודה עלבערג צעוויקלט פאַר אונדז אין דעם ראָמאַן די גאַנצע מגילה פון אַט דעם קאַמף וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די ערשטע יאָרן פון דער קינדהייט און איז געקומען צו זיין שפּיץ אין די שפּעטערע יאָרן פון דערוואַקסנקייט, ווען דער דאָזיקער קאַמף ווערט שוין מאַסקירט און באַהאַלט זיך אויס אין באַשטימטע מעשים וואָס זעען אויס ווי זיינע היפּוכים. עלבערג דרינגט אַריין מיט זיין קינסטלערישן אויג אין די ווייטסטע ווינקלען פון דעם אַ קאַמף צווישן ברודער און ברודער און ווייזט אונדז ווי אַזוי די שינאה קען ברענגען צו מעשים, וואָס זאָלן אין פלוג אויסזען ווי מעשים פון ליבע; ווי אַזוי דער האַס קען ברענגען דערצו אַז מען זאָל זיך מקריב זיין פאַר דעם געהאַסטן און דאָס אַלץ כּדי צו דערוויזן די העכערקייט, די שטאַרקערע מאָראַלישקייט פון דעם קרבן לגבי דעם פאַר וועלכן ער האָט זיך מקריב געווען.

ג.

דער ראָמאַן „אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש" פון יהודה עלבערג איז אַ קינסטלערישער שפּיגל פון דער רעאַליטעט. אין וועלכער מיר באַוועגן זיך. ער איז, דער ראָמאַן, פול ווי אַ מילגרוים מיט פּראָבלעמען און מיט אַספּעקטן פון מענטשלעכן אויפפיר און פון צוזאַמענלעבן צווישן מענטשן, סיי נאָענטע, סיי ווייטע.

כּדי צו באַהאַנדלען אַלע פּראָבלעמען אין דעם דאָזיקן ווערק, אָדער כּדי אַרומצוזוכן אַלע באַזונדערע אינטערפּרעטאַציעס וואָס דער מחבר גיט די פּאַסירונגען, וואָלט מען געדאַרפט אָנשרייבן נישט איין אָפּהאַנדלונג נאָר אַ סך. לאָמיר זיך אָבער אָפּשטעלן אויף עטלעכע פון זיי, ווייל פּטור בלי כּלום אי אפשר, און נישט דערמאָנען כאָטש אייניקע פון די מאָמענטן וואָס גיבן צו אַ באַזונדערע וואָגיקייט און ווערטיקייט דעם ווערק וואָלט געווען אַן עוולה לגבי דעם מחבר.

שוין בייראָן האָט אין זיין קין געפּרוווט אַרויסברענגען דעם געדאַנק, אַז דער דערמאָרדעטער הבל מיט זיין הכנעה פאַר גאָט איז אין זיין טויט נישט ווייניקער שולדיק ווי זיין מערדער קין (דאָס זעלביקע האָבן אַ סך פריער אויך געפּרוווט אָנווינקען אונדזערע פאַרצייטישע בעלי־מדרש, אין זייערע אגדות און אגדתות, וועלכע ווייזן אַרויס אַזוי פיל פּסיכאָלאָגישע פאַרשטענדעניש פאַר דעם פון קינאה־צעפרעסענעם קין). יהודה עלבערג שטעלט זיך נישט אויף קיין שום צד פון דעם דאָזיקן ברודערקאַמף, אָבער ער ווייזט אונדז ביידע ברידער מיט זייערע פּאָזיטיוון און נעגאַטיוון. ס'איז אמת, אַז דער עלטערער ברודער האָט אַ סך טענות צו זיין יינגערן ברודער, וועלכן די עלטערן האָבן אַרויסגעוויזן

מער ליבשאַפט און וועלכן ס׳איז געגאַנגען גלאַטיקער אין לעבן. דער עלטערער ברודער גייט אַרום מיט אַ קאָמפּלעקס פון אַ באַוואולטן, פון אַ באַרויבטן — האָט דאָך דער יינגערער ברודער צוגענומען זיין כּלה און זי געמאַכט פאַר זיין ווייב. אָבער די זאַך האָט אויך אַן אַנדער פּנים. ווען מיר שטעלן אַן אונדזער בליק אין דער צווייטער ריכטונג, דערזעען מיר מיט אַ מאָל, אַז דער יינגערער ברודער האָט זיין גאַנץ לעבן זיך געפילט דערדריקט פון דער מאָראַלישער העכערקייט פון זיין עלטערן ברודער, וועלכער האָט ממש געלעכצט ס׳זאָלן אים געטאָן ווערן עוולות, כּדי ער זאָל קענען זיין גרויסמוטיק און מוחל זיין. אין אָט דער מאָראַלישער העכערקייט — אָדער כּלומרשטער העכערקייט — מיט וועלכער דער עלטערער ברודער באַהאַנדלט דעם יינגערן ליגט אַ האַרטע אכזריות פון וועלכער דער יינגערער ברודער וויל אַ גאַנץ לעבן זיך באַפרייען און קען נישט. אַפילו די מעשה מיט דער צוגענומענער כּלה, וואָס וואַרפט אַ שאָטן אויף דעם אויפפיר און כאַראַקטער פון יינגערן ברודער, איז אין דער אמתן פּראָוואָצירט געוואָרן דורך דעם עלטערן, כּדי ער זאָל קענען דערשיינען ווי דער מאַרטירער, ווי דער געליטענער און דער, וואָס איז מוחל: דער, וואָס צאָלט אָפּ גוטס פאַר שלעכטס, וואָס ליידט פון אַנדערע צוליב זיין גוטסקייט, צוליב זיין העכערקייט.

י. עלבערג ווייזט ווי אַזוי יעדער איינער פון די צוויי ברידער זעט זיך און זיינע מעשים. יעדער איינער פון זיי איז דעריבער זיכער, אַז דער גערעכטער איז ער. דער שרייבער לאָזט אונדז אַריינדרינגען אין זייערע מחשבות, לאָזט אונדז אויפנעמען זייערע געפילן, זייער אופן פון זען די וועלט אַרום זיך און זיך אין דער וועלט און אין סך־הכּל באַקומט זיך, אַז ביידע זענען אין אַ גלייכער מאָס גערעכט און אומגערעכט, ווייל אַזוי איז דאָס לעבן; ס׳איז אַ קאָמפּליצירט געוועב, וואָס איז קיין מאָל נישט אין גאַנצן ווייס אָדער אין גאַנצן שוואַרץ און די גערעכטיקייט שטייט קיין מאָל נישט איין נאָר אויף איין אָרט, און דאָס איז די טראַגיק פון אונדזער זיין.

אַ צווייטער מאָמענט: אין דעם נייעם וואַריאַנט פון 1983, האָט יהודה עלבערג אַריינגעפירט אַ זייער וויכטיקן פּרט: די באַציִונגען צווישן דעם פאָטער און דער מוטער פון די צוויי ברידער. דער דאָזיקער מאָמענט איז אַ באַזונדערע דערציילונג וועגן צוויי מענטשן. וואָס דאַרפן זיך זיין נאָענט ווי מאַן און ווייב, ווי עלטערן פון קינדער און זענען עס נישט, מחמת זייערע פאַרשיידענע כאַראַקטערן. ער דערציילט אונדז וועגן די ליבעבריוו פון פאָטער צו דער מוטער און וועגן די איבערלעבונגען זיינע וואָס זיי צו באַלויכטן וואָלט מען געדאַרפט אַ סך שרייבן, ווייל זיי דערציילן וועגן מענטשלעכע קאָנפליקטן, וואָס האָבן אין זיך גורלדיקס און האָבן אַ השפּעה נישט בלויז אויף די עלטערן, די אדם און חוה פון דער דערציילונג, נאָר אויך אויף זייערע קינדער, צו וועלכע

די דאָזיקע השפּעה דערגייט אויף וועגן, וואָס מיר קענען זיי נישט און ווייסן נישט געגנוי ווי אַזוי אויסצומיידן.

אַ דריטער מאָמענט: די באַציִונג פון לעאָן טאַרנאָווסקי, דעם עלטערן ברודער, צו זיין פלימעניצע. פון איין זייט זעט ער אין איר אַן אייגן קינד און פון דער אַנדערער, זעט ער אין איר די מוטער, וועלכע איז אַ מאָל געווען זיין כּלה און האָט אים פאַרטוישט אויף זיין ברודער. די ליבע, די סעקסועלע גלוסטן צו דער געוועזענער כּלה, שטורעמט איצט אויף ווען ער זעט פאַר זיך די טאָכטער אין איר ווייבלעכער רייפקייט און עראָטישער צוציִענדיקייט. אויך די באַציִונג פון דער יונגער פלימעניצע צו איר עלטערן פעטער איז אַרויס־געבראַכט מיט דער מייסטערשאַפט פון אַ פּסיכאָלאָג, אַ קינסטלער וואָס ווייסט געגנוי מגלה צו זיין אַ טפח, כּדי מכסה צו זיין טפחיים. יהודה עלבערג, זאָל דאָס געזאָגט ווערן צו זיין גרויסן לויב, האָט זיך נישט געלאָזט פאַנגען פון די היינטיקע שטרעמונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס איז פול מיט ניבול־פּה און סעקס־אומווערדיקייטן. ער האָט נישט פאַרדעקט די עקזיסטענץ פון די אינסטינקטן אין מענטש, ער האָט זיך אָבער נישט פאַסמאַקעוועט מיט זיי, ווי יענער וואָס עסט חזיר און סמאָטשקעט הויך די טרייפע ביינער.

פאַראַן נאָך און נאָך מאָמענטן, וואָס מאַכן פון דעם 180־זייטיקן בוך אַ גרויס ווערק. עלבערג פאַרלייקנט די טעזע, אַז די ייִדישע ליטעראַטור מחוץ־לאָרץ איז שוין מער נישט פעיִק צו רעאַגירן אויף די פּראָבלעמען פון דער היינטצייטיקייט און אַז זי איז ראשה־ורובה, אַריינגעטאָן נאָר און בלויז אין דער נאָסטאַלגיע פון דער פאַרגאַנגענהייט. ער נוצט אויס דאָס זיין פון לעאָן טאַרנאָווסקי אין מדינת־ישראל, בעת ער באַהאַלט זיך אויס פון דער אַמעריקאַנער יוסטיץ, כּדי אונדז צו געבן אַ בילד פון לעבן אין ייִדישן לאַנד, מיט זיינע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע שטריכן. און ער טוט דאָס מיט דורכדרינגלעכקייט און מיט לעבנס־קענטשאַפט.

לאָמיר לסוף פאַרענדיקן דעם מאמר מיט די ווערטער מיט וועלכע מיר האָבן בשעתו פאַרענדיקט אונדזער אָפּהאַנדלונג וועגן דער דערציילונג פון יאָר 1976: „די דאָזיקע דערציילונג איז פול מיט אַזוי פיל שפּאַנונג און מיט אַזעלכע אומגעריכטע געשעענישן, אַז עס האָט געפעלט אַ האָר זי זאָל ווערן אַ קרימינאַל־ראָמאַן, אָדער אַ שפּיאָנאַזש־געשיכטע. די גרויסע מעלה פון עלבערגס טאַלאַנט באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס ער טרעט קיין מאָל נישט אַריבער די דאָזיקע דינע גרענעץ און בלייבט כּסדר דער קינסטלער, וואָס איז בכּוח צו שילדערן כּלערליי לעבנס־שטחים און צו געשטאַלטיקן כּלערליי סיטואַציעס אין מענטשלעכן זיין. דער עיקר איז וואָס ער ווייזט זיך אַרויס ווי אַ טיפער קענער פון דעם בן־אדם, פון זיין פּסיכיק און כאַראַקטער און במילא פון זיין גורל״.

# יהודה עלבערגס „מעשיות"

1

חסידות איז אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַ גרויסע און ברייט אויסגענוצטע טעמע. כ'האָב מיט א קורצער צייט צוריק געמאַכט אַ גיכן חשבון און האָב איינגעפונען אַז נישט ווייניקער פון הונדערט ייִדישע שרייבערס האָבן געשריבן וועגן חסידות אויף אַלערליי אופנים און אין אַלערליי פאָרמען. וועגן חסידות האָבן געשריבן פּראָזאַיִקערס און פּאָעטן, דראַמאַטיקערס און עסייִסטן. מען האָט געשריבן און געשילדערט חסידות אי אין דעם אַראָפּרייסערישן השכּלה־גייסט און אי מיט ליבשאַפט און פאַרערונג, אַ שטייגער ווי שלום אַש אין זיין „תהילים־ייד", אָדער יעקב פרידמאַן אין די לידער וועגן די זיידעס זיינע.

אין דער באַציִונג פון ייִדישע שרייבערס צו חסידות איז פאַראַן אַ קענטיקע גרענעץ און די גרענעץ איז י. ל. פּרץ. עס איז אמת אַז אויך אין פּרצעס חסידישע מעשיות איז נאָך פאַראַן אַ היפּשער צומיש פון משׂכּילישער איראָניע און סאַטירע (ווי למשל די דערציילונג „ער זאָל לעבן"), אָבער ס'איז פאָרט אַ פאַקט אַז פּרץ איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איבערגעריסן אין זיין שרייבן מיט דעם משׂכּיליש־אַפּיקורסישער קאַמף־טראַדיציע קעגן חסידות. אין זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און אין אַ ריי אַנדערע דערציילונגען וועלכע זענען אַריינגעגאַנגען אין זיין זאַמלונג „חסידיש" האָט דער חסידישער רבי און דער חסיד בכלל, באַקומען אַ גאָר אַנדער פּנים ווי אין דער ייִדישער ליטעראַטור ביז אים. פון אַ צבועק, אַ שווינדלער, אַ „וואָס נאָר אין דער קאָרט" איז דער חסידישער רבי געוואָרן אַ פּערזענלעכקייט וואָס איז טיף פאַרגלויבט אין איר מיסיע און זעט פאַר זיך אַ שליחות וואָס איז אָפט פאַרבונדן מיט קרבן; פון דער פאַרנאַרטן, טעמפּן, לייכט־גלויביקן סטאַדע־ייד וואָס גייט נאָך זיין רבין מחמת פינצטערניש און בלינדקייט איז דער חסיד געוואָרן אַ מענטש וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די שענסטע מעלות פון דער פאָלקסטימלעכקייט. היינו? התלהבותדיקן גלויבן, ראָמאַנטישקייט, דאָס אויפהייבן זיך (ווען אַפילו בלויז אין דער פאַנטאַזיע) איבער דער גרויער וואָר פון טאָג־טעגלעכן לעבן, ועל כּולם: די אמונה אַז מען דאַרף שטרעבן צו דער גאולה און אַז מען קאָן זי דערגרייכן מיט מצוות און מעשׂים.

היינט צו טאָג איז זייער שווער צו דעפינירן וואָס אַזוינס עס איז חסידיזם,

---

* אַרויסגעגעבן דורך דעם וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור. פאַרלאַג: י. ל. פּרץ, תּל־אביב,, 1980. זייטן 160. אילוסטרירט צירל וואַלעצקי.

די חסידות־באַוועגונג איז זיך פֿאַנאַנדערגעוואַקסן אין אַזאַ ברייטן און ריזיקן פֿעכער פֿון ניואַנסן און שאַטירונגען, אַז ס'איז אוממעגלעך על רגל אחת צו באַשטימען דעם מהות פֿון חסידות. עס איז אָבער יאָ מעגלעך צו געפֿינען עטלעכע יסוד־שטריכן וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַלע חסידישע ריכטונגען. אין תּוך גענומען זענען די דאָזיקע גרונטשטריכן אָפּגעשפּיגלט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. מען קאָן דערביי זאָגן אַז, וועלכע מער און וועלכע ווייניקער, אָבער פֿאַרט זענען אין דער ייִדישער ליטעראַטור געשטאַלטיקט אַלע שאַטירונגען און אַלע ניואַנסן וואָס שטעלן מיט זיך צוזאַמען דעם קאַליידיסקאָפּ פֿון דער חסידישער פֿאַרשידנפֿאַרביקייט.

על פּי רוב האָט מען אין דער ייִדישער ליטעראַטור אונטערגעשטראָכן דעם עטיש־הומאַניסטישן עלעמענט אין חסידות. די מעשה פֿון פּרצן מיטן נאָמען „אויב נישט נאָך העכער" וואָס איר פּראָטאָטיפּ איז געווען דער רבי, ר' משה לייב סאַסאָווער, וועלכער האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ פּויער, אַ האָלצהעקער און אַנשטאָט צו גיין אין בית־מדרש אַריין זאָגן סליחות איז ער אַוועק אין וואַלד אָנהאַקן אַ בינטל האָלץ וואָס ער האָט געבראַכט צו אַן אָרעמער קראַנקער פֿרוי אין שטוב אַריין, האָט אונטערגעשטראָכן דעם „לא המדרש עיקר אלא המעשה"; האָט באַטאָנט אַז וויכטיקער ווי צו זיין אַ למדן, וויכטיקער ווי צו שאָקלען זיך ביים דאַווענען, איז צו האָבן אַ גוט האַרץ צו העלפֿן אין זיין נויט אַ מענטשן וואָס דאַרף די הילף. אַ צווייטער עיקר־שטריך פֿון חסידות וואָס האָט געפֿונען אַ קינסטלערישן תּיקון אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז דאָס העכער־שטעלן די האַרציקע הומאַנע פּאָעטישע אגדה איבער דער טרוקענער פּראָזאַישער הלכה; דאָס אַרויסהייבן דעם מאָמענט פֿון בין אדם לחברו איבער דעם מאָמענט פֿון בין אדם למקום, הגם חסידות גופא האָט קיין חילוק צווישן די צוויי מאָמענטן נישט געזען און נישט געטאָרט זען, ווייל ווען יאָ, וואָלט עס אָפּגעטראָטן פֿון דרך־המלך פֿון ייִדישקייט און חסידות האָט נישט משנה געווען די קלענסטע זאַך אין ייִדישן דין. חסידות האָט בלויז עטוואָס געביטן די אַקצענטן איבער די מצוות און מעשים און דאָס אַליין האָט געבראַכט צו געוויסע, גאַנץ אָנזעעוודיקע שינויים אין ייִדישן רעליגיעזן לעבן. אַזוי, אויף יעדן פֿאַל, האָט די ייִדישע ליטעראַטור געוואָלט זען דאָס חסידות דעמאָלט, ווען די באַציִונג צו דער דאָזיקער באַוועגונג האָט זיך שוין געהאַט זייער שטאַרק געביטן.

וואָס דעם ייִדישן שרייבער האָט אָבער צו מערסטן אינטערעסירט און אינטריגירט אין חסידות איז דער פֿאָלקלאָריסטישער עלעמענט און די פֿאָלקס־טימלעכקייט פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג. טאַקע צוליב איר פֿאָלקסטימלעכקייט האָט חסידות פֿון דער ערשטן מאָמענט פֿון איר אַנטשטייונג געשאַפֿן אוצרות פֿון פֿאָלקלאָר אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ די נשמה פֿון פֿאָלק, די נשמה פֿון די ייִדן וואָס האָבן די האַרטע וואָר קאָרעגירט מיט דער הילף פֿון גלויבן און

פֿאַנטאַזיע. אַוודאי איז נישט ריכטיק צו זאָגן אַז חסידות איז געווען אַ רעוואָלוציע קעגן לומדות, אָדער קעגן דעם לומדות־קולט וואָס האָט דאָמינירט אין ייִדישן לעבן. חסידות האָט אָבער געשאַפֿן אַן אייגענעם נוסח פֿון לומדות און האָט געפֿורעמט אַ נייע געשטאַלט פֿון אַ למדן, פֿון אַ רעליגיעזן מוח־מענטש. פֿאַרט — הגם מען דאַרף נישט מיינען אַז פֿאָלקסטימלעכקייט אין חסידות האָט זיך אידענטיפֿיצירט מיט עם־הארצות, מיט פּראָסטקייט אַאַז״וו, איז אָבער דאָך אמת אַז דער פֿאָלקסטימלעכער כאַראַקטער פֿון חסידות און די פֿאָלקסטימלעכע עלעמענטן אין חסידות (דאָס שטעלן דעם טראָפּ אויף „רחמנא ליבא בעי״) האָט געגעבן דעם לומדישן חסידות אַ גאַנץ נייעם קאָלאָריט און גאַנץ נייע רעליגיעזע דימענסיעס. אַ דאַנק דעם דאָזיקן נייעם קאָלאָריט און דער נייער דימענסיע פֿון פֿאָלקסגלויבן איז מעגלעך געוואָרן דער אויפֿבלי און פֿאַנאַנדערבלי פֿון דער חסידישער מעשה, וואָס האָט פֿון איין זייט דערגרייכט צו דער הויכער מדרגה פֿון פֿאַנטאַסטיק און סימבאָליק, אין די נאַראַציעס פֿון ר׳ נחמן בראַצלאָווער, און פֿון דעם צווייטער זייט האָט זיך געשאַפֿן אַ מעשה־אוצר וואָס איז איבערראַשנדיק מיט זיין פֿילפֿאַרביקייט און פֿילגעשטאַלטיקייט, אַן אוצר וואָס וויפֿל מען שעפּט נישט פֿון אים קען מען אים אַלץ נישט אויסשעפּן, קען מען אים אַלץ נישט דערגרונטעווען.

יהודה עלבערגס מעשיות, וועלכע זענען גענומען פֿון דער חסידישער שאַצקאַמער, געהערן צו די בעסטע און שענסטע אין דער דאָזיקער קאַמער. דאָס זענען פּערל פֿון אַ זעלטענער קוואַליטעט און שיינקייט. זיי זענען פֿלייש פֿונעם פֿלייש פֿון דער טיפּישער אויטענטישער חסידישער מעשה, אָבער זיי פֿאַרמאָגן עפּעס אַ באַזונדערקייט וואָס דערהייבט זיי צו דער קינסטלערישער מדרגה אין וועלכע זיי געפֿינען זיך.

2

יהודה עלבערגס „מעשיות״ זענען קודם־כּל, עכט חסידישע דערציילונגען וואָס אָטעמען מיט דעם אויטענטישן גייסט און מיט דער באַזונדערער אָטמאָספֿער וואָס יעדער יודע־דבר וועט דערקענען איר שורש. די „מעשיות״ זענען אָנגעשריבן פֿון אַ שרייבער וואָס האָט דעם באַזונדערן טאַלאַנט נישט בלויז זיך אַריינצולעבן אין דעם עולם־האצילות פֿון אמתן חסידות, נאָר האָט אויך דאָס קינסטלערישע געצייג אונדז אַריינצוּוועבן אין דעם ניסימדיקן געוועב פֿון דער חסידישער פֿאָלקס־מעשה און אונדז צו באַווירקן מיט דעם תּמימותדיקן גלויבן, מיט דעם שלימותדיקער אמונה וואָס אָן איר קען די מעשה נישט געשען.

לאָמיר טאַקע דאָ, ביי דעם דאָזיקן פּונקט, זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן יהודה עלבערג, דעם שרייבער און דער ספּעציפֿישקייט פֿון זיין טאַלאַנט.

ער איז געקומען אין דער ליטעראַטור אַריין נאָך פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, מיט אַ נאַטוראַליסטישער דערציילונג וואָס האָט עדות געזאָגט אויף

דער בפירושער פעיִקייט פון איר שעפער, אָבער אַ פּאָזיציע און אַן אַנזעעוודיקע פּאָזיציע אין אונדזער ליטעראַטור האָט ער אָנגעהויבן פאַרנעמען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָך דעם גרויסן ייִדן־חורבן אין אייראָפּע. זיין בוך „דערציילונגען „אונטער קופּערנע הימלען" האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם נישט בלויז צוליב דעם פאַקטאָגראַפישן מאַטעריאַל פון וועלכן ער האָט זיינע דערציילונגען אויסגעבויט, נאָר דער עיקר טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט באוויזן דעם אָן־ספקדיקן טאַלאַנט פון די דאָזיקע גרויליקע ציגל פון דעם חורבן־ווירקלעכקייט אויסצובויען אַ קינסטלערישן בנין וואָס האָט מיט זיין קינסט־לערישקייט און מיט זיין אויטענטישקייט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין אונדזער דערקענטעניש פון דער טראַגעדיע וואָס אונדזער פאָלק האָט איבערגעלעבט, אַ טראַגעדיע וואָס האָט כּידוע אונדז געקאָסט גאַנצע 6 מיליאָן מיטגלידער פון אונדזער פאָלק, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַנדערהאַלבן מיליאָן קינדער וואָס ווער ווייסט וואָסערע גאונים און גרויסע פּערזענלעכקייטן עס זענען צווישן זיי געוואָקסן.

נאָך דעם בוך „אונטער קופּערנע הימלען" קומט אַ לאַנגע פּויזע אין עלבערגס ליטעראַרישער טעטיקייט. ערשט מיט 20 יאָר שפּעטער דערשיינט זיין ראָמאַן „אויפן שפּיץ פון אַ מאַסט" און באַלד דערנאָך דאָס בוך דערציילונגען „צעוואָרפענע זאַנגען". ווייזט זיך אַרויס אַז אין די דאָזיקע 20 יאָר האָט עלבערג פיל געשריבן, נאָר האָט ווייניק פאַרעפנטלעכט, אָבער ווען ער איז געקומען מיט זיינע צוויי דערמאָנטע ביכער, האָט מען געזען אַז מען האָט פאַר זיך אַ שרייבער וואָס איז נישט בלויז שטאַרק אין דער חורבן־טעמע, נאָר אין יעדער טעמע און אין יעדער געשטאַלטיקונג פון לעבן. איבערהויפּט האָט מען עלבערגס טאַלאַנט צו באַהערשן מייסטעריש יעדע טעמע אַרויסגעזען פון זיין בוך דערציילונגען „צעוואָרפענע זאַנגען", וואָס האָט געשילדערט פאַרשידענע ווינקלען פון ייִדישן לעבן און פאַרשידענע צייטן אין אונדזער געפּרוווטן יאַרהונדערט.

אָט די באַזונדערע פעיקייט זיך אַריינצולעבן און קינסטלעריש אויפצולעבן יעדע סביבה, יעדער פּערסאָנאַזש און יעדן ווינקל פון לעבן, סיי פון אַ מאָל און סיי פון היינט, איז ניכּר אויך אין זיינע חסידישע „מעשיות". דער אמת איז אַז עלבערגן איז נאָענט די חסידישע מיליע וואָס ער שילדערט און ער קען אויסגעצייכנט דעם חסידישן פּערסאָנאַזש וואָס ער מאָלט ווי דעם טרעגער פון דער אַקציע אין זיינע מעשיות. אָבער מען מוז צוגעבן אַז די מעשיות גופא זענען אָנגעשריבן אַזוי אַז מיר געפינען זיך כּסדר אין דער כּישופדיקער ראָם פון זייער ווירקן און מיר האָבן דערביי דאָס געפיל אַז מיר אַליין זענען די וואָס נעמען אָנטייל אין די געשילדערטע געשעענישן. דאָס איז, לפּי־דעתי, אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר אַ שרייבער און דורך דער דאָזיקער דערגרייכונג ווערט דאָס דינע ביכל חסידישע מעשיות אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דער ייִדישער פּראָזע.

צווישן די צוועלף מעשיות וואָס גייען אַריין אין בוך זענען 9 פון דעם ציקל חסידיש, איינע איז אַ מדרש־מעשה אויף אַ חומשדיקן מאָטיוו און צוויי זענען, ווי דער מחבר באַצייכנט זיי, „פאַר גרויס און קליין" און זיי זענען באַשטימט פאַר די לייענער פון זיבעצן ביז זיבעציק. איז דאָ נישט נייטיק צו זאָגן אַז עלבערג קאָן דערציילן אַ מעשה און וואָסער טעמע עס קומט אים נאָר נישט אין דער האַנט אַריין, גייט זי אַרויס פון אים מיט הענט און מיט פיס, מיט אַן אָנהייב און מיט אַ סוף, אַזוי ווי אַ גוטע מעשה דאַרף דערציילט ווערן. דאָס גמרא־וואָרט „חזקה על חבר שאינו מוציא מתוך ידו דבר שאינו מתוקן" * איז ווי אָנגעמאָסטן אויף עלבערגן און אויך אַלעם וואָס ער שרייבט, כאָטש עס זענען ביי אים, ווי ביי יעדן שרייבער, פאַראַן שטאַרקערע זאַכן און שוואַכערע.

פאַרט מוז מען מודה זיין אַז דער עיקר אין דעם דאָזיקן בוך זענען די חסידישע מעשיות וואָס ווערן ווי מאַנאַלאָגירט פון אַ חסיד אַ למדן, אָבער מיט אַ פאָלקסטימלעך לשון וואָס פאַרמאָגט אַפילו אַ ריי פאָלקלאָריסטישע ראַזשינקעס. די פאָלקסטימלעכע און פאָלקלאָריסטישע אויטענטישקייט און זאַפטיקייט פונעם דערציילטן און דאָס ידענות און לומדות פונעם דערציילער שאַפן די דאָזיקע אַטמאָספער אין וועלכע ניסים ווערן רעאַל און זיי פאַרוואַנדלען זיך אין סימבאָלן פון מענטשלעכער דערהויבונג אין די ראַמען פון תמימותדיקער אמונה.

3

צדיק גוזר והקב"ה מקיים — דאָס איז דער לייט־מאָטיוו פון אַלע חסידישע מעשיות וועגן דער גרויסקייט פון די רביים. דאָך קענען מיר זען אַז עלבערגס יעדע מעשה סימבאָליזירט די טוגנט פון אַ געוויסער מאָראַלישער מידה אינעם מענטשן. יעדע דערציילונג האָט אַן עטישן מוסר־השכל. אין דער דערציילונג „דער כּוח פון אַ מנחה", למשל, ווייזט אונדז דער דערציילער ווי גרויס ס'איז די מדרגה פון גובר זיין אין זיך דעם נאַטירלעכן ווילן אָפּצוצאָלן מיט שלעכטס פאַר שלעכטס. ווער איז דער צדיק? דער וואָס געדענקט תּמיד דעם „ורחמיו על כל מעשיו" אַפילו אויף די וואָס האָבן זיך על פּי דין פאַרדינט אַ האַרבע שטראָף. די וועלט שטייט נישט אויף דין (ירושלים איז חרוב געוואָרן ווייל די מענטשן דאָרטן האָבן זיך געפירט לויטן טרוקענעם דין — זאָגט זיך ערגעץ אין אונדזערע אַלטע ספרים), די וועלט שטייט אויף רחמים און דעם דאָזיקן רחמים דעמאָנסטרירט די דערציילונג וועגן דעם צדיק ר' אלימלך וואָס האָט איבערגעריסן זיין מנחה כּדי צו פאַרהיטן פון פאַרדינטן צאָרן אַן אומוויסנדיקן אַרענדאַר.

---

* עירובין לב, פסחים ט.

פונקט אַזוי דערציילט אונדז די צווייטע מעשה, „דער כּוח פון אַ צדיק״ וועגן דעם רבין ר׳ זישע פון אַניפּאָליע — וואָס איז געגאַנגען מיט זיין ברודער, ר׳ אלימלך, קיין מעזריטש צום הייליקן מגיד אויף יום טוב שבועות און איז פון דעסטוועגן געבליבן יום־טובן ביי פּראָסטע יידן אין קרעטשמע, כּדי זיי זאָלן דורך אים הנאה האָבן פון יום־טוב. און פאַר וואָס טוט ער דאָס? ווייל ער האָט געהאַט אַן אומזיסטן חשש אויף דער כּשרות פון דער קרעטשמערקע. טאַקע דערפאַר ווייל ער האָט אומזיסט חושד געווען אַ בת־ישראל, נעמט ער אויף זיך צו בלייבן אין דער קרעטשמע און נישט נהנה זיין מזיוו־השכינה וואָס לייכט אויפן פּנים פון ר׳ דב־בער מעזעריטשער, זצ״ל.

די מעשה „דער כּוח פון דער תּורה״ איז באַקאַנט אין חסידישן פאָלקלאָר אין פאַרשידענע וואַריאַנטן. עלבערג דערציילט איבער די מעשה מיט אַ סך חן און פאָלקסקטימלעכער זאַפטיקייט. אין דער מעשה „דער כּוח פון בטחון״ איז דער עיקר צו באַפעסטיקן דעם ווונדער פון גלויבן און האָפן. עס ווערט געבערענגט אַפילו אַז אַ שאַרפע שווערד ליגט דיר אויפן האַלדז, דאַרפסטו נאָך אַלץ נישט פאַרלירן די האָפענונג געראַטעוועט צו ווערן.* השם יתברך דאַרף נאָר וועלן, קען פון עסיק ווערן וויין און פון אַן אָרעמאַן וואָס עס דראַט אים טורמע און מי־יודע וואָס נאָך, קען מיט אַ מאָל ווערן אַ גביר־אַדיר און אַ מענטש וואָס דאָס מזל שיינט צו אים פון אַלע זייטן.

אַזוי זענען אויך די אַנדערע דערציילונגען אָדער מעשיות ווי עלבערג רופט זיי אָן. „דער כּוח פון אַ ברכה״ דערציילט אונדז איבער אויף אַ שיינעם און שפּילעוודיקן אופן די לעגענדע וועגן דעם ווי אַזוי דער ערלעכער ר׳ מאיר אַנשיל איז געוואָרן ראָטשילד און ווי אַזוי עס איז אויפגעקומען דאָס הויז וואָס איז געווען דעם סינאָנים פון רייכקייט און מעכטיקייט ביי יידן. אַ באַזונדער אָרט צווישן די מעשיות פאַרנעמט די מעשה „איז אַ חתונה־נאַכט״. דעסגלייכן די מעשה „הינטער די הרי חושך״. די אַלע מעשיות ווערן איבערדערציילט מיט דעם לשון פון אַ חסידישן למדן וואָס גלויבט אין כּוח פון צדיק און אין כּוח פון דער תּורה און דאָך פילט איר נישט אין די מעשיות קיין אויגן־גלאָצעניש און קיין אָנשטעל. עלבערגס חסידיש לשון איז נאַטירלעך און פליסט ווי אַ טייך. ער שטרעבט זיך נישט אָן צו סטיליזירן און דאָך איז זיין סטיל עכט און פאַרמאָגט אַלע קנייטשן און ניואַנסן פון דעם אויטענטיש־חסידישן סיגנון. עלבערג האָט אויפן געביט פון חסידישן דערצייל־נוסח אַ סך דערגרייכט און ער איז אפשר נאָך פרצן דער צווייטער וואָס האָט די חסידישע מעשה דערהויבן דווקא דורך דעם וואָס ער האָט איר געגעבן די ראַם פון פשטות, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פאָלקס־מעשה.

---

* אַפילו חרב חדה מונחת על צווארו של אדם אל ימנע עצמו מן הרחמים (ברכות י.).

ס׳איז כּדאַי צו ברענגען כאָטש אַ צוויי ציטאַטן פון דעם בוך, כּדי מיר זאָלן זען ווי נאַטירלעך און עכט עס פליסט עלבערגס דערציילערישער חסידות־נוסח:

„עס איז געווען אין אַ שבת־קודש פאַרנאַכט אין הוסיאַטין. דרויסן האָט שוין געדעמערט, אין בית המדרש זענען די חסידים געווען אויסגעזעצט אַרום טיש און געוואַרט דער רבי זאָל אַריינקומען פּראַווען שלוש־סעודות. אָבער דער רבי, ר׳ מעכעלע ז״ל איז געשטאַנען ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט. דרויסן איז שוין געוואָרן פינצטער. מען האָט געוואַרט צו זינגען „בני היכלא״. מען האָט געוואַרט ר׳ מעכעלע זאָל, כּדרכו, זאָגן תּורה. אָבער דער רבי איז געשטאַנען און אַרויסגעקוקט.

„ווי אַזוי האָט ער געקענט אַרויסקוקן אַז ס׳איז פינצטער? ווער עס פרעגט אַזאַ קשיא וועגן דעם הייליקן הוסיאַטינער, איז נישט ווערט צו הערן די מעשה. כ׳בין נישט סובל אַז איך רעד און מע פאַרשטייט נישט דבר מתוך דבר״...

און אויף אַן אַנדער אָרט:

„ס׳אַ קונץ צו דינען דעם אייבערשטן מיט תּפילות, מיט כּוונות, מיט לערנען תּורה? מע דאַרף אַ מאָל אַקערן די ערד מיט דער אייגענער נאָז, מע דאַרף זיך אַ מאָל פאַרנעמען מיט אָפּשינדן אַ נבלה אין גאַס און אַריינברענגען אין שטוב איבער וואָס צו מאַכן אַ המוציא און דאָס איז אויך אין דער בחינה פון דינען דעם אייבערשטן״.

יהודה עלבערגס „מעשיות״ זענען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל אין זיין אייגענעם ליטעראַרישן שאַפן און זיי זענען אויך אַ ווערטפולער צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור וואָס באַשעפטיקט זיך מיט חסידות און דער עיקר — מיט דער פאָלקס־מעשה וואָס אין איר, ווי אין אַ קלאָר זומערדיק טייכל, שפּיגלט זיך אָפּ דאָס פּנים און דער כאַראַקטער פון אונדזער אומה...

## יהודה עלבערגס ראָמאַן „קלמן קאַליקעס אימפּעריע״

### א.

אַז אין דעם געוויינלעכן גרויען לעבן פון אַ פאַרמלחמהדיק יידיש שטעטל אין פּוילן, ווי עס איז געווען דאָס מאַזאָווישע דאָמבראָווקע אין דער לויוויטשער געגנט, כאַפּט זיך אַריין אַזאַ אויסטערלישער פאַרשוין ווי עס איז קלמן קאַליקע, האָט דער שרייבער פאַר זיך אַ טעמע ביי וועלכער ער קען צעפירן די הענט און זיך באַווייזן מיט אַלע מעגלעכקייטן און אייגנשאַפטן פון זיין טאַלאַנט. ער דאַרף אָבער זיין געהיט און געוואָרנט נישט נכשל צו ווערן דורך די סכּנות

און נסיונות וואָס ליגן אויף זיין וועג — ראשית־כּל: ביים שאַפן די קינסטלערישע וואָרהאַפטיקייט פון זיין יוצא־דופנדיקן העלד, אויפן פאָן פון דעם לעבנס־שטייגער און דעם פּערסאָנאַזש וואָס איז אונדז אַלעמען אַזוי גוט באַקאַנט פון דעם נישט־ווייטן עבר אין פּוילן.

יהודה עלבערג — דאָס דאַרף מען לכתּחילה אונטערשטרייכן — איז אין זיין נייעם ראָמאַן „קלמן קאַליקעס אימפּעריע״ * געשטאַנען פאַר די דאָזיקע סכּנות און נסיונות און ס'איז דעריבער גוט וואָס נאָכן איבערלייענען דאָס ווערק קען מען בפּה־מלא זאָגן אַז ער איז, ב״ה, נישט נכשל געוואָרן ביים דורכפירן זיין שעפערישן אויפגאָב, און אפשר נאָך מער — אַז ער האָט זיין אויפגאָב, דורכגעפירט מיט דער געניטקייט פון אַ קינסטלער, וואָס דער געגעבענער לעבנס־שטייגער און דער עיקר — די סודות און די קאַפּריזן פון דעם בן־אָדמס טבע, זענען אים קלאָר און באַוווּסט, ווי קלאָר און באַוווּסט עס זענען געווען די וועגן פון הימל פאַר יענעם אמורא פון נהרדעא, אין בבל.

אָבער איידער מיר גייען צו צום ראָמאַן גופא זאָל אונדז דערלויבט זיין צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן אַן ענין וואָס ס'איז כּדאי אַז מיר זאָלן זיך מיט אים פאַרנעמען. אַלע ווייסן מיר אַז נאָך דעם חורבן וואָס היטלער, ימח שמו, האָט געבראַכט אויף די ייִדן אין מזרח־אייראָפּע, איז איינע פון די וויכטיקסטע שליחותן פון דער ייִדישער ליטעראַטור געווען און געבליבן דאָס רעסטאַווירן אין ליטעראַריש־קינסטלערישן בילד דאָס לעבן וואָס איז אַזוי טאָטאַל חרוב געוואָרן. די דאָזיקע שליחות וואָס אונדזער וואָרט־שעפערישקייט האָט ביז איצט דערפילט און וועט, לאָמיר האָפן, אויך ווייטער דערפילן, איז אפשר איינער פון די וויכטיקסטע זכותי־הקיום נישט נאָר פון דער ליטעראַטור אין ייִדיש נאָר פון ייִדיש בכלל.

לײדער מערקן מיר שוין אָבער זינט אַ צייט ווי אין דעם דאָזיקן ליטעראַרישן שאַפן ווערן וואָס אַ מאָל בולטער צוויי טענדענצן וואָס מוזן אונדז אַלאַרמירן, אָדער לכל־הפּחות — ציען אויף זיך אונדזער אויפמערק. איין טענדענץ איז: צו רעסטאַווירן אין דעם פאַרשווונדענעם לעבן — נאָר און בעיקר — דעם פאָלקלאָריסטיש־עטנאָגראַפישן אַספּעקט וואָס איז, אגב, אין דער ייִדישער ליטעראַטור שוין באַשריבן געוואָרן מיט אַלע פּיטשעווקעס און געשילדערט געוואָרן מיט אַלע פּרטי־פּרטים. די צווייטע טענדענץ איז: צו מאָלן דאָס דאָזיקע לעבן מיט עקזאָטישע פאַרבן און אין פּיטאַרעסקע פאָרמען, גלייך עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ שבט אין אַפריקע און נישט וועגן אַ וועלט וואָס מיר

* יהודה עלבערג: „קלמן קאַליקעס אימפּעריע״. פאַרלאַג: ישראל בוך, תּל־אביב, תשמ״ג—1983, הילף־צייכענונג: יאָסל בערגנער. פּאָרטרעט פון מחבר: משה בערנשטיין. 472 זייטן.

טראָגן נאָך אַלץ ווי לעבעדיק אין אונדזער זכרון. די ערשטע טענדענץ זינדיקט טאַקע נישט קעגן דער פּראַטאָקולאַרער באַשרייבונג פון דעם געוועזענעם לעבן, זי זינדיקט אָבער קעגן דער קונסט און אַנשטאָט אַ ליטעראַרישע ווידער־אויפלעבונג פון דעם אַמאָל באַקומען מיר שילדערונגען — שוין צום וויפלטן מאָל איבערגעחזרטע — פון דער שטעטלדיקער טאָפּאָגראַפיע; פון די בעל־מלאכישע פאַכן און הענדלערישע פּרנסות; פון די שטייגער־מנהגים אין די וואָכנטעג און אין די ימים־טובים אא״וו א״וו. די צווייטע טענדענץ זינדיקט דערפאַר אפשר נישט קעגן דער קונסט (זי איז, אין תּוך גענומען, אַן אויסדרוק פון דעם ווילן צו דערנענטערן דאָס יידיש־ליטעראַרישע שאַפן צו די נייע שטרעמונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור און צו די נייע דורות וואָס זענען באַווירקט פון די דאָזיקע שטרעמונגען) אָבער דערפאַר זינדיקט זי שוין גאָר שטאַרק קעגן דער אויטענטישקייט פון דאָס געוועזענע, פון דאָס חרוב־געוואָרענע. קלאָר איז אַז ביידע טענדענצן — וועלכע מער און וועלכע ווייניקער — שטעלן אונטער אַ ספק די גאַנצע מי וואָס די שרייבערס פּאַרוועגדן ביים דערפילן די הייליקע שליחות וועגן וועלכער מיר האָבן פריער גערעדט.

וועגן די דאָזיקע ענינים וועט מען אָבער דאַרפן רעדן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט און באריכות, מיט אָנווייזן אויף ווערק (דערשינענע אין דער לעצטער צייט), וואָס אין זיי קומט צום אויסדרוק איינע פון די צוויי טענדענצן. לעת־עתה קערן מיר זיך אום צו דעם נייעם ווערק פון יהודה עלבערג, כּדי פעסטצו־שטעלן אַז ער האָט אויסגעמיטן די דאָזיקע צוויי סכּנות און זיך נישט געלאָזט משפּיע זיין פון קיין איינער פון די ביידע טענדענצן, גייענדיק אויך אין זיין איצטיקן ווערק מיט דעם דרך מיט וועלכן עס זענען געגאַנגען אונדזערע גרויסע פּראָזאַאיקערס.

ב.

עלבערג עפנט זיין ראָמאַן מיט דער שילדערונג פון דער פּאַרביקייט, פעטקייט און שפּעדיקייט פון דער מאַזאָווישער ערד און באַווייזט אונדז דעם היסטאָרישן (אָפּט אויך לעגענדאַרן) הינטערגרונט פון אַ סך אַזעלכע שטעטלעך ווי דאָמברוווקע אין פאַרשידענע טיילן פון פּוילישן לאַנד. דער דאָזיקער דברי־הימימדיקער אַריינפיר רופט זיך ערגעץ־ווו איבער מיט דעם אַריינפיר פון שלום אַשן צו זיין בוך „קידוש השם״, אָדער פון י. י. זינגערן צו זיין ווערק „די ברידער אשכּנזי״. איינס איז קלאָר און זיכער: יידיש לעבן אין פּוילן האָט געהאַט הינטער זיך אַ כּמעט טויזנט־יאָריקע געשיכטע און כאָטש דער ייד האָט אין דעם פאַנאַנדערבוי און אין דער אַנטוויקלונג פון פּוילן געהאַט נישט קיין קלענערן חלק ווי דער פּאָליאַק, איז ער אָבער תּמיד געבליבן דער פרעמדער וואָס מען טאָלערירט אים נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפל מען דאַרף אים.

עס נעמט אָבער נישט לאַנג און עלבערג פירט אַרויף אויף דער ראָמאַן־

בינע זיין הויפּטהעלד, קלמן קאַליקע, נאָך ווי אַ חדר יינגל. און דאָ מוז מען אונטערשטרייכן אַז ווי נאָר ער באַווייזט זיך אויף דער אַרענע, אַזוי ווערט אונדזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געווענדט נאָר אין זיין זייט. פון דעם מאָמענט אָן רוקט זיך דאָס שטעטל אָפּ אין ווייטן הינטערגרונט, בעת אין פאָדערגרונט דאָמינירט תמיד דער הויפּטהעלד פון ראָמאַן, דער קאַליקע קלמן שווערדל.

קלמן קאַליקע — כשמו כן הוא. ער איז אַ בעל־מום — אַ געליימטער פון אַ קינדער־קרענק. זיין מאַמע איז אים פרי אָפּגעשטאָרבן און ער איז פון די סאַמע ערשטע קינדער־יאָרן דערצויגן געוואָרן דורך זיין טאַטן וואָס איז געווען נישט ביים קלאָרן זינען און איז טאַקע לסוף ערגעץ־ווו פאַרשוווּנדן, איבערלאָזנדיק דעם קליינעם קאַליקע אויפן זיידנס באַראָט. אויך דער זיידע, וואָס האָט איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע און איז געבליבן אַ שווייגנדיקער מרה־שחורהדיקער ייִד, האָט זיך נישט צו פיל אָפּגעגעבן מיט דעם קליינעם יתום און האָט אוודאי נישט געוווּסט וועגן אַרויסווייזן אים ליבשאַפט און צערטלעכקייט. קלמן איז דעריבער געוואַקסן ווי אַ קליין יאַזשיק חיהלע וואָס איז געוווינט צו באַנוצן די שטעכהאָר ווען מען גרייפט עס אָן. קלמן קאַליקעס שטעכהאָר, מיט וועלכע ער פאַרטיידיקט זיך און מיט וועלכע ער אַטאַקירט אויך אַנדערע, דאָס זענען: זיין שכל, זיין שטאַרקער ווילן און שפּעטער אויך — זיין נישט רעכענען זיך מיט קיין שום מענטשלעך־מאָראַלישע נאָרמעס און העמונגען.

אין פאָלקס־לשון ווערט אַ קאַליקע גערופן „בעל־מום רע״. יהודה עלבערג איז אונדז מסביר די סיבה פון קלמנס שלעכטקייט מיט דער ציטאַט פון שעקספּירס „ריטשאַרד דער דריטער״. ער איז, הייסט עס, פאַרביטערט צוליב דעם וואָס די נאַטור האָט אים באַעוולט. אָבער מיט אונדזער גאַנצער פאַרשטענדעניש פאַר זיין געטעראַפּנקייט (אין אַ געוויסן זין האָט אויך דאָס שטעטל פאַרשטענדעניש פאַר זיין געשטראָפטקייט) איז אָבער פאָרט אַ פאַקט אַז קלמן קאַליקע איז שלעכט איבער דער מאָס. זיינע מעשים רעים זענען נישט בלויז קיין פאַרטיידיקונג קעגן די וואָס ווילן אים טראַקטירן ווי אַ קאַליקע און דאָס הייסט: ווי אַ נחות־דרגא, קעגן וואָס ער בונטעוועט זיך זייער שטאַרק, נאָר זיי זענען בפירוש אַ רעזולטאַט פון רשעות וואָס האָט סאַדיסטישע הנאה פון פאַרשאַפן עמעצן ווייטיק און דערצו פון חוזק מאַכן פון דעם וועמען דער ווייטיק ווערט פאַרשאַפט.

קלמן שווערדל איז אַ טיפּ וואָס אין דער טעאַטער־וועלט רופט מען אים: „אַ שוואַרץ־כאַראַקטער״. לאָמיר דאָ צוגעבן אַז אין דער ייִדישער ליטעראַטור זענען אַזעלכע שוואַרץ־כאַראַקטערן פאַראַן זייער ווייניק. מער שוואַרץ־כאַראַקטערן געפינט מען אין דער השכלה־ליטעראַטור און אַפילו ביי מענדעלען (אברהם יצחק תקיף אין „דאָס קליינע מענטשעלע״), ווי אויך אין די סענטימענטאַלע ראָמאַנען פון י. דינעזאָן. אין דער נייער ייִדישער ליטעראַטור איז אונדז באַקאַנט נאָר

איין דורכויס נעגאַטיווער העלד און דאָס איז שמחה מאיר (מאקס) אשכנזי, אָבער אַפילו מאַקס אשכנזי דערגייט נישט, אין זיין שלעכטקייט און זיין פאַרדאָרבנקייט, צו דעם שפל־המדרגה פון קלמן קאַליקע וועלכן עלבערג שילדערט און לאָזט האַנדלען שיער נישט ווי אַ מאָנסטער, ווי אַ חיה אין מענטשן־געשטאַלט וואָס האָט הנאה פון טאָן שלעכטס, וואָס האָט פאַרגעניגן ווען ער מאַכט מענטשן ליידן, ווען ער חוזקט פון זיי. ווי מאַקס אשכנזי האָט קלמן קאַליקע הנאה פון זיין מאַכט־פּאָזיציע. ער בויט אַ פינאַנץ־אימפעריע, ווייל מיט געלט קריגט מען מאַכט. עס דאַכט זיך אונדז אָבער אויס אַז אין געוויסע מאָמענטן גייט קלמנען נישט בלויז אין מאַכט און נישט בלויז אין געלט, עס גייט אים אַפילו נישט אין באַפרידיקן זיינע חישע ליידנשאַפטן. עס גייט אים פשוט אין אַ להכעיס, אין דערנידעריקן מענטשן, אין ברענגען זיי צו אַ מצב ווען ער, דער קאַליקע, וואָס מוז צוליב זיין פיזישן פעלער צו זיי אַרויפקוקן, זאָל צו זיי רעדן פון אויבן־אַראָפּ און זיי זאָלן פאַר אים מוזן שטיין און צו אים אַרויפקוקן, אָפּהענגיק פון זיין חסד.

מיר האָבן דאָ פאַר זיך זייער און זייער אַ קאָמפּליצירטן טיפּ, וואָס אַזאַ איז שווער צו געפינען אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור אין וועלכער עס איז בכלל נישט קיין דבר בכל יום צו טרעפן אַ מערדער, אַ פאַרגוואַלדיקער אא״וו. אָבער דאָ איז כדאי צו באַטאָנען אַז, ווען קלמן וואָלט געווען בלויז אַזאַ ווי עלבערג ווייזט אים אין ערשטן טייל פון זיין ראָמאַן, וואָלט ער בשום אופן נישט ראוי געווען, אַז אַ היינטצייטיקער יידישער שרייבער זאָל אים פאַראייביקן ווי אַ טייל פון דעם פאַרשניטענעם לעבן. קלמן קאַליקע, ווי עלבערג ווייזט אים אונדז, איז טאַקע די פאַרקערפּערונג פון שלעכטס און פון אַנטי־מאָראַלישקייט, אָבער צו דער מדרגה פון אַ העלד וואַקסט ער אויס דווקא דורך דעם וואָס ער ווערט, אין לויף פון דער אַקציע, אַ בעל־תשובה. ער ווערט אַן אמתער בעל־תשובה, כאָטש אים אַליין איז דער באַגריף „תשובה״ פרעמד און אפשר אויך דערווידער און ווען איר זאָגט אים, בעת־מעשה, אַז זיינע שפּעטערדיקע מעשים זענען פון אַ תשובה־כאַראַקטער וואָלט ער אייך מיט זיין נישט אָפּגעהיטן לשון געווען געמאַכט מיט דער בלאָטע צו גלייך.

דער פאַקט איז אַז קלמן קאַליקע, דער שוואַרץ־כאַראַקטער פון בולטסטן מין אין דער יידישער ליטעראַטור איז אינטערעסאַנט דערמיט וואָס ער ווערט אַ חוזר בתשובה. מלכתחילה זעען מיר אים טאַקע ווי אַ לייבלעכן ברודער פון שעקספּירס קעניג, ריטשאַרד, אָדער פון שילערס פראַנץ מאָר — אַ מענטש וואָס די נאַטור האָט אים באַעוולט און ער נעמט נקמה אין אַלע אַנדערע מענטשן מיט די ספּעציפישע מיטלען וואָס זענען פאַראַן אין זיין רשות. און וואָלט דאָס אַזוי געווען, וואָלטן מיר געהאַט אין דער יידישער ליטעראַטור אַן עקלהאַפטיקן נעגאַטיוון העלד ווי למשל אַ סמערדיאַקאָוו, אָדער אין בעסטן פאַל — אַן

אומגליקלעכן, אָפּשטויסנדיקן קוואַסימאָדאָ. דער חידוש, מיט וועלכן עלבערג האָט אויסגעמיטן דאָס שאַפן אַן ענלעכן טיפּ צו די דערמאָנטע, באַשטייט אָבער אין דעם וואָס ער האָט זיין העלד באַהאַנדלט פון אַ יידישן קוקווינקל, וואָס ער האָט מיט אַ שאַרף אויג דערזען אין זיין העלד די ווירקונג פון דער יידישער מאָראַל און דעם יידישן לעבנס-שטייגער, אָט די מאָראַל און דער לעבנס-שטייגער האָט עס קלמנען לסוף געבראַכט דערצו אַז ער זאָל פריער נישט אַוועקגיין פון דער וועלט ביז ער וועט אויף אַ וואָסער עס איז אופן נישט פאַרריכטן די פאַרברעכנס וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן מענטשן.

דער אופן ווי אַזוי עלבערג טוט דאָס, דער אופן ווי אַזוי ער ווייזט אונדז ווי קלמן קאַליקע גייט אַרויף עפּעס ווי געשטויסן אויפן דרך־הישר, לכתחילה לגמרי אָן דער כוונה דערצו (די ערשטע גוטע מעשים טוט ער כּדי חוזק צו מאַכן פון שטעטל, אָדער כּדי זיי, די שטעטלדיקע יידן צו דערנידעריקן און אַפילו שפּעטער ווען ער ווייסט שוין, אַז אין אים איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג, אַז ער איז מער נישט דער פריערדיקער קלמן, ראַנגלט ער זיך דערמיט) — דאָס איז דער גרויסער אויפטו פון עלבערגס נייעם ראָמאַן און אַ דאַנק אָט דעם אויפטו ווערט דער ראָמאַן אַ ווערק וואָס ברענגט אונדז אַן אוצר מיט דערקענטעניש פון דער יידישער נשמה און אויך אַ טיפן אַריינבליק אין דעם פאַרשניטענעם יידישן לעבן, אין דער ווירקנדיקער יידישער מאָראַל. עס ווערט אַ ווערק — אַ נייער ווינקלשטיין אין דער יידישער ליטעראַטור וואָס איר אויפגאַב איז, ווי שוין עטלעכע מאָל באַטאָנט, צו רעקאָנסטרוירן אין קינסטלערישן בילד דאָס לעבן וואָס דאָס רשעות פון די גויים האָט אומגעבראַכט און נאָר דער זכרון פון די יידן, פון די יידישע שרייבערס לאָזט עס נישט פאַרשווינדן...

### ג.

נאָכן פאַרענדיקן לייענען עלבערגס „קלמן קאַליקעס אימפּעריע" קען מען נישט נישט באַוווּנדערן דעם בנין וואָס שטייט פאַר אונדזערע אויגן און רופט אַרויס התפּעלות מיט זיין אַרכיטעקטאָנישער און קאָמפּאָזיציאָנעלער גאַנצקייט. דערביי ווילט זיך כּסדר אָפּשטעלן מיט אַן אַנאַליטישן בליק אויף די פאַרשידענע טיילן פון בנין און הנאה האָבן פון די פאַרשידענע קאָמפּאָנענטן וואָס פאַרכאַפּן מיט זייער קינסטלערישער וואָרהאַפטיקייט, אַפילו ווען אונדז דאַכט זיך פון צייט צו צייט אויס אַז דאָ און דאָרט האָט דער מחבר אויך איבערגעלאָזט אָרט פאַר נאָכקלער און אפשר אויך פאַר צווייפל אין דער ריכטיקייט פון דעם אָדער יענעם פּרט.

למשל:

די פּאָזיציע פון אַ בעל־מום ברענגט דערצו אַז דאָס שטעטל זאָל אַ סך, אַ סך זאַכן מוחל זיין דעם קאַליקע קלמן און זאָל אַריבערגיין מיט שווייגן

איבער אַ טייל פון זיינע מעשים וואָס אַן אַנדערן וואָלט מען זיי בשום־אופן נישט מוחל געווען. בכלל האָבן מיר שוין באַמערקט אַז דאָס שטעטל ווי אַזאַ געפינט זיך אויפן ווייטן הינטערגרונט פון די געשעענישן אינעם ראָמאַן און אַ חוץ איינצלנע מענטשן, ווי דער רב, זיין זון בעריש, מתות גלעזער און זיינע קינדער, ווי אויך נאָך אייניקע, זעט מען כמעט נישט דאָס שטעטל און מען פילט נישט אַז עס זאָל אַקטיוו אָנטייל נעמען אין קלמנס לעבן און רעאַגירן אויף זיינע מעשים, און דאָס איז פאַר אונדז פאַרשטענדלעך ווי באַלד מיר נעמען אין אַכט, ווי געזאָגט, די געשטראָפטקייט פון קלמנען דערמיט וואָס ער איז אַ קאַליקע. דאָס הייסט נאַטירלעך נישט אַז דאָס שטעטל אַקצעפּטירט זיינע מעשים, אָדער אַז עס איז נישט קיין מבין אויף זיי. דאָס שטעטל זעט אַלץ און פאַרשטייט אַלץ. האָט עס טאַקע אים, קלמנען, פיינט, אָבער וויל, ווי ייִדן זאָגן, אַז ער „זאָל קומען אויף אַנדערע הענט". אויף איין זאַך, דאַכט זיך אונדז אויס, האָט דאָס שטעטל פאַרט געדאַרפט רעאַגירן און דאָס איז דעמאָלט ווען מתותעס טאָכטער קיילע האָט פון קלמנען אַ קינד און ער מאַכט זיך נישט וויסן און וויל נישט חתונה האָבן מיט דער מאַמע פון זיין זון. אַזאַ זאַך האָט נישט געקענט געשען נישט אין דעם שטעטל פון שלום אַשן, נישט אין דעם שטעטל פון וויסענבערגן אַפילו אויך נישט אין דעם שטעטל פון עלבערגן — מער ווייניק אין די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט. אויך אין דער צייט זענען נאָך ייִדן פון אַ ייִדיש שטעטל נישט אַריבערגעגאַנגען איבער אַזאַ מעשה־נבלה מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט.

מיט די בעסטע מיטלען פון דער פלעשבעק־טעכניק וואָס איז געניג באַקאַנט און מאַכט אינטערעסאַנטער, הגם אויך קאָמפּליצירטער דעם לויף פון דער ראָמאַן־אַקציע, שילדערט פאַר אונדז עלבערג די געשיכטע פון אַ ייִדישער משפחה אויף דער פּוילישער ערד. דאָס איז די משפחה שווערדל, קלמן קאַליקעס אבות, וואָס שוין דער פאַמיליע־נאָמען אַליין איז פאַרבונדן מיט לעגענדע. עס קען זיין אַז פון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט קען דער דאָזיקער ראָמאַן זיך באַגיין אָן דעם דאָזיקן טייל וואָס פירט אונדז אַרויף אויף די שפּורן פון קלמנס שורש. מען מוז אָבער צוגעבן אַז דער דאָזיקער טייל גיט אונדז די מעגלעכקייט אַריינצובליקן אין דער ירושהדיקייט פון גורל. זייער אַ סך אין דער דאָזיקער משפחה קומען אום פון פּלוצעמדיקע קאַטאַסטראָפעס און דאָס באַשטימט דעם שיקזאַל פון זייערע נאָכפאָלגערס; חוץ־לזה — אויך קלמן אַליין קומט אום אויף אַן ענלעכן אופן און דאָס איז ערגעץ־ווו אַ סימבאָלישער סימן אַז זיין תשובה איז אָנגענומען געוואָרן און ער איז, ווי עס זאָגט זיך אין אונדזערע אַלטע שריפטן, „איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיינע עלטערן". אַ חוץ דעם אַלעם — איז עס אַ קלאַסישע משפחה־סאַגע און עס ווילט זיך גלויבן אַז עלבערג, וואָס האָט אַ טבע אויפסנייי צו באַאַרבעטן מאָטיוון אין זיינע שוין פאַרעפנטלעכטע

ווערק, וועט זיך אויך צום דעם דאָזיקן מאָטיוו נאָך אומקערן. די עטלעכע משפּחה־טיפּן וואָס ער פירט אַרויס און געשטאַלטיקט אין דעם דאָזיקן טייל ווייזן אַז ער איז ראוי דערצו און אַז פון דעם דאָזיקן מאַטעריאַל איז ער פעיִק אויסצוקנעטן ווערק פון גרויסן פאַרנעם.

עס וואָלט זיך וועלן מאַכן געוויסע באַמערקונגען וועגן אַ ריי קליינע, נישט זייער וויכטיקע מאָמענטן וואָס שטערן אָבער צו ביסלעך דעם אויפנעם פון דער קינסטלערישער גאַנצקייט פונעם ראָמאַן. עלבערגס שפּראַך איז ווי תּמיד אַ קערנדיקע און אָנגעזעטיקטע. זי איז די שפּראַך פון דער סביבה און די העלדן פונעם ווערק. וווּנדערט אונדז טאַקע וואָס אין דעם דאָזיקן ראָמאַן רעדט טייל מאָל דער הויפּטהעלד קלמן מיט דער שפּראַך וואָס געהערט צו אַ גאַנץ אַנדערע אויסדרוק־ספערע. עס וווּנדערט אונדז אויך וואָס עלבערג האָט אין דעם ראָמאַן אַריינגעפירט אַ ריי אַנעקדאָטן פון יידישן פאָלקלאָר, גלייך ער וואָלט אויסן געווען ביים פאַראייביקן דאָס פאַרשווונדענע לעבן אויך צו פאַראייביקן דעם יידישן פאָלקלאָרישן אוצר. אַוודאי איז דאָס אַ גוטער געדאַנק, אָבער די מיטלען צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן געדאַנק דאַרפן זיין גאַנץ אַנדערע. לסוף איז אונדז אויך אַ ביסל דערווידער וואָס ביים ברענגען אַ פּסוק אָדער אַ מאמר פון אונדזערע אַלטע אוצרות גיט עלבערג אָן דעם מקור, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען נישט קיין ליטעראַריש ווערק, קיין קינסטלערישער ראָמאַן, נאָר אַן אַקאַדעמישע אַרבעט, אַ וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג וואָס מוז באַזיצן דעם גאַנצן „אַפּאַראַט", ווי מען רופט עס אין דעם אַקאַדעמישן זשאַרגאָן.

ס'איז קלאָר אַז די דאָזיקע באַמערקונגען זענען נישט אויסן עפּעס אַראָפּצודינגען פון דעם ווערט פון ראָמאַן און פון זיין קינסטלערישער פּאָזיציע וואָס ער פאַרנעמט אין אונדזער ליטעראַטור. אין דער אמתן פאַרדינט דער דאָזיקער ראָמאַן אַ פּיל ברייטערע באַהאַנדלונג צוליב סך מאָמענטן. תּשובה־מאָמענטן, ווייסן מיר, זענען פאַראַן אויך אין אַנדערע יידיש־ליטעראַרישע ווערק (זע, למשל, חיים גראַדעס באַרימט ווערק „צמח אַטלאַס"). אָבער דער אופן ווי אַזוי יהודה עלבערג פירט זיין העלד צו תּשובה; ווי אַזוי ער באַוויַזט אונדז דעם „מצווה גוררת מצווה"; ווי אַזוי זיין העלד הייבט אָן זיין תּשובה נישט האָבנדיק לחלוטין בדעה תּשובה צו טאָן און די ערשטע גוטע טווּנג ברענגט אים כּמעט אויטאָמאַטיש צו ווייטערדיקע — דאָס אַלץ ווייזט אונדז עלבערגס טיפע פּסיכאָלאָגישע פאַרשטענדעניש פאַר זיין העלד, וועלכער ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין און מיט זיין גורל ביז דער לעצטער מינוט און איז נאָך ביז דער לעצטער מינוט נישט גרייט מודה צו זיין אַז ער האָט חרטה אויף זיינע פריערדיקע מעשים, אַז זיין פריערדיק אוממאָראַליש לעבן איז געווען איין גרויסער ביטערער דורכפאַל...

ווי שוין פריער געזאָגט, פאַרכאַפּט קלמן קאַליקעס אונדזער גאַנצע אויפ־

מערקזאַמקייט באַלד ווי ער באַווייזט זיך אויפֿן עקראַן פֿון עלבערגס ראָמאַן און ער רוקט אָפּ אין הינטערגרונט דאָס שטעטל און זיינע פּאַרשוינען. קלמן לעבט אינערלעך זייער אינטענסיוו און ער איז אויסערלעך פֿול מיט שפּרודלדיקער אַקטיוויטעט. עס איז נישט קיין ווּנדער וואָס זיין פּאַרביקייט מאַכט גרויער דאָס גרויע לעבן פֿון אַ שטעטל מיט ייִדן וואָס זייער הויפּט־כאַראַקטעריסטיק איז אפשר דאָס וואָס זיי ווילן גאָרנישט זיין קיין העלדן; זיי זענען פּשוט, ווי מען רופֿט עס אין דער הייַנטיקער ליטעראַטור: אַנטיהעלדן.

דאָס איז אָבער נאָר דעמאָלט ווען מען לייענט דאָס ווערק, אַזוי צו זאָגן, בנשימה־אחת, אין איין אָטעם — און עלבערגס בוך איז אַ בוך וואָס לייענט זיך מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, סיי ווען מען לייענט עס מיט אַ סדר צום ערשטן מאָל און סיי ווען מען לייענט עס פֿראַגמענטנווייז, צום צווייטן מאָל. קוים אָבער קערט מען זיך אום — ביים צווייטן מאָל לייענען — צו באַזונדערע מאָמענטן און סצענעס אינעם ווערק, צו באַזונדערע פּאַרשוינען און געשעענישן, אַזוי זעט מען תּיכּף, אַז כאָטש די געשטאַלט פֿון קלמן קאַליקע איז דאָמינירנדיק פֿאַרן גאַנצן ראָמאַן, זענען אָבער די אַנדערע טיפּן און געשטאַלטן געצייכנט מיט דער פֿולער קראַפֿט און זיי פֿאַרנעמען די ריכטיקע פּאָזיציעס אין דעם לעבן וואָס דער מחבר מאָלט פֿאַר אונדז מיט אַזאַ קענטשאַפֿט און איבערצייגונג אין זיין ווערק. עס ווערט אונדז קלאָר אַז אויב די שטעטל־פּאַרשוינען זענען געגעבן אין אַן עטוואָס דערווייטערטער פּערספּעקטיוו, כּדי דער הויפּטהעלד, קלמן, זאָל אַרויסקומען מער ערשטפּלאַניק, איז דאָס געטאָן געוואָרן מיט אַ כּיוון. עלבערג האָט זיך דאָ אָנגעהאַלטן אין „אַ גרויסן בוים״, אין פֿלאַבערן, וועלכער האָט אין זיין „מאַדאַם באָוואַרי״ זיך באַנוצט מיט דער דאָזיקער טעכניק — מיט דער טעכניק פֿון געבן אַלע אַנדערע העלדן פֿון ווערק מיט זייער גרויקייט, כּדי אויפֿן פֿאָן פֿון דער דאָזיקער גרויקייט זאָל די פֿאַרביקייט און די טראַגישקייט פֿון דער הויפּטהעלדין אויפֿגיין נאָך בולטער, נאָך אונטערגעשטראָכענער. אויך קלמן קאַליקס אַרום אין אָפֿט מאָל היפּש פֿאַרגרויט און דערווייטערט פֿון ערשטן פּלאַן כּדי דער הויפּטהעלד זאָל אויפֿגיין מיט מער שאַרפֿקייט, בולטקייט און אויך... אויסטערלישקייט.

נאָך מער: אויב מען לייענט דעם דאָזיקן ראָמאַן „אין דער טיף״, ווי דאָס ווערט גערופֿן אין דער הייַנטיקער מאָדערנער ליטעראַטור־קריטיק, דערזעט מען מיט אַ מאָל אַז דער אייגנטלעכער הויפּטהעלד פֿון ווערק איז גראָד דער אַנטיהעלד, מתּוך דער גלעזער מיט זיין משפּחה. דער דאָזיקער תּמימותדיקער ייִד, מיט זיין ערלעכער גוטסקייט, מיט זיין ווילן אַלעמען דן זיין לכף־זכות — אַפֿילו אַזאַ זינדיקן ווי עס איז קלמן קאַליקע. ער, און נישט דווקא קלמן, איז די צענטראַל־פֿיגור פֿונעם בוך און ס׳איז זייער סימבאָליש וואָס דאָס בוך פֿאַרענדיקט זיך מיט דעם וואָס דער דאָזיקער פּשוטער ייִד פֿאָרט צורעכט מאַכן

אַ מוראדיקע עוולה וואָס קלמן איז באַגאַנגען לגבי ברײַנדלען. קלמן לעבט שוין דעמאָלט נישט און מתּוֹת דער גלעזער, וואָס גיט איר אַ סומע געלט פֿון קלמנס ירושה אין אַ מאָמענט ווען זי, ברײַנדל, נייטיקט זיך אין דעם דאָזיקן געלט זייער שטאַרק, באַווײַזט ווי די אײַנגעשטעלטע שטעטלשע מאָראַל, ווי די שטעטלדיקע ייִדישקייט און מענטשלעכקייט ווערט געקרוינט אַלס די זיגערין אינעם קאַמף וואָס גאָט און טײַוול פֿירן אין קלמן קאַליקעס האַרץ. און לאָמיר דאָ צוגעבן: אייגנטלעך איז דאָך דער געראַנגל אין קלמנען דער געראַנגל צווישן דער קדושה און דער סטרא־אחרא, וואָס גייט אָן, לויט דאָסטאָיעווסקין, אין דער ברוסט פֿון דעם בן־אדם. אין דעם דאָזיקן שווערן און פֿערמאַגנעטן געראַנגל זיגט, ווי עלבערג ווײַזט אונדז, דער געטלעכער שורש אין מענטש און נישט דער ייצר לב האדם וואָס איז „רע מנעוריו". אָבער אויב עס זיגט די קדושה און נישט דער סמך מם, אויב קלמן ווערט אַ בעל־תּשובה, איז עס קודם־כּל מיט דער הילף פֿון די מתּוֹתעס און דאָס הייסט: מיט דער הילף פֿון די תּמימותדיקע פֿאָלקסטימלעכע ייִדן וואָס דאָס שטעטל פֿאַרמאָגט, וואָס דאָס שטעטלדיקע ייִדישע לעבן איז דורך זיי געטראָגן געוואָרן ביז צום מאָמענט ווען דער אכזר היטלער האָט דאָס דאָזיקע לעבן פֿאַרשניטן און אומגעבראַכט.

ס'איז מאָדנע: קלמן שווערדל און מתּוֹת גלעזער זענען ביידע קאַליקעס — זייערע פֿיס זענען געשעדיקט, כאָטש נישט אין דער זעלבער מאָס. דאָך, וואָס פֿאַר אַן אונטערשייד צווישן זיי ביידן. קלמן און מתּוֹת דערמאָנען אונדז דעם חכם און דעם תּם פֿון ר' נחמן בראַצלאַווערס באַרימטער מעשׂה. נאָר אַ קינסטלער מיט אַ געניט אויג האָט געקענט דערזען דאָס גורל־שותּפֿות צווישן די דאָזיקע צוויי לחלוטין אַנדערע מענטשן אין וועלכע דער תּם ווײַזט זיך אַרויס מער חכם ווי דער חכם גופֿא; ווי דער תּם ראַטעוועט דעם חכם און ברענגט אים צו מאָראַלישער רעהאַביליטאַציע.

עלבערגס ראָמאַן „קלמן קאַליקעס אימפּעריע" איז ממש אַן אימפּעריע לויט דעם היקף פֿון געשעענישן וואָס קומען דאָרט פֿאָר, סײַ אין דעם הווה און סײַ אין דעם עבר. ס'איז אויך אַן אימפּעריע לויט דער צאָל ווירקנדיקע פֿאַרשוינען וואָס באַוועגן זיך אויף די בלעטער פֿון ראָמאַן. עלבערג האָט שוין אין זײַנע פֿריערדיקע פּראָזעווערק באַוויזן, אַז ער קאָן באַהערשן גרויסע לעבנס־שטחים און זיי באַפּעלקערן מיט אַ גרויסער צאָל טיפּן און געשטאַלטן. אין דעם ראָמאַן „קלמן קאַליקעס אימפּעריע" האָט ער, קאָן מען זאָגן, אַליין זיך איבערגעשטיגן. עס איז אַ ראָמאַן — אַן עולם־ומלואו אין פּרט פֿון ייִדיש לעבן אויף דער פּוילישער ערד. עס איז אַ ראָמאַן וואָס ווײַזט אונדז אינערהאַלב דעם ייִדישן לעבן פֿאַרשידענע סביבות, מענטשן און כאַראַקטערן. עלבערגן איז אויך נישט שווער צו שילדערן נישט־ייִדן אין זייערע סביבות, ווי למשל, דעם פּריץ וואָס זײַן שפֿלות־קאָמפּלעקס נעמט זיך דערפֿון וואָס ער, דער שונא ישׂראל, איז

געוואָרן אַ פּריז אַ דאַנק זיין ייִדיש ווייב, די טאָכטער פון דעם ייִד דאַווידסאָן, אַ קוזינע פון קלמן קאַליקע. עלבערגס געשטאַלטיקונגס יכולת זעט מען אויך ביים שילדערן דעם פּוילישן הויפּט פון שטאָט און זיין משונהדיקן סוף נאָך דעם ווי ער פאַרשפּילט די וואַלן, ווייל דער פּריץ וויל אים מער נישט ווי קיין בירגערמייסטער פון שטאָט.

יהודה עלבערג האָט אָנגעהויבן זיין גאַנג אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט דער דערציילונג „בער לעפּ" — אַ דערציילונג מיט שטאַרק נאַטוראַליסטישע אַקצענטן, אין וועלכע עס האָט זיך אָנגעזען די השפּעה פון י. מ. ווייסענבערג, עוזר וואַרשאַווסקי, א. מ. פוקס און נאָך אַנדערע. אין זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג האָט ער זיך באַפרייט פון די גוזמאות מיט וועלכע עס האָט אָפּערירט דער נאַטוראַליזם און איז געוואָרן אַ רעאַליסטישער דערציילער מיט אַ נטיה צו פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג אין דעם וועזן פון זיינע העלדן. דאָך דאַרף מען מודה זיין אַז נאַטוראַליסטישע איבערבלייבן דערשיינען פון צייט צו צייט אין זיינע ווערק און אַפילו אין דעם ווערק „קלמן קאַליקעס אימפּעריע", וואָס מיר באַהאַנדלען. אָט די נאַטוראַליסטישע צווײַטן קאָן מען געפינען אין די סעקס-סצענעס פון ראָמאַן, בעיקר אין די בעטסצענעס צווישן דער גוייִשער קראַנקן-שוועסטער און קלמנען. יאָ, די נאַטוראַליסטישע איבערבלייבן זענען צו מאָל אָנזעעוודיק אינעם ראָמאַן, זיי דאָמינירן אים אָבער נישט, זיי גיבן אים בלויז צו פאַרב און שטרייכן אונטער דעם שרייבערס שעפערישע יכולתן הן וואָס שייך דער פאַרשידנאַרטיקייט פון דער טעמאַטיק און הן וואָס נוגע די פאָרמען מיט וועלכע ער באַנוצט זיך ביים געשטאַלטיקן די טעמע פון זיין ווערק. אויך אין עלבערגס נייעם ראָמאַן, וואָס איז אין תוך אַ רעאַליסטיש-פּסיכאָלאָגישער, זענען פאַרוועבט פאַרשידענע נוסחאות, אָנגעהויבן פון רעאַליסטיש-פּסיכאָלאָגישע שילדערונגען ביז דעם נוסח פון דעם, הייסט שוין זייער זעלטענעם, בילדונג-ראָמאַן אין וועלכן די אינפאָרמאַציע איז וויכטיקער ווי די דערקענטעניש.

מיט עלבערגס נייעם ראָמאַן „קלמן קאַליקעס אימפּעריע" האָט די ייִדישע ליטעראַטור צוגעקריגן אַ גרויס ווערק און אין דער העלדן-גאַלעריע וואָס ברענגען צו אונדזער דערקענטעניש דעם ספּעציפישן ייִדישן כאַראַקטער, אַ פאָרמירטן דורך דער ייִדישער עטיק און ייִדישן לעבנס-שטייגער, איז צוגעקומען אַ נייער פּילפאַרביקער און זייער קאָמפּליצירטער העלד, אַ העלד — אַ סינאָנים. קלמן קאַליקע וואָס געפינט זיך שוין ווי מען זאָגט על פּתחו של גיהנום, ווערט געראַטעוועט דורך דעם שטעטלדיקן רב און דורך אַנדערע שטעטלדיקע ייִדן, וואָס זייער עטישער לעבנס-באַנעם און זייערע מאָראַלישע נאָרמעס פירן אים צוריק אַרויס אויף דעם וועג פון גוטס און גערעכטיקייט מיט וועלכן עס האָט זיך אויסגעצייכנט דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן איידער דער נאַצישער רשע האָט עס פאַרשניטן...

# אין „ווייסן עלטער" פון יוסף פּאַפּיערניקאָוו

יוסף פּאַפּיערניקאָווס נייעסטער בוך לידער „אין ווייסן עלטער" איז, אין אַ געוויסן זין, אַ זייער און זייער טשעקאָווע אַנטאָלאָגיע.

עס איז אַן אַנטאָלאָגיע נישט פון די וויכטיקסטע לידער וואָס ער האָט ביז איצט געשאַפן, נאָר אַן אַנטאָלאָגיע פון די וויכטיקסטע און כאַראַקטעריס־טישסטע מאָטיוון וועלכע האָבן דאָמינירט אין זיין ביז איצטיקער שעפערישקייט. וואָרים אין די פינף אָפּטיילן אין וועלכע דער דיכטער האָט איינגעסדרט די קרוב צו הונדערט לידער אין זיין בוך געפינען מיר די פינף הויפּט־מאָטיוון, אָדער די פינף הויפּטטעמעס וואָס באַשעפטיקן אים זיין גאַנץ דיכטעריש לעבן. מיר האָט דאָ, אין די דאָזיקע פינף אָפּטיילן, דאָס געזאַנג צו זיין היימלאַנד און אויך די שטראָף־רייד צו זיין היימלאַנד. דעסגלייכן האָט מיר דאָ זיינע סאָציאַלע לידער אין וועלכע דער דיכטער ברויזט מיט ווייטיק און פּראָטעסט קעגן די וואָס באַעוולען זייער מיטמענטש און לעבן אויף זיין חשבון מיט לעגאַליזירטן רויב.

ווייטער האָבן מיר, אין איינעם פון די ציקלען, דעם מאָטיוו פונעם דיכטערס איינזאַמקייט און אומבאַהאָלפנקייט אין דעם ווירוואַר פון דער עקזיסטענץ, ווו עס גילט דאָס געזעץ פון כּל דאלים גבר, און אַ גאַנץ באַזונדער אָרט פאַרנעמען אין בוך די לידער פון צער איבער דעם מענטשלעכן גורל וואָס איז אין זיין פאַרגענגלעכקייט דערצו נאָך פאַרמשפּט אויף יסורים וועלכע דעפאַרמירן דעם צלם־אלוקים און פאַרשוועכן אים מיט די טרויעריקע פאַרוואַנדלונגען פון דער עלטער.

ועל כּולם האָט מיר אין דעם דאָזיקן בוך אַ באַזונדערס גרויסן לידער־ציקל וואָס איז דער שיר־השירים פון יעדן לירישן פּאָעט: דאָס געזאַנג צו דער ליבע וואָס איז, לויט די רייד פון אונדזער אַלטן משורר, שטאַרקער פון טויט.

ביים נייעם באַקענען זיך מיט די אַלע פריערדיקע מאָטיוון פון זיין ביז איצטיקן שאַפן האָבן מיר די מעגלעכקייט צו דערקענען די סטאַבילקייט פון פּאַפּיערניקאָווס מענטשלעכער און דיכטערישער וועלט.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די אינערלעכע וועלט פון דעם דיכטער פּאַפּיערניקאָוו איז זייער סטאַביל און זי אונטערליגט גאָר ווייניק די אויסערלעכע ענדערונגען פון דער צייט. פּאַפּיערניקאָוו, אַלס פּאָעט, איז ווי אַ פרוכטבוים

וואָס יעדן זומער ברענגט ער דעם אייגענעם מין פּרוכט. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז ער בלייבט תּמיד געטריי די הויפּט־מאָטיוון אין זיין שאַפן, כאָטש ער קערט זיך צו זיי אַלע מאָל אום מיט נייע און נייע לעבנס־דערפאַרונגען.

דערפאַר טאַקע האָבן מיר אָפּט מאָל דעם איינדרוק ביים לייענען געוויסע פון זיינע לידער אַז מיר האָבן זיי שוין אַ מאָל געלייענט, שוין אַ מאָל פון אים געהערט. פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז נאָר אַן איינדרוק, ווייל אין דער אמתן קומט פּאַפּיערניקאָוו אין יעדן נייעם ליד זיינעם מיט אַ ניי וואָרט אָדער מיט אַ נייעם שטימונג־ניגון. ס'איז אָבער פאָרט אמת אַז אין די מאָטיוון פון זיינע לידער איז יוסף פּאַפּיערניקאָוו געטריי דעם קרייז וואָס ער האָט זיך אָנגעצייכנט און ער מאַכט זייער זעלטן אַ פּרווו פון אים אַרויסצוגיין, אָדער אים צו בייטן אויף אַן אַנדער קרייז פון שעפערישער פאַראינטערעסירונג.

לאָמיר דאָ צוגעבן אַז פאַקטיש בלייבט יעדער אמתער דיכטער וואָס פאַרמאָגט שעפערישע וואָרצלען תּמיד אין זיין קרייז און דאָס הייסט: תּמיד אין דעם רינג פון זיין טעמאַטיק. דער חילוק איז נאָר אין דער גרייס פון דעם דאָזיקן קרייז און אין דער פאַרביקייט פון די שעפערישע פאַראינטערעסירונגען. מען דאַרף אָבער געדענקען אַז אַ דיכטער וואָס פליט אַרום פראַנק און פריי פון טעמע צו טעמע, פון מאָטיוו צו מאָטיוו פאַרמאָגט טאַקע די פאַרביקייט און די לייכטקייט פון אַ זומער־פייגעלע וואָס פלאַטערט פון בלום צו בלום אויפן ברייטן זומערדיקן פעלד און דאָס מאַכט אים, אין אַ געוויסער מאָס, אינטערעסאַנט און אָנציענדיק. די צרה איז אָבער וואָס דער דאָזיקער פלאַטערל־דיכטער האָט אויך דעם זעלביקן גורל וואָס דאָס זומער־פייגעלע: זיין דיכטונג לעבט אַ טאָג און שטאַרבט אין אָוונט אַוועק, כּדי מער נישט אויפצושטיין קיין תּחית־המתים.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו, דער דיכטער וואָס האָט באַזונגען די חלוצים וועלכע האָבן געבויט און געקעמפט פאַר דעם ייִדישן היימלאַנד און האָט זיך אַ גאַנץ לעבן אידענטיפיצירט מיט דעם דאָזיקן היימלאַנד, ווו ער האָט אַ מאָל „זיינע ברידער נישט דערקענט" צוליב זייער פּאָזיטיווער אומוואַנדלונג, האָט נישט קיין מורא איצט צו זאָגן מוסר זיין היים, באשר זי האָט זיך געביטן און דער דיכטער קען זי מער נישט דערקענען צוליב איר נעגאַטיווער אומוואַנדלונג. ער זאָגט מיט ווייטיק: „די היים מיינע — דאָס לאַנד פון די נביאים, / די היים מיינע — דאָס לאַנד פון עם־הספר, / דאַרף קיין זינגער נישט, / זי דאַרף נישט קיין פּאָעטן — / קרעמער דאַרף זי, / הענדלער און פאַרקויפער — / ס'לאַנד פון די נביאים, / ס'לאַנד פון עם־הספר".

אין דעם זעלביקן ציקל „היים און פרעמד" געפינען מיר נאָך עטלעכע לידער אין וועלכע דער דיכטער ביטערט קעגן דער ווירקלעכקייט וואָס האָט זיך געשאַפן אין דער מדינה נאָך דעם ווי מען האָט אויפגעגעבן אַלע טרוימען

פון אַ מאָל וועגן שאַפן אַ ייִדיש היימלאַנד, ווו מענטש איז פריי, / נאָר כ׳ווייס נישט ווו דאָס לאַנד דאָס פרייע ליגט; / איך ווייס נאָר אַז איך ווער אין לאַנד ביי מיר / פון אומרעכט און פון אומיושר דערשטיקט".

פּאַפּיערניקאָוו געהערט נישט צו די דיכטערס וואָס האָבן ליב צו רעדן בלויז מיט רמזים או משלים. ער האָט ליב אָנצורופן זאַכן ביים נאָמען און „לייגן דעם פינגער אויף דער וווּנד". זאָגט ער טאַקע אויף זיין דיכטערישן אופן אַז ער איז שטאַרק אַנטוישט, אַז די וואָר האָט אָפּגענאַרט זיין חלום און ער רופט אויס: „ווו נעמט מען איצט אַ טאָג, / ווו נעמט מען איצט אַ נאַכט — / פון יענע טעג און נעכט וואָס זענען דאָ אַוועק, / ווי ס׳וואָלט זיי אַ פּאָעט, אַ בעל־חלומות, אויסגעטראַכט — / ווען חלום איז געווען ביי אים דאָס איינציקע פאַרמעג"...

כאַראַקטעריסטיש איז אָבער, אַז ווען פּאַפּיערניקאָוו פאַרלאָזט אַ מאָל זיין היימלאַנד, כּדי צו מאַכן אַ קורצן וויזיט אין אַנדערע גרויסע רייכע לענדער, הייבט ער אָן דערפילן די עמאָציאָנעלע צוציקראַפט פון דער אייגענער היים. ער איז טאַקע מקנא די אייגוווינערס פון די פרעמדע לענדער פאַר זייער רייכקייט, פאַר זייער פאַרהעלטנישמעסיקער רויִקייט און פאַר דער געפאַרלאָזיקייט אין וועלכער זיי לעבן; אויך צוליב געוויסע מידות זייערע איז ער די דאָזיקע פעלקער מקנא, אָבער תּמיד קומט ער צום אויספיר אַז: „די פרעמד בלייבט פרעמד — / אַפילו ווען מען טראָגט פון איר אַ זיידן העמד".

בדרך־כּלל פילט מען נישט אין פּאַפּיערניקאָווס לידער די צייט פון דער „ווייסער עלטער" און אין זיינע ליבע־לידער פילט מען די דאָזיקע עלטער אַוודאי נישט און דערפאַר איז טאַקע איבעריק דאָס וואָס דער דיכטער איז זיך מתנצל אַז ס׳איז אפשר צו לאַכן וואָס ער זינגט פון ליבע אויף דער עלטער... פאַראַן אָבער איין אָפּטיילונג אין בוך און דאָס איז די אָפּטיילונג „אָנהייב סוף" וואָס אין איר שפּירט מען שוין יאָ דעם קילן אָטעם פון האַרבסט אין מענטשלעכן לעבן. אין דעם דאָזיקן ציקל זענען פאַראַן געזאַנגען וועגן נאָענטע וואָס זענען געגאַנגען זייער באַשערטן וועג און וועגן אַנדערע וואָס דער גורל האָט געפּרוווט מיט יסורים אויפן קראַנקנבעט. דער עיקר איז וואָס אין די געזאַנגען פון דער אָפּטיילונג „אָנהייב סוף" איז פאַראַן דאָס „ליכט פון פאַרגאַנג" און איינס פון די שענסטע לידער אינעם בוך „אין ווייסן עלטער" איז טאַקע דאָס ליד „דאָס ליכט פון פאַרגאַנג".

ס׳איז אָבער כּדאַי צוצוגעבן דאָס וועגן וואָס מיר האָבן שוין פריער מרמז געווען: אין זיינע ליבע־לידער פילט זיך בשום אופן נישט די לאַסט פון דער עלטער. די לידער זענען געשריבן מיט אַ הייס געפיל און זיי זענען אויסגעזונגען מיט צאַרטקייט און פיינפיליקייט. ייִדישע דיכטערס פון אונדזער צייט האָבן נישט ליב זיך אָפּצוגעבן מיט ליבע־ליריק און אַז זיי טוען עס שוין יאָ קומט ביי

זיי דאָס געפיל אַרויס פאַרנעפּלט און פאַרוויקלט אין פאַרשידענע שלייערן. פּאַפּיערניקאָוו איז אין זיינע ליבע־געזאַנגען דירעקט, ווי אין אַלץ וואָס ער שרייבט און עס אָטעמט אין זיינע שורות איבערלעבונג און עכטקייט.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו איז נישט גליקלעך מיט אונדזער היינטיקער ציוויליזאַציע און די גרויסע שטעט וועלכע זענען די סינאָנימען פון דער דאָזיקער ציוויליזאַציע, באַצייכנט ער טרעפלעך ווי „באַוווינטע מדבריות". „אין באַוווינטן מדבר — זאָגן ער — זענען די הייזער בינשטעק, / און די איינוווינער — די בינען, / בינען וועלכע טראָגן אָנשטאָט האָניק — / זיסקייטן פון גיפט / און שטעכיקייט פון דערנענטער / זיך צו שיצן איינער קעגן צווייטן...".

בדרך־כּלל איז נישט גוט זיך צו פאַרלאָזן אויף די כאַראַקטער־שילדערונגען, וואָס דער דיכטער אַליין גיט וועגן זיך, ווייל דער דיכטער, פּונקט ווי יעדער אַנדערער בשר־ודם, קאָן זיך נישט באַפרייען פון זיין עגאָ און ער איז דערפאַר קיין מאָל נישט גענוג אָביעקטיוו צו רעדן וועגן זיך ווי וועגן אַ צווייטער פּערזאָן. אָבער מיר שיינט, אַז ווען דער דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו כאַראַק־טעריזירט זיך אַליין אינעם ליד „אַ טבע שוין אַזאַ", איז ער גראָד זייער נאָענט צוס אמת וועגן זיך. עס איז כּדאַי דאָס דאָזיקע ליד צו ציטירן ביים סוף פון אונדזערע ווערטער וועגן דעם פּאָעט און זיין נייסטן בוך:

„ס'איז ביי מיר אַ טבע שוין אַזאַ מין, / וואָס געירשנט האָב איך פון דער מאַמען: / שווייגן, שווייגן אָבער — ניט פאַרשווייגן, / נישט אַריבערגיין און נישט פאַרבייגיין / ווי אַ טויבשטומער, צי ווי אַ בלינדער / פאַר אַן אינטריגאַנט, אַן אונטערצינדער, / פאַר אַ חונף און אַ טעלערלעקער, / און פאַר אַלדאָס שלעכטס וואָס ליגט אין שקר".

ווער עס קאָן דעם דיכטער יוסף פּאַפּיערניקאָוו, דער ווייסט, אַז אין דער דאָזיקער אַליין־כאַראַקטעריסטיק איז פאַראַן אַ סך אמת און אַז מיט דעם דאָזיקן אמת האָט דער מחבר פון בוך „אין ווייסן עלטער" זיך געריכט אין זיין ביז איצטיק, שעפעריש לעבן.

1976

## „מיט אָפֿענע אויגן" — לידער פון חיים פלאָטקין

ס'איז אַ כּלל: דעם שעפֿערישן מהות פֿון אַ דיכטער דערקענט מען אין דער אָפּטקייט פֿון די מאָטיוון וואָס חזרן זיך איבער אין זיין שאַפֿונג.

אינעם פּאָעטישן שאַפֿן פֿון חיים פלאָטקינען, ווי עס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדז אין זיין ניי־דערשינענעם בוך „מיט אָפֿענע אויגן",* זענען פֿאַראַן עטלעכע מאָטיוון וואָס אין זיי איז גרינג אָפּצוזוכן די גייסטיקע ביאָגראַפֿיע פֿונעם דיכטער. די דאָזיקע ביאָגראַפֿיע שפּיגלט אָפּ פֿון איין זייט דעם נסיון־וועג פֿון פֿלאָטקינס דיכטערישן דור און פֿון דער אַנדערער זייט ברענגט זי צום אויסדרוק די אינדיווידואַליטעט פֿון פּאָעט און דאָס כאַראַקטעריסטישע פֿאַר זיין יצירה.

דאָס וויל זאָגן אַז מחוד גיסא איז אינעם אָנגערופֿענעם באַנד לידער ניכּר דאָס בשותּפֿודיקע מיט די אַנדערע ייִדישע דיכטערס פֿון זיין צייט און מאידך גיסא זעט מען דאָ דווקא דאָס סאַמע ווערטפֿולסטע אין דער דיכטונג און דאָס איז דאָס באַזונדערע און דאָס אייגנדיקע מיט וועלכן אַ דיכטער ווערט ראוי צו פֿאַרנעמען אַן אָרט אין דעם היכל פֿון דער ליריק.

ווילן מיר צום ערשט רעדן וועגן אָט דעם באַזונדערן און אייגנדיקן אין פֿלאָטקינס דיכטונג, כּדי שפּעטער איבערצוגיין צו דעם וואָס פֿאַרשותּפֿותט אים מיט דער ייִדישער דיכטונג פֿון זיין צייט און — בכלל — מיט דעם ייִדיש־געשיכטלעכן שטראָם פֿון אונדזערע טעג.

כּמעט אַלע דיכטערס שרייבן פֿון צייט צו צייט לידער וועגן... לידער. דאָס נעמט זיך דערפֿון וואָס דער פּאָעט איז כּסדר פֿאַרחידושט פֿון דעם אומבאַגרייפֿלעכן קוואַל פֿון זיין אינספּיראַציע וועלכן ער פֿילט ווי אַ כּוח וואָס געפֿינט זיך אין אים און אַפֿילו מחוץ אים, אָדער, ווי די אַלטע גריכן האָבן געזאָגט, ווי אַ מתּנה פֿון די מוזעס.

פֿלאָטקינס ליד וועגן ליד, זיין אַבסאָרבירטקייט מיטן סוד פֿון דער שירה איז צום מערסטן אַנזעעודיק אין זיינע לידער און באַווייזט אַז דאָס פּאָעטישע שאַפֿן פֿאַרנעמט אַ ביז גאָר חשוב אָרט אין זיין ראַציאָנעלען און אינטעלעקטועלן

---

* פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב, 1984.

לעבן און אַז עס איז פֿאַר אים נישט קיין מצוות אנשים מלומדה. נאָר אַן איבערלעבונג וואָס ער קערט זיך צו איר אַלע מאָל אום כּדי זיך צו דערגרונטעווען צו איר סודותדיקייט.

ווען פֿלאָטקין דערמאָנט די אַמאָליקע יאָרן בעת ער האָט געאַרבעט אין אַמעריקאַנער שוויצשאָפּ, שטרייכט ער קודם כּל אונטער, אַז „דער שאָפּ האָט דאָס ליד / געמאָנט און פֿאַרפֿרעמדט / די מאַשין האָט די מוזע דערשלאָגן / (זייט 24). אַ זייט ווייטער איז ווידער געווידמעט דעם ליד וועגן וועלכן דער דיכטער זאָגט אַז „ס׳וואַקסט נישט אויף קיין בוים, ס׳פֿאַלט נישט אַראָפּ, פֿון הימל". וואָס עס איז פֿאַר אים דאָס פּאָעטישע שאַפֿן ברענגט דער דיכטער אַרויס אין אַ ווייטערדיקן ליד (זייט 27) וואָס ער פֿאַרענדיקט מיט די 2 שורות: „מיר זענען טייער קלאָרע לידער / ווי וואָרצלען און מעכטיקע שטאַמען. / טייער ווי חברים ברידער / ווי דער אָנדענק פֿון מיין מאַמען". לאָזן מיר דערווייל אין אַ זייט פֿלאָטקינס אַגיטאַציע פֿאַר „קלאָרע" לידער (וואָס איז דאָס אַזוינס?), כּדי צו באַטאָנען דעם פֿאַקט אַז ער שטעלט דאָס שרייבן און דאָס לייענען לידער — ס׳הייסט דאָס פּאָעטישע שאַפֿן — אויף איין מדרגה מיט דער ליבשאַפֿט צו דער מאַמען. און וואָס קען זיין נאָך מער ווי די דאָזיקע ליבשאַפֿט?

אָבער צום בולטסטן קומט אין זיין שאַפֿן צום אויסדרוק זיין התפּעלות פֿאַר דער פּאָעזיע און דעם ליד אויף זייט 37 מיטן נאָמען „ביים שרייבן אַ ליד". דאָרט זאָגט ער אַז ער זאַמלט פֿאַרן ליד דאָס טייערסטע און ליבסטע וואָס ער האָט פֿאַרהיט אין זיין זכּרון. און וואָס האָט ער פֿאַרהיט אין זיין זכּרון? נישט ווייניקער ווי זיין מאַמעס געשטאַלט ביים צינדן [שבתדיקע] ליכט. „די ציטערדיקע פֿינגער / וואָס האָבן אירע אויגן פֿאַרשטעלט, / נישט צו זען דורך די טרערן / דעם שבת, פֿאַרטונקלט פֿון הונגער".

אגב. לאָמיר דאָ עפֿענען אַ פּאַראַנטעז: דווקא פֿון פֿלאָטקינען. וואָס איז אַזאַ אָנהענגער פֿון קלאָרקייט אין דער דיכטונג, וואָלט מען געקענט פֿאַרלאַנגען ער זאָל אונדז פֿאַרטייטשן וואָס עס מיינט דער זאַץ „דער שבת, פֿאַרטונקלט פֿון הונגער". און בעיקר דאָס שייכות (פֿון דעם פֿאַרטונקלטן שבת) צו דער הייליקייט וואָס ער זאַמלט אין ליד. דאָ שליסן מיר דעם פּאַראַנטעז און די סוגיא פֿונעם ליד וועגן לידער אין פֿלאָטקינס שאַפֿן, ווי עס דערשיינט פֿאַר אונדז אינעם בוך „מיט אָפֿענע אויגן", הגם מיר האָבן דאָ נאָך נישט געפּרוווט דערמאָנען אַפֿילו אַ העלפֿט פֿון דעם דאָזיקן סאָרט שירים וועגן וועלכע מיר האָבן ביז איצט גערעדט.

חיים פֿלאָטקין איז, ווי שוין דערמאָנט, נישט דער איינציקער דיכטער וואָס שרייבט לידער וועגן לידער, אָבער ער טוט עס מיט אַזאַ אינטענסיווקייט אַז עס פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ באַזונדערער קוואַליטעט אין זיין שאַפֿן און אין אַ שטריך פֿון זיין יצירה וואָס גיט אים אינדיווידואַליטעט און אייגנקייט.

וואָס נוגע די אַנדערע לידער אין דעם בוך איז קלאָר אַז עס זענען דאָ פאַראַן לידער אינספּירירטע פון איבערלעבונגען, פון שטימונגען, פון כלערליי געמיט־צושטאַנדן וכו׳ וכו׳. וואָס אונדז אינטערעסירט אָבער אין איצטיקן מאָמענט איז נישט דאָס יחידישע ליד, נאָר דאָס ליד וואָס שליסט זיך אָן אין דעם גאַנג פון דער צייט, דאָס ליד וואָס איז אַ טייל פון געזאַנג פונעם דור, ווייל עס שפּיגלט אָפּ די געשיכטע פון דעם דור, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, דאָס ליד וואָס איז אי נאַציאָנאַל, אי אינדיווידועל, וואָס ברענגט צום אויסדרוק דעם דיכטערס באַזונדערקייט, אָבער גלייכצייטיק אויך זיין צוזאַמענדיקייט מיט די אַנדערע דיכטערס פון זיין ליטעראַטור, פון זיין פאָלק.

דאָס געזאַנג פון דער צייט! אין דער יידישער דיכטונג פון אַ מאָל ביז היינט איז אָט דאָס געזאַנג זייער בולט. אין די לעצטע 50 יאָר — אַוודאי און אַוודאי. שווער היינט צו געפינען אַ יידישן דיכטער וואָס זאָל נישט לאָזן הערן זיין שטים אין דעם עלעגישן געזאַנג פון דער פאַרשוווּנדענער היים אין מזרח־אייראָפּע פון וואַנען די דיכטערס שטאַמען. דעם דאָזיקן מאָטיוו האָבן מיר אויך אין די לידער פון חיים פּלאָטקין, אַ פּשיטא שוין אַז מיר האָבן דאָ אַ גרויסע צאָל לידער וואָס שליסן זיך איין אין דעם קלאָגליד פון חורבן בית־פּוילן.

מיט אַ דינער איראָניע און אַ טיפן צער אָטעמט אויף אונדז דאָס ליד „איך וועל שוין מער נישט פרעגן”. דער דיכטער זאָגט: „איך וועל שוין מער נישט פרעגן / גאָט איז שוין מיד צו הערן / די טענות / צו זען די שטראָמען טרערן. / ער האָט געשוויגן / ווען פון זיין גלויביקן פאַרמעג / אַפילו קיין קברים זענען נישט געבליבן / און דעם חשבון — / די קוימענס האָבן פאַרשריבן”.

ווי די קלאָגערס ביי די טייכן פון בבל זאָגט דער דיכטער אין אָנבליק פון חורבן אין וועלכן ס׳איז אומגעקומען אַ דריטל פון זיין פאָלק: „נישטאָ / און עס וועט קיינמאָל נישט זיין / אַזאַ ווינט אַ בייזער, אַ שטורעם / אַ וויגע / וואָס זאָל אַ כוח פאַרמאָגן / צו פאַרלעשן די יאָרצייט־ליכט / וואָס גליען אין די אָדערן פון מיין האַרץ / מיט שינאה און האַס / צו די צווייפיסיקע שלאַנגען / וואָס האָבן פון מיין שוועסטערס ביינער / און פון די ביינדלעך פון אירע קינדער /געמאַכט זייף”.

און דאָס איז דאָך דער סאַמע עיקר פון דער טראַגישער סימפאָניע וואָס האָט אויפגעהילכט אין יידישן שאַפערישן געמיט און האָט די אַלע יחידישע דיכטערס אונדזערע פאַראייניקט אין איין קאָלעקטיוון געזאַנג, אין דעם קדיש־געזאַנג נאָכן אויסגעהרגטן יידישן פאָלק.

אַגב לאָמיר דאָ באַמערקן אַז חיים פּלאָטקין האָט צו פאַרצייכענען אַ געוויסן פּרט אין זיין ביאָגראַפיע וואָס ווייניק יידישע דיכטערס זענען מיט אים געפּרוּווט געוואָרן. ער איז נעמלעך געווען אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט וואָס האָט אויף די שלאַכטפעלדער אין אייראָפּע זיך געשלאָגן קעגן דער היטלערישער חיה רעה.

פאַרשטייט זיך אַז אויך דער פּרט, וואָס שליסט זיך איין אין דער אָקאַרשט פאַרגאַנגענער געשיכטע פון זיין פאָלק, קומט צום אויסדרוק אין זיינע לידער און ווערט אַרויסגעבראַכט — ווי ס'איז דער שטייגער ביי אַ פּאָעט — אויף אַן אייגנדיקן אופן.

לויט דעם „לעקסיקאָן פון דער נייער ליטעראַטור און פּרעסע" האָט חיים פלאָטקין דעביוטירט אין יאָר 1929 און פון דעמאָלט אָן דרוקט ער זיך אין דער יידיש-ליטעראַרישער פּעריאָדיק. (ער איז אַ צייט געווען נאָענט צו די „פּראָלעטאַרישע" קרייזן און אין די 50ער יאָרן זיך פון זיי אָפּגעקערט אַן אַנטוישטער (און אויך די דאָזיקע אַנטוישונג קומט צום אויסדרוק אין זיין פּאָעטישער שאַפונג). ביז איצט האָט ער אַרויסגעגעבן בלויז צוויי ביכער: דאָס ערשטע בוך „אויף מיינע וועגן", דערשינען אין י. ל. פּרץ-פאַרלאַג, תל-אביב, אין 1978 און דאָס איצטיקע בוך „מיט אָפענע אויגן" דערשינען אין דעם זעלבן פאַרלאַג.

ס'איז קלאָר אַז דאָס בוך „מיט אָפענע אויגן", וואָס אַנטהאַלט די שאַפונגען פונעם דיכטער אין משך פון אַ לענגערן צייטאָפּשניט, איז אין אַ געוויסער מאָס דער שפּיגל נישט נאָר פון זיין פּאָעטישן מהות, נאָר אויך פון זיין שעפערישן לעבנסוועג. אינעם בוך קען אַ גוטער לייענער גיין אויף די שפּורן פון דעם דיכטערס אַנטוויקלונג צו זיין רייפקייט, וואָס מערקט זיך זייער בולט אין די לידער געשריבענע אין לעצטן יאָרצענדליק.

מע דאַרף באַזונדערס באַטאָנען די לידער וואָס גייען אַריין אין די לעצטע אָפּטיילן פון בוך, בעיקר אין דעם אָפּטייל: „ווייט פון שטאָט". דאָס זענען על פּי רוב לידער וואָס זענען אינספּירירט געוואָרן דורך דעם דיכטערס צונויפטרעף מיט דער נאַטור, מיט דער פּאַסטאָראַלער לאַנדשאַפט און מיט גאָטס גרויסער וועלט וואָס האָט אַזוי באַגייסטערט דעם זינגער פון „ברכי נפשי". ס'איז ניכּר אין אַט די לידער אַ פרייער געמיט. דער צוזאַמענטרעף מיט דער נאַטור ברענגט אים אַריין אין אַ צושטאַנד ווען ער איז „ווי אין שלאָף / אין אַ זיסן חלום מיט אָפענע אויגן". ס'איז פאַראַן אין אַט די נאַטור-לידער אַן אייגענע בילדלעכקייט און דאָס הייסט אַן אייגענע דערזעונג פון דער וועלט וואָס רינגלט אונדז אַרום:

מיט אַנגעזאָפּטער קילקייט
אָטעמט די פריש-צעאַקערטע ערד
נאָכן פאַרטאָגיקן רעגן
וואָס האָט פון שלאָף מיך צעוועקט,
ביים שוועל פון פאַרבן-שטיבל
נישט ווייט פון קרישטאָל-קלאָרן טייכל,
איך זאַפּ איין די שטילקייט, —

פון גרינקייט אַ ניגון
וואָס כ׳האָב אין חלום געהערט.

אויף מיין האַלב־נאַקעטן גוף
כ׳פיל אַ שפּאַציר פון וואַרעמע פינגער —
זוניקע פעדעם זיך שפּילן —
וועבן פאַר מיר אַ גאָלדן העמד,
כ׳בין ווי מיט יאָרן יינגער,
און גרייט אויף גראָז צו טאַנצן
מיט צעפליגלטע הענט.

עס איז נייטיק ביים סוף צוצוגעבן אַז דעם פּאָרטרעט פון מחבר האָט געצייכנט נעמי ק. פלאָטקין און אַ ריי צייכענונגען אין בוך האָט געמאַכט דער דיכטער און מאָלער יאָני פיין.

## י. פינערס דריטער באַנד „צוויי משפחות"

כּמעט צו יעדן ליטעראַריש־קינסטלערישן ווערק קען מען צוגיין מיט דער מאָס פון יענע צוויי טעאַטער־רעצענזענטן, וואָס איינער פון זיי האָט געזען דעם האַלב פולן זאַל און דער צווייטער — דעם האַלב ליידיקן זאַל. אויך אין דריטן באַנד פון י. פינערס „צוויי משפחות" * קען מען אַרויסהייבן די מעלות און מען קען אויך אונטערשטרייכן און בולט מאַכן דאָס פאַרקערטע — די חסרונות. וואָרעם עס זענען פאַראַן אין דעם דאָזיקן ווערק מאָמענטן און שילדערונגען וואָס ווירקן אויף אונדז מיט זייער קינסטלערישקייט און פאַראַן דערין, פאַרקערט, מאָמענטן און שילדערונגען וואָס רופן אַרויס אַ ווידערווילן מחמת זייער אומקינסטלערישקייט. ווייל עס זאָגן אַז דאָס איז אַ ווערק וואָס פאַרמאָגט אי קינסטלערישע דערגרייכונגען, אי מדברדיקע שטחים. מיר וועלן שפּעטער עפּעס זאָגן וועגן די קינסטלערישע דערגרייכונגען אין דעם לעצטן טייל פון פינערס דריי בענדיקן ראָמאַן „צוויי משפחות", אָבער דערווייל לאָזט אונדז באַטאָנען אַז צו די אומקינסטלערישע געהערן די שטעלן אין וועלכע דער שרייבער דערהייבט זיך נישט איבער דער צייטונגס־כראָניק און אין בעסטן פאַל — איבער דעם זשורנאַליסטישן רעפּאָרטאַזש.

צי דאַרף מען אָבער תמיד אַכטונג געבן אַז עס זאָל חלילה נישט באַװוּלט ווערן דער קטיגור און צי דאַרף מען נישט, ביי אַזאַ געלעגנהייט, געבן בעסער אַ וואָרט דעם סניגור? וואָרעם דער אמת איז דאָך, אַז טראָץ די דערמאָנטע חסרונות באַווייזט דער מחבר פאָרט צו רעאַליזירן אַ ריי צילן וועלכע גיבן דעם ראָמאַן אַ קינסטלערישן דערקענטעניש־ווערט, סיי מיטן פאַראייביקן אַ ריי טיפּן און געשטאַלטן וואָס ווירקן אין ייִדישן נאָך־מלחמה לעבן אין פּאַריז, סיי מיטן ברענגען צום אויסדרוק די צייט מיט אירע געשעענישן און מיט איר באַזונדערער אַטמאָספער. נישט אומזיסט האָט דער באַקאַנטער שרייבער יחזקאל קאָרנהענדלער ע"ה, געזאָגט אַז „טראָץ די פיל דערשינענע ווערק פון פּאַריזער ייִדישע שרייבערס וואָס דערציילן און שילדערן דאָס ייִדישע לעבן אין פראַנקרייך ביז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, געהערן די „צווי משפחות", לויט דעם פאַרמעסט פון מחבר און לויט דעם אַרויסגעברענגטן אינהאַלט צו די סאַמע באַדייטנדיקסטע ווערק וואָס זענען דאָ (אין פראַנקרייך י. י.) געשאַפן געוואָרן".

---

* י. פינער: צוויי משפחות. דריטער באַנד: נאָכן חורבן. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אביב 1983.

לאָמיר נאָך אַ ווײַלע זיך אויפֿהאַלטן בײַ דער אָפּשאַצונג פֿון דעם באַהאַנדלטן ווערק דורך דעם שרײַבער יחזקאל קאָרנהענדלער („אונדזער וואָרט" 28.9.83), ווײַל קאָרנהענדלער גופֿא האָט פֿיל געשריבן וועגן דער געשיכטע פֿון ייִדן אין פּאַריז און אויך וועגן ייִדישן לעבן אין דער דאָזיקער שטאָט. זײַן ליטעראַטור־קריטישער גבֿית־עדות איז דעריבער זייער וויכטיק און כאַראַקטעריסטיש. מיר ציטירן: „דער ראָמאַן „צוויי משפּחות" שטעלט מיט זיך פֿאַקטיש פֿאָר — אין דער ליטעראַרישער פֿאָרם — די כּמעט פֿולע געשיכטע פֿון ייִדישן יישובֿ אין פֿראַנקרײַך פֿון אונדזער יאָרהונדערט. דאָס ווערק דערציילט אונדז אויף אַ זייער ברייטן אופֿן וועגן כּמעט אַלע איבערלעבענישן וואָס האָבן געטרייסלט מיטן ייִדישן ישובֿ אין לאַנד". קאָרנהענדלער רעכנט דאָ אויס אַלע מאָמענטן און לעבנס־אַספּעקטן וואָס קומען צום אויסדרוק אין די דרײַ בענד פֿונעם ווערק און דאָס זענען די אימיגראַנטישע צרות ביים באַזעצן זיך אויף אַ נײַ אָרט וואָס פֿאַרמאָגט אַ גאַנץ אַנדערן לעבנס־שטייגער ווי אין די לענדער פֿון וועלכע די אימיגראַנטן קומען; ווו די שפּראַך איז אַן אַנדערע און דער אופֿן פֿון זיך מפֿרנס זײַן איז אַן אַנדערער; ווו ייִדן וואָרצלען זיך אײַן אין נײַעם לעבן און בלײַבן דאָך (לפּחות דער ערשטער אימיגראַנטישער דור) געטרײַ די טראַדיציעס פֿון זייערע פֿריערדיקע ייִדישע היימען אאַ"וו אַ"וו.

דער שרײַבער פֿון די דאָזיקע שורות האָט געשריבן וועגן די ערשטע צוויי בענד פֿון פֿינערס „צוויי משפּחות" און ער האָלט דעריבער נישט פֿאַר נייטיק זיך אומצוקערן צו זיי נאָך דעם ווי זיי זענען בשעתם ברייט באַהאַנדלט און אַנאַליזירט געוואָרן כּמעט אין דער גאַנצער ייִדישער פּרעסע און דורך די אָנגעזעענסטע ייִדישע ליטעראַטור־קריטיקערס. עס מוז געזאָגט ווערן אַז אין די ערשטע צוויי בענד פֿון דעם דאָזיקן ווערק איז דאָס ייִדישע לעבן אַ סך געדיכטער, פֿאַרשיידנאַרטיקער, פּילפּאַרביקער ווי דאָס געשילדערטע לעבן אין דעם לעצטן באַנד און ס'איז כּלל נישט קיין וווּנדער פֿאַר וואָס דאָס איז אַזוי. פֿאַרנעמט זיך דאָך דער דריטער באַנד פֿון די „צוויי משפּחות" מיטן שילדערן דאָס ייִדישע לעבן פֿון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ד"ה פֿון דער דאָזיקער צײַט, ווען נאָך היטלערס מפּלה האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענקומען קיין פּאַריז די געראַטעוועטע, טייל פֿון די דײַטשישע געפֿאַנגען־לאַגערן, טויטלאַגערן און די מערסטע פֿון די דערפֿער אין „פֿרייען פֿראַנקרײַך", אָדער גאָר פֿון די שכנותדיקער לענדער. קלאָר אַז נאָך דעם ווי אַ היפּשער טייל פֿון ישובֿ דאָס הייסט: אַ היפּשע צאָל מיטגלידער פֿון די „צוויי משפּחות" זענען אומגעבראַכט געוואָרן און זענען שוין נישט צוריקגעקומען, איז דער ייִדישער קיבוץ אין פֿראַנקרײַך שיטערער געוואָרן און דערמיט אָרעמער און איינפֿאַרביקער. פֿון דעסטוועגן איז צו באַמערקן אַז מיטן לויף פֿון דער צײַט אַנטוויקלט זיך דער ישובֿ פֿון דאָס נײַ און ער וואַקסט אַפֿילו אַריבער די פֿריערדיקע פֿאַר־מלחמהדיקע מאַסשטאַבן

און אַט וועגן דעם דאָזיקן ווּוקס און דער נייער פאַרצווייגטקייט אין פאַריזער לעבן דערציילט אונדז י. פינער אין דעם לעצטן באַנד פון זיין ווערק — אָפט מאָל, ווי געזאָגט, מיט קינסטלערישע מיטלען, וואָס רירן און באַווירקן אונדז און גאַנץ אָפט מיט מיטלען פון דער צייטונגס־כראָניק וואָס וואָלטן געדאַרפט אויסגעמיטן ווערן אין אַ ווערק פון אַזאַ אינהאַלט און אַזאַ פאַרנעם.

איבער די דרייסיק יאָר נאָך דער באַפרייונג פון דעם היטלעריסטישן באַצווינגער איז דער ייִדישער ישוב אין פראַנקרייך געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט ווערנדיק צאָלמעסיק נאָך גרעסער ווי ער איז געווען פאַר דער מלחמה. דאָס איז אָבער געשען מיט דער איינוואַנדערונג פון דער נייער ייִדישער כוואַליע וואָס איז געקומען פון אַלזשיר און פון די אַנדערע מאַכמעדאַנישער לענדער וועלכע האָבן זיך צופריער געפונען אונטער דער פראַנצויזישער הערשאַפט. דער ייִדישער ישוב אין פראַנקרייך איז דעריבער טאַקע געוואַקסן. ער האָט זיך שוין אָבער געדאַרפט ראַנגלען כּדי צו דערהאַלטן זיין פריערדיק פּנים. צום גליק האָבן די ייִדישע מנהיגים אין פראַנקרייך געוווּסט ווי אַזוי אין אַ געוויסער מאָס אויסצומידן די ווידעראַנאַנדן וואָס זענען אויסגעוואַקסן אין ישראל צווישן די אשכּנזים און ספרדים און עס איז, מער ווייניק, איינגעשטעלט געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער בורגפרידן צווישן דעם אשכּנזישן און ספרדישן סעקטאָר. אָבער דער אמת איז אַז אָט דער בורגפרידן צווישן די צוויי ייִדישע עדות אין די נאָך־מלחמהדיקע יאָרן אין פאַריז האָט היפּש געקאָסט דעם אשכּנזישן טייל פון ישוב — בעיקר האָט עס זיך אָפּגערופן אויף זיין אַ מאָל ברויזנדיקן קולטור־לעבן אין ייִדיש וואָס איז אין דער זעלביקער צייט אטאַקירט געוואָרן (אויף זייער אַ פרידלעכן און פריינדלעכן אופן) דורך דער רייכער פראַנצויזישער שפּראַך און דורך דער פראַנצויזישע קולטור. דאָס ייִדישע פאַריז נאָך דער מלחמה איז שוין מער נישט דאָס פאַריז פון פאַר דער מלחמה. פינער שרייבט וועגן דעם מיט פאַרשטענדלעכן ווייטיק, אָבער, ווי אַן ערלעכער שילדערער פון דעם לעבן אַרום אים, ווי אַ רעאַליסטישער געשטאַלטיקער פון העלדן און פיגורן וואָס זענען אַקטיוו אין דעם דאָזיקן לעבן שילדערט ער דעם אמת ווי ער איז און זוכט נישט זיך און אַנדערע צו טרייסטן מיטן פעלשן דיווירקלעכקייט.

פון ערשטן באַנד אָן האָט פינער מיט טריישאַפט און פיל וואַרעמקייט געשילדערט די באַציִונגען צווישן די צוויי דורות אין ראַם פון די צוויי משפּחות. עס איז גוט וואָס דער שרייבער מאָלט די סימפּאַטישע געשטאַלטן פון ביידע דורות, דערהויפּט פון יונגן דור, וואָס ווערט דער המשך־טרעגער פון דעם ייִדישן זיין נאָך דעם קאַטאַקליזם, וואָס עס האָט געבראַכט אויף פראַנקרייך בכלל און אויף דעם ייִדישן ישוב אין פראַנקרייך בפרט דער אַרכי־רוצח היטלער, ימח שמו. פינער הייבט אָן דעם דריטן טייל פון זיין ראָמאַן מיט דער מאַמע יוכבד (וואָס איז שוין אַן עלטער־באָבע) און מיט דעם געבורט פון איר אייניקל

און ער גיט אונדז אין ליכט פון דעם דאָזיקן געשעעניש דעם ווידערגעבורט פון ישוב אין פראַנקרייך. אַלץ וואָס געשעט שפּעטער איז ווי אין דער ראַם פון דעם דאָזיקן פאַקטיש, אָבער אויך סימבאָלישן געשעעניש און ס'איז ממש קאָמפּאָזיציאָנעל ביז גאָר געראָטן דער סימבאָלישער סוף פון ראָמאַן וואָס דערציילט אונדז וועגן דעם ווי אַזוי דער אין אָנהייב געבוירענער זון און אייניקל חיים, ווערט איצט אַליין אַ טאַטע און איז גרייט אויף זיך צו נעמען דעם עול פון פאַרזעצן די קייט פון ירושה, די קייט פון קיום, וואָס הגם עס האַנדלט זיך דאָ וועגן יחידים, מיינט עס אָבער אין סך־הכּל די עקזיסטענץ פון כּלל, דער ווייטערגאַנג פון פאָלק.

מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל אונטערגעשטראָכן אַז דאָס ווערק פאַרמאָגט אַ סך פאַרדריסלעכע אומקינסטלערישע מאָמענטן וועלכע הייבן זיך נישט העכער פון דער צייטונגס־כראָניק. פינער איז נישט קיין בעל־לשון. ער איז אַפילו שרייבעריש אַ כּבד־פּה. דאָס זעט זיך באַזונדערס אָן ווען ער נעמט זיך איבערדערציילן וועלכע שרייבערס עס האָבן געוווינט אויף גי פּאַטען, אָדער וועלכע מאָלערס עס זענען געקומען אויף מאָנפּאַרנאַס. דערצו דאַרף ער פאַרענטפערן פאַר וואָס זיין סימפּאַטיע איז אין אָנהייב געווען אויפן צד פון די קאָמוניסטן און פאַר וואָס ער האָט זיך פון זיי שפּעטער דערווייטערט. ער כאַפּט אויך אַרום די גרויסע שטחים פון יידישן לעבן אין דער נאָך־מלחמה צייט און באַגרענעצט זיך נישט בלויז מיט פראַנקרייך, נאָר ברענגט אויך אַריין אין זיין ווערק געשעענישן און ראַנגלענישן פון יידן אין ישראל, אין אַרגענטינע און אַנדערע לענדער. דער פאַרמעסט איז גאַנץ אָפט אַ צו גרויסער און סע סטייעט נישט קייץ כּוח אויסצופילן אַלע זייטלעך מיט קינסטלעריש געמיט.

און דאָך וואָלט געווען אַן עוולה ווען מען זאָל צוליב די שוואַכע זייטן אין זיין ווערק וועלן פאַרלייקענען די גוטע, אַפילו די גאָר גוטע זייטן וועלכע ברענגען אַרויס אַזלעכע טיפּן ווי שאַיע שמאַטע; וועלכע שילדערן אַזעלכע געשטאַלטן ווי דניאל גראַסמאַן, ווי ד״ר זשאַק שטיין, ווי נאָך אַ צענדליק אַנדערע. די אויטענטישקייט פון דער אַטמאָספער, די אמתדיקייט פון די העלדן, די רעאַליסטיש געשילדערטע און איבערדערציילטע געשעענישן פון דער צייט — דאָס אַלץ גיט דעם ווערק אַ באַזונדערע באַדייטונג אַזוי, אַז מען מוז אין סך־הכּל צוגעבן אַז ווער עס וועט זיך וועלן באַקענען מיטן יידישן לעבן אין פראַנקרייך אין אונדזער עפּאָכע — אין דער עפּאָכע וואָס י. פינער באַשרייבט — וועט געפינען אין דעם דאָזיקן ווערק אַ סך אינטערעס. דאָס ווערק „צוויי משפּחות" איז בכן ווערט געלויבט צו ווערן און דאָס נישט בלויז צוליב דעם גרויסן פאַרמעסט, נאָר אויך צוליב די אָנזעעוודיקע דערגרייכונגען וועלכע מען קען נישט און מען דאַרף נישט באַגאַטעליזירן.

1983

# ק. צעטניק און דער אוישוויץ־פּלאַנעט

ק. צעטניק: די שבועה, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אָביב תשמ״ב — 1982.

„ק. צעטניק״ איז דער פּסעוודאָנים פון אַ שרייבער, וואָס האָט אָנגעהויבן שאַפן אין די דרייסיקער יאָרן. ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, און האָט שוין דעמאָלט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט אין די ליטעראַרישע קרייזן. אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָט ער געהערט צו דעם אָרטאָדאָקסישן שרייבערקרייז, וואָס זיינע טאָנגעבערס זענען געווען נטע בערלינער און אליעזר גרשון פרידענזאָן פון לאָדזש.

ק. צעטניק — דער פּסעוודאָנים אַליין דערציילט שוין וועגן דעם כאַראַקטער און דער טעמאַטיק פון זיין שרייבן. און באמת: אין אַלע זיינע ווערק מאָלט ער און באַשרייבט די געטאָס און לאַגערן, ווו די נאַציס האָבן אין שוידער־יסורים און אין הונגערפּיין אומגעבראַכט די גרעסטע צאָל פון די זעקס מיליאָן ייִדן אין אייראָפּע.

כדאַי צו באַמערקן, אַז ק. צעטניקס ביכער זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַ סך שפּראַכן און מען האָט וועגן זיי געשריבן מיט כּפול־שמונהדיקע סופּערלאַטיוון. פון דעסטוועגן איז ער סיי אין דער ייִדישער סיי אין דער העברעיִשער ליטעראַטור עפּעס ווי מן־הצד, און ער פאַרנעמט נישט דאָס אָרט וואָס אים קומט, ווערדליק זיין טאַלאַנט און זיינע ליטעראַרישע דערגרייכונגען.

דער אמת איז, אַז ביי זיין אָן־ספקדיקער באַרימטקייט אין דער נישט־ייִדישער וועלט ווערט ער אין די ייִדישע קרייזן ווינציק דערמאָנט און צו מאָל אויך פאַרשוויגן, ווען עס רעדט זיך וועגן שרייבערס וואָס זייער טעמאַטיק איז דער חורבן.

דער נאָמען פון ק. צעטניק איז איינגעהילט אין אַ שלייער פון סוד. ער אַליין ווייזט זיך ווינציק אין דער עפנטלעכקייט און מע ווייס כּמעט גאָרנישט וועגן זיין לעבן ביז אוישוויץ. מע ווייס אַפילו נישט אויף זיכער, אין וואָסער שפּראַך ער שרייבט — אין עברית צי אין ייִדיש. אייניקע זאָגן, אַז ער שרייבט אין ייִדיש און זעצט זיך אַליין איבער אין עברית און אנדערע האַלטן, אַז ער איז אַ צוויישפּראַכיקער שרייבער. דער ספק און דער סוד אַרום דעם ענין איז גורם דערצו אַז מע זאָל אים „פאַרגעסן״ דאָרט ווו ער האָט בפירוש פאַרדינט געדענקט צו ווערן, ווי למשל ביים אויסטיילן ליטעראַרישע פּרעמיעס,

וואָס עס באַקומען אָפּט אַזעלכע, וואָס דערגרייכן נישט לקרסוליו... (ער האָט נאָך ביז היינט נישט באַקומען די מאַנגער־פּרעמיע).

אין דער חורבן־ליטעראַטור פאַרנעמט ק. צעטניק בלי־ספק אַ וויכטיקע און ביז גאָר אייגן־מיניקע פּאָזיציע. זיינע ווערק זענען אי אויטענטישע דאָקומענטן פון דער גרוילצייט און אי קינסטלערישע געמעלן, וואָס טרייסלען אונדז אויף מיט זייער געשטאַלטיקונגס־קראַפט. פון אָט דעם קוקפּונקט האָט אַ באַזונדערן ווערט זיין בוך דאָס הויז פון די ליאַלקעס, וואָס איז אויך אַרויס אין אַ סך איבערזעצונגען, און מ׳האָט דערוועגן געשריבן אַז דאָס איז דאָס בוך פון יאָרהונדערט.

בעת זיין עדות־זאָגן אויפן אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים, האָט ק. צעטניק גערעדט וועגן דעם אוישוויץ־פּלאַנעט וואָס די נאַציס האָבן געשאַפן אין האַרץ פון מיזרח־אייראָפּע. אוישוויץ איז פאַר אים אַ פּלאַנעט, ווייל עס שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַזונדערע וועלט, אויף וועלכער עס הערשן באַזונדערע געזעצן און באַזונדערע פאַרהעלטענישן. און ער באַמיט זיך טאַקע אין אַלע זיינע ווערק צו אַנטפּלעקן דאָס באַזונדערע פון דעם אוישוויץ־פּלאַנעט און דאָס גרויליקע אין אים.

יאָ, אוישוויץ איז אַ גיהנום, אָבער אַ גיהנום וואָס מיר האָבן זיך ביז איצט נישט פאָרגעשטעלט אַפילו אין אונדזערע קאָשמאַריקסטע חלומות. אַ טעות איז צו פאַרגלייכן אוישוויץ מיט סדום. דאָס איז נישט קיין טויזנטפאַכיק פאַרגרעסערטער סדום. אוישוויץ איז אַ גאַנץ נייע קוואַליטעט פון רישעות־פּאָטענץ, און דאָס גרויליקסטע איז, וואָס אוישוויץ איז אפשר אין אַ באַשטימטן זינען ערשטמאַליק, אָבער בשום־אופן נישט איינמאַליק. און פאַר דעם וואָרנט אונדז ק. צעטניק אין אַלע זיינע ביכער וואָס זענען געהייליקט דעם חורבן פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

ווען ער רעדט וועגן דעם אוישוויץ־פּלאַנעט, רעדט ער נישט בלויז וועגן דעם קאָנקרעטן טויטן־לאַגער אין גרויליקן שאָטן פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס, וואָס שפּייען צו די הימלען דעם רויך פון פאַרברענטע ייִדן. דער אוישוויץ־פּלאַנעט איז דער סימבאָל און סינאָנים פון אַלע מאָרדפאַבריקן וואָס דער נאַציזם האָט פאַרזייט אויף דער אייראָפּעיִשער ערד. בעת ק. צעטניק באַשרייבט די רעאַליטעט און דעם קאָשמאַר פון אוישוויץ, זעען מיר פאַר זיך, לעבן מיר איבער איינצייטיק די רעאַליטעט פון בערגען־בעלזען, מיידאַנעק, טרעבלינקע, בעלזשעץ און זייער גלייכן.

אין זיינע ווערק געפינען מיר אויך די יסורי־מוות פון די ייִדן אין די געטאָס, איידער זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין די פאַרשיידענע אוישוויצעס. באַזונדערש קומט דאָס צום אויסדרוק אין זיינע ביכער **דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ** און **דאָס הויז פון די ליאַלקעס**.

*

אין יִדיש האָבן מיר געהאַט בלויז צוויי פון די פיר ביכער וואָס ק. צעטניק האָט אַרויסגעגעבן אין עברית: **דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ** און **דאָס הויז פון די ליאַלקעס**. איצט איז צוגעקומען אַ דריט בוך — **די שבועה**, וואָס איז כּולל קאַפּיטלעך פון בוך **מען האָט מיך גערופן פּיפּל**, ווי אויך אַ ריי פּאַרצייכענונגען פון מחבר, נאָך דעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרן פון אוישוויץ און איז מיט דער „בריחה" אַוועק קיין ארץ־ישׂראל.

די ווערק פון ק. צעטניק לאָזן זיך כאַראַקטעריזירן דערמיט, וואָס פון איין זייט זענען זיי באַגלייבטע גבית־עדות וועגן די גרויל־מעשׂים וואָס די נאַציס האָבן געטאָן אין די געטאָס און לאַגערן און פון דער צווייטער זייט אַנטפּלעקן זיי אויך דעם פּסיכישן מעכאַניזם סיי פון מערדער סיי פון קרבן. אַוודאי האָבן מיר דאָ נישט צו טאָן מיט קיין ליטעראַרישער פיקציע און מיר ווייסן, אַז דער מחבר האָט דאָ נישט פריי געלאָזט זיין פאַנטאַזיע, נייערט זיך געהאַלטן שטרענג אין דער רעאַליטעט, אין דעם וואָס איז פאַקטיש פאָרגעקומען פאַר זיינע אויגן. פון דעסטוועגן איז דווקא אָט די צווייטע אייגנשאַפט גורם, אַז זיין רעאַליסטישע פאַקטאָגראַפיע זאָל ווערן אמתע קונסט און זאָל אויף אונדז ווירקן ווי אמתע קונסט. פאַראַן אַ סך גבית־עדות וועגן חורבן, ווו מיר הערן דאָס קול פון דערציילער, וועלכער איז דער **אני הגבר**, וואָס האָט אַלץ אַליין איבערגעלעבט. אין ק. צעטניקס חורבן־ביכער הערן מיר נישט בלויז, נאָר מיר זעען אַלץ וואָס דער שרייבער דערציילט, מיר לעבן אַלץ מיט אים איבער, אַריינגעצויגענע און אויפגעשוידערטע פונעם דערציילטן. דאָס איז דער כּוח פון קונסט, וואָס ווירקט אויף אונדז נישט בלויז מיט אירע נאַראַטאַרישע רעלאַציעס, נייערט אויך מיטן כּוח פון אויפלעבן און ווייזן דאָס וואָס דער שרייבער וויל אַז מיר זאָלן זען. ווייסן מיר דאָך פונעם אַלטן כּלל: אין דומה ראיה לשמיעה.

ווען נתן־נטע האַנאָווער האָט אין זיין כראָניק יוון מצולה באַשריבן די שחיטות פון די כמעלניצקי־מערדערס, האָט ער באַמערקט, אַז נישט אַלע מעשׂים זייערע פאַרשרייבט ער, ווייל ער וויל נישט פאַרשעמען דעם מענטשלעכן מין... דער כראָניקער פון היטלערס מערדערייען האָט נישט געקענט פאַרשוויגן די מעשׂים פון די נאַציס, מחמת דאָ איז דער עיקר געגאַנגען אין דערווייזן, אין וואָרענען צו וואָס דער מענטשלעכער מין קען דערגיין. ק. צעטניק האָט אין זיינע ווערק זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו ווייזן דעם מענטש אַזוי ווי ער איז. ווי טיף ער קען אין באַשטימטע באַדינגונגען פאַלן. דאָס איז חל אויפן מערדער און דאָס איז אויך חל אויפן קרבן. ק. צעטניק איז נישט קיין גרויסער אָפּטימיסט וואָס שייך דעם בן־אָדם בכלל, אָבער ער אַנטפּלעקט דעם מענטש אין די שוידער־באַדינגונגען פון טויט און הונגער, אָן אַ סאַדיסטישער שאַדנפרייד. ער אַנטפּלעקט דעם מענטש אין זיין מהות, אָבער ער האָט נישט קיין הנאה פון זיינע מאָראַלישע

דורכפאַלן, ווי דאָס איז איצט אין דער מאָדע ביי אַ סך שרייבערס אין דער וועלט־ליטעראַטור און אויך ביי באַשטימטע יונגע שרייבערס אין ישׂראל.

די חורבן־תּקופה האָט געגעבן דעם ייִדישן שרייבער די מעגלעכקייט אַריינצוקוקן אין דער טיף פון דער מענטשלעכער נשמה און צו דערזען דאָרטן דאָס, וואָס איז ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען פאַרהאָנגען מיט אַ טונקעלן שלייער. דער חורבן מיט זיינע שטענדיקע נסיונות האָט אויפגעדעקט דאָס וואָס איז דעם מענטש געווען פאַרבאָרגן וועגן זיך אַליין. מיר האָבן מיט אַ מאָל דערזען אין זיך און אַרום זיך, וואָס מיר האָבן קיין מאָל נישט חושד געווען אַז עס עקסיסטירט אין אונדז. דאָס דערקלערט פאַר וואָס מיר האָבן אָפט זיך אויפגעפירט לגבי אונדזער אַרום אויף אַזאַ אופן, ווי מיר וואָלטן קיין מאָל נישט געגלייבט אַז מיר זענען פעיִק זיך אויפצופירן.

✶

אפשר נאָך מער ווי דעם נאַצישן מערדער, האָט ק. צעטניק דורכגעלויכטן מיט זיין שרייבערישן דערקענטעניש־ליכט דעם ייִדישן קרבן. ער האָט געזען דעם ייִד אין לאַגער און ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון וועגן דער פאַרוואַנדלונג וואָס אָט דער קרבן האָט דורכגעמאַכט אין די באַדינגונגען פון תּמיד לאָקערנדיקן טויט און תּמיד פּייניקנדיקן הונגער. ער האָט אָבער שטענדיק געוווּסט און געדענקט דעם אונטערשייד צווישן דעם מערדער — דעם דייטשישן נאַצי — און דעם קרבן — דעם געפּייניקטן ייִד. דער ערשטער איז געוואָרן אַ מערדער ווען דליק זיין אייגענער בחירה, בעת דער צווייטער — דער ייִדישער קרבן — איז געפאַלן פון דער מדרגה, אַ געשטויסענער דורך די חייִשע באַדינגונגען וואָס דער נאַציזם האָט געשאַפן.

איז טאַקע אמת, אַז אין ק. צעטניקס אוישוויץ־פּלאַנעט טרעפט מען אַ סך ייִדן וואָס זענען אָפּשטויסנדיק אין זייער מאָראַלישן אַראָפּפאַל, אָבער עס איז אויך אמת, אַז ווייזנדיק אָט די געפאַלענע קאַפּאָס, שטובן־עלטסטע וכדומה, פאַרגעסט דער שרייבער קיין מאָל נישט, און לאָזט אונדז נישט פאַרגעסן, אַז די שולדיקע זענען די דייטשן, וועלכע האָבן געמאַכט פונעם לעבן אַ דזשונגל און פאַרוואַנדלט אין חיות מענטשן, וואָס ווען נישט דער וויסטער נאַצי־דזשונגל אין וועלכן מען האָט זיי אַריינגעטריבן, וואָלטן זיי געווען און געבליבן מענטשן.

ק. צעטניק האָט וועגן זיך געזאָגט, אַז ער איז נישט מער ווי דער כראָניקער פון אוישוויץ־פּלאַנעט און ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז ער האַלט זיך נישט פאַר קיין שרייבער. דער אמת איז אָבער, אַז ער איז דווקא יאָ אַ שרייבער, דווקא יאָ אַ קינסטלער, און מע מוז באַטאָנען, אַז דווקא דאָס קינסטלערישע אין אים מאַכט זיין כראָניק וואָגיקער, ווערטיקער און דויערנדיקער.

דאָס געזאָגטע ווערט בולט באַשטעטיקט דורך דער ערשטער דערציילונג אין בוך די **שבועה**. די דערציילונג הייסט „מאָניש“ און זי באַשרייבט אַ טראַגישן

מאָמענט אין לעבן פון דעם עלף־יאָריקן פּיפּל, וואָס איז שוין געווען דער געליבטער פון אַלע קאַפּאָס און לאַגער־עלטסטע און איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זיין לעצטער פּערווערסער פּלגש־פּאָזיציע דורך די יינגערע פּיפּלס. ער איז אַלט אין גאַנצן עלף יאָר; שטאַמט פון אַ גוטער היים, וווּ ער איז געווען אַ געצערטלט קינד, אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט. נאָך דעם ווי מען האָט אים אין אוישוויץ אָפּגעטיילט פון זיין פאָטער, און יענער איז אַוועק אין גאַזקאַמער און קרעמאַטאָריע, הייבט מאַניש אָן זיין וועג ווי אַ פּיפּל. ער גייט פון האַנט צו האַנט און מע רופט אים „די אַלטע זונה". ביז עס קומט אַ מאָמענט, „ווען ער בלייבט אָן אַ פונקציע" און אָן אָן איבעריקער פּאַרציע ברויט צו שטילן דעם הונגער, וואָס איז אין לאַגער גרעסער און שאַרפער ווי אומעטום.

ק. צעטניק באַשרייבט אַ סצענע, ווי אַזוי די מלאכי חבלה פון לאַגער האָבן גענומען אַ יונגן פּיפּל, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אומחן ביי דעם לאַגער־עלטסטן וועלכן ער האָט געדינט, און יענער האָט אים צווישן „אַ יאָ און אַ ניין" דערשטיקט. זיי האָבן זיין גוף צעשניטן אין קליינע פליישפּאַרציעס און זיי דערנאָך פאַרקויפט די הונגעריקע קאַצעטניקעס פאַר גאָלד און אַנדערע ווערטזאַכן.

ווען ק. צעטניק וואָלט נישט געווען קיין קינסטלער, ווען ער וואָלט נישט געמאָלן דאָס געשעעניש מיט קינסטלערישע מיטלען, וואָלטן מיר קיין מאָל נישט געגלייבט אַז אַזעלכעס האָט געקאָנט געשען. ס'וואָלט אויסגעזען ווי אַ קרענקלעכע פאַנטאַזיע אין מוח פון אַ משוגענעם. דווקא דערפאַר ווייל ער באַניצט אין דער דאָזיקער באַשרייבונג די מיטלען פון הויך קינסטלערישער געשטאַלטיקונג גלייבן מיר אין דעם וואָס ער דערציילט. וואָלט ק. צעטניק געווען בלויז אַ כראָניקער און נישט קיין קינסטלער, וואָלטן מיר אָט די גרוילסצענע נישט געזען פאַר די אויגן און מיר וואָלטן נישט געגלייבט, אַז אַזעלכעס האָט געקאָנט געשען.

אין זיינע ווערק ווייזט ער דעם מענטש אי ווי ער איז און אי וואָס ער קען ווערן, אָדער עס קען פון אים ווערן. דער אוישוויץ־פּלאַנעט איז מחייב דערצו, אַז דער מענטש זאָל אַראָפּפאַלן פון אַלע זיינע מענטשלעכע מדרגות און זאָל אַריינגעשליידערט ווערן אין תהום פון אינסטינקטן, וואָס ווילן נישט וויסן פון קיין שום מענטשלעכע צוריקהאַלטונגען און מאָראַלישע פאַרבאָטן. ס'וואָלט געווען נאַריש נישט צו אָנערקענען דעם דאָזיקן פאַקט און ס'וואָלט געווען פאַלש אים צו פאַרלייקענען. אונדזערע חכמים האָבן געטענהט, אַז אַ מענטש דאַרף שטענדיק האָבן פאַר די אויגן דעם יום־המיתה, און דאָס וועט אים ברענגען דערצו, אַז ער זאָל נישט טאָן קיין עבירות, אַז ער זאָל נישט נאָכגעבן דעם יצר־הרע וועלכער רייצט אים ער זאָל לעבן לויט זיינע אינסטינקטן און פאַדערט ער זאָל זיך נישט רעכענען מיט קיינעם פון זיין אַרומיקער סביבה. אַ פאַקט איז, אַז אונדזערע חכמים, זכרונם לברכה, האָבן נישט געוווּסט, אַז דווקא

דעמאָלט ווען אַ מענטש לעבט אין באַדינגונגען אין וועלכע דער טויט שטייט תמיד פאַר די אויגן, דווקא דעמאָלט פאַרלירט ער דעם מאָראַלישן קאָמפּאַס, דווקא דעמאָלט פאַרלירט עד דעם כּוח פון מאָראַלישן ווידערשטאַנד און ער ווערט פעיִק צו טאָן דאָס ערגסטע, כּדי צו באַפרידיקן זיינע אינסטינקטן, ווער שמועסט נאָך כּדי אויפצוהאַלטן זיין לעבן. דעם דאָזיקן אמת האָט ק. צעטניק דערזען אין דעם אוישוויץ־פּלאַנעט און דעם דאָזיקן אמת האָט ער אַנטפּלעקט אין זיינע ווערק.

*

דאָך האָט ער אין זיין שרייבן קיין מאָל נישט פּאַרווישט די גרענעץ צווישן מערדער און קרבן. פון דעם וואָס ער מאָלט און דערציילט ווערט אונדז קלאָר ווער עס איז שולדיק דערין, וואָס גרויסע מענטשן־מאַסן זענען געפאַלן אין תּהום פון רישעות און חייִשקייט. ער לייקנט טאַקע נישט אַז צווישן די קרבנות זענען געווען געפאַלענע, אָבער דעם גורם פון זייער פאַלן איז געווען דער אוישוויץ־פּלאַנעט און דער וואָס האָט אים געשאַפן — דער דייטש, דער נאַצי, דער היטלעריסט.

פאַראַן אַפילו מאָמענטן, ווען דער שטרענג רעאַליסטישער באַשרייבער פון דעם חורבן דערזעט פּלוצעם אין דער אַרומיקער פינצטערניש פון דזשונגל אַ ליכט, וואָס בליצט אויף מיט הויכער מענטשלעכקייט. אין דער דערציילונג „חיים־ייִדל", באַשרייבט ק. צעטניק אַ ייִד אין אוישוויץ־לאַגער, וואָס וויל זיך ראַטעווען פון זיכערן טויט. אָבער נאָך דעם ווי ער דערגרייכט שוין וואָס ער האָט געוואָלט און ער פועלט שוין אויס ער זאָל טעגלעך קריגן נאָך אַ זופּ, אחוץ דער וואָס ער באַקומט, (דאָס מיינט ער זאָל אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט פאַרגרעסערן זיינע שאַנסן נישט צו שטאַרבן ווי אַ מוזלמאַן פון הונגער), נעמט ער גאָר און שטעלט איין זיין דערגרייכטע פּאָזיציע און זיין לעבן און ער גנבעט אַ טעפעלע זיסן מאַרמעלאַד פאַר דעם שילעוווער רבין, וואָס ליידט פון אַ געפערלעכער הויטקרענק און ווערליק מע שמועסט, קאָן די דאָזיקע קרענק געהיילט ווערן מיט זיסקייט. חיים־ייִדל, וואָס איז אָקערשט קאַפּאַבל געווען צו טאָן כּלערליי אַרבעטן, האָט זיך אויסגעשטעלט אויף חוזק און אויף ווילדן געלעכטער פון די הערשנדיקע קאַפּאָס, ער קאָן נישט גובר זיין אין זיך די מענטשלעכע נקודה וואָס פאָדערט פון אים ער זאָל העלפן דעם שילעוווער רבין, ווען יענער געפינט זיך נאָך אין אַ שווערערן מצב פון אים. חיים־ייִדל גנבעט אַ טעפעלע זיסן מאַרמעלאַד און מע כאַפּט אים ביי דער גנבה. ער מעג דאַנקען גאָט, וואָס מע וואַרפט אים בלויז אַרויס פון דער שיילשטוב און וואָס דורך דעם פאַרלירט ער די פּריווילעגיע צו נאָך אַ זופּ און צו אַ שטיקל רויער קאַרטאָפל, וואָס ער שלינגט איין פון צייט צו צייט, ווען קיינער זעט נישט.

זיין האָפענונג נישט אויסצוגיין ווי אַ מוזלמאַן פאַרשווינדט — און דאָס אַלץ טוט ער ווייל ער וויל העלפן אַ צווייטן ייִד.

אויך דאָס געשעעט אויפן אוישוויץ־פּלאַנעט. מאָניש, דער עלף־יאָריקער פּיפּל, קומט אַליין אום צוליב אַ שטיקל קילעריב. ער, וואָס מוסרט חיים־ייִדלען, הלמאַי ער האָט אין אוישוויץ זיך געפּרוווט פירן ווי אַ מענטש, אַפילו ער טראָגט אויך צו יעדן טאָג טיי דעם שילעוועור רבין, וואָס דערמאָנט אים זיין היים, זיין טאַטע און מאַמע; ק. צעטניק דערציילט, אַז „מאָניש, דער אַלטער העפטלינג אין לאַגער, דער אַלטער קאַצעטניק, האָט זיך פּלוצעם צעוויינט ווי אַן עלף־יאָריק ייִנגעלע".

אין בוך די שבועה זענען אויך פאַראַן עטלעכע פאַרצייכענונגען פון דער צייט ווען די לאַגערניקעס זענען באַפרייט געוואָרן דורך די רוסן אָדער די אַליִירטע. שפּעטער קומען אַ ריי בילדער וועגן דער „בריחה", וואָס פירט אַריבער יונגע ייִדן פון אייראָפּע קיין ישראל. אויך אין די דאָזיקע פאַרצייכענונגען פילט מען, ווי עס ברענט נאָך אין מחברס הארץ דאָס פאַרשלינגנדיקע פייער פון אוישוויץ־מזבח. מע שפּירט אַז דער שרייבער פון די דאָזיקע איבערלעבונגען ווערט נאָך געטראָגן פון טויטנברעג צום ברעג פון לעבן מיט אַ מין סטיכיע, איבער וועלכער ער אַליין קען נישט הערשן און ער קען אויך אַבסאָלוט נישט וויסן וואָהין זי וועט אים פאַרטראָגן. אין די דאָזיקע קאַפּיטלעך איז פאַראַן אַ שליסל, צו דער שרייבערישער מיסטעריע וואָס הייסט ק. צעטניק.

אַן איטאַליענישער קריטיקער האָט וועגן ק. צעטניקס ווערק געשריבן, אַז מע געפינט אין זיי אַן אויסערגעוויינטלעך עקספּרעסיווע שילדערונגס־קראַפט און איינצייטיק אַ טאָטאַלע אַליין־באַהערשונג, ריין פון שוימיקער עקזאַלטאַציע. מע קען אָבער אויך זאָגן פּשוטער: ק. צעטניק דערציילט און מאָלט דאָס לעבן פונעם אוישוויץ־פּלאַנעט מיט אַ דורכויס רעאַליסטישער שפּראַך און רעאַליסטישע געשטאַלטיקונגס־מיטלען. און דאָך באַוויזט ער אונדז אַריינצופירן אין אַ פאַנטאַסטישער וועלט, וואָס שטייגט אַריבער איטלעכן קאָשמאַר. דווקא דערמיט וואָרנט ער פאַר דער גרויסער סכנה פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז געווען און איז דער יסוד, אויף וועלכן מטורפים ווי היטלער ימח שמו האָבן געבויט זייער אוישוויץ־פּלאַנעט, דער פּלאַנעט פון חורבן.

# מ. צאַנינס „דער ירדן פאַלט אַריין אין ים־המלח״

## (די מדינת־ישראל־אַספּעקטן פון אַ היסטאָרישער עפּאָפּעע)

מיט דעם בוך „דער ירדן פאַלט אַריין אין ים־המלח״ האָט מרדכי צאַנין פאַרענדיקט זיין פינף־בענדיקע עפּאָפּעע, וואָס איר כּוללדיקער נאָמען איז „אַרטאַפּאַנוס קומט צוריק אַהיים״. פאַר דעם וואָס האָט נישט געלייענט די פריערדיקע פיר בענד פון דעם דאָזיקן ווערק וועט נויטיק זיין, — זייער בקיצור — אויפצוקלערן וואָס די דאָזיקע עפּאָפּעע שטעלט מיט זיך פאָר, כּדי ער זאָל פאַרשטיין און באַנעמען דאָס וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין דעם לעצטן באַנד וועלכן מיר באַהאַנדלען.

ובכן: די היסטאָרישע עפּאָפּעע „אַרטאַפּאַנוס קומט צוריק אַהיים״ באַשטייט, ווי געזאָגט, פון פינף בענד און פון זיבן טיילן. זי איז אַזוי געבויט אז יעדער טייל איז אַ ראָמאַן פאַר זיך און איז אַ טייל פון דער גאַנצקייט פונעם ווערק. דער ערשטער באַנד „אַרטאַפּאַנוס קומט צוריק אַהיים״ איז געטיילט אין צוויי טיילן. דער ערשטער — „ירושלים״ און דער צווייטער — „רוים״. דער טייל וואָס צאַנין רופט אים „ירושלים״ הייבט זיך אָן מיט אַ קליינעם עפּילאָג וועלכער שילדערט ווי דער מחבר פאַרט מיט זיין אויטאָ אויפן וועג פון תּל־אביב קיין ירושלים. אין אַ געוויסן מאָמענט זעט ער אויפן שאָסיי אַ מענטש וועלכער בעט מען זאָל אים געבן „אַ טרעמפּ״. ער טוט עס און, פון וואָרט צו וואָרט, וויקלט אויף דער „טרעמפּיסט״ פאַרן מחבר זיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן... מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק (אפשר עפּעס מער ווי צוויי טויזנט יאָר) אין ארץ־ישראל און ווערט פאַרענדיקט איצט, נאָך דעם ווי דער דערציילער האָט זיך אומגעקערט אין מדינת ישראל פון דער וואַנדערונג איבער די גלותן פון דער ייִדישער געשיכטע. דער דערציילער איז, ווי מיר פאַרשטייען, אַרטאַפּאַנוס, וועלכן דער מחבר שילדערט ווי אַ רעאַלן העלד, אָבער גלייכצייטיק אויך ווי אַ סימבאָלישע פיגור, וואָס מיט זיין אריכת ימים פאַרקערפּערט ער מיט זיך דעם עם־עולם, דעם אייביקן ייִדישן וואַנדערער, וואָס אין ענדלעך צוריקגעקומען אין זיין אייגן לאַנד אַריין, פון וואַנען מען האָט אים פאַרטריבן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

אין דעם ערשטן טייל פון ווערק „אַרטאַפּאַנוס קומט צוריק אַהיים״ דערציילט

אונדז דער מחבר (אייגנטלעך דערציילט עס דער הויפּטהעלד) ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו אַז ער זאָל פאַרטריבן ווערן פון ארץ־ישראל און עס זאָל זיך אָנהייבן זיין וואַנדערונג פון גלות צו גלות. אין דעם לעצטן באַנד „דער ירדן פאַלט אַריין אין ים־המלח" שילדערט דער מחבר דאָס צוריקקערן זיך אין דער אייגענער מדינה און די איבערלעבונגען וואָס זענען מיט דעם דאָזיקן אומקער פאַרבונדן. אין צווישן געפינען זיך די טיילן וועלכע שילדערן די גלותן אין רוים, אין גאַליע, אין דייטשלאַנד, אין פּוילן אין דער צייט פון ועד ארבע ארצות, און אויך אין פּוילן בעת עס האָט זיך דאָרט צעבליט די חסידישע באַוועגונג. דער מחבר שילדערט אויף ברייטע לייוונטן דאָס יִדישע לעבן אין יענע ערטער און אין יענע צייטן און ער ווייזט אונדז ווי אַזוי ארטאַפּאַנוס האָט כּסדר געמוזט בויען נייע היימען און וואַנדערן אין נייע לענדער, ווייל אומעטום האָט די לויערנדיקער שינאת־ישראל אַ תּל געמאַכט פון זיין מי און אַ סוף געמאַכט צו זיין עקזיסטענץ־מעגלעכקייט. נאָך דעם לעצטן חורבן וואָס עס האָט געבראַכט אויף דעם יִדישן פאָלק היטלער הרשע, ימח שמו, האָט אַרטאַפּאַנוס זיך אומגעקערט קיין ישראל, מאַכנדיק דערמיט אַ סוף צו זיין צוויי־טויזנט יעריקן גלות.

ס'איז אָן שום ספק אַז אַלע פינף בענדער באַלייכטן אונדז זייער אינטערע־סאַנטע קאַפּיטלען פון דער יִדישער גלות־געשיכטע. אַוודאי איז פאַראַן אַ פאָדעם וואָס בינדט צונויף די באַזונדערע קאַפּיטלען פון יִדישן גלות אין איין גאַנצקייט. אָבער גאָר שטאַרק פילט זיך דער דאָזיקער צונויפבינדנדיקער פאָדעם אין דעם ערשטן טייל „ירושלים" און אין דעם לעצטן באַנד „דער ירדן פאַלט אַריין אין ים המלח". אין די דאָזיקע ביידע ווערק האָבן מיר פאַר זיך איין פּראָבלעם און דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון יִדישער שטאַטלעכקייט, אָדער — אויב מיר וועלן עס באַצייכענען פּשוטער — דאָס פּראָבלעם פון פעיִקייט צו זיין אַ פאָלק אין אַן אייגן לאַנד, צו זיין פאַראייניקט נישט דורך דער דרויסנדיקער בייטש, נאָר דורך אַן אינערלעכער דיסציפּלין און אַזוי ווייטער און ווייטער.

ווייזט זיך אַרויס אַז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז געשטאַנען פאַר אונדז אויך מיט צוויי יאָרטויזנטער פריער, בעת מיר זענען נאָך געווען אין אייגענעם לאַנד. די געשיכטע דערציילט אונדז — און צאַנין ווייזט אונדז דאָס אויף אַן איבער־צייגנדיקן אופן — ווי אַזוי מיר האָבן אַליין אונטערגעגראָבן אונדזער מלוכהשע זעלבשטענדיקייט מיט די כּסדרדיקע מאַכטקאַמפן צווישן זיך און מיט דער אומפשרהדיקייט וואָס האָט באַהערשט די פאַרשידענע צווישן זיך קעמפנדיקע לאַגערן אין אונדזער געזעלשאַפט. די שינאת־אחים, די אומטאָלעראַנץ פון איין מחנה צו דער צווייטער האָט געברענגט דערצו אַז מיר זאָלן, אין אַ פאַר־העלטנישמעסיק קורצער צייט, נאָך דעם וווּנדערלעכן חשמונאים־זיג, דערגיין צו דעם, אַז רוים זאָל ווערן דער אַפּוטרופּוס איבער דער יִדישער מדינה און

דערמיט מאַכן דעם ערשטן שריט צום שפּעטערדיקן באַהערשן זי. ס׳איז שווער צו זאָגן צי רוים וואָלט אין אַן אַנדער קאָנסטעלאַציע פון געשעענישן נישט געווען געקומען קיין ירושלים, כּדי זי אונטערטעניק מאַכן, ווי זי האָט באַזיגט און אונטערטעניק געמאַכט אַ האַלבע וועלט (פון יענע צייטן). עס איז אָבער נישט פאַראַן קיין ספק, אַז ווען אונדזער פאָלקסנאַטור און פאָלקס־כאַראַקטער וואָלט געווען אַן אַנדערער, וואָלטן מיר אפשר אויסגעמיטן דעם גורל פון גלות און מיר וואָלטן געווען געבליבן אין אונדזער לאַנד, איבערלעבנדיק די ממשלה פון רוים, ווי אַנדערע פעלקער אין דעם ראַיאָן (דאָ איז אָבער נישט זיכער צי אין אַזאַ פאַל וואָלטן מיר נישט אונטערגעגאַנגען, פּונקט ווי עס זענען אונטערגעגאַנגען אַ סך אַנדערע פעלקער אין דעם מיטעלן מזרח, וואָס זענען יאָ געבליבן אויף די ערטער).

בכל אופן ווערט אונדז קלאָר, אַז אין אונדזער פאָלקס־גורל איז אין אַ גרויסער מאָס שולדיק אונדזער פאָלקס־כאַראַקטער מיט אַלע זיינע אַספּעקטן. מרים אַפּאַלינאַ, די אדומערן פרעגט אַרטאַפּאַנוסן.

„זאָג מיר, וואָס פאַראַ פאָלק זענען עס די יהודייער וואָס קענען נישט געניסן ווען זיי איז גוט? ווען זיי איז גוט, שלאָגן זיי זיך צווישן זיך עס זאָל זיין שלעכט. און ווען עס באַפאַלט זיי אַן אויסערלעכער שונא ווערן זיי אַ פעלדז און גייען צוזאַמען אָפּשלאָגן דעם שונא, ווי זיי וואָלטן געווען אייפערזיכטיק אויף דעם וואָס אַ פרעמדער פאַרגינט זיי נישט זיי זאָלן זיך שלאָגן צווישן זיך. איך קען שוין אַזוי לאַנג די יהודייער און איך פאַרשטיי זיי נישט״.

דאָס סאַמע וויכטיקסטע ביים לייענען די צוויי ביכער — דעם ערשטן און דעם לעצטן באַנד פון דער עפּאָפּעע „אַרטאַפּאַנוס קומט צוריק אַהיים״ — איז דער פאַקט וואָס כאָטש צווישן ערשטן און דעם צווייטן באַנד איז אַ מרחק פון צוויי טויזנט יאָר, ווערן מיר דאָך ממש איבערגעראַשט פון דער ענלעכקייט צווישן זיי און פון דער ענלעכקייט פון די פּראָבלעמען וועלכע כאַראַקטעריזירן זיי. עס האָט זיך פיל געביטן אויף דער וועלט פון דעמאָלט ביז היינט אין יעדן געאָגראַפישן שטח, אָבער אין דעם דאָזיקן פאַדער־אַזיאַטישן ווינקל איז עפּעס אַלץ געבליבן אַזוי ווי געווען און אין תּוך גענומען שטייען מיר דאָ ווייטער פאַר די דאָזיקע געפאַרן פאַר וועלכע עס זענען געשטאַנען אונדזערע עלטער־זיידעס ביים בית־ראשון און בית־שני.

וואָס צאַנין וויל אונטערשטרייכן מיט אַ באַזונדערער באַטאָנונג איז דאָס, אַז די סכּנות, וואָס האָבן אויף אונדז געלויערט אַ מאָל, לויערן אויך אויף אונדז ביים היינטיקן טאָג. מיר דאַרפן קענען די דאָזיקע געפאַרן און מיר דאַרפן זיך פאַר זיי היטן. די געפאַרן לעבן אָבער נישט תּמיד מחוץ אונדז, נייערט אין אונדז, אין אונדזער כאַראַקטער, אין אונדזער לעבנס־פירונג, אין אונדזערע

נעגאַטיווע אייגנשאַפטן וואָס האָבן אַ מאָל אונדז דערפירט צו פאַטאַלע רעזולטאַטן און זענען עלול אויך ווייטער צו ברענגען אויף אונדז ביטערע פאַלגן.

ווי אין דעם ערשטן טייל „ירושלים" (פונעם ערשטן באַנד „אַרטאַפּאַנוס קומט צוריק אַהיים") גיט אונדז צאַנין אויך אין דעם סיום־ראָמאַן פון זיין עפּאָפּעע „דער ירדן פאַלט אַריין אין ים־המלח", אַ בילד פון דער געזעלשאַפט וואָס דאָמינירט אין דעם לעבן פון מדינת ישראל. מיר זעען דאָ די מאָראַלישע ירידה פון דעם אַמאָליקן אידעאַליסט; מיר זענען עדות פון דער פּוסטקייט וואָס האָט באַהערשט די יורשים פון די קרבנות־גרייטע קעמפער פאַר דער פאַר־ווירקלעכונג פון ציוניסטישן אידעאַל. מיר פרעגן זיך מיט פאַרוווּנדערונג ווי אַזוי איז עס געשען אַז אין איין דור, אָדער אין צוויי דורות, זאָלן פאַרשווינדן אַלע אידעאַלן; זאָלן מעגלעך זיין אַזעלכע ירידה־כוואַליעס אין גלות אַריין פון מענטשן וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן באַוואָסערט יעדן אויסגעלייזטן שפּאַן ערד מיט זייער שווייס און טרערן און האָבן יעדן נייעם אויפגעבויטן יידישן ישוב פאַרטיידיקט מיט זייער בלוט און לייב? ווי אַזוי איז עס געקומען דערצו אַז די אייניקלעך פון די ציוניסטיש־אידעאַליסטישע בני ענק זאָלן אַזוי פאַלן און גרייט זיין אויף אַלץ כּדי צו דערגרייכן אַ ביסל ווילשטאַנד, אַ ביסל מער מסופּקדיקן כּבוד דורך אַ פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט?

אויך אין דעם בוך „רעקוויעם פאַר נאמן" פון דעם שרייבער בנימין תּמוז, ווי אויך אין די ביכער פון אַנדערע העברעיִשע שרייבערס, האָבן מיר דאָס דאָזיקע בילד פון מאָראַלישן באַרג־אַראָפּ, אָבער דאָרט האָבן מיר בלויז דאָס קאָנסטאַטירן די פאַקטן. ביי צאַנינען דערקענען, איז פאַראַן נישט בלויז דאָס שפּיגלבילד פון דער ווירקלעכקייט, נייערט אויך די ווייטיקלעכע וואָרענונג קעגן דער דאָזיקער ווירקלעכקייט. צאַנין ווייזט אונדז אי דעם היינט און אי דעם נעכטן. עס איז ווי ער וואָלט געזאָגט: אויב דאָס וועט זיין דער אינהאַלט פון אייער לעבן, טאָ זעט וואָס ער דערוואַרט אייך. באַנייט נישט די פעלערן וואָס אונדזערע עלטערן זענען באַגאַנגען אין די צייטן פון בית־שני, כּדי מיר זאָלן, חלילה, נישט געפרוווט ווערן מיט דעם ענלעכן גורל אין בית־שלישי.

די אַנטשטייונג פון דער מדינה און איר דרייסיק־יאָריקע עקזיסטענץ האָט, ליידער, נישט פאַרענטפערט פיל פראַגן וואָס מיר האָבן געמיינט אַז זיי וועלן פאַרענטפערט ווערן. פאַרקערט, די עקזיסטענץ פון דער מדינה, איר געראַנגל פאַרן אויפהאַלט, האָט אונדז געבראַכט אַ ריי פּראָבלעמען, וואָס זענען פריער נישט געווען אין יידישן לעבן. אַרטאַפּאַנוסעס זון, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון היטלעריסטישן פייער אין אַ קלויסטער, פאַרשטייט נישט צוליב וואָס מיר נעמען אויף זיך די פּיין פון דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ ווי אַ פאָלק וואָס איז אַרומגערינגלט מיט שונאים. אָבער זיין פאָטער אַרטאַפּאַנוס, וואָס איז דער סימבאָל פונעם אייביקן ייִד, ווייסט אַז דאָס איז נישט קיין פראַגע פון ווילן,

נאָר פון גורל. ער ווייסט אַז מען קען נישט ווערן אויס־ייִד, מיר קענען נישט ווערן אויס־פאָלק. און וויבאַלד אַזוי, איז אונדזער פאַרבינדונג מיטן לאַנד אַן אייביקע און מיר מוזן זי אַקצעפּטירן באהבה רבה, שטרעבנדיק דערצו אַז מיר זאָלן דערגרייכן די צייט ווען אונדזער רעכט אויף דעם לעבן אין אַן אייגענער מלוכה זאָל דורך אַלעמען אָנערקענט ווערן ווי אַ פאַקט וואָס קיין שום מזימות פון שונאים וועלן נישט קענען ענדערן.

דאָס איז דער זין פון דעם שווערן און בלוטיקן געראַנגל וואָס מיר פירן פאַר דער מדינה. אָבער דאָ שטרייכט צאַנין אונטער מיט דער גאַנצער בולטקייט: אונדזער קאַמף האָט שאַנסן צו ברענגען אונדז גוטע רעזולטאַטן נאָר דעמאָלט ווען מיר אַליין וועלן אין זיך באַקעמפן די אַלע נעגאַטיווע כאַראַקטער־שטריכן, וועלכע מען האָט נישט באַקעמפט ביז איצט און וועלכע האָבן שוין מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק געפירט צו אונדזער מפּלה.

— „ישראל וועט אויסגעלייזט ווערן דורך גערעכטיקייט" — דאָס איז דער מאָראַליש־אידעיִשער מוסר־השכּל פון מרדכי צאַנינס ארץ־ישראל־ראָמאַן „דער ירדן פאַלט אַריין אין ים־המלח". מיט דעם ראָמאַן ווערט אָפּגעשלאָסן די היסטאָרישע עפּאָפּעע „אַרטאַפּאַנוס קומט צוריק אַהיים" וואָס איז אַ וויכטיק ווערק אי פון קינסטלערישן, אי פון אידעיִשן שטאַנדפּונקט.

אין צווישן האָט מ. צאַנין אָנגעשריבן נאָך אַ באַנד פון דער דאָזיקער עפּאָפּעע וועלכע מיר האָבן געהאַלטן פאַר פאַרענדיקט. אין דעם דאָזיקן באַנד, וואָס זיין נאָמען איז „דער גזר־דין", קערט זיך דער מחבר צוריק צו דער צווייטער וועלט־מלחמה און צו דעם חורבן פון די ייִדן אין מזרח־אייראָפּע — קאָנקרעט, צו דעם וואַרשעווער געטאָ און צו דעם דאָרטיקן אויפשטאַנד.

# ישראל קאַפּלאַן: געשליידער

ישראל קאַפּלאַנס בוך דערציילונגען און פֿאַרצייכענונגען א״נ „געשליידער״ איז דערשינען אין פֿאַרלאַג „אילת״, תּל־אביב, 1970. דער מחבר האָט ביז דעם דאָזיקן בוך שוין אַרויסגעגעבן דריי פֿריִערדיקע ביכער: 1) „אין דער טאָגטעגלעכער היסטאָרישער אַרבעט״, מינכען, 1947, 2) „דאָס פֿאַלקסמויל אין נאַצי־קלעם״, מינכען, 1949, 3) „שליאַך און אומוועג״, תּל־אביב 1964. ער האָט אויך רעדאַקטירט די זאַמלהעפֿטן „פֿון לעצטן חורבן״, אַ צייטשריפֿט פֿאַר געשיכטע פֿון ייִדישן לעבן בעתן נאַצי־רעזשים, דערשינען אין מינכען פֿון 1946 ביז 1948.

ישראל קאַפּלאַן איז אַ קאָוונער ייִדישער לערער וואָס האָט דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום פֿון היטלעריסטישן פּיין. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער, ווי אַ געראַטעוועטעד פֿון גרויסן פֿייער, געווען אַקטיוו אין דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און קולטורעלן לעבן פֿון דער שארית־הפּליטה, וועלכע האָט זיך געפֿונען אין די לאַגערן אויף דער דייטשער ערד. ווי ס׳איז צו זען האָט ער זיך דער עיקר באַשעפֿטיקט מיט דער היסטאָרישער דאָקומענטאַציע פֿונעם חורבן און האָט אויף דעם געביט אָנגעהויבן זיין שרייבערישע טעטיקייט. ווי אַ בעלעטריסט באַווייזט ער זיך ערשט אין זיין בוך „שליאַך און אומוועג״ וווּ עס ווערט גלייך ניכּר זיין טאַלאַנט ווי אַ פּראָזאאיקער וואָס פֿאַרמאָגט אַן אייגענעם אופֿן פֿון ווייזן אונדז מענטשן און געשטאַלטן אין דעם פּלאָנטער פֿון גורלדיקע און גרויליקע סיטואַציעס. דאָס בוך איז געשריבן מיט אַזאַ טיפֿן ליטוויש־ייִדישן רייד־שפּראַכיקן מאַניר, מיט אַזעלכע ספּעציפֿישע לשון־ווענדונגען און אויסדרוקן, אַז שוין צוליב דעם אַליין פֿאַרנעמט ער אַ באַזונדערע פּאָזיציע אין אונדזער פּראָזע־ליטעראַטור נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דעם קורצן אַריינפֿיר צום בוך „געשליידער״ זאָגט דער מחבר:

„אין ראַם פֿון דעם בוך האָט זיך געבעטן אַריינגעמען אויף זאַכן וואָס זייגען געשריבן געוואָרן אין דער ערשטער צייט ווי דער מחבר איז אַרויס פֿון נאַצי־קלעם, נאָך יאָרן געשליידער פֿון לאַנד צו לאַנד דורך געטאָס, קאַצעטן און טויטן־מאַרש. לאָזט זיך נאָר דעם לייענער אַרויפֿנעמען אויפֿן זינען אַ שטימונג אַ דעמאָלטיקע ביי די לעבנגעבליבענע — וועט ער געוויס קוקן דורך אַ באַזונדער פּריזמע אויף די יענע בלעטער פֿון בוך״.

וואָס מיר פאַרשטייען פון דעם דאָזיקן אַריינפיר איז בלויז דאָס, אַז געוויסע זאַכן וואָס גייען אַריין אין דעם דאָזיקן בוך דאַרפן באַטראַכט ווערן דורך אַ ספּעציעלער צייט־פּריזמע און דאָס איז געוויס ריכטיק. אָבער אָט די צייט־פּריזמע איז אונדז לחלוטין נישט נייטיק ווען מיר לייענען די דערציילונגען פון דער ערשטער אָפּטיילונג וואָס שילדערן אַ באַזונדער ווינקל פון דעם נייעם ישראל־שטייגער און דאָס איז דאָס ווינקל פון די רעליגיעזע ייִדן וועלכע זיינען אין ישראל ממשיך דאָס פריִערדיקע אמונה־לעבן אויף אַ נייעם אופן און אין גאַנץ נייע באַדינגונגען.

אין די דערציילונגען פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג באַווייזט דער מחבר, אַז ער האָט אַ באַזונדערן חוש פאַר דער וועלט פון די פרומע. און הגם ער באַמיט זיך די דאָזיקע וועלט מיט אירע מענטשן נישט צו אידעאַליזירן, שילדערט ער זיין דאָך מיט אַ סך וואַרעמקייט און דערביי מיט אַ סך אָבסערוואַציע־דורכדרינגלעכקייט. אויף דעם דאָזיקן באָדן פון רעליגיעזן שטייגער־לעבן געלינגט אים אונדז צו ווייזן געשטאַלטן מיט זייערע גורלות, וועלכע ווערן אונדז נאָענט, ווי למשל אפרים זרח פון דער שיינער דערציילונג „שקר והבל״.

אויך אין אַ ריי אַנדערע דערציילונגען און פאַרצייכענונגען וואָס זייער טעמע איז דער מלחמה־גרויל און די פּיין־איבערלעבונגען אונטער דער נאַצי־הערשאַפט, דערשיינט ישראל קאַפּלאַן ווי אַ שרייבער וואָס זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן נייטיקן זיך נישט אין קיין שום מאָטיוואַציעס, ווייל זיי לעבן און ווירקן מיט זייער אייגענעם קינסטלערישן כּוח. אַזאַ איז די דערציילונג „האַנאַראַד״ און אַנדערע וואָס זייער אויטענטישקייט מינערט נישט זייער קינסטלערישקייט. אַדרבא, די „וואָר״ פון אָט די דערציילונגען, די אמתדיקייט פון די פאַקטן און די אויטענטישקייט פון די העלדן וואָס טראָגן זיי גורלדיק אויס אויף זייערע ייִדישע אַקסל (דער שרייבער מיכאל בורשטין, דער פּאַרטיזאַנער־העלד חיים יעלין און נאָך אַנדערע) מאַכט זיי נאָך ווירקנדיקער און קריצט זיי נאָך מער איין אין אונדזער זכּרון און אין אונדזער געמיט.

פאַראַן אָבער אויך אין בוך אַ ריי פאַרצייכענונגען און אַרטיקלען וואָס אויף זיי ליגט שוין דער באַגרענעצטער שטעמפּל פון דער צייט. דאָס זיינען מאמרים געשריבענע אין די דייטשע פּליטים־לאַגערן, וועגן ענינים וואָס זיינען דאָרט געווען אַקטועל. געוויס זיינען אויך אָט די אַרבעטן אין דער בחינה פון היסטאָרישע דאָקומענטן, אָבער פאַרגלייכן זיך אין זייער וויכטיקייט, באַזונדערס אין זייער ליטעראַריש־קינסטלערישער וויכטיקייט צו די דערציילונגען „שער האריות״, „שקר והבל״, אָדער „אַ ספר אָן גרייזן״ (אַ וווּנדערלעך שיינע דערציילונג מיט אַ טיפן נאָכקלאַנג) קענען זיי נישט און איך ווייס נישט צי דער מחבר האָט זיי אַלעמען געדאַרפט צונויפפאָרן אין דער געזעלשאַפט פון איין בוך.

דאָרט ווו ישראל קאַפּלאַן איז בלויז דערציילער האָט ער באמת וואָס צו געבן אונדזער פּראָזע, סיי מיט זיין אייגנאַרטיק ליטוויש לשון, סיי מיט זיינע סוזשעטן וואָס ליגן עטוואָס מן הצד פון דעם שילדערונגס-שליאַך אין אונדזער ליטעראַטור. דערמיט וויל איך זאָגן, אַז פון ישראל קאַפּלאַנען קענען מיר נאָך פיל דערוואַרטן, כאָטש דער אמת איז אַז מיט זיין בוך „שליאַך און אומוועג" און מיט זיינע עטלעכע דערציילונגען אין דעם בוך „געשליידער" האָט ער אונדז שוין אויך פיל געגעבן...

# אברהם קאַרפּינאָוויטש און זיינע דערציילונגען

ווילנע האָט געהאַט — און ווילנע האָט — אַ ספּעציעלן דאָברע־מזל אין דער ייִדישער ליטעראַטור. מען האָט אין דער ייִדישער ליטעראַטור אויך באַשריבן וואַרשע, לאָדזש, לובלין און אַנדערע שטעט אין פּוילן. אָבער אַזוי ווי מען האָט באַשריבן ווילנע, אַזוי ווי מען האָט באַזונגען ווילנע, האָט מען נישט באַשריבן און נישט באַזונגען קיין שום אַנדער שטאָט. ווילנע איז פאַר אירע איינוווינערס און פאַר אירע שרייבערס געווען אַן אמתע עיר ואם — אַ שטאָט און אַ מאַמע און ווי אין אַ מאַמע האָבן די ווילנער אין איר געזען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע אויף דער וועלט.

ס׳איז באַוווסט אַז אין ייִדישן טעאַטער און אין ייִדישן פאָלקלאָר האָט מען געזונגען לידער וועגן פאַרשידענע שטעט. מען האָט געזונגען אַ ליד וועגן סלוצק, וועגן אָדעס, וועגן פּאָטשעיעוו, וועגן בעלז, וועגן באַראַנאָוויטש, וועגן ביאַליסטאָק און וועגן נאָך און נאָך. אָבער די ווילנער האָבן נישט בלויז געזונגען לידער וועגן זייער שטאָט. זיי האָבן געזונגען אַ הימן צו זייער שטאָט. יאָ, ווילנע איז, דאַכט זיך, די איינציקע ייִדישע שטאָט וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם הימן וועלכער הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „ווילנע, ווילנע אונדזער היימשטאָט״ און וויפל מאָל איך האָב אויף ווילנער פאַרזאַמלונגען געהערט זינגען דאָס דאָזיקע ליד האָב איך פאַרשטאַנען פאַר וואָס ייִדן האָבן ווילנע גערופן „ירושלים ד׳ליטא״.

ווי מיר האָבן פריער געזאָגט זענען אויך וואַרשע, לאָדזש, קראָקע און אַנדערע שטעט באַשריבן געוואָרן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ווען מען רעדט וועגן דער באַשרייבונג פון ייִדישן לעבן אין וואַרשע, ווי קען מען נישט דערמאָנען שלום אַשן, יצחק באַשעוויסן, אפרים קאַגאַנאָווסקין, יחיאל האָפערן, יהושע פערלען און אַנדערע? ווידער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן לאָדזש ווי קען מען נישט געדענקען י. י. זינגערס „די ברידער אשכנזי״, ז. סעגאַלאָוויטשעס „דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן״, ישראל ראַבאָנס „באַלוט״, ישעיה שפּיגלס געטאָ־דערציילונגען, אָדער חוה ראָזענפאַרבס געטאָ־עפּאָפּעע? פאַרט קומט דאָס אַלץ נישט צו ווילנע און צו דעם פּלאַץ וואָס די דאָזיקע שטאָט פאַרנעמט אין ייִדיש־ליטעראַרישן שאַפן. דאָ גייט אָבער נישט בלויז אין דער קוואַנטיטעט, ס׳הייסט: אין דער צאָל ווערק

וואָס זייער טעמאַטיק איז געשעפּט פון דעם ייִדישן לעבן אין דער דאָזיקער שטאָט, נאָר עס גייט אין דער קוואַליטעט, דאָס מיינט: אין דעם וואָס די דאָזיקע ווערק ברענגען אַרויס און וואָס זיי פאַרפיקסירן אין אונדזער זכרון. לאָמיר זיך דאָ נישט שלעכט פאַרשטיין! אויך וואַרשע, לאָדזש, קראָקע, לובלין און אַנדערע שטעט און שטעטלעך זענען דורך ייִדישע שרייבערס באַשריבן געוואָרן, טייל מאָל אַפילו באַזונגען געוואָרן, סיי אין פּאָזיטיוון זין, אָבער נאָך מער און אָפטער אין נעגאַטיוון זין. אַנדערש איז עס אָבער מיט ווילנע. ווילנע האָט מען נישט בלויז באַשריבן, נישט בלויז באַזונגען. דער שטאָט ווילנע, איר לעבנס-שטייגער, אירע ייִדישע געשטאַלטן, איר ספּעציפישקייט האָבן די ווילנער ייִדישע שרייבערס געבויט אַ דענקמאָל לעדי־עד. דאָס האָט געטאָן דער גרויסער משה קולבאַק וועלכער האָט אין ווילנע געזען אַ תהילים „אויסגעלייגט פון שטיין און אייזן". דאָס האָבן שפּעטער געטאָן אלחנן וואָגלער און לייזער וואָלף עליהם השלום און דאָס האָט אויך געטאָן חיים גראַדע ז"ל, ויבדל לחיים ארוכים טוט עס אויך אברהם סוצקעווער, און מיט פיל הצלחה גייט אויך דעם זעלביקן וועג דער שרייבער אברהם קאַרפּינאָוויטש אין זיינע ביכער „ביים ווילנער דורכהויף" און „אויף ווילנער גאַסן".*

אָבער איידער מיר נעמען רעדן וועגן קאַרפּינאָוויטשן און וועגן דעם קינסטלערישן דענקמאָל וואָס ער בויט מיט זיינע דערציילונגען פאַר אַ באַזונדערן, טשעקאַוועז אָפּשניט פון ייִדישן לעבן אין ווילנע, לאָמיר מאַכן נאָך איין באַמערקונג וועגן דער שטאָט ווילנע און איר ייִדיש לעבן. אני עבדכם בין אַ לאָדזשער און בין געננג „פּאַטריאָטיש" געשטימט וואָס נוגע דער דאָזיקער גרויער פאַררויכערטער שטאָט וועלכע איז געווען „די שטאָט פון מיין פרילינג". פון דעסטוועגן, ווען איר זאָלט וועלן עפּעס זאָגן וועגן אַ נוסח לאָדזש אין לעבנס-געוועב פון פּוילישן ייִדנטום, וואָלט עס מיר אויסגעזען נישט ריכטיק און איבערגעטריבן. דאָס זעלביקע אויך וואָס נוגע וואַרשע. אַוודאי האָט די וואַרשעווער ייִדישקייט געהאַט אירע ספּעציפישע קענצייכנס און דאָס אייגענע אויך די ייִדישקייט פון לאָדזש. אָבער אַן אייגענעם נוסח? ניין, אַן אייגענעם נוסח האָט פאַרמאָגט בלויז איין ייִדישע שטאָט אין פּוילן און דאָס איז געווען ווילנע — ווילנע די היימשטאָט פון ווילנער גאון, די שטאָט פון משה אהרן גינצבורג, די שטאָט פון אייזיק מאיר דיק, פון הירש לעקערט, פון מאָטקע חבד, פון יונג־ווילנע און פון ייִוואָ. די שטאָט פון אַ ריי גרויסע ייִדישע שרייבערס, קינסטלערס און וויסנשאַפטלערס, וועלכע האָבן דעם דאָזיקן באַזונדערן נוסח געשאַפן און אים אויך פאַראייביקט.

* אברהם קאַרפּינאָוויטש: אויף ווילנער גאַסן. פאַרלאַג: די גאָלדענע קייט. שער־בלאַט: יאָסל בערגנער. תּל־אביב 1981.

איינער פון די זייער טאַלאַנטירטע שרייבערס וואָס פאַראייביקט אַ ביז־גאָר אינטערעסאַנטן און שטאַרק פּיטאָרעסקן פּייזאַזש פון ווילנער יידישן לעבן איז, ווי געזאָגט, אברהם קאַרפּינאָוויטש.

עס פרעגט זיך איצט די פראַגע: וואָס איז דאָס באַזונדערע אין דער ווילנער יידישער לעבנס־לאַנדשאַפט וואָס קאַרפּינאָוויטש פאַראייביקט אין זיינע דערציילונגען און פאַר וואָס וויל ער אַז מיר זאָלן אָט די באַזונדערקייט חלילה נישט פאַרגעסן?

אין שייכות מיט דער דאָזיקער פראַגע זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערציילן אַז ווען איך בין מיט יאָרן צוריק געקומען פון פּאַריז קיין אַרגענטינע, האָט אַ מיטאַרבעטער פון אַ שטאַרק פאַרשפּרייטער שפּאַנישער צייטונג געמאַכט מיט מיר אַן אונטערוויו און צווישן אַנדערן האָט ער מיך געפרעגט צי איך קען דעפינירן דאָס ספּעציפישע, דאָס כאַראַקטעריסטישע מיט וועלכן די שטאָט פּאַריז אונטערשיידט זיך פון אַלע אַנדערע שטעט אין דער וועלט? ס׳איז געווען נישט קיין גרינגע פראַגע, אָבער איך האָב געגעבן אַן ענטפער וואָס האָט, ברוך השם, אויסגענומען. איך האָב געזאָגט אַז אַלע אנדערע שטעט אין דער וועלט האָבן קוואַרטאַלן און געגנטן וועלכע זענען רייך און שיין און זיי האָבן אויך אַנדערע קוואַרטאַלן וועלכע זענען אָרעם און מיאוס. פּאַריז איז אָבער די איינציקע שטאָט אין דער וועלט וואָס דווקא אירע מיאוסע, אָרעמע און אַלטע קוואַרטאַלן שטעלן מיט זיך פאָר איר שיינקייט, איר ספּעציפישקייט, איר כאַראַקטעריסטישקייט, מסתמא דערפאַר ווייל אין אָט די אַלטע מיאוסע קוואַרטאַלן, אין אָט דעם פּלאָנטער פון די אַלטע געסעלעך איז געמאַכט געוואָרן די געשיכטע פון פּאַריז, די געשיכטע פון איר קולטור און די געשיכטע פון איר אויפשטייג צו דעם נאָמען „די שטאָט פון ליכט".

אַז איר ווילט, איז דאָס דער ענטפער אויף דער פראַגע וואָס מיר האָבן פריער געפרעגט. קאַרפּינאָוויטש פאַראייביקט אין זיינע דערציילונגען נישט די ווילנער שיינע, רייכע גאַסן מיט זייערע לומדים, נגידים און אנשי־שם, נאָר דווקא די אָרעמע מיאוסע געסלעך פון דעם ווילנער יידישן עמך. ער פאַראייביקט די דאָזיקע געסלעך וואָס זענען באַפעלקערט מיט יוצא־דופנדיקע טיפּן, מיט פאַרשוינען פון דער האַלבוועלט און אַפילו פון דער אונטערוועלט, אָבער דווקא דאָ, אין אָט די אָרעמע גאַסן און געסלעך, ווייזט ער אונדז די מענטשלעכקייט, די שיינקייט, די מאָראַל־פאַרוואָרצלטקייט פון די אַמאָליקע ווילנער יידן. אנדערע יידישע שרייבערס ווייזן אונדז די רבנים פון ווילנע, די קלויזן פון ווילנע, די אינסטיטוציעס פון ווילנע, קאַרפּינאָוויטש מאָלט פאַר אונדז נישט די אויבערשטע ווילנע, נאָר דווקא די אונטערשטע ווילנע, אָבער טאַקע דאָ זעען מיר די ספּעציפישקייט פון דער דאָזיקער יידישער שטאָט, טאַקע דאָ זעען מיר ווי דאָס פאַרוואָרצלטע יידישע לעבן פון ווילנע של מעלה שטראַלט אויס אירע עטישע

ווערטן און מאָראַלישע באַציִונגען בין אדם לחברו, אויף די אָרעמע גאַסן פון ווילנע של מטה.

בולט און קינסטלעריש ברענגט עס קאַרפּינאָוויטש אַרויס אין איינער פון זיינע ערשטע ווילנער דערציילונגען מיטן נאָמען „נישט פאַר ווילנע". אין דער דאָזיקער דערציילונג (פון אַ פריערדיקן בוך) וויל אַן אונטערוועלט־מענטש וואָס איז געקומען פון אַמעריקע אָפּטאָן אין ווילנע אַ טריפה שטיקל אַרבעט וואָס איז נאָך דאָ ביז איצט נישט געטאָן געוואָרן. דהיינו? ער קידנעפּט אַ קינד און ער וויל דערפאַר אויסקויפגעלט. די זאַך פאַלט אָבער דורך און די פאַרכאַפּערס פון קינד מוזן עס פריילאָזן. פאַרוואָס? ווייל דאָס דאָזיקע פאַרברעכן איז נישט פאַר ווילנע. ווילנע קען נאָך פאַרטראַגן אַ גנבה; ווילנע קען אויך מוחל זיין אַנדערע עבירות קעגן דעם שלי — שלי ושלך — שלך. אָבער אַ פאַרברעכן אין וועלכן דער קרבן דאַרף זיין אַן אומשולדיק קינד? — ניין, דאָס איז נישט פאַר ווילנע. אויך די ווילנער אונטערוועלט באַשטייט פון ייִדן און ווי ייִדן האָבן זיי מאָראַלישע גרענעצן וואָס אַפילו זיי — די אונטערוועלט־לייט — וועלן נישט אַריבערגיין. אָט דאָס איז ווילנע, די ייִדישע ווילנע. עס איז פאַראַן אַ זאָג: זע, רבונו של עולם, ווער עס זענען דייגע ייִדן. אַפילו די ערגסטע צווישן זיי זענען פול מיט מצוות און מעשים טובים ווי אַ מילגרוים מיט קערלעך. דער דאָזיקער זאָג איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר די דערציילונגען פון אברהם קאַרפּינאָוויטש וועלכער ווייזט אונדז די אָרעמסטע און געמיינסטע פון דער ווילנער ייִדישקייט און דאָך זעען מיר וויפל מענטשלעכע שיינקייט, וויפל ירושהדיקע מאָראַל און וויפל פאַרוואָרצלטע טראַדיציע עס שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם דאָזיקן לעבן, אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון די ייִדן וואָס געהערן צו ווילנע של מטה.

ס'קען זיין אַז עמעצער וועט אפשר האָבן טענות צו קאַרפּינאָוויטשן הלמאי עד ווייזט אונדז אין זיין קינסטלערישן שפּיגל פון ווילנע נאָר די עקזאָטישע טיפּן פון דער ייִדישער אָרעמקייט, די טשוּדאַקעס און משונהדיקע בריות פון יענער סביבה. אָבער דערויף קען מען ענטפערן אַז אויף וויפל מיר ווייסן דאָס דער אויסנאַם באַשטעטיקט דעם כּלל, אויף אַזוי פיל קען מען אויך זאָגן אַז דווקא דורך די אויסטערלישע טיפּן און געשטאַלטן וואָס קאַרפּינאָוויטש מאָלט פאַר אונדז, דערזען מיר, דערקענען מיר די נאַרמאַליטעט פון יענעם לעבן. דאָס אומגעוויינטלעכע שטרייכט תּמיד אונטער זייער בולט דאָס געוויינטלעכע. חוץ־לזה איז דאָך קלאָר אַז אָט די עקזאָטישע טיפּן זענען געווען אַ טייל פון ייִדישן לעבן אין ווילנע, טאָ ווי אַזוי קען מען זיי אויסמיידן, ווען מען וויל שטעלן אַ דענקמאָל דער דאָזיקער ייִדישער שטאָט וואָס איז געווען און איז שוין לײַדער מער נישט פאַראַן?

צווישן די היינטצייטיקע ייִדישע שרייבערס וואָס שטעלן אַ קינסטלערישן

מאָנומענט דער אַמאָליקער ייִדישער ווילנע האָט אברהם קאַרפּינאָוויטש זיין באַזונדערן לעבנס־אָפּשניט וועלכן ער מאָלט און צייכנט מיט זיינע מכשירים און מיט זיין טאַלאַנט. פאַר אונדז, זיינע לייענערס און די געניסערס פון זיין קונסט, איז אָבער זיכער אַז ווען אין דעם דאָזיקן דענקמאָל וואָלטן געפעלט די אויסטערלישע טיפּן, די אויסטערלישע סביבה וואָס קאַרפּינאָוויטש פאַראייביקט אין זיינע דערציילונגען, וואָלט דער דאָזיקער דענקמאָל נישט געווען גאַנץ, וואָלטן אין דעם דאָזיקן בילד געפעלט אַ סך פאַרבן וועלכע האָבן געמוזט פאַרפיקסירט ווערן אויב מיר ווילן דערהאַלטן אין אונדזער זכרון דאָס ייִדישע לעבן אין ווילנע מיט איר באַזונדערקייט און מיט איר אייגנאַרטיקייט.

די גרויסע, אפשר די גרעסטע מעלה פון קאַרפּינאָוויטשעס פּראָזע באַשטייט אין דעם וואָס בעת איר לייענט זיינע דערציילונגען פאַרגעסט איר אַז ער שילדערט אַ לעבן וואָס איז אַ מאָל געווען; אַז ער ווייזט אונדז טיפּן און געשטאַלטן וואָס זענען שוין מער נישטאָ. ניין, איר האָט דעם איינדרוק אַז די אַלע עקזאָטישע פאַרשוינען מיט וועלכע זיינע דערציילונגען זענען באַפעלקערט, לעבן צווישן אונדז און מיר קומען מיט זיי נאָך אַלץ אין טאָג־טעגלעכן באַריר. דאָס איז דער כּוח פון דער קונסט! ווייל אין דער קונסט עקזיסטירט נישט דאָס פאַרגאַנגענע אויף אַזאַ אופן אַז עס זאָל נישט האָבן קיין שייכות מיט אונדזער היינט. לייענען מיר טאַקע ביי קאַרפּינאָוויטשן די פּרעכטיקע דערציילונג „שנייקע דער פידלער" און מיר ווערן גערירט פון דעם טראַגישן גורל פון די דאָזיקע קינסטלערישע נשמות וואָס זענען נישט דערגאַנגען צו זייער באַשטימונג. מיר לייענען די דערציילונג „שיבעלעס לאָטעריע־צעטל" און מיר זעען ווי דער פּאַטום, אָדער די באַשערטקייט מאַכט חוזק פון מענטש און אַפילו ווען זי איז אים מזכּה מיטן גליק פון אַ געווונענעם לאָטעריעצעטל, וואָס וואָלט געקענט ענדערן דעם גאַנג פון זיין אָרעם לעבן, קומט דער צופאַל און באַרויבט אים פון דעם גליק פון וועלכן עס געניסט נישט — נישט דער גנב און אַוודאי נישט דער באַגנבעטער. אין אַזאַ דערציילונג ווי „די גזרה" זעען מיר ווי עס צעשפּילט זיך ביי דעם פּראָסטן שילדן־מאָלער דער קינסטלערישער פונק וועלכער גליט אין אים און ער ענדערט זיין לעבן, דערהייבנדיק אים צום שענערן און צום בעסערן. אַגב, דאָס זוכן די דאָזיקע דערהייבונג האָבן מיר אויך אין דער דערציילונג „בניאָמקע דער פילאָזאָף" און דער עיקר אין דער דערציילונג — אפשר די בעסטע אין בוך — „די רויטע פאָן". אין יעדער איינציקער פון די דאָזיקע דערציילונגען האָט איר פאַר זיך בולטע געשטאַלטן און פּראָטאָטיפּן וואָס רופן אַרויס נישט בלויז אינטערעס נייערט אויך מיטגעפיל. איר ווערט באַווירקט פון זייער גורל אין לעבן און איר זעט אין זיי נישט קיין געשטאַלטן וואָס זענען געווען און זענען שוין מער נישטאָ. איר זעט אין זיי מענטשן וואָס זענען פאַראַן אין יעדער געזעלשאַפט, אין יעדער סביבה און אין יעדער צייט

כ'זאָג נאָך אַ מאָל: דאָס איז דער כּוח פֿון דער קונסט. דאָס איז דער כּוח פֿון טאַלאַנט.

פֿאַראַן נאָך צוויי מאָמענטן אין קאַרפּינאָוויטשעס דערציילונגען וואָס אויב מען וועט זיי נישט באַרירן וועט מען גאָרנישט האָבן געזאָגט וועגן זיין שאַפֿן. די דאָזיקע צוויי מאָמענטן זענען זיין שפּראַך און זיין הומאָר. וועגן זיין ליטווישן לשון און ליטווישן הומאָר וואָלט מען געקענט אָנשרייבן אַ באַזונדערע שטודיע. דערווייל וועט גענוג זיין צו זאָגן אַז ווילנע האָט געגעבן דער ייִדישער ליטעראַטור אַ היפּשע צאָל שפּראַכמייסטערס און קאַרפּינאָוויטש געהערט צו די וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די ספּעציפֿישקייט פֿון ווילנער לשון־קאָלאָריט. זיין לשון פֿאַרמאָגט נישט בלויז אַן אייגענע מוזיקאַלישקייט, נאָר אויך אַן אייגענע אַרכיטעקטור און אַן אייגענע פֿאַרבן־פּאַלעטרע. וואָס שייך זיין עטוואָס טרוקענעם ליטווישן הומאָר איז זייער כאַראַקטעריסטיש וואָס ער רופֿט זיך איבער מיט דעם לאַקאָנישן הומאָר פֿון די ענגלענדער, פּונקט ווי זיינע טיפּן פֿון אונטערשטן ווילנע רופֿן זיך איבער מיט די יוצא־דופֿנדיקע טיפּן וואָס עס שילדערט דער אַמעריקאַנער שרייבער דיימאָן ראַניאָן — אַ שרייבער פֿון וועלכן קאַרפּינאָוויטש איז נישט באַאיינפֿלוסט געוואָרן, אָבער פֿון וועלכן ער האָט אַ סך געלערנט.

אַ באַזונדערן חן אין קאַרפּינאָוויטשעס דערציילונגען שטעלט מיט זיך פֿאָר זיין אַריינפֿירן אַלס אַקטיווע העלדן פֿון דער אַקציע אויטענטישע פּאַרשוינען פֿון דער אויבערשטער ייִדישיסטישער ווילנע. אַזוי למשל טרעפֿן מיר אין די דערציילונגען באַקאַנטע שרייבערס, באַקאַנטע אַקטיאָרן, געזעלשאַפֿטלעכע טוערס, ייִוואָ־לייט און אַזוי ווייטער און ווייטער. פֿון דעסטוועגן נידערט קאַרפּינאָוויטש קיין מאָל נישט אַראָפּ צו דער מדרגה פֿון רעפּאָרטאַזש און ער האַלט זיינע דערציילונגען כּסדר אויף אַ קינסטלערישער הייך.

אברהם קאַרפּינאָוויטש שרייבט דערציילונגען נישט בלויז וועגן ווילנע. נאָר אויך וועגן ישראל, וועגן די מלחמות וואָס עס קומט אויס צו פֿירן אונדזער לאַנד פֿאַר זיין עקזיסטענץ, וועגן די נייע עולים און וועגן זייער איינוואָרצלונג אין דער היגער סביבה, וועגן די רייבונגען צווישן די עדות און אַזוי ווייטער און ווייטער. מען מוז מודה זיין אַז אין אַלץ וואָס קאַרפּינאָוויטש שרייבט קומט צום אויסדרוק זיין דערציילערישער טאַלאַנט. עס קען זיין אַ בעסערע דערציילונג אָדער אַ שוואַכערע דערציילונג, אָבער יעדע דערציילונג זאָגט עדות אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ ראַסיקן פּראָזאַיקער וואָס ווייס וואָס ער וויל און וויס אויך און קען אויך די קינסטלערישע מיטלען צו דערגרייכן דאָס געוואָלטע. פֿאַרט מוז מען אונטערשטרייכן אַז אין קיין שום אַנדערע טעמע דערגרייכט קאַרפּינאָוויטש נישט די דאָזיקע קוואַליטעט וואָס ער דערגרייכט אין זיינע ווילנער דערציילונגען. זיין בוך „אויף ווילנער גאַסן" איז נישט בלויז אַ גוט בוך, עס איז מער ווי דאָס.

עס איז אַ קינסטלערישער דאָקומענט פון אַ לעבן און פון אַ צייט וואָס מיר זענען מחויב צו געדענקען און וועלכע מיר זענען מחויב צו לערנען.

„אויף ווילנער גאַסן״ פון אברהם קאַרפּינאָוויטש איז אַ בוך צו לייענען און צו לערנען. כרעסטאָמאַטיעס און אַנטאָלאָגיעס קענען דערפון שעפּן פולע הויפנס. נאָך עפּעס: קיינער וועט נישט זאָגן אויף זיין פּראָזע אַז זי איז אַלט און נישט מאָדערן. קיינער וועט אויך נישט זאָגן אַז זי איז היפּער־מאָדערניסטיש. זי איז — פּראָסט־פּשוט — גוט און וואָס דאַרף מען נאָך מער ?

1981

## לייבל קופערשמיד: „מיט אָפּגעבריטע פינגער"

לידער. פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1975.

לייבל קופערשמיד האָט אָנגעקלאַפּט אין דעם היכל פון דער יידישער פּאָעזיע מיט אַ שטילן באַשיידענעם קלאַפּ פון איינעם וואָס איז נישט זיכער צי די טויערן וועלן זיך פאַר אים עפענען. אָבער אַז ער איז אַריין אינעווייניק, האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן אַלע באַלד מסכּים געווען אַז ער איז ראוי צו פאַרנעמען אַן אָרט צווישן די פּאָעטן, וואָס זייער עכטקייט געפינט זיך מחוץ יעדן ספק און זיין אָריגינעלקייט לאָזט זיך פון קיינעם נישט באַשטרייטן.

עטוואָס שווער און אומגעהובלט, ווי ער אַליין, זענען געווען די פערזן וואָס ער האָט געבראַכט אין זיין ביכעלע „ציטער־פייערלעך" וואָס איז דערשינען אין לאָדזש אין יאָר 1938. דאָס ביכעלע גופא איז געווען קליין, אויסערלעך אָרעם און ס'האָט אויסגעזען אַזוי באַשיידן און אָפּגעלאָזט, אַז קיינעם האָט נישט געקענט איינפאַלן דער געדאַנק, דאָס אין דעם דאָזיקן גרויען העפטל וואַרט אויף דעם פּאָעזיע־לייענער אַן איבערלעבונג וואָס נאָר עכטע און אָריגינעלע ליריק איז זי בכּוח אַרויסצורופן; דערצו נאָך אַן איבערלעבונג וואָס צוליב איר איז דער גוטער פּאָעזיע־געניסער גרייט דעם דיכטער מוחל זיין אַ ריי פאָרמאַלע עבירות וואָס ער וואָלט זיי אַן אַנדערן דיכטער, אָן דער דאָזיקער אייגנקייט און אָן דער דאָזיקער עכטקייט, נישט מוחל געווען.

איך וועל נישט זאָגן, אַז לייבל קופערשמידס אָנקום אין דער יידישער פּאָעזיע איז אויפגענומען געוואָרן מיט פּויקן און טאַצן. דער אמת איז. אַז ער איז ביזן היינטיקן טאָג געבליבן פאַרן ברייטערן יידישן לייענער אַן אומבאַקאַנטער נאָמען. אָבער וואָס שייך דער פּאָעטישער סביבה, וואָס שייך די אַזוי גערופענע מענטשן פון „צעך", מוז צו זייער לויב געזאָגט ווערן אַז זיי האָבן זיך אויף זיין טאַלאַנט גלייך דערקענט און זיי האָבן זיינע מעלות גלייך אָפּגעשאַצט.

און ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר קופערשמידן, דעם דיכטער, ביזן היינטיקן טאָג: ער איז דער פּאָעט פון די פּאָעטן און דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אויף דער קוואַליטעט פון זיין טאַלאַנט און אויף די ווערטן פון זיין ליד זענען די בעסטע מבינים דווקא די וואָס זענען אַליין עוסק אין דער מאַגיע פון וואָרט

און ווייסן צום בעסטן ווען און ווו זייער חבר, דער דיכטער, בלענדט און בליצט מיט בילדער און אויסדרוקן וועלכע זענען „געצויגן פון אַרבל" און אויך ווען און ווו ער רייסט אַרויס פון זיך אַ שורה וואָס טריפט נאָך מיטן וואַרעמען בלוט פון זיין אינגעווייד; אַ שורה וואָס האָט, לויט דער דעפיניציע פון וואָלט וויטמאַן, „געריפט און געצייטיקט אין זיין האַרץ' ווי אַ רויז און האָט געשטאָכן זיין לייב ווי אַ דאָרן".

לייבל קופערשמיד איז דער דיכטער פון שורות וואָס קומען פון דער סאָמע טיפעניש פון האַרץ, פון שורות וואָס אַנטפּלעקן פּאַר אונדז וויזיעס וועלכע האָבן געפייניקט זיין נשמה, פון שורות וואָס מען קאָן זיי נישט אויסטראַכטן אויב מען האָט זיי נישט אַליין איבערגעלעבט, אָדער בעסער געזאָגט: וואָס מען לעבט נישט מיט זיי מיט אַלע פיבערן פון באַוווסטזיין.

אין דער מוזיקאַלישער וועלט גייט אָן אַ דיסקוסיע וועגן דעם וואָס ס'איז וויכטיקער: האָבן אַ קול, אָדער קענען זינגען? דער אמת איז, אַז קענען זינגען, באַזיצן שטימבילדונג און אינטערפּרעטאַציע־פעיקייט איז אַ גרויסער ענין, אָבער נאָך אַ גרעסערער ענין איז דאָס האָבן אַ קול וואָס זאָל דעם זינגער איינקריצן אין דעם הערערס זכרון. וואָרעם זינגען קאָן מען זיך מער־ווייניקער אויסלערנען, אָבער האָבן אַ שטים וואָס זאָל דיך אויסטיילן צום גוטן פון אַלע אַנדערע זינגערס, דאָס איז אַ גאָטצאָך, מיט דעם מוז מען געבוירן ווערן.

אין דער קינסטלערישער וועלט רופֿאַ מען עס: אָרגאַנישער טאַלאַנט.

לייבל קופערשמיד איז אַן אָרגאַנישער טאַלאַנט. זיין פּאָעזיע איז אַ רויע רודע, אָבער פון דער רויקייט שיינט צו אייך אָפט מאָל אַרויס אַן אומגעשליפענער עכטער דימענט; פון דעם שוואַרצן שטיינקויל פינקלט צו אייך אַרויס דער איידלשטיין וואָס צוליב אים איז די רודימענטאַרע מאַסע אויפגעהויבן געוואָרן פון איר בראשיתדיקן געלעגער אין שויס פון דער מאַמע ערד.

אמת איז, אַז כדי איר זאָלט קענען הנאה האָבן פון דעם שיינענדיקן איידלשטיין מוזט איר זיך אָפט אַליין מטריח זיין און אים אַרויסשיילן פון דער איבעריקער מאַסע וואָס האַלט אים אין איר קלעם און דאָס קענען טאָן נאָר פּאָעטן, אָדער גאָר ראַפינירטע לייענערס.

און דערפאַר זאָג איך, אַז לייבל קופערשמיד איז דער פּאָעט וואָס אויף אים פאַרשטייען זיך בעיקר נאָר פּאָעטן, אָדער לייענערס מיט אַ ראַפינירטן אויסגעאיידלטן חוש פאַר פּאָעזיע.

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, איז דער עיקר ביים זינגער די אייגנאַרטיקייט פון קול, דער עיקר ביים מאָלער די אָריגינעלקייט פון זיין פענדזלשריפט און דער עיקר ביים דיכטער די עכטקייט פון דעם געפיל און דער וויזיע וואָס ער ברענגט אַרויס מיט זיין וואָרט.

די עכטקייט זאָגט עדות אויף דער אויטענטישקייט פון זיין טאַלאַנט און

טאַלאַנט דאָס איז די ברכה פון גאָט וואָס זי באַקומט מען נישט אין קיין שום שולע און אין קיין שום אוניווערסיטעט.

לייבל קופערשמיד איז געבענטשט מיט דער דאָזיקער ברכה און זי האָט ער מאַניפעסטירט באַלד מיט זיין ערשטן ביכעלע לידער, וואָס איז דערשינען פאַרן מבול און ער מאַניפעסטירט זי אין די שאַפונגען וואָס זענען דערשינען נאָכן מבול, דערהויפט אין זיין איצט דערשינענעם בוך „מיט אָפגעבריטע פינגער".

ביי אַן אַנדערן פּאָעט וואָס האָט שוין הינטער זיך אַזאַ שרייבערישן סטאַזש וואָלטן מיר אפשר געפרוווט מאַכן חשבונות מכּוח די מיילן, וואָס ער איז אָפּגעגאַנגען במשך דער צייט אויפן וועג פון זיין שעפערישער אַנטוויקלונג. אַן אַנדערן פּאָעט וואָלטן מיר אפשר אויך געפרוווט אַוועקשטעלן אין די ראַמען פון דיכטערישער גראַדאַציע. ביי קופערשמידן לייגן מיר אַוועק אין אַ זייט די אַלע חשבונות און מיר פּרוּוון גאָרנישט נעמען אין האַנט די ליטעראַטור־קריטישע אַרשין. אים נעמען מיר אויף אַזוי ווי ער איז, מיט זיין פּאָעטישן סולת וואָס ער האָט מחמת טעכנישער אומבאַהאָלפנקייט אָפטמאָל נישט באַוויזן אָפּצורייניקן פון זיין רעטאָרישן פּסולת.

כ'האָב פריער געזאָגט אַז לייבל קופערשמיד איז אַן אָרגאַנישער טאַלאַנט, ווי יעדער אָרגאַנישער טאַלאַנט איז ער באַגרענעצט אין זיין אינספּיראַציע, און מחמת דעם איז ער, ווי דער זינגפויגל אויפן בוים, אויך באַגרענעצט אין זיין מעלאָדיק און אין די מאָדולאַציע־מעגלעכקייטן פון זיין קול.

זיין בוך לידער „מיט אָפגעבריטע פינגער" באַשטייט כּמעט פון איין גרויס קלאָגליד אויפן חורבן פון דער ייִדנוועלט אין פּוילן.

כּסדר און כּסדר קומט ער צוריק צו דעם זעלביקן מאָטיוו: צו די פאַרברענטע ייִנגלעך אין די נאַצישע קרעמאַטאָריעס, צו די געקוילעטע טאַטע־מאַמע אין זיין היימשטעטל, צום דעם חרובן שטעטל גופא, ווו אליהו הנביא וויל אויף זיין אופן באַגיין זעלבסטמאָרד דערפאַר וואָס ער האָט זיינע ייִדן, ביי וועלכע ער האָט געזופט דעם וויין פון פּסחדיקע כּוסות, נישט געקענט באַשירעמען און באַשיצן. אַפילו ווען ער זינגט וועגן אַ בלימעלע וואָס איר חלום איז בליען, דערמאָנט ער זיך באַלד די מערדערס וואָס האָבן פאַרשניטן אונדזערע ייִדישע חלומות.

אַז דאָס איז נישט קיין נייע טעמע, פאַרשפּאָר איך צו זאָגן, וואָרעם וועלכער ייִדישער דיכטער האָט נישט געטונקען זיין פּען אין דעם דאָזיקן גרויל און האָט נישט אַראָפּגעיאָמערט פונעם האַרץ דאָס דאָזיקע געוויין?

פון דעסטוועגן, כאָטש די טעמע איז אַן אַלבאַקאַנטע, מאַכן די לידער־קינות פון קופערשמידן אַ שטאַרקן איינדרוק און זיי רודערן אויף דאָס געמיט. די פאַקטן וואָס האָבן דעם דיכטער אינספּירירט זענען טאַקע באַקאַנט, אָבער

די בילדער דורך וועלכע ער ברענגט אַרויס זיין ווײ אָטעמען מיט דער ערשטמאָליקייט פון דער שוידער־איבערלעבונג. איינס פון די שטאַרקסטע לידער אינעם בוך איז דאָס ליד „פאַרברענטע ייִנגלעך לערנען שיעור" און דער רושם וואָס דאָס ליד מאַכט נעמט זיך פון דעם וואָס דער דיכטער זעט און מאַכט אונדז זען דעם קאָשמאַר פון אַ וועלט וואָס איז נישטאָ מער און לעבט דאָך אין אונדזער זכרון צוזאַמען מיט דעם חורבן; עפּעס ווי די אַמאָליקע און די איצטיקע צייט וואָלט זיך צוזאַמענגעמישט און דערפאַר זעט דער דיכטער:

„דינע רויך־קרייזן צעשויבערטע, רונדע פייערלעך —
יונגע בני תורה מיט פלאַקערדיקע פּאַהלעך —
זיי שאָקלען זיך דביקותדיק אין נאַכט־חושך, פאַרטיפטע,
די לומדימלעך, די קליינע פון מיין שטעטלשער ,מסיבתא'".

דאָס ליד איז אָנגעהויבן רעאַליסטיש, אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט עס זיך אין אַ קאָשמאַר־וויזיע. מיר דערזעען ווי צווישן די וויל־באַקאַנטע, אָפענע גמרא־קעפּלעך, וואָס דער נאַצי־מערדער האָט זיי צעשמעטערט אין האַרטע שטיינקאַנטן, באַווייזט זיך די געשטאַלט פון דעם שוועסטערל, ברײַנדעלע, וועלכע גיט זיי אַלעמען צו טרינקען אירע טרערן פון אַ שיסעלע, און —

„איין ברודערל טראָגט צו דאָס שיסעלע צו די ליפּן, רויט־צעפּיבערט,
דער צווייטער בעט זיך: לאָז מיר אויך אַ ביסל איבער.
בריינדעלע שטילט צאַרט זיי איין: וואָס־זשע דאַרף מען שרייען?
וועל איך וויינען נאָך אַ ביסל, וועט פאַר אַלע סטייען".

דאָס ליד פאַרענדיקט קופּערשמיד מיט אַן אויפרודערנדיקן סימבאָלישן אויסקלאַנג:

„ווי, מיר זענען ווידערשיינען פון אַ ווייטן בלאָען חלום".

קופּערשמידס קינות אויפן חורבן בית־פּוילן זענען אָנגעגליט מיט דעם פייער פון פאַרצערנדיקן פּיין. זיינע בילדער פון דעם קאָשמאַרישן, אין דימיון צוריק אויפגעלעבטן אַמאָל זענען אָנגעזאַפּט מיט עלעגישע רעמיניסצענצן פון שטייגער־בילדער וואָס דורך זיי גייט אויף די היים איידער זי איז חרוב געוואָרן. ער ברענגט אַרויס זיין ווייטיק אַזוי אוממיטלדיק אַז עס פאַרלירט זיך די גרענעץ צווישן דער קעגנוואַרט און דער פאַרגאַנגענהייט און דערפאַר גלויבן מיר אים ווען ער דערציילט אַז —

„פאַרנאַכט, ווען ביימער שעפּטשען ,יזכור' מיט בלעטלעך שטיל,
נאָכן טאָגליכט — זייער זוניקע אבידה,
קומט דער בלענדעווער רבי, ר' שלום מאיר יחיאל,
קיין ביאַלע פּשוט, צו זיין געהרגעטער עדה".

נישט נאָר דער בלענדעווער רבי, נאָר מיר אַלע, וואָס לייענען זיינע לידער גייען צוריק אין געמיט און אין געפיל צו דער דערהרגעטער עדה פון אונדזערע געוועזענע ביאַלע פשוטס אין דעם איצט שוין ייִדן־ריינעם פּוילן.

אין דער אָפּטיילונג „דאָס פידעלע" זענען פאַראַן לידער וואָס האָבן נישט קיין שייכות צו דער חורבן־טעמע: דאָס זענען אַלעגאָריעס, מעדיטאַציעס, שטימונגען און זכרונות. קופערשמיד האָט אַ נייגונג צו רעזאָנירן. אויך אין די דאָזיקע לידער פינקלען שורות וואָס קריצן זיך איין אין געמיט מיט אַן אָריגינעלן מעטאַפאָר, מיט אַ שאַרפן זאָג, מיט אַן אייגן דערזען בילד און אַפילו מיט אַ דינער איראָניע. דער אמת איז אָבער אַז די דאָזיקע אַלע לידער געפינען זיך אין שאָטן פון זיינע חורבן־קינות און חורבן־וויזיעס און דערפאַר דאַכט זיך אונדז אויס, אַז זיין אמתע דיכטערישע סטיכיע ליגט נישט אויפן שטח פון דער אינטעלעקטואַליטעט, נאָר אויפן שטח פון דער עמאָציע, וואָרעם נאָר דאָרט ווו דאָס עמאָציאָנעלע גליט אָן מיט אַ ווייסן פיין־פייער די בילדער און די קלאָג־ניגונים, דאָרט דערגרייכט ער צו דער דאָזיקער עכטקייט און אָריגינעלקייט וואָס זענען די שמשון־לאָקן פון זיין דיכטערישן טאַלאַנט.

קופערשמידס בוך לידער הייסט „מיט אָפּגעבריטע פינגער". מיר דאַכט אָבער אַז אַ ריכטיקערער נאָמען פון בוך וואָלט געווען „מיט אָפּגעבריטע ליפּן", ווייל דאָס זענען לידער, וואָס זענען נישט געשריבן געוואָרן, נאָר זענען אויס־געזונגען און אויסגעקלאָגט געוואָרן דורך אַ פּאָעט וועמען דער ייִדישער גורל האָט צוגעלייגט צום מויל די פייערדיקע קויל פון אַן איבערלעבונג וואָס האָט נישט קיין גלייכן, נישט אין דער ייִדישער און נישט אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

# די דערציילונגען פון מנוחה ראַם

מנוחה ראַם: שטיינער, ח״י דערציילונגען. פאַרלאַג: „ישראל־בוך״ תל־אביב, תשמ״א — 1981 — פאָרטרעט: א. סטימאַצקי, הילע און אָפּטייל־אותיות — א. קאָלניק

איינע פון די בעסטע דערציילונגען אינעם בוך „שטיינער״ פון מנוחה ראַם איז די דערציילונג „זשאַווער״, וועלכע וויקלט פאַר אונדז אויף די געשיכטע פון אַ מענטשלעך לעבן, שילדערנדיק בלויז עטלעכע פון די גורלדיקע ווענדונגען אין דער דאָזיקער געשיכטע.

...נאָך ווי גאָר אַ יונג מיידל באַקענט מאַריאַשע דעם ישיבה־בחור מאָטל און סע הויבט זיך אָן וועבן צווישן זיי אַ זיידענער ראָמאַנטישער פאָדעם וועלכן ביידע זענען נאָך — צוליב זייער יונגשאַפט און צוליב דעם מאָראַלישן שטייגער פון זייער קליינשטעטלדיקער סביבה — נישט בכוח צו אידענטיפיצירן און ווער שמועסט נאָך צו אַנטפּלעקן פאַרן אַרום.

עס גייען אַוועק עטלעכע יאָר. מאָטל איז שוין אויס ישיבה־בחור. ער איז פון שטעטל אַוועק אין דער גרויסער שטאָט. ער געהערט שוין צו אַ סאָציאַליס־טישער פאַרטיי און קומט אין שליחות פון דער פאַרטיי אין דעם שטעטל וווּ ער האָט אַ מאָל געלערנט אין ישיבה און וווּ עס געפינט זיך מאַריאַשע. ביי דער דאָזיקער באַגעגעניש און אויך ביי אַ שפּעטערדיקער — אויף אַ יוגנטלעכער זומער־קאָלאָניע ווערט שוין ביי זיי רייף דער באַגער צונויפצוקייטלען זייערע לעבנס. אָבער עס געשעט עפּעס אַזוי אַז מאַריאַשע האָט חתונה מיט אַ בחור פון איר שטעטל, דוד. וויבאַלד נישט מאָטל, נאָר דוד איז געוואָרן איר מאַן, איז זי אים געטריי און מסתמא וויל זי זיך אַליין איבערצייגן אַז דאָס געפיל צו מאָטלען איז נישט געווען גענוג שטאַרק אַז עס זאָל ברענגען צו אַ פאַראייניקונג צווישן זיי.

און די צייט גייט. עס ברעכט אויס די פויליש־דייטשע מלחמה. אין הסכם מיטן מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־אָפּמאַך פאַרנעמט די רויטע אַרמיי דעם טייל פוילן וווּ עס וווינען מאַריאַשע און דוד. לויט איר שטייגער פירט די מאַכט דורך אַרעסטן צווישן ציוניסטן, בונדיסטן, פאָלקיסטן א.א.וו. אויך דוד, מאַריאַשעס מאַן, ווערט ווי אַ בונדישער טוער אַרעסטירט. דעמאָלט באַווייזט זיך מאָטל ווידער אַ מאָל אין שטעטל, ער ווייסט אַז עס דראָט אים די געפאַר אַרעסטירט צו ווערן און ער גרייט זיך צו אַנטלויפן איבער דער שוואַרצער גרענעץ קיין

ווילנע (דעמאָלט נאָך אין די הענט פון די ליטווינער). ער רעדט צו מאַריאַשען אַז די זאָל מיט אים „גיין איבער דער גרענעץ", ווייל אויך איר דראָט די געפאַר אַרעסטירט צו ווערן. מאַריאַשע האַלט אָבער אַז זי קען פון דאַנען נישט אַוועקגיין, ווייל דוד, איר מאַן, געפינט זיך דאָך דאָ אין תפיסה. מאַטל פאַרשווינדט און ס'געשעט ווי ער האָט פאָרויסגעזען: אויך מאַריאַשע ווערט אַרעסטירט און פאַרשיקט אין אַ ווייטן דאָרף, אין טיף רוסלאַנד.

דערנאָך קומט דער אָנפאַל פון דייטשלאַנד אויף רוסלאַנד. אין אַ צייט אַרום — דער אָפּמאַך צווישן דער פוילישער גלות־רעגירונג און דער סאָוויעטישער מאַכט. אַלע, אָדער כּמעט אַלע בירגער פון פוילן וואָס געפינען זיך אין די סאָוויעטישע תּפיסות און לאַגערן ווערן באַפרייט כּדי זיי זאָלן זיך פרייוויליק מאָביליזירן אין דער ניי־געשאַפענער פוילישער אַרמיי צום קאַמף קעגן היטלערן. ווייזט זיך אַרויס אַז אויך מאַטל מאַטל איז, לויפנדיק איבער דער „שוואַרצער" גרענעץ קיין ווילנע, געוואָרן אַרעסטירט און פאַרשיקט אין אַ לאַגער. נאָכן שיקאָרסקי־אָפּמאַך מיט סטאַלינען ווערט ער פון לאַגער באַפרייט און ער גרייט זיך צו פאָרן צו דעם מאָביליזאַציע־פּונקט פון דער פוילישער אַרמיי. גאַנץ צופעליק קומט ער אָבער אין דעם דאָרף ווו עס געפינט זיך מאַריאַשע און ער רעדט זי צו אַז זי זאָל פאָרן מיט אים צוזאַמען. ווידער אַ מאָל זאָגט זי זיך אָפּ עס צו טאָן. זי האָט אַ האָפענונג אַז דוד לעבט נאָך און אויב ער לעבט נאָך, וועט ער זי קומען זוכן דאָ אין דאָרף, ווייל דאָ אַהער האָט זי באַקומען פון אים אַ בריוו. מוז זי דאָ וואַרטן.

די נאָענטסטע באַגעגעניש צווישן מאַריאַשען און מאַטלען קומט פאָר שוין נאָך דער מלחמה אין לאָדזש. מאַטל אַנטפּלעקט איר דעמאָלט אַז דוד לעבט שוין נישט. ער איז געווען צוזאַמען מיט אים אין תּפיסה, צי גאָר אין לאַגער און געווען עדות פון זיין טויט. ווען ער האָט זי באַזוכט אין רוסישן דאָרף, האָט ער שוין געוווּסט אַז דוד לעבט נישט, אָבער ער האָט נישט „געהאַט קיין האַרץ" איר עס צו דערציילן. מאַטל גרייט זיך ווידער אַ מאָל צו גיין אומלעגאַל איבער דער גרענעץ און צו פאַרלאָזן פוילן, וואָס ווערט וואָס אַ מאָל מער אַ סאַטעליט פון רוסלאַנד. אָבער מאַריאַשע וויל ווידער אַ מאָל נישט גיין מיט אים אין דער אומבאַקאַנטקייט אַריין. ער מוז אין עטלעכע טעג אַרום פאַרלאָזן פוילן און זי בלייבט ביז מען פאַרמאַכט די גרענעצן און זי קען שוין מער פון פוילן נישט אַרויספאָרן.

און ענדלעך די לעצטע „באַגעגעניש" אין יאָרן אַרום. פוילן עפנט די גרענעץ פאַר ייִדן. מאַריאַשע פאָרט דאַן אַרויס פון פוילן, קומט קיין אַמעריקע און האָט בדעה דאָס סאַמע, סאַמע ערשטע זיך צו דערפרעגן צו מאַטלען, מיט וועלכן זי האָט די גאַנצע צייט נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט. דעם ערשטן זונטיק פון איר זיין אין אַמעריקע גייט זי אויף אַ לוויה פון איר קוזינעס

מאַן, וואָס איז אומגעריכט געשטאָרבן. אַהיימגייענדיק זעט זי אויפֿן בית־עולם אַ מצבה ביי אַ קבר. אויף דער מצבה איז אויסגעקריצט מאָטלס נאָמען. „מיר געדענקען אונדזער טייערן חבר מאָטל פיין" — שרייבן אַ גרופּע חברים אויף זיין מצבה.

ס'איז ווי געזאָגט, איינע פון די בעסטע דערציילונגען אין בוך און איינע פון די רירנדיקסטע וואָס איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אין דער ליטעראַטור פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. ס'איז אַ דערציילונג וואָס ווירקט מיט איר אמתדיקייט, מיט איר שטילקייט און מיט איר עלעגישן טאָן פון באַשערטקייט. די דערציילונג צייכנט זיך אויס מיט וואָרט־צימצום און דער עיקר — דערמיט וואָס זי אַנטפּלעקט דעם טיפן טרויער אינעם לעבן פון אַ געראַטעוועטער וואָס דער פּאַטום האָט צעבראָכן און נישט דערלאָזט אַז זי זאָל געניסן פון דעם ביסל ערדישן גליק וואָס קומט יעדן מענטשן אויף דער ערד. מאָטל האָט ביי דער לעצטער באַגעגעניש מיט מאַריאַשען זיך באַקלאָגט אויף דעם זשאַוועער וואָס ליגט אים אויפֿן האַרצן און פרעסט אויף זיין לוסט ווייטער צו לעבן. אויך מאַריאַשעס האַרץ איז צעפרעסן געוואָרן דורך דעם זעלביקן זשאַווער פון גורל וואָס האָט זי אַ גאַנץ לעבן געפירט אַהינצו ווו ס'האָט געהויערט אויף איר אומגליק און ווו זי האָט זיך כּסדר געמיטן מיט איר גליק.

ענלעך אין געמיט, כאָטש געשריבן אין אַן עטוואָס טראַגישערן טאָן — איז די דערציילונג „אפרים און באַסיע". אויך דאָ האָבן מיר פּאָר זיך צוויי מענטשן וואָס דער גורל האָט זיי צעשיידט און ווען ער האָט זיי צוריק צוזאַמענגעפירט, זענען זיי שוין ביידע מער נישט פעיק געווען ווייטער צו שפּינען דעם איבערגעריסענעם פאָדעם פון יוגנטלעכן גליק. דער עיקר איז וואָס צווישן זיי איז אַריין די צייט און זי שטייט צווישן זיי ווי אַ וואַנט, כאָטש למראית עין איז עס אַ גלעזערנע וואַנט און דעריבער דאַכט זיך טייל מאָל אויס אַז זי עקזיסטירט נישט... ווען באַסיע קומט קיין ירושלים און דערזעט אפרימען, ווערט איר עפּעס אומקלאָר קלאָר אַז זי דאַרף וואָס גיכער אַוועק פון דאָרט. פאַראַן דאָ אַ טראַגישע רעזיגנאַציע און פאַראַן אויך די מורא פאַר אַ נסיון וואָס איז דין אַנגעוווּנקען געוואָרן דורך דער שרייבערין און דאָס גיט דער דערציילונג אַ באַזונדערע פּסיכאָלאָגישע פּערספּעקטיוו. אָבער בסך הכּל וואָלט מען די דאָזיקע דערציילונג ווי אויך אַנדערע אין איר בוך געקענט אָנרופן: פּאַטום.

אין מנוחה ראַמס דערציילונגען זעט מען אַז כאָטש די מלחמה האָט זיך שוין לאַנג געענדיקט, וואַנדלען אָבער אירע קרבנות נאָך אַלץ אַרום אין אונדזער לעבן און געפינען זיך נישט קיין אָרט אין דעם אַרום. זייער עיקר־צרה איז וואָס זיי קענען מער נישט פאַרבינדן די גורל־פעדעם פון אַמאָל מיטן היינט און ווי געזאָגט שטייט צווישן זייער אַמאָל און זייער היינט אַ גלעזערנע

וואַנט, וועלכע לאָזט זען דאָס וואָס עס געפינט זיך אויף דער זייט פון דער אַמאָליקייט, אָבער לאָזט בשום אופן זיך נישט אומקערן צו דעם דאָזיקן אַמאָל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ רעדט זיך וועגן זכּרון וואָס איז דער קאַטאַליזאַטאָר פון זייער וויטיק, פון זייער אומרו, פון זייער נישט געפינען זיך קיין אָרט אין איצטיקן לעבן און דאָס איז דאָס וואָס מאַכט זיי באַזונדערס טראַגיש.

אין אַ פריערדיקן בוך „אַרום דער ווערבע" איז מנוחה ראָם געגאַנגען צו דעם עבר (אָדער ווי מאַרסעל פּרוסט רופט עס אָן: „אויף די שפּורן פון דער פאַרלוירענער צייט"), כּדי צו געפינען דאָס „גאָלדענע קריגעלע" אויף דער בלויער אָזערע פון פאַנטשיק דעם גויאישן מילנער. און זי האָט אַ סך געפונען. אין דעם איצטיקן בוך דערציילונגען איז אָבער נישט פאַראַן קיין שום נאָסטאַלגיע צו דעם אמאָל. דאָ זענען דער אַמאָל און דער היינט ביידע טראַגיש שוין דערמיט וואָס זיי לאָזן זיך נישט פאַראייניקן. זיי זענען עפּעס ווי טיילן פון אַ צעשניטענער שלאַנג וואָס יעדער טייל וואַרפט זיך אין קאָנוווּלסיע־ליידן באַזונדער, אָבער זיי קענען זיך מער נישט צוזאַמענקומען און קענען זיך מער נישט באַפרייען פון זייער וויטיקלעכער צעהאַלבטקייט.

די 18 דערציילונגען אין בוך „שטיינער" באַווייזן אַז מנוחה ראָם קען זיך אַריינלעבן און אַרויסברענגען יעדע טעמע און דאָס מיינט אַז זי קען אַריינדרינגען אין די פאַרשידנסטע לעבנס־ווינקלען און שילדערן די פאַרשידענע סביבות און פאַרשידענע טיפּן און געשטאַלטן. דאָס האָט זי, אגב, באַוויזן אויך אין אירע פריערדיקע ביכער, ווו זי מאָלט פאַר אונדז מענטשן און סביבות, פּייזאַזשן און שטייגערס, וואָס זענען ווייט איינע פון דער אַנדערער כּרחוק מזרח ממערב. דאָך איז אין איר פאַרשידנאַרטיקער טעמאַטיק און געשטאַלטיקונג פאַראַן עפּעס וואָס פאַראייניקט די דאָזיקע אַלע טיפּן און געשעענישן וואָס די שרייבערין מאָלט און דערציילט וועגן זיי. איך מיין אַז דער דאָזיקער „עפּעס" איז דאָס געמיט פון דער שרייבערין וואָס ווערט באַווירקט פון דער אינטעלעקטועלער דערקענטעניש, אַז דער מענטש איז טראָץ אַלע זיינע אינטימע שותּפותן מיט אַנדערע מענטשן — איינזאַם און מוז אַליין און נאָר אַליין אויסטראָגן זיין גורל. ווי האָט געזאָגט ר' בונם פון פּשיסכע: „אדם יחידי נברא ולא רק שנברא יחידי אלא נשאר תמיד ביחידותו", טייטש: דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אַליין און נישט בלויז וואָס ער איז באַשאַפן געוואָרן אַליין, נאָר ער בלייבט אויך שטענדיק אין זיין איינזאַמקייט.

אין דער דערציילונג „פאַרשטערטע פרייד" ווערן אויף אַ דינעם און לירישן אופן קאָנפראָנטירט צוויי דורות — מאַמע און טאָכטער. דאָס באַזונדערע אין דער דערציילונג איז דאָס וואָס אין תּוך גענומען איז צווישן זיי ביידן קיין שום קאָנפליקט נישט פאַראַן און זיי זענען זיך באמת נאָענט מיט אַ ליבשאַפט וואָס קיין שטאַרקערע פון איר איז אפשר גאָרנישט פאַראַן. דאָך פילט איר

און איר זעט אַז טראָץ זייער קעגנזייטיקער ליבשאַפט און נאָענטקייט לעבן מאַמע און טאָכטער אין צוויי באַזונדערע וועלטן און וויפל איינע זאָל נישט וועלן זיך אַריינלעבן און באַנעמען דער אַנדערערס וועלט גיט זיך איר דאָס נישט איין. ס'איז עפּעס ווי זיי וואָלטן געלעבט אין צוויי צייטן: די מאַמע אין איר צייט און מיט אירע באַגריפן וועגן לעבן און די טאָכטער אין איר צייט מיט אירע באַגריפן וועגן לעבן. דערביי איז דאָ פיל־פיל מער ווי דער געוויינלעכער ווידעראַנאַנד צווישן די דורות. ס'איז דער ווידעראַנאַנד צווישן מענטש און מענטש, צווישן איין אייגזאַמקייט און אַ צווייטער, צווישן איין גורל און אַן אַנדערן.

„שרה הערט ווי פריידל רעדט און רעדט, וויל זי פאַררעדן, אויך זי אַריינציען אין שמועס. ס'ווערט איר אַזוי אַ שאָד דער טאָכטערס פאַרשטאַרטע פרייד, איר אומגערעכטער עגמת־נפש".

די מאַמע האָט מיטליידן מיט דער טאָכטער. די טאָכטער — מיט דער מאַמען, אָבער העלפן קענען זיי זיך נישט. צווישן דער טאָכטערס יוגנטלעכן לעבנסלוסט און דער מוטערס מידקייט פון לעבן לאָזט זיך נישט בויען קיין בריק. צוויי מענטשן, אַפילו ווען זיי האָבן זיך ליב, בלייבן זיי פון דעסטוועגן צוויי.

אַ זייער אינטערעסאַנטע דערציילונג איז „שטיינער". דאָ ווערט געשילדערט אַן עפּיזאָד וואָס כאַראַקטעריזירט די מאָראַלישע שיינקייט פון דעם אַמאָליקן ייִדישן לעבן. דאָס דאָזיקע לעבן איז שוין מער נישטאָ. די מענטשן פון דעם עפּיזאָד זענען שוין אויך כמעט נישטאָ. פאַרבליבן זענען בלויז צוויי וואָס טרעפן זיך נאָך דער מלחמה און קלערן זיך אויף דעם פאַקטישן פאַרלויף פון יענעם עפּיזאָדישן געשען...

צוויי מענטשן, לאַנדסלייט, האָבן זיך געראַטעוועט פון גרויסן פייער אין וועלכן די נאַצישע חיה־רעה האָט פאַרברענט דאָס פוילישע ייִדנטום. די דאָזיקע צוויי לאַנדסלייט קומען זיך צונויף אין ישראל ביי זייערס אַ פריינד צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע פריינד, וועלכע דערמאַנען זיך ביי יעדער געלעגנהייט דאָס איבערגעלעבטע אויפן וועג צום איבערלעבן... פון דעם שמועס און רייד צווישן די געראַטעוועטע וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער דאָזיקער מסיבה שיילט זיך אויס די ווייטערדיקע געשיכטע. די געראַטעוועטע געדענקט אַז ביי זיי אין שטוב, אינעם קליינעם פוילישן שטעטל, איז קיין מאָל נישט געווען מיט וואָס שבת צו מאַכן. דאָך מיט חלות זענען זיי תּמיד געווען פאַרזאָרגט. די געראַטעוועטע געדענקט אָבער שוין נישט אַזוי גוט, פון וואַנען די חלות האָבן זיך דערנומען. דאָס הייסט: פון וועמען זיי האָבן זיי באַקומען.

איין מאָל אַ שבת האָבן די חלות אויך אויסגעפעלט. מען האָט זיי, זעט אויס, פאַרגעסן צו ברענגען. די מוטער פון דער געראַטעוועטער האָט דאַן

געגומען צוויי שטיינער און זיי געלייגט אויפֿן טיש און צוגעדעקט מיטן חלה־טישטעכל, כּדי די שכנים זאָלן נישט זען, אַז זי האָט נישט קיין חלה אויף שבת. דער פֿאָטער איז געגאַנגען מקבל שבת זיין אין שול. די מוטער מיט דער טאָכטער זענען אַריין אויף אַ ווייל צו אַ שכנטע שמועסן און די טיר פֿון זייער שטוב געלאָזט אָפֿן, ווייל וואָס אַזוינס האָט מען ביי זיי געקענט גנבֿענען? ענדלעך, דער פֿאָטער קומט אַהיים פֿון שול, מאַכט קידוש און וואַשט זיך צו די חלות. ער הייבט אויף דאָס טישטעכל און דערזעט צוויי פֿרישע, שמעקנדיקע, ברוינע חלות וואָס פֿאַרנעמען די שטוב מיט זייער ריח. דאָ דערזעט מען ווי די מאַמע פֿון דער דערציילערין ווערט בלייך, דערשטוינט און איבערגעראַשט פֿון דעם וואָס דאָ איז געשען און ס׳בלייבט, נישט אַנדערש, נאָר אַז פֿאַרטווישט די שטיינער אויף חלות האָט אליהו הנביא...

אַ לעגענדע אין אַ קליין שטעטל, איינע פֿון טויזנט. אָבער מיט איר האָט די געראָטעוועטע אָפּגעלעבט מער ווי אַ האַלב לעבן און מיט איר כּוח האָט זי זיך אפֿשר געראָטעוועט פֿון דעם אומקום אין די נאַצי־צייטן.

אָבער דאָ אויף דער מסיבה קומט אַן אומגעריכטע ווענדונג אין דער דאָזיקער געשעעניש. איינער פֿון די צוויי לאַנדסלייט וואָס האָבן זיך דאָ געטראָפֿן דערציילט וועגן זיין אַנטייל אין דער דאָזיקער געשיכטע. ווי ער דערציילט איז עס זיין מוטער געווען, די וועלכע האָט דער אָרעמער פֿרוי יעדן פֿרייטיק געשיקט חלות אויף שבת. איין מאָל איז אָבער עפּעס געשען און זי האָט פֿאַרגעסן די חלות צו שיקן. עס איז שוין געווען גענוג שפּעט, נאָך ליכטצינדן, ווען זי האָט זיך געכאַפּט דערויף און האָט זיך געווענדט צו איר זון, דעמאָלט אַ יונג בחורל, און אים געבעטן ער זאָל אַריבערטראָגן די חלות צו דער אָרעמער פֿרוי. ער האָט עס געטאָן. אָבער קומענדיק צו דער פֿרוי אין שטוב און נישט טרעפֿנדיק דאָרט קיינעם, האָט ער געהאַט צייט צו באַמערקן אויפֿן טיש דאָס חלה־טישטעכל וואָס האָט צוגעדעקט די שטיינער. מחמת נייגעריקייט, צי עפּעס אַן אַנדער געפֿיל, איז ער צוגעגאַנגען צום טיש און אויפֿגעהויבן דאָס חלה־טישטעכל און... ער האָט דערזען די צוויי שטיינער. שנעל האָט ער אויפֿן אָרט פֿון די שטיינער אַוועקגעלייגט די חלות וואָס די מוטער זיינע האָט אים געגעבן און איז אַוועק אַהיים, נישט דערציילנדיק קיינעם וועגן דעם וואָס ס׳איז געשען.

דער אמת איז אַז די דאָזיקע דערציילונג ברענגט, ווי געזאָגט, אַרויס די מאָראַלישע שיינקייט פֿון אַמאָליקן ייִדישן לעבן. דעם מתּן־בסתר... די מידה פֿון בײַשנות... די צניעות און בכלל דאָס אַלץ וואָס שטייט אויף דער מדרגה פֿון... אויב נישט נאָך העכער... אָבער פֿון דער אַנדערער זייט ווערט אונדז עפּעס ווי אַ שאָד, איבערלייענענדיק דעם סוף פֿון דער מעשׂה; דאָס מיסטישע, דאָס לעגענדאַרע וואָס האָט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן און צו ווירקן נאָך

דעם ווי די צוויי שטעטלדיקע גערעטעוועטע האָבן זיך געטראָפן נאָכן חורבן און עס האָט זיך „אויפגעקלערט" די אָמאָליקע מיסטעריע. די צייט שאַפט און בויט לעגענדעס, אָבער זי צעשטערט זיי אויך.

ס'איז נישט שייך איבערצודערציילן אַלע דערציילונגען אין מנוחה ראַמס בוך, הגם דאָס וואָלט אפשר כּדאַי געווען, ווייל יעדע דערציילונג ברענגט עפּעס נייעס אין דער דערקענטעניש פון די מענטשן וואָס באַפעלקערן די וועלט פון דער שרייבערין. אָט שילדערט זי פּרויען אין דער סאַנאַטאָריע וואָס קענען נאָך אַלץ נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז זייער לעבן גייט צום פאַרגאַנג. אָט דערציילט זי אונדז וועגן אַ יום־טוב אין אַ קינדערהיים און שילדערט ווי אַזוי נעבן דער פרייד פון די יונגע עלטערן און קינדער וואָס גרייטן זיך צו דער יום־טובדיקער פאָרשטעלונג, פליסט אַ דינער שטראָם פון מענטשלעכן פּיין וואָס ווערט שטאַרקער דווקא אין די דאָזיקע מאָמענטן. די מעשה איז וואָס איינע פון די וועלכע אַרבעטן אין דעם דאָזיקן קינדערהיים האָט פאַר דער מלחמה געוווינט מיט אַ דייטש מיטן נאָמען האַנס און זי פּייניקט זיך איצט נישט וויסנדיק וואָס ס'איז מיט דעם האַנסן געשען נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך מלחמה־צייט צעשיידט. צווישן די עלטערן וואָס זענען געקומען אויפן קינדער יום־טוב געפינט זיך אָבער איינער וואָס האָט אַ פּנים געהאַט שלעכטע דערפאַרונגען מיט אַ דייטש, וואָס זיין נאָמען איז האַנס, און בעת ער הערט ווי מען רופט די לערערין אין קינדערהיים מיט דעם דאָזיקן פאַרהאַסטן נאָמען, ווערט ער אין גאַנצן אויפגעטרייסלט און מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן אַז די גאַנצע שמחה גייט אים נישט איין.

אַ גאָר סובטעלע דערציילונג איז „ביים ים". ס'איז ממש וווּנדערלעך דין דער סוף פון דער דערציילונג ווי די בלינדע טראַכט וועגן דעם ווי אַזוי זי וועט צומאַרגנס דיקטירן אַ בריוו צו אירע קינדער אין וועלכן זי וועט זיי שילדערן די שיינקייט און די פאַרביקייט פון דעם תּל־אביבער ים־ברעג וווּ זי פאַרברענגט אירע זומערטעג.

ווי עס זאָל נישט זיין, אין פּאַריז, צי אין ישראלדיקן קיבוץ, אין דער אַטעליע פון מאָלער, אָדער אויף די רוישיקע פּאַריזער בולוואַרן — אומעטום מאָלט מנוחה ראַם אירע געשטאַלטן אויפן פאָן פון דער רעאַליטעט און דווקא די דאָזיקע רעאַליטעט שטרייכט אונטער זייער אויסגעוואַרצלטקייט פון דער צייט, די באַזונדערקייט פון זייערע כאַראַקטערן און זייער נישט קענען זיך אַריינפּאַסן אין דעם לעבנס ראַם פון וועלכער זיי זענען אַרויסגעשטויסן געוואָרן.

אין דער היינטיקער ליטעראַטור גייט אָן די מאָדע צו ווייזן די סאַמע טונקלסטע זייט פון מענטשנס איך. וויפל פרויד און זיינע נושא־כּלים האָבן זיך נישט באַמיט צו ווייזן דאָס טונקעלע, חייִשע, תּהומיקע אינעם מענטשן איז עס פאַר דער היינטיקער ליטעראַטור־מאָדע נאָך אַלץ ווייניק. אין זייערע

שילדערונגען פונעם לעבן איז דער בן־אדם אַ גזלן און אַ פּסיכאָפּאַט, אַ סאַדיסט און אַ שוטה דערצו. מנוחה ראַם איז ווייט פון דער דאַזיקער שיטה. אין אירע דערציילונגען טרעפט מען טאַקע איינזאַמע, טרויעריקע און טראַגישע מענטשן, אָבער איר קענט נישט זאָגן אויף זיי אַז זיי זענען שלעכט. פאַרקערט, ווו די שרייבערין דערזעט ביי זיי נאָר אַ פונק פון איידלקייט, מיטפילנדיקייט און פּשוטע גוטסקייט לגבי זייערע מיטמענטשן, ברענגט זי עס אַרויס מיט איר דינעם ליריזם, מיט איר איידעלער וואָרט־קאַרגער שילדערונג, מיט איר פאַרשטיין דעם ווייטיק פון די וואָס די צייט און דאָס לעבן האָבן באַעוולט.

אין דער לעצטער אָפּטיילונג פונעם בוך קערט זיך די שרייבערין אום צו איר ערשטער טעמע: צו דעם פאַרשיקונגס־דאָרף וואָס זי האָט געשילדערט אין איר ערשטן בוך „ווינטן". אין דער אָפּטיילונג זענען פאַראַן עטלעכע דערציילונגען וואָס לייענען זיך מיט אינטערעס, ווייל זיי ווייזן אַז מנוחה ראַם טראָגט נאָך אין זיך גופא דאָס דאָזיקע דאָרף אין וועלכן עס איז פאָרגעקומען אַזאַ ערנסטע, יסודותדיקע טראַנספאָרמאַציע פון איר לעבן. איך גלויב אַז די שרייבערין וועט זיך נאָך נישט איין מאָל אומקערן צו דעם דאָזיקן דאָרף, וואָס שטייט עד היום ווי אַ וועג־סימן אויף דעם שליאַך פון איר לעבן.

# „באַטשאַני" פון חוה ראָזענפאַרב

**חוה ראָזענפאַרב: באַטשאַני. אַ ראָמאַן. אין 2 בענד. אַרויסגעגעבן דורכן וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור. י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, תשמ"ג — 1983.**

עס איז אַ דבר ידוע לכל, אַז אַ מיניאַטור־געמעל קאָן באַזיצן די זעלביקע (און אפשר נאָך גרעסערע) קינסטלערישע ווערטן וואָס אַ גרויס־לייוונטיק איילבילד. פון דעסטוועגן, אַז מיר קוקן אויף די גרויס־לייוונטיקע קאָמפּאָזיציעס פון באַרימטע מאָלערס קומען מיר צום אויספיר, אַז זיי פאַרמאָגן עפּעס אַזוינס וואָס די מאָלערישע מיניאַטור קאָן זי נישט פאַרמאָגן און מען דאַרף עס אין איר נישט זוכן. און וואָס איז עס אַזוינס? ס'איז דער פאַרנעם פון דער קאָמפּאָזיציע, וואָס דורך איר קומט צום אויסדרוק דער שעפערישער כּוח פון קינסטלער, זיין כּוח זיך צו פאַרמעסטן מיט גרויסע שטחים פון געשטאַלטיקונג, זיין כּוח אויפצוהייבן קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, מיט די ווידעראַנאַנדן פון ליכט און שאָטן אאַז"וו אַז"וו.

דאָס זעלביקע וואָס דאָ איז אָקאָרשט געזאָגט געוואָרן וועגן דער קינסט־לערישער מיניאַטור און דעם גרויס־לייוונטיקן בילד, איז אויך אָנגעמאָסטן אויף דער קליינער דערציילונג און דעם ברייט־שטחדיקן און פיל־באַפעלקערטן ראָמאַן. אַוודאי קאָן די קליינע דערציילונג אין די הענט פון אַזאַ מייסטער ווי טשעכאָוו אָדער ווילי‍ע דע ליל אַדאַן זיך דערהייבן צו אַ גאָר הויכער קינסטלערישער מדרגה און קאָן באַטראַכט ווערן ווי די פּערל אין דער קרוין פון אַ באַשטימטער ליטעראַטור. דאָך איז דערביי אויך קלאָר אַז אַ גרויסער ברייט־פאַרנעמיקער ראָמאַן וואָס געשטאַלטיקט אַן עפּאָכע מיט אַ גרויסער צאָל העלדן און טיפּן, אַ ראָמאַן וואָס ציט זיך איבער עפּאָכעס און צייטאָפּשניטן, קעגנוואַרטיקע אָדער פאַרגאַנגענע, באַזיצט עפּעס אַזוינס וואָס די קליינע דערציילונג קאָן עס נישט באַזיצן, און וואָס זאָגט עדות וועגן שרייבערישער גבורה, וועגן שעפערישער שפע, וואָס הגם זי ווערט צומאָל אויסגענוצט פאַרשווענדעריש, איז זי אָבער אַ קוואַליטעט וואָס געהערט צו דעם זשאַנער וואָס מיר רופן אָן: גרויס־ליטעראַטור.

חוה ראָזענפאַרב איז די שרייבערין וואָס אַנטפּלעקט דעם דאָזיקן כּוח וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די גרויסע שעפערס אין דער ליטעראַטור. סיי

אין איר געטאָ-ווערק „דער בוים פון לעבן״, סיי אין דעם נייעם ראָמאַן „באַטשאַני״ באַווייזט זי מיט אַ באַזונדערער שעפערישער קראַפט אויפצוהייבן פון דעם לעבנס-רויערד גרויסע פלאַסטן פון קינסטלערישער געשטאַלטיקונג. אמת, מען האָט צו איר טענות, ערגעץ-ווו באַרעכטיקטע, אַז זי איז זיך נישט גענוג מצמצם און אַז אַ באַשטימטער צימצום וואָלט געווען אַ ברכה פאַר איר שרייבן. איך האַלט אָבער — און האָב עס געזאָגט שרייבנדיק וועגן איר געטאָ-ראָמאַן — אַז חוה ראָזענפאַרב געהערט צו די שרייבערס, וואָס איר ברייט-שטראָמיקייט איז אַ קוואַליטעט וואָס גיט צו אירע ווערק אַ גאַנץ באַזונדערע דימענסיע און ס׳וועט נישט קלוג זיין צו פאָדערן פון אַן אָקעאַן ער זאָל זיך מצמצם זיין צו אַ טייך, בעת זיין גרויסקייט ליגט דווקא אין דער מעכטיקייט וואָס ס׳איז שווער זי צו באַגרענעצן. נאָך מער — אפילו ווען חוה ראָזענפאַרב שרייבט אַ נישט-גרויסע דערציילונג זעט מען אויך אין איר די ברויזנדיקע קראַפט פון שרייבערישן יכולת, און וואָס זי זאָל נישט אַרויסלאָזן פון אונטער איר פען, ווי עס גייט די מליצה, איז עס גרויס אין פיל באַדייטן פון וואָרט.

צו דעם ווילט זיך צוגעבן נאָך עפּעס:

נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה איז צו מערקן אין אונדזער ליטעראַטור אַ טענדענץ צו גרויסע ברייט-לייוונטיקע ווערק — גרויסע אין ביידע זינען פון באַגריף, דאָס הייסט: גרויס אין קינסטלערישער קוואַליטעט און גרויס אין קוואַנטיטעט. פון וואַנען עס נעמט זיך די דאָזיקע טענדענץ איז נישט שווער צו פאַרשטיין. די יידישע ליטעראַטור נאָך דעם חורבן פון מזרח-אייראָפּע האָט אויף זיך גענומען דעם אויפגאַב צו רעסטאַווּרירן אין קינסטלערישן בילד דאָס לעבן וואָס דער חורבן האָט פאַרשניטן. דאָס דאָזיקע קאָן אָבער נאָר געטאָן ווערן אויף ברייט-לייוונטיקע געמעלן ווו עס זאָלן פאַראייביקט ווערן מענטשן, היסטאָרישע געשעענישן, שטייגער-פּרטים אאַז״וו א״וו. פאַרשטייט זיך אַז דאָס מוז ברענגען דערצו, אַז עס זאָלן געשאַפן ווערן ווערק פון קאַפּיטאַלן פאַרנעם און פון מאָנומענטאַלן כאַראַקטער.

חוה ראָזענפאַרב מיט איר ראָמאַן „באַטשאַני״ שליסט זיך פולשטענדיק איין אין דעם דאָזיקן שטראָם וואָס טראָגט אונדזער ליטעראַטור אין דער ווייטקייט פון אונדזער שעפערישן לעבן.

*

וויבאַלד מיר רעדן שוין וועגן די ווערק פון די היינטצייטיקע יידישע שרייבערס וואָס זייער ציל איז קינסטלעריש צו רעסטאַווּרירן דאָס חרוב-געוואָרענע יידישע לעבן אין מזרח-אייראָפּע — און דאָס איז דאָך פאַר אַלעמען און נאָך אַלעמען אויף דער ציל פון דעם ראָמאַן „באַטשאַני״ — מוז מען שוין באַרירן נאָך אַ פראַגע וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם דאָזיקן ענין.

ס'איז קלאָר אַז אונדזער דור, דער דור וואָס געדענקט דאָס ייִדישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע פאַרן חורבן, וועט אָנקומען שווער אויפצונעמען אַ שילדערונג פון דעם דאָזיקן לעבן אויב זי וועט אָפּווייכן פון דער אויטענטישקייט און וועט אונדז פאָרשטעלן אַ שטייגער, ווי אויך טיפּן און געשטאַלטן וואָס זענען נישט געווען כאַראַקטעריסטיש (אַפילו אין זייער יוצא־דופנדיקייט) פאַר יענעם לעבן. כאָטש פון דער אַנדערער זייט איז שווער צו זאָגן צי דאָס איז טאַקע די קריטעריע, וואָס לויט איר קען מען באַשטימען דעם ווערט פון די ווערק וועגן וועלכע עס רעדט זיך. וואָרים אין צוויי צי אין דריי דורות אַרום ווען דער איצטיקער ייִדיש־שאַפער און ייִדישער לייענער, וואָס האָט געקאָנט אונדזער לעבן פאַרן חורבן וועט אַוועקגיין מיט דעם דרך כּל בשר, וועט דאָך די דאָזיקע קריטעריע במילא אָפּפאַלן און ס'וועט אויסקומען צו משפּטן די ליטעראַרישע ווערק פון אַ גאַנץ אַנדערן קוקווינקל און צו מעסטן לויט גאַנץ אַנדערע מאַסשטאַבן.

הייסט דאָס אָבער אַז דער היינטיקער ייִדישער שרייבער קען און מעג שילדערן דאָס פאַרגאַנגענע. חרוב־געוואָרענע ייִדישע לעבן כּיד הפאַנטאַזיע הטובה עליו, אַזוי ווי אים געפעלט — אפשר אויך צוליב טעמים פון עקזאָטיק? אָט דאָס איז דאָס פּראָבלעם מיט וועלכן מיר טרעפן זיך שוין אָן צווישן אונדזערע ייִנגערע שרייבערס, וועלכע האָבן דאָס ייִדישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע ווייניק געקענט און חוץ דעם האַלטן זיי פאַר מעגלעך צו שילדערן אַזאַ ייִדיש לעבן וואָס זאָל זיין אין אַ סך פּרטים אידענטיש מיט די שילדערונגען פון דער מאָדערנער וועלט־ליטעראַטור. ס'איז אָבער קלאָר, אַז כאָטש מיר ווייסן נישט וואָס פאַר אַ פּנים און תּוכן דאָס דאָזיקע קינסטלעריש־רעסטאַווירטע לעבן וועט באַקומען ביי די שרייבערס אין הונדערט יאָר אַרום. דערווייל אָבער — ווי לאַנג עס לעבן נאָך די לעצטע געדענקערס — טאָר אַזאַ צוגאַנג נישט לעגאַליזירט ווערן, אַפילו נישט אין נאָמען פון מאָדערניזם און אויך נישט אין נאָמען פון די נייע פילאָזאָפיעס וועגן דעם בן־אדם און זיין פּסיכיק. דערווייל טאָר דער ייִדישער שרייבער נישט מוותּר זיין אויף דער אויטענטישקייט פון יענעם ייִדישן לעבן וואָס איז טאַקע שוין נישטאָ אָבער וואָס לעבט נאָך אין אונדזער זכּרון. וואָרעם עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ווען מען האָט נישט געקענט דאָס לעבן אין שטעטל און מען אַנאַליזירט עס מיט די מאָדערנע מעטאָדן און לויט די מאָדערנע טעאָריעס געפינט מען דערין אַזעלכע מיני דערשיינונגען און פּראָבלעמען, וואָס זענען לגמרי פרעמד און נישט כאַראַקטעריסטיש פון אַ סך שטאַנדפּונקטן. היוצא לנו מדברינו: מיר ווייסן נישט ווי אַזוי דאָס חרוב־געוואָרענע ייִדישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע וועט אויסזען אין די שאַפונגען פון ייִדישע שרייבערס אין הונדערט יאָר אַרום. דאָס וואָס זעט אונדז היינט אויס ווי עקזאָטיש און נישט אמתדיק, וועט אפשר דעמאָלט

קיינעם שוין נישט שאַקירן. דערוויל — היינט צו טאָג — דאַרף דאָס געוויכט פון דער קינסטלערישער רעסטאַווראַציע נאָך אַלץ געלייגט ווערן אויף דער אויטענטישער שילדערונג און אמת־געשטאַלטיקונג פון יענעם לעבן און מען קאָן זאָגן נאָך מער: די אויטענטישקייט אין דער דאָזיקער רעסטאַווראַציע, דער אַנאַגנאָזיס, ווי אַריסטאָטל רופט עס אָן, איז פּאַר אונדז דער צייכן אויף וויפל דאָס ווערק איז געלונגען אָדער נישט ויצחק באַשעוויס־זינגער וגם חיים גראַדע ז״ל יוכיחו...

חוה ראָזענפּאַרבס ראָמאַן „באַטשאַני" פאַרדינט אויך פון דעם דאָזיקן קוק־ווינקל אַ טיף גרייכנדיקן אַנאַליז, דווקא דערפאַר וואָס מיר ווייסן, אַז דער ענטפער וועט נישט זיין תמיד קיין איינהייטלעכער און נישט תמיד וועלן מיר אירע דערגרייכונגען קענען באַטראַכטן ווי דורכאויס פּאָזיטיווע...

✶

ס'איז צו באַוווּנדערן חוה ראָזענפּאַרבס כּוח און פאַרנעם אויפצובויען אַזאַ ריזיקן פיל־שטאָקיקן און פיל־פאַרמיקן בנין ווי זי בויט אויס אין איר קנאַפּ־נייַנהונדערט זייטיקן ווערק. מען קאָן זאָגן אַז דאָס איז אַ סאַגע. אַ ראָמאַן וואָס שילדערט און דערציילט וועגן עטלעכע דורות צום ערשט אין פּוילישן שטעטל און דערנאָך אין דער גרויסער שטאָט לאָדזש, וווּ די שרייבערין פירט אַריבער אייניקע פון אירע העלדן אין הסכם מיט דעם פּראָצעס וואָס דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן האָט דורכגעמאַכט אין סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט — אַ פּראָצעס פון אורבאַניזאַציע, כאָטש דאָס קליינע שטעטל, און איבערהויפּט — דער קליינשטעטלדיקער שטייגער און דער מאָראַלישער בליק אויפן לעבן האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ גרויסע אחיזה אין יענער עקזיסטענץ.

פאַרשטייט זיך אַז איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון דעם צוויי־בענדיקן ראָמאַן איז נישט נייטיק און ס'איז, אגב, אויך נישט מעגלעך. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ שטעטל וואָס די שרייבערין געפינט דערין אַן עולם ומלואו פון טיפּן און כאַראַקטערן, פון העלדן און געשטאַלטן וואָס דאָס בלויזע פאַרצייכענען זייערע נעמען און זייערע אויסערלעכע סימנים וואָלט פאַרנומען ווער ווייסט וויפל אָרט. היינט זשע — זייערע באַזונדערע אייגנשאַפטן, זייערע כאַראַקטערן, זייערע משונהדיקייטן — צו דעם וואָלט מען אַוודאי געדאַרפט האָבן אַ גאַנץ בוך נישט קלענער ווי דער ראָמאַן גופא איז. ווילן מיר טאַקע דערפון רעזיגנירן, כאָטש עס וואָלט זיך דווקא יאָ וועלן אָנווייזן וועלכע טיפּן עס זענען איבערגעטריבן אין זייערע האַנדלונגען און וועלכע מעשים זייערע זענען געשילדערט אויף אַ גוזמאדיקן אופן און זענען דעריבער גורם געשעענישן וואָס איך קאָן בשום אופן נישט זאָגן אַז זיי געהערן צו דער רעאַליאַ פון שטעטלשער טאָג־טעגלעכקייט. (די מעשה מיט די עראָטישע חלומות פון דעם שוחטס טאָכטער,

וואָס ברענגען צו אַן אויפברויז אין שטעטל און זענען אַזש גורם צו אַ פּאָגראָם).

מיר וועלן אויך מוזן רעזיגנירן פון אָפּשטעלן זיך אויף איינצלנע געשטאַלטן אין שטעטל און פון לאָדזש (ייִדן און גויִים) אַזעלכע וואָס פאַרנעמען אַ גרויסע פּאָזיציע אין ראָמאַן און אַזעלכע וואָס מיר דערקענען זיי פאַרבייגייענדיק. זיי זענען אַלע קרעפטיק געשילדערט און מען פילט זייער אמתדיקייט. זייער גורל רירט אונדז און זייער פּלאָנטער אין די נעצן פון לעבן גייט אונדז אָן. דאָך דאַרף מען זאָגן אַז אויך דאָ באַגייט די שרייבערין אָפּט מאָל אַ זינד מיט דער איבערטרייבונג. אירע העלדן טראַכטן געדאַנקען און רעדן אָפּט רייד וואָס זענען נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ס׳גאַל מענטשן. די שרייבערין וויל אונדז דערקלערן זייער פּסיכישן מעכאַניזם, אָבער אָפּט מאָל טוט זי עס אַזוי, אַז מיר דערקענען נישט די מענטשן וועגן וועלכע עס האַנדלט זיך. דאָס זענען קליינשטעטלדיקע ייִדן און ייִדענעס, ישראלים און בני־אדם, און ס׳רעדן פון זיי אַרויס סאָרטר און קאַמי.

צום שטאַרקסטן איז חוה ראָזענפאַרב אין איר שילדערן קינדער. צו זיי געהערן די שענסטע בלעטער אינעם ראָמאַן. זיי זענען אויטענטיש און רירנדיק. אָבער אויך דאָ מוז מען צוגעבן אַז בינהלע, וועלכער עס איז באַשערט צו זיין די צענטראַל־פיגור אין ראָמאַן וועלכע די שרייבערין טראָגט שפּעטער איבער קיין לאָדזש, כּדי דער ראָמאַן־פאָדעם זאָל זיך דערוועבן ביזן סוף — דעם אונטערגאַנג פון ייִדישן לעבן אין פּוילן — אויך זי מוז אָפּט, גאָר אָפּט מיטמאַכן די עקסטראַוואַגאַנטע שריט וואָס חוה ראָזענפאַרב האָט פאַר איר אָנגעצייכנט, כאָטש אַ סך פון אירע מעשים זענען דורכויס יוצא־דופנדיק פאַר אַזאַ ייִדישער טאָכטער אין פּוילן.

די פראַנצויזן רעדן וועגן דער „צרה פון רייכקייט". חוה ראָזענפאַרב, ווי אַ שרייבערין ליידט פון דער דאָזיקער צרה. דאָך מוז מען מודה זיין, אַז פון דער דאָזיקער צרה ליידן נאָר גרויסע שרייבערס, שרייבער פון אַ גרויסן פאַרמאָגן. און חוה ראָזעפאַרב איז אַ שרייבערין פון דעם דאָזיקן פאַרמאָג. זי איז אַ שרייבערין פון פאַרנעם און זי האָט, ברוך־השם, כּוח דעם דאָזיקן פאַרנעם צו רעאַליזירן, טראָץ דעם וואָס דאָ און דאָרט רופט זי אַרויס טענות און דערוווידערונג.

★

איך לייען איבער דאָס וואָס איך האָב ביז איצט אָנגעשריבן און זע אַז איך האָב זיך צום דעם ווערק גופא כּמעט נישט צוגערירט. דאָס איז טאַקע אַן עוולה. אָבער איך האָף אַז מיט דער הילף פון השם יתברך וועל איך די דאָזיקע עוולה קענען פאַרריכטן. דערווייל זאָלן מיינע ווערטער זיין אַן אָנרעג צו לייענען דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס לייענט זיך, אגב, מיט גרויס אינטערעס...

# פּאָעטישע עטיודן אויף תּנכישע טעמעס

## וועגן בוך „פון קוואַל" פון נחמן ראַפּפּ *

אין אַן עסיי וועגן י. ל. פּרץ געדרוקט אין מיין בוך „אין פּרדס פון יידיש" האָב איך צווישן אַנדערן געשריבן:

„דאָס איז אייגנטלעך די גרויסקייט פון תּנך וואָס האָט זיין אייביקייט צו פאַרדאַנקען דער וווּנדערעכער עלאַסטישקייט בנוגע כלערליי נייע צייטלעכע אינטערפּרעטאַציעס וואָס דער אורטעקסט האָט געוויס לכתּחילה נישט מכוון געווען".

(דאָס דערמאָנטע בוך, זייט 37)

אַזאַ נייע צייטלעכע אינטערפּרעטאַציע פון דער תּנך־דערציילונג געפינען מיר אינעם בוך פון דיכטער נחמן ראַפּפּ „פון קוואַל", וואָס באַשטייט פון דראַמאַטישע פּאָעמעס וועלכע איך וואָלט גיכער אַנגערופן „דראַמאַטישע עטיודן" מחמת זייער פראַגמענטאַרישקייט און אויך מחמת זייער הייס־אַטעמדיקייט וואָס איז, אגב, כאַראַקטעריסטיש פאַר די תּנך־טעקסטן וועלכע דער דיכטער האָט דראַמאַטיזירט.

נחמן ראַפּפּ איז נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער וואָס ווענדט זיין בליק צו דער טעמאַטיק פונעם ספר־הספרים. ער אַליין האָט די דאָזיקע טעמע שוין באַאַרבעט אין זיינעם אַ בוך דערציילונגען וואָס איז דערשינען מיט אַ צייט צוריק און ווי עס זעט אויס וועט ער צו דעם דאָזיקן קוואַל זיך ווענדן אויך אין זיין וויטערדיקן שאַפן, סיי אין דער פּאָעזיע, סיי אין דער פּראָזע.

וואָס ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן תּנך — פון אַ ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט — דאָס איז זיין ברייט־שטראַמיקע רעטאָריק פון איין זייט און זיין וואָרט־קאַרגשאַפט פון דער אַנדערער זייט. דער תּנך־דערציילער קען אַ מאָל זיך באַנוצן מיט אַ שלל סינאָנימען, כּדי צו וואָרענען פאַר דער שטראָף וואָס וועט חל זיין אויף די וואָס זינדיקן קעגן גאָט און זיין געבאָט, און ער קאָן אויך גאַנץ אָפּט אָפּפּטרן

---

* פאַרלאַג „אייביקייט". ירושלים תשמ"א—1981.

אַ גרויס און וויכטיק היסטאָריש קאַפּיטל מיט עטלעכע זאַצן, אָדער אַפילו מיט איין טראַפאַרעטן פּסוק. „בימים ההם אין מלך בישראל איש הישר בעיניו יעשה". תּמיד ווען עס האָט צו טאָן מיט דעם הינטערגרונט פון אַ געשעעניש דערגייט דער תּנך אין זיין קנאַפּ־וואָרטיקייט צו דער דאָזיקער מאַלעריי וואָס האָט נישט געוווּסט פון קיין פּערספּעקטיוו און דאָס טאַקע רייצט אַזוי די שרייבערס פון אַלע צייטן צו פאַרפּילן די סכעמאַטישע צייכענונג פון תּנך מיט קאָלירן וואָס מאַכן בולטער איר פיל־פּלאַניקייט. און אַ געוויסער מאָס האָט דאָס נחמן ראַפּפּ געטאָן אין זיינע פריער דערמאָנטע תּנך־דערציילונגען און אין אַ געוויסער מאָס טוט ער דאָס אויך אין זיינע דראַמאַטישע פּאָעמעס פונעם בוך „פון קוואַל".

לאָמיר אָבער, איידער מיר גייען ווייטער, באַטאָנען אַן אַלגעמיין באַוווּסטן פאַקט: וויפל שרייבערס עס האָבן זיך ביז איצט נישט באַמיט אויסצופּילן מיט וואָרט און פאַרב די סכעמאַטישע צייכענונג פון תּנך־טעקסט. איז זיי קיין מאָל נישט געלונגען צו מאַכן די דאָזיקע צייכענונג בולטער, לעבעדיקער און ווירקנדיקער ווי זי איז אין תּנך. מען קען אָנווייזן אויף פיל ביישפּילן ווען דער תּנך האָט מיט 10 פּסוקים אַרויסגעבראַכט אַ געשעעניש, אַ האַנדלונג צוזאַמען מיט אירע העלדן, בולטער און איינדרוקפולער ווי דער אָדער יענער שרייבער האָט עס געטאָן אין אַ גרויסער דערציילונג, אָדער אין אַ פאַרנעמיקן ראָמאַן, געבויט אויף דער תּנכישער סכעמע.

דער שרייבער ווענדט זיך אָבער אָפט צו דער תּנך־טעמע צוליב אַן אַנדערן טעם: ער וויל דורך דעם געשעענעם אין תּנך דערקענען די רעאַליטעט פון זיין צייט. ער וויל אין דעם שפּיגל פון דער פאַרגאַנגענהייט דערזען און דערקענען דאָס פּנים פון דער קעגנוואַרט. אָדער ער וויל דערווייזן דעם אַלטן כּלל: „ואין כל חדש תחת השמש", אַז דאָס וואָס עס איז — איז שוין געווען און אַז די פּראָבלעמען וועלכע באַשעפטיקן אונדז הייַנט, האָבן שוין אַ מאָל באַשעפטיקט דעם מענטשן; ס'הייסט: אַז מען האָט שוין געזוכט פּלערליי ענטפערס אויף זיינע פראַגעס און אַז בעסער זיי פאַרענטפערן ווי מען האָט זיי אַ מאָל פאַרענטפערט — וועט קיינעם נישט געלונגען. אַז מען וויל איז אין דעם פאַראַן אַ טיפער פּעסימיזם וואָס פירט צו יאוש און אַפּהענטיקייט און פאַרקערט, אַז מען וויל, איז אין דעם פאַראַן אַן אָפּטימיזם וואָס זאָגט אַז מיט די שווערע דאגות און מיט די מאַטערנדיקע פּראָבלעמען וואָס מיר קענען זיי נישט לייזן, איז די וועלט פון דעסטוועגן אַ וועלט און דאָס לעבן גייט ווייטער און וועט זיך נישט אָפּשטעלן אויף די נישט־געלייזטע רעטענישן וועלכע עס פאַרגיט אונדז די צייט.

נחמן ראַפּפּ האָט גענומען אַן עפּיזאָד פון דער חומש־דערציילונג וועגן דער וואַנדערונג פון די ייִדן אין מדבר און האָט דעם דאָזיקן עפּיזאָד אַרויסגעבראַכט

מיט אַ היינטיק רייך־פּאָעטיש לשון. דער חומש־טעקסט דערציילט אונדז וועגן דעם, אַז נאָך דעם ווי משה האָט אַרויסגעפירט די ייִדן פון מצרים, האָט ער כּסדר זיך געמוזט ווערן קעגן זייערע טענות און אָנגריפן אויף אים, ווי נאָר עס האָבן זיך געמאַכט געוויסע שוועריקייטן, וועלכע זענען געווען אַ רעזולטאַט פון דער וואַנדערונג אין מדבר. דער תּנך דערציילט אונדז אויך אַז אַט די אומצופרידנקייט האָט געפונען אירע וואָרטזאָגערס אין דתן ואבירם און, דער עיקר, אין קורחן, וועלכע האָבן זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט מורמלערייען און אָפּאָזיציע־העצערייען קעגן משהן, נאָר האָבן זיך — ווי מען זאָגט עס אין היינטיקן לשון — ממש אָרגאַניזירט אין אַ פאַרשווערונג כּדי צוריקצוגיין קיין מצרים.

עס איז פאַראַן אַ ריזיקע מדרשים־ליטעראַטור וואָס פאַרטייטשט און קלערט אויף דעם זין פון קורחס בונט קעגן משהן נאָך דעם ווי ער און זיינע מענטשן האָבן געזען און געווען עדות אַז גאָט איז מיט משהן און אַז דאָס געטלעכע וואָרט רעדט פון זיין מויל. עס איז דאָ כּדאי אונטערצושטרייכן אַז אויב די בעלי־המדרש ווילן נישט באַרעכטיקן קורחס אויפשטאַנד־פּרווו קעגן משהן, באַמיען זיי זיך אָבער צו פאַרשטיין זיינע סיבות און — וואָס נאָך וויכטיקער — זיי אָנערקענען אַפילו אַז די דאָזיקע סיבות זענען אין אַ געוויסן זין געווען גערעכטע און האָבן געהאַט זייער באַדן נישט אין לעסטערונג, נאָר פאַרקערט — אין פאַרכטיקייט פאַר גאָט און, דער עיקר, אינעם גלויבן אַז אַלע ייִדן זענען הייליק שוין דערמיט וואָס יעדער פון זיי איז געשטאַנען ביים הר סיני.

אין דעם ערשטן פראַגמענט פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע „משה אין דער מדבר" שילדערט נחמן ראַפּפּ אין אַנגעגליטע פּערזן די בונטאַרישע אַטמאָספער וואָס קורח און זיינע אַנהענגערס שאַפן קעגן משהן. ראַפּפּ זעט אין די בונטאַרן מענטשן וואָס ווילן צוריקגיין קיין מצרים און ווילן צוריקזינקען אין קנעכטשאַפט צוליב צוויי טעמים: ערשטנס דערפאַר ווייל זיי אַליין האָבן אין דער דאָזיקער קנעכטישער לאַגע פאַרנומען באַקוועמע פּאָזיציעס פון קליינע הערשערס, און, צווייטנס, ווייל זיי ווילן נישט ליידן פון די מדבר־שוועריקייטן צוליב דעם צוזאָג פון אַן אייגן לאַנד וואָס ווער ווייסט צי מען וועט דערצו דערגיין. דעריבער שטורעמען זיי קעגן משהן יעדעס מאָל ווען עס מאַכן זיך וועלכע עס איז שוועריקייטן אין גאַנג און אין געגעבענעם פאַל — צוליבן מאַנגל אין וואַסער צוליב וועלכן זיי ליידן שרעקלעכן דורשט אין דער היץ פון דעם מדבר־קלימאַט.

קורח זאָגט:

„דער אויסוועג איז אַ קלאָרער און מען דאַרף / קיין צייט פאַרלירן אויף אים דאָ דערקלערן, / עס לויערט די סכּנה ווי אַ מעסער שאַרף, / און פון אַ טויט פון דורשט מען קען נישט אויסגעמיטן ווערן. / עס ליגן נאָך די מיילן

געצײלטע פונעם גאַנג, / וואָס מיר זענען אָט נעכטן דורכגעגאַנגען, / כל־זמן עס איז דער וועג נישט בלאָנדזשענדיק און לאַנג, / צוריק צו ווילטיק מצרישער מיר קאָנען נאָך דערלאַנגען"...

אויף דעם ענטפערט אים פנחס וועלכער איז געטריי צו משהן און צו זיין באַפרייונג־אידעע:

„עס רעדט פון דיר די פאַלשקייט פון אַ קנעכט, / וואָס האָט אין חרפה זאָט זיין ברויט געגעסן, / און ווייס נישט קיינמאָל פון צו זאָגן אַז ס'איז שלעכט, / ווייל זיין געוויסן האָבן ווערים שוין צעפרעסן".

נאָך מער: פנחס באַשולדיקט קורחן אַז:

„ס'האָט פרעה אין דיין האַנט אַריינגעשטעקט די רוט, / און מיט איר ברי געשלאָגן האָסטו ברידער, / פאַר דיר און דיינס גלייכן איז געווען גוט, / זוכסטו איצט די טובה פאַר זיך ווידער. / ווען פאָלק האָט זיך געטובלט אין זיין פיין, / האָסטו זיך אינעם בלוט זיינעם געבאָדן, / עס וויל שוין מער, דאָס פאָלק קיין קנעכט נישט זיין, / און זיין צו דיר אַן עבד לעבדים...

ס'קען זיין אַז דאָס באַלויכטן אויף אַזאַ אופן דעם קאַמף צווישן משהן און קורחן איז אַ ביסל סימפּליפיצירט, אָבער נחמן ראַפּפּן איז דאָ געגאַנגען אינעם אונטערשטרייכן די ענלעכקייט פון יענעם געראַנגל מיט דעם געראַנגל פון היינט, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויפן באָדן פון דער ירידה פון מדינת ישראל, ווי אויך אויף דעם וואָס די עליה־באַוועגונג אין לאַנד אַריין נעמט נישט אָן די מאָסשטאַבן וואָס זי וואָלט געדאַרפט אָנגעמען נאָך אונדזער ביטערער דערפאַרונג אין גלות. כאָטש פון דער אַנדערער זייט זענען היינט נישט פאַראַן אין דער ייִדישער מחנה אַזעלכע וואָס זאָלן אַקטיוו אַרויסטרעטן קעגן דער עליה קיין ישראל און בכלל קעגן דעם ווילן פון ייִדישן פאָלק צו גיין צו דער באַפרייונג אין אייגענעם לאַנד אַפילו דורך דעם מדבר פון שוועריקייטן וואָס פאָדערט קרבנות...

נחמן ראַפּפּס תנך־אינטערפּרעטאַציעס האָבן, ווי מיר זעען, אַן אַקטועלן ציל. ער לעבט אויף אַ ווייטע עפּאָכע אין פאָלקסלעבן כדי אין איר שפּיגל צו זען די פאָלקס־קעגנוואָרט מיט אירע פּראָבלעמען און געראַנגלען.

אין דעם פראַגמענט וועגן וועלכן מיר האָבן דאָ גערעדט האָבן מיר עטלעכע באַלויכטונגען פון די פיגורן וועלכע נעמען אָנטייל אין דער היסטאָרישער דראַמע און זיי זענען זייער דערוועגט און אינטערעסאַנט. צפורהס האַס צו איר מאַן משה וועלכן זי איז גרייט צו פאַרראַטן, מרימס ליבע צו יהושוען און יהושע גופא, זענען ניי אין זייער אויפפאַסונג. אָבער, זעט אויס, אַז צוליב דער פראַגמענטאַרישקייט פונעם בילד האָט דער דיכטער נישט באַוויזן די דאָזיקע פיגורן בולט צו אַנטוויקלען און אויך צו באַרעכטיקן דאָס זען זיי אין אַ ניי ליכט וואָס איז נישט פאַראַן אין דעם אורטעקסט.

אין דעם צווייטן בילד „משה אין דער מדבר" לעבט דער מחבר אויף אַ מאָטיוו וואָס איז שוין געוואָרן אַ סינאָנים און אַ סימבאָל. משה אויפֿן באַרג נבו פֿון וועלכן גאָט האָט אים געהייסן קוקן אויפֿן לאַנד וואָס ער וועט נישט זוכה זיין אַריינצוגיין דערין און אַריינצופֿירן דערין די ייִדן וועלכע ער האָט געפֿירט אין מדבר גאַנצע פֿערציק יאָר, איז דער סימבאָל פֿון קעמפֿן פֿאַר אַן אידעע און פֿאַלן אויף דער שוועל פֿון איר פֿאַרווירקלעכונג. דאָס איז טראַגיש. צו דער דאָזיקער טראַגישקייט קומט נאָך צו דער פֿאַקט וואָס משה מוז שטאַרבן און כאָטש ס'איז משה רבינו, דער אדון כל הנביאים, ראַנגלט ער זיך אָבער פֿאַרן לעבן ווי יעדער בשר־ודם. דעם דאָזיקן מאָמענט האָט ווונדערלעך אויסגענוצט די מדרש־אגדה און ס'איז באמת שווער עפּעס צוצוגעבן צו דער רירנדיקייט פֿון אָט דער טראַגעדיע. נחמן ראַפּפּ ברענגט אַרויס די דאָזיקע טראַגיק אין זעלטן שיינע רירנדיקע פֿערזן. אָבער אויב אין דעם שפּיגל פֿון דער אגדה איז משה סוף־כּל־סוף מקבל אויף זיך דעם געטלעכן פּסק־דין, זעען מיר אים אין ראַפּפּס שילדערונג אין גאַנצן אַן אַנדערן. נאָך אַ הייסן ווערטער־אויסטויש מיטן באַשעפֿער זאָגט ער צום סוף: / איך שעם פֿאַר מיינע טרערן זיך אַצינד. / פֿאַר ציטער פֿון מיין האַרץ ווען איך פֿלעג פֿליסטערן דיין שם־הוויה, / האָסט נישט געבאָרן מיך פֿון אונטער האַרץ דיינס ווי אַ קינד, / נאָר מיך באַשאַפֿן ווי מען באַשאַפֿט זיך אַ כּלי־זין... / כ'פֿאַרלעש פֿון שטיין מיינעם דיין שטראַליק פֿאַלשע ליכט, / און אויסלעשן איך וועל ביי מיר אין האַרץ די פֿלאַמען, / דו ביסט אַ גאָט און קאָנסט דיין קנעכט פֿאַרברענען אומגעריכט, / זאָל אויך מיין חלום מיט מיר ברענען דאָ צוזאַמען".

די בונטאַרישקייט פֿון משהן קעגן כּביכול דערמאָנט דאָ די צעבונטעוועטקייט פֿון קינגען קעגן זיין באַשעפֿער אין דער באַרימטער דראַמאַטישער פּאָעמע פֿון לאָרד בייראָן...

פֿון אַ פּאָעטישן שטאַנדפּונקט איז ביז גאָר שיין די דראַמאַטישע פּאָעמע „אמנון" אין צוויי בילדער. עס זעט אויס אַז דער מחבר האָט זיך דאָ נישט באַמיט עפּעס מחדש צו זיין אין דער תּנכישער דערציילונג און ער האָט בלויז געוואָלט איבערזינגען אויף זיין אופֿן די טראַגעדיע פֿון בית־דוד וואָס דער ספֿר שמואל מאָלט מיט אַזאַ קאָנדענסירטער קרעפֿטיקייט. די אויפֿגאַבע וואָס דער דיכטער האָט זיך געשטעלט איז אים געלונגען, ווייל ער האָט ווירקלעך באַוויזן אַרויסצוברענגען אין אַ פּאָעטישן און דערביי אויך אין אַ לירישן געזאַנג די מעשה שהיה וואָס איז אַזוי פֿיל אויסגענוצט געוואָרן ווי אַן אינספּירירנדיקע טעמע דורך שרייבערס פֿון אַלע צייטן און פֿון די פֿאַרשידנסטע פֿעלקער. (ביי דער געלעגנהייט איז כּדאי אויסצודריקן פֿאַרוווּנדערונג הלמאי דער גרויסער „באַרגער" פֿון סוושעטן, וויליאַם שעקספּיר, האָט אין זיין גאַנצן שאַפֿן זיך נישט „אויסגעבאָרגט" קיין איין טעמע ביי דער ביבל. אַ פּנים

אַז ער האָט געפילט און פאַרשטאַנען אַז מיט דעם תּנך איז שווער זיך צו פאַרמעסטן).

די איינציקע נייע געשטאַלט וואָס נחמן ראַפּפּ ברענגט אַריין אין דעם תּנכישן אמנון־סצענאַר איז די קדשה, וואָס איז ווי אויסן צו זאָגן אַז יעדער ליבע פון אַ מאַן צו אַ פרוי און פאַרקערט איז נישט מער ווי דאָס הונגעריקע געשריי פונעם „ליבידאָ" נאָך לייב און אַז ווען מען וועט אַפילו דעם סעקס אויף וויפל דאָס איז מעגלעך סובלימירן, וועט ער אַלץ איינס בלייבן דאָס וואָס ער איז און דערפאַר איז נישטאָ קיין אונטערשיד צי אמנון וועט באַשלאָפן די נאַיִוו־ריינע און צאַרטע תּמר, אָדער ער וועט זיך לייגן און באַפרידיקן דעם הונגער נאָך לייב מיט דער קדשה וואָס היינט איז זי מיט דעם און מאָרגן מיט אַן אַנדערן.

די קדשה זינגט צו אמנונען:

„כאַ־כאַ־כאַ... אַ טרוים אַ נישט־פאַרווירקלעכטער, / אַ דימיון אַ פאַר־באַרנדיקער איז די ליבע דיינע. / די נעכט די לויטערע, די שטערן לאַקנדיקע, / זיי ברענגען פאַלשע קלאַנגען דיר. וועגן ליבע / וואָס דאַרף פאַרוואַנדלען זיך אין געזאַנג צו כּלומרשט".

וואָס נחמן ראַפּפּ האָט פּאַקטיש דערגרייכט אין דער דאַזיקער דראַמאַטיזירונג ליגט אויף דער פלאַך פון דער פּאָעטישער קוואַליטעט. ער האָט אונדז באַוויזן צו געבן אַ בינטל פּאָעטישע געזאַנגען וואָס רירן אונדז מיט זייער לירישער עלעגיק און רייסן אונדז מיט מיט זייער הייסן אָטעם פון דער ביבלישער פּאַטעטיק.

# די לידער פון אלכסנדר שפיגלבלאַט

אַז אין פּאָעזיע, ווי אין קונסט בכלל, האָט קוואַנטיטעט נישט קיין איינפלוס אויף קוואַליטעט באַשטעטיקט אונדז נאָך און נאָך אַ מאָל דאָס קליינע ביכעלע לידער פון אַלכסנדר שפּיגלבלאַט, א״נ: „פּאַפּירענע זעגלען״, וואָס איז אָקאָרשט דערשינען אין פאַרלאַג „די גאָלדענע קייט״.

ס׳איז אַ קליין ביכל, בסך־הכּל 84 זייטן טאַשן־פאָרמאַט, וואָס אַנטהאַלט אַרום 35 לידער, פון וועלכע דאָס גרעסטע האָט מסתּם נישט מער ווי 30 שורות. דאָך איז עס אַ פול פּאָעטיש ווערק וואָס אַנטפּלעקט נישט בלויז דאָס פּנים פון אַן אייגנאַרטיקן לירישן פּאָעט, נאָר עס ברענגט אויך צום אויסדרוק אַ פילפאַרביקע פּאַנאָראַמע פון שטימונגען און געמיט־צושטאַנדן וועלכע גיבן זיך איבער דעם לייענער מיט אַ דינער מוזיקאַלישקייט און מיט אַ בילדערישקייט וואָס איז צומאָל זייער און זייער אָריגינעל.

לאָמיר דאָ געדענקען אַז בעת איך האָב אַ רגע פריער גערעדט וועגן דעם אַז אין דער קונסט דעצידירט נישט די קוואַנטיטעט נאָר די קוואַליטעט, האָב איך נישט בלויז אין זין געהאַט דעם פאַקט וואָס אַ מיניאַטור־צייכענונג קאָן אַ מאָל אַריבערשטייגן מיט איר ווערט דאָס גרויסע פילמעטערדיקע איילבילד וואָס פאַרנעמט אַ האַלבע וואַנט, נאָר איך האָב מכוון געווען דערצו, אַז דווקא די מיניאַטור, דווקא דאָס קליינע ליד, דווקא די קליינע פאָרם איז אַליין און פאַר זיך אַ גרויסע קונסט וואָס פאָדערט אַ באַזונדער מייסטערשאַפט און אַ באַזונדערן געאייגנטן שעפערישן טעמפּעראַמענט.

וויל איך דעריבער נישט זאָגן אַז אַלכסנדר שפּיגלבלאַטס קליין ביכעלע לידער איז שקול קעגן געוויסע פיל הונדערט זייטנדיקע פּאָזיע־ביכער וואָס אַ סך פּאָעטן האַלטן פאַר זייער אַמביציע אַרויסצוגעבן, ווייל דאָס וואָלט געווען אי באַנאַל, אי גאָרנישט געזאָגט. באַטאָנען וויל איך בלויז אַז דער פּאָעטישער צימצום, די לירישע מיניאַטור, דאָס קליינע ליד האָט אין שפּיגלבלאַטן געפונען אַ טאַלאַנטפולן זינגער וואָס דערהייבט די אַלע פאָרמען און אייגנשאַפטן צו אַ באַזונדערער קוואַליטעט.

„אין יעדן בוים / דרימלט דאָס פייער / וואָס וועט אים פאַרלענדן. // דער צוויט / איז די תּפילה / פון בוים / פאַר זיין אייגענעם / אַש. // צערן נישט, / גאָט, / פאַר מיין אומגעלומפּערטן / דרש״.

איר קענט די שמאָלינקע שורות פון דעם דאָזיקן ליד צעשטעלן ווי איר

ווילט, אָבער אויף וואָסער אופן איר זאָלט זיי גראַפיש נישט אויסשטעלן, וועט איר אין ווייניקער ווערטער נישט אַרויסברענגען דאָס וואָס דער דיכטער איז אייך אויסן געווען צו לאָזן הערן און איר וועט אויך אויף קיין מער קאָנדענסירטן אופן נישט איבערגעבן די וויזיע פון טראַגישן סוף וואָס אַלדאָס פאַראַנענע טראָגט אין זיך, ווי דער בוים טראָגט אין זיך דאָס פייער און איז שוין מיט זיין צוויט מתפלל צום אַש וואָס וועט נאָך אים בלייבן.

ס׳זענען פאַראַן קליינע לידער וואָס זענען קליין דערפאַר ווייל דער דיכטער איז נישט באַשאָנקען געוואָרן פון גאָט מיט קיין לאַנגן אָטעם. אין שפּיגלבלאַטס קליינע לידער פילט איר בשום אופן נישט קיין קורצן אָטעם. אין די צוועלף שורות פון זיין קנאַפּוואָרטיקן ליד איז פאַראַן נישט נאָר די ווערסיע, נאָר אויך די איראָנישע קאָנטרווערסיע, אָדער דער איראָנישער סוף־פּסוק צו זיין דערזעונג וואָס ער רופט אָן „דרש״. עס איז אַ מוזיקאַליש־לירישער מאָמענט וואָס איז אויסגעשפּילט געוואָרן ביזן סוף אויף אַן אופן וואָס דערמאָנט היינען, אָבער איז פולשטענדיק כאַראַקטעריסטיש פאַר שפּיגלבלאַטן דעם יידישן דיכטער פון אונדזער צייט.

שפּיגלבלאַטס לידער זענען טאַקע על־פּי־רוב מוזיקאַלישע מאָמענטן וואָס זענען גאַנץ און פול אין זייער קורצקייט. דערביי ווייסן מיר דאָך זייער ווויל אַז אַ מוזיקאַלישער מאָמענט איז בשום־אופן נישט קיין פראַגמענט פון אַ סימפאָניע, נאָר אין אַן אָפּגעשלאָסענע פאַרענדיקטע שאַפונג פאַר זיך. אויך שפּיגלבלאַטס לידער זענען שאפונגען וועלכע זענען גאַנץ און פאַררונדיקט, ווייל אויך אין זייער מיניאַטורישקייט היטן זיי אָפּ די פּראָפּאָרצן וועלכע בילדן די האַרמאָניע וואָס פאַנגט אונדז אין דער קונסט.

„אין ווייכן מאָרגנליכט / הענגען בלומען, / גרויסע רויטע בלומען, / ווי זינגפייגל / געקוילעטע. // אין ווייכן מאָרגנליכט / זאָגט נאָך אַ מאָל דער בורא: / כּי טוב — ס׳איז גוט. / רויטע בלעטלעך / פאַלן איינציקווייז / ווי גרויסע טראָפּנס / בלוט״.

ווידער אַ מאָל: ס׳איז אַ קליין, ווייניק ווערטערדיק ליד, אָבער דער געמיט־צושטאַנד פונעם דיכטער איז איבערגעגעבן פול און גאַנץ. עס זענען גענוג די צוויי אָריגינעלע מעטאַפאָרן (די רויטע בלומען ווי געקוילעטע זינגפייגל און די רויטע פאַלנדיקע בלעטלעך ווי טראָפּנס בלוט), כּדי איר זאָלט באַווירקט ווערן פון דיכטערישן געמיט און אַריינגעפירט ווערן אין דער דאָזיקער שטימונג אין וועלכער דער פּאָעט האָט זיך געפונען בעת עס האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט די וויזיע פון בלומען ווי געקוילעטע זינגפייגל.

„מיט יעדן ליד / לאָז איך מיך אַרויס אויפן ים / אַנטפּלעקן אַ קאָנטינענט, / אָבער ווינטן / צערייסן / מיינע פּאַפּירענע זעגלען / און אותיות / פאַלן / אַראָפּ / ווי פאַרפרוירענע שוואַלבן״.

דער אמת איז אָבער, אַז דער דיכטער דערשווימט יאָ מיט זיינע פּאַפּירענע זעגלען צו די אינדזלען און קאָנטינענטן פון זיין נשמה און ער גייט אָפט מאָל אויף זיי אַריבער יענע גרענעצן וואָס נאָר „דער פּחד אַליין פאַרמאָגט דעם פּאַראָל (זיי) אַריבערצוגיין". דאָס זענען די גרענעצן פון דעם מיסטעריעז־פאַרהוילענעם אין אונדז וואָס זיי אַריבערשפּאַנען קאָן מען נאָר אין אַ מינוט וועלכן די אַלטע האָבן אָנגערופן „פּאָעטישע השראה", אָדער נאָך קלאָנגפולער: רוח־הקודש.

דאָס ליד פון פּאָעט איז אַ פאַרב און אַ שטריך וואָס צייכנט און מאָלט דאָס פּנים פונעם שעפער און שפּיגלבלאַטס לידער גיבן אונדז דעם אויטאָפּאָרטרעט פונעם דיכטער, געמאָלן אויף זייער אַן אייגנאַרטיקן אופן. אָט אַזוי ווי איר דערפילט אין אים אַ שטילן און צאַרטן ליריקער, איז ער אָבער אַ מענטש מיט וואַכיקע חושים פאַר דער צעשויבערטער עפּאָכע אין וועלכער מיר לעבן און כמעט אין יעדן ליד זיינעם איז פאַראַן דער קידער־ווידער וואָס איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר דער אַמביוואַלענץ פון אונדזער צייט. די דאָזיקע אַמביוואַלענץ קומט צום אויסדרוק אין דעם וואָס גאָט זאָגט ביי אים „כּי טוב — עס איז גוט", דווקא ביי די רויטע בלומען וואָס זענען געקוילעטע זינגפייגל און ביי די רויטע בלעטלעך וואָס פאַלן אַראָפּ ווי טראָפּנס בלוט. דער דיכטער ברענגט זיך אויף אַרויס אין אַ צווייט ליד, אין וועלכן ער הערט ביים באַרג תּבור שעפּטשען וועגן „דיכטונג אין וואָר" וואָס זייער גרענעץ פּרוווט ער אין אַן אַנדער ליד, אָפט „שוואַרצן" מיט דער הילף פון ווערטער. שפּיגלבלאַט אין נישט בלויז דער דיכטער פון צימצום, נאָר אויך דער פּאָעט פון נישט־דערזאָגטקייט. ער ווייסט אַקוראַט די מאָס פון נישט דערזאָגן, פון נישט דערמאָלן ביזן סוף, כּדי דאָס געזאָגטע זאָל באַקומען יענעם נאָכקלאַנג, יענע אַטמאָספער וואָס איז מער זאָגעריש ווי דאָס וואָרט. בער דער עיקר איז וואָס דאָס וואָס ער זאָגט קומט ביי אים אַרויס ניי און אָפט אָריגינעל און אָנטפּלעקעריש.

„בלינדע טרעטן אַריבער אין טויט / מיט ווייסע שטעקנס, / וואָס שפּאַלטן / די פינצטערניש. // זיי גייען אַריבער / אין אַ צווייטער פינצטערניש / וואָס אפשר נאָר זיי, / די בלינד געבוירענע, / זעען איר קאָליר".

דער גוטער לייענער דערפילט דאָ תּיכּף די אָריגינעלקייט פון דער דערזעונג, ווי בלינדע גייען אַריבער אין טויט מיט ווייסע שטעקנס, אָבער נאָך מער ווערט ער פאַרכאַפּט פון דער התגלות וועגן דער צווייטער פינצטערניש וואָס נאָר די בלינדע דערזעען איר קאָליר. דאָס קליינע ליד וואָס הייבט זיך אָן מיט אַן אייגנאַרטיקער וויזיע באַקומט ביים סוף אַ מיסטעריעזן אויסקלאַנג וואָס וויברירט ווי אַ וויאָלאָנטשעל־טאָן לאַנג נאָך דעם ווי דער סמיק האָט אויפגעהערט באַרירן די סטרונעס.

אין סך־הכּל: אַלכּסנדר שפּיגלבלאַט שווימט מיט זיינע לירישע „פּאַפּירענע

זעגלען" אויף דעם ים פון אמתער און אינטערעסאַנטער דיכטונג און ביי זיין אייגנאַרטיקייט שווימט ער מיט דער הילף פון די בעסטע דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער ייִדישער ליריק, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין די פּאָעטישע ווערק פון יעקב גלאַטשטיין און, יבל"א, אברהם סוצקעווער.

לאָמיר פאַרענדיקן מיט זיינס אַ ליד וואָס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם קאָליר פון זיין געזאַנג און בילדערישן געדאַנק.

„די פאַרב פון זאַכן איז דאָס פאַרגליווערט ליכט / וואָס האָט געשיינט אויף כּביכולס געזיכט, / דעם ערשטן בין־השמשות / נאָך ששת ימי בראשית. // פאַרב איז די שפּראַך וואָס גאָט האָט געשענקט / די זאַכן וואָס האָבן נאָך אים געבענקט, / דעם ערשטן בין־השמשות / נאָך ששת ימי בראשית. // פאַרב איז די מחיצה וואָס גאָט האָט געמאַכט / אָפּצוטיילן דעם טאָג פון דער נאַכט, / כּדי איך זאָל גאָרנישט נישט פאַרשטיין / פון ששת ימי בראשית".

# אפרים שרייער און זיינע „פרילינגס־בלעטער"

ווען מיר לייענען אפרים שרייערס „פרילינגס־בלעטער" (און דאָס זעלביקע אויך זיין פריערדיק בוך „בלעטער פון מיין אַלבאָם"), דאַכט זיך אונדז אויס, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ וועלט וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ. עס דאַכט זיך אונדז אויס אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט געשטאַלטן וואָס האָבן אַ מאָל געלעבט און זענען שוין לאַנג אַוועק. עס אָטעמט אויף אונדז פון די דאָזיקע „בלעטער" דער אַראָמאַט פון די יונגע יאָרן. אין געדעכעניש קומען אויף די ביכער וואָס מיר האָבן דעמאָלט געלייענט און דער כּישופדיקער רושם אונטער וועלכן מיר האָבן זיך דעמאָלט געפונען און, כאָטש באַוווסטזיניק גיבן מיר זיך אָפּ אַ חשבון אַז נאָר אַ העלפט פון די דערציילונגען אין שרייערס בוך האָבן אַ שייכות מיט יענער ווייטער פאַרגאַנגענער יוגנטצייט, בעת די אַנדערע העלפט איז שוין גאָרנישט אַזוי ווייט פון דער עפּאָכע אין וועלכער מיר לעבן, דאַכט זיך אונדז אָבער כּסדר אויס אַז שרייער האָט צוריקגעבראַכט די ראָמאַנטישע אַטמאָספער פון אַ מאָל; אַז ער האָט מחיה־מתים געווען דעם צויבער פון יענער שיינער ליטעראַטור וואָס האָט נאָך נישט מורא געהאַט צו שפּינען טרוימעןביים בלייכן שיין פון לבנה־ליכט; וואָס האָט זיך נאָך פאַרגונען צו באַזינגען די שיינקייט פון דער פרוי מיט צאַרטע און עטוואָס מליצהדיקע ווערטער; וואָס האָט זיך נאָך דערוועגט צו אַנטפּלעקן סענטימענטאַלע געפילן און האָט אויך נאָך געפּועלט ביי זיך „צו מאַכן אַ ווענז" פון דעם שפּיל צווישן די געשלעכטער וואָס דאָס שאָטנדיקע צווישן זיי, דאָס נישט דערזאָגטע אין זייערע באַציונגען און פאַרהעלטענישן איז נישט ווייניקער רייצנדיק און סטימולירנדיק ווי דאָס אָפענע און ברוטאַל־נאַקעטע, מיט וועלכן עס פאַראַדירט אַזוי די ליטעראַטור פון אונדזערע היינטיקע טעג.

יאָ, לייענענדיק אפרים שרייערס „בלעטער", האָט מען די גאַנצע צייט דעם מאָדנעם איינדרוק אַז דער שרייבער האָט מיט זיינע שטילע און אָפּגעהיטענע מיטלען דורכגעפירט אַ פאַרייִנגערונג־אָפּעראַציע איבער אונדזער פאָרשטעלונג און פאַנטאַזיע און אַז ער האָט אונדז צוריקגעבראַכט אין דימיון די צייט פון וועלכער מיר זענען אַזוי ברוטאַל אַרויסגעריסן געוואָרן דורך דער צווייטער וועלט־מלחמה, כאָטש מיר ווייסן אַז דער דאָזיקער איינדרוק איז נישט קיין פּינקטלעכער, וואָרעם ווי מיר האָבן שוין פריער באַטאָנט איז דאָך בלויז אַ העלפט

פון שרייערס דערציילונגען פאַרבונדן מיט דער ווייטערער פאַרגאַנגענהייט אין לעבן פון אונדזער דור, בעת די אַנדערע העלפט מאָלט פאַר אונדז לעבנס־עפּיזאָדן וואָס זענען נישט ווייט אָפּגערוקט פון אונדזערע טעג.

מיר האָבן פריער געזאָגט אַז אפרים שרייערס פּראָזע־זאַכן מאַכן אויף אונדז דעם (נישט אַלע מאָל — ריכטיקן) איינדרוק אַז זיי שטאַמען פון אַ פאַרשווונדענער וועלט און האָבן מיט אונדזער צייט מער קיין שייכות נישט. פרעגט זיך די פראַגע: איז דאָס גוט? איז דאָס שלעכט? מעג זיך אַ שרייבער אויף אַזוי פיל אויסברעכן פון דעם הערשנדיקן ליטעראַרישן סטיל פון זיין צייט? אַזאַ שאַפן שמעקט טאַקע מיט אַ באַזונדערן אַראָמאַט, אָבער צי שמעקט עס נישט אויך אַ ביסל מיט אַרכיוו? דאָס זענען זייער אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע פראַגן פאַר דעם וואָס פאַרנעמט זיך, ווי אפרים שרייער אין זיינע עסייען, מיט דער טעאָרעטישער זייט פון ליטעראַרישן און קינסטלערישן שאַפן. אָבער דאָס ענטפערן אויף די פראַגן וואָלט אונדז אַוועקגעפירט צו ווייט פון דעם וואָס מיר שטעלן אין צענטער פון אונדזער באַהאַנדלונג. פאַר אונדז איז קודם־כּל וויכטיק איין זאַך און דאָס איז די שאלה: אין אין אפרים שרייערס שאַפן פאַראַן דאָס וואָס איז וויכטיק פאַר דער ליטעראַטור און פאַר דער קונסט? קומען אין זיי צום אויסדרוק די מענטשלעכע דערקענטעניש־ווערטן וואָס לויט זיי שאַצן מיר די קוואַליטעט פון אַ ליטעראַריש ווערק? איך בין צופרידן צו קענען אויף דער דאָזיקער דעצידירנדיקער פראַגע צו ענטפערן פּאָזיטיוו, דאָס הייסט אַז איך געפין אין אפרים שרייערס פּראָזע אַ ריי דערקענטעניש־ווערטן און אַריינבליקן אין דער טיפעניש פון דער מענטשלעכע נשמה. דער שיר השירימדיקער „עזה כמות אהבה", דער ברויז פון די געפילן וואָס שטורעמען דאָס מענטשלעכע האַרץ, די לייטזעליקייט פון דער ליבשאַפט און די שפּירונג פון גליק אינעם באַוווּנדערן די שיינקייט וואָס גאָט האָט באַשאַפן אויף זיין וועלט — דאָס אַלץ איז פאַראַן אין זיינע שטילע ראָמאַנטישע דערציילונגען און דערפאַר קען איך אונטערשטרייכן אַז טראָץ דעם וואָס דער סטיל פון זיינע „בלעטער" דערמאַנט אונדז דעם נעכטן, זענען אָבער זיינע דערציילונגען היינטיק און זיי רעדן צו אונדזער געמיט און צו אונדזערע דערפאַרונגען. באַזונדערס רעדן צו אונדזערע דערפאַרונגען די פינאַלן פון שרייערס דערציילונגען וואָס וועגן זיי וועט אונדז נאָך אויסקומען שפּעטער צו זאָגן עטלעכע ווערטער.

יש אומרים, אַז דעם גייסט פון דער צייט דערקענט מען אין דער באַציִונג צו דער פרוי. דאָס איז, אין אַ געוויסן זין, אמת. קיין שום זאַך כאַראַקטעריזירט נישט אַזוי טרעפלעך דעם צייטגייסט, די צייטקולטור און דעם צייט־כאַראַקטער ווי די באַציונג צו דער פרוי אַזוי ווי זי ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער ליטעראַטור און קונסט. עס פרעגט זיך דעריבער: צי קען מען, לויט דער אידל־ראָמאַנטישער

באַציִונג צו דער פרוי אין דער פּראָזע פון א. שרייער, משפּטן און מעסטן דעם גייסט און די קולטור פון דער צייט אין וועלכער מיר לעבן? דער ענטפער איז גאָרנישט קיין פּשוטער. אויפן ערשטן אויגנבליק קומט אויס אַז אפרים שרייער איז מיט זיין באַציִונג צום שוואַכן געשלעכט אַ יוצא־דופן אין אונדזער נאַקעט־פּאַרוואָלגאַריזירטער תּקופה און דערפאַר קען מען לויט אים, לויט זיין שאַפן, נישט משפּטן און מעסטן דעם מעמד פון דער פרוי אין אונדזער לעבן און אין אונדזער געזעלשאַפט. אָבער ווען מען טראַכט זיך אַ ביסל אַריין אין אָט דער סוגיא, מוז מען קומען צו דער מסקנא אַז טאַקע דערפאַר ווייל שרייערס באַציִונג צו דער פרוי איז אַ יוצא־דופנדיקע און זי איז נישט כאַראַקטעריסטיש ווי אַ כּלל, קען מען לויט אים, דאָס הייסט לויט זיינע דערציילונגען, יאָ מעסטן דעם צייטגייסט און די צייטקולטור מיט דער פריער דערמאָנטער מאָס. איי, ער איז, ווי מיר האָבן געזאָגט, אַן אויסנאַם אין דער ליטעראַטור פון זיין צייט? דאַרפן מיר טאַקע געדענקען דאָס געזעץ אַז דער אויסנאַם באַשטעטיקט דעם כּלל. מיט אַנדערע ווערטער: אין שפּיגל פון אפרים שרייערס ראָמאַנטיק זעט מען ערשט, באַגרייפט מען ערשט ווי ווייט מיר זענען אָוועק פון יענע יאָרן, אין וועלכע דער ראָמאַנטיזם און די אצילות־באַציִונג צו דער פרוי איז געווען הערשנדיק אין דער ליטעראַטור.

שרייער שילדערט אין זיין בוך אַ גאַנצע גאַלעריע אינטערעסאַנטע פרויען־טיפּן וועלכע אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז אין פאַרשידענע ליבע־קאָמבינאַציעס. מיר דאַכט זיך אָבער אויס אַז, כאָטש ער שילדערט אַ ריי חווהס טעכטער וואָס שיידן זיך אונטער איינע פון דער אַנדערער מיט זייער אויסזען, מיט זייער כאַראַקטער, מיט דער ספּעציפיק פון זייער שיינקייט און דער עיקר מיט זייער אינדיווידואַליטעט, גייט אים אָבער צום אַלעם ערשטן אינעם אַרויסברענגען פאַר אונדז דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פאַר דער פרוי בכלל. עס גייט אים, קען מען זאָגן, אינעם אַנטפּלעקן דאָס מיסטישע וואָס איז פאַראַן אין דער פרוי און וואָס דער גאון פון ווייַמאַר האָט עס באַצייכנט, ביים פאַרענדיקן זיין „פאַוסט", ווי „דאָס אייביק ווייבלעכע וואָס ציט אונדז צו". דאָס וויל זאָגן אַז אויף זיין אופן און מיט זיינע מיטלען זוכט אויך שרייער דעם סוד פון דעם פרויען־כּישוף, דעם סוד פון איר גראַוויטאַציע אין אונדזער לעבן.

די פרוי און איר צוצי־כּוח, די פרוי וואָס איז מוטער און געליבטע, די פרוי וואָס קען זיין אונדזער געטרייסטער פריינד און אונדזער גרעסטער שׂונא, דאָס איז די גרויסע טעמע, וואָס באַשעפטיקט די וועלט־ליטעראַטור און אַפילו די וועלט־פילאָזאָפיע פון דער פּרשה „בראשית" ביז צו אונדזערע טעג. שרייערס דערציילונגען זענען טראָפּנס פון דאָזיקן גרויסן ים. זיי זענען מוזיקאַלישע מאָמענטן פון אַ גרויסער סימפאָניע, וואָס ווערט געשפּילט אַלע מאָל מיט נייע אינסטרומענטן זינט אדם הראשון ביז צו אונדזער דור.

שרייערס באַציִונג צו דער פרוי איז, ווי מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, אַ ראָמאַנטישע, אַ צאַרטע, אַ פֿאַרערנדיקע. ער איז גאַנץ ווייט פון דער סאַרקאַסטישער פֿאַראַכטונג וואָס עס האָט געפילט צו דער פרוי גי דע מאָפּאַסאַן (ער האָט, אגב, צו די מענער אויך נישט געהאַט קיין בעסערע באַציִונג). שרייער גייט נישט מיט דעם דאָזיקן דרך. שרייער איז, קאָן מען זאָגן, אַ פרויען־פריינט. ער האַלט, ווי עס האָט געזאָגט דער רבי נחמן פון בראַסלאַוו, אַז יעדע שיינע פרוי איז אַ לייטער וואָס שטייט אָנגעשפּאַרט אין דער ערד און זיין שפּיץ גרייכט צום הימל. שרייער ווייזט אונדז דאָס ערדישע און דאָס הימלישע אין דער פרוי. ער ווייזט אונדז די פרוי און איר שיינקייט, אָבער נישטאָ ביי אים קיין „פֿאַם פֿאַטאַל". אַלע פרויען וואָס ער שילדערט זענען ווערט געוועזן זיין ליבע, אַפילו ווען די דאָזיקע ליבע האָט זיך געענדיקט מיט אַ ווייטיק אין האַרצן.

דאָ איז כדאי צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן די פינאַלן פון שרייערס דערציילונגען. אַלע פֿאַרענדיקונגען פון זיינע ליבע־עפּיזאָדן זענען אין אַ שטאַרק מינאָרן טאָן. הינטער דעם גליק פון דער ליבע שטייט דער נאַקעטער גורל פון די פֿאַרליבטע און ער שרייט כסדר: גענוג, ווילט נישט צופיל געניסן פון די ליבע־פריידן. געדענקט אַז עס איז נישטאָ קיין אייביקייט פֿאַר דעם מענטש. זיינע דערציילונגען לעשן זיך נישט אויס פון קיין האַסטיקן שטורעמווינט, אָבער זיי גייען אויס און צאַנקען אויס מיט דער צייט, מיט די געענדערטע אומשטענדן און אַזוי ווייטער און ווייטער. אָפט מאָל טרעפט שרייער איינע פון זיינע העלדינס אין יאָרן אַרום אין באַדינגונגען וואָס זענען שוין גאַנץ ווייט פון די אידילישע יאָרן פון דער ליבע און די דאָזיקע טרעפונגען מאַכן אויף אונדז אַ שטאַרקן רושם. עס דאַכט זיך אָפט מאָל אויס אַז, כדי צו שילדערן די איבערלעבונגען בעת אַזעלכע טרעפונגען, האָט שרייער אונדז דערציילט דעם ליבע־עפּיזאָד פון מיט יאָרן פריער.

שרייער האָט אַ חוש פֿאַר פֿאַרשידענע פּלאַסטישע קונסטן. אין זיין פּראָזע פילט מען דעם מאָלער וואָס זעט פֿאַרבן און ליניעס. עס זענען פֿאַראַן אין זיינע דערציילונגען פיינע, אָריגינעלע אויגפֿאַרכאַפּנדיקע פּאַסטאָראַלע פּייזאַזשן און פּיטאָרעסקע לאַנדשאַפֿטן. פֿאַראַן אויך אין זיי זייער טרעפלעך געצייכנטע און געמאָלענע פּאָרטרעטן, בעיקר פון פרויען וועלכע זענען די אָביעקטן פון זיין ליבע.

שרייער איז, ווי מיר האָבן עס שוין עטלעכע מאָל באַטאָנט, אַ ראָמאַנטיקער, אָבער ער איז דערביי באַאייגפלוסט פון אַזעלכע שרייבערס ווי סטעפאַן צווייג און פון זייער פּסיכאָלאָגישער פֿאַרשטענדעניש פֿאַר די 24 שעה אין לעבן פון דער פרוי. אָפט מאָל פילט מען אין שרייערס שרייבן אַז אים איז נישט פרעמד די לערע פון ד״ר זיגמונד פרויד וואָס נוגע די ענינים פון עראָס און סעקס.

ביים סוף פון מיין אָפּשאַצונג וויל איך באַמערקן אַז היות ווי מען האַלט אַז אַ קריטיקער מוז אין דעם בעכער פון לויבווײַן אַרײַנגיסן עטלעכע ביטערע טראָפּנס קריטיק, וועל איך אויסנוצן דעם דאָזיקן אײַנפּיר כּדי צו וואָרענען שרײַערן פאַר דער סכעמאַטישקייט פון זײַנע דערציילונגען. דאָס וואָס זײַנע דערציילונגען זענען זייער ענלעך צו זיך אין זייער אינהאַלט און אין זייער געבוי, נעמט צו זייער פיל פון זייער ווירקונג אויפן לייענער, וועלכער ווערט מיד נאָכן לייענען די דריטע אָדער פערטע דערציילונג. ווען דער לייענער ווייסט פריער אויס ווי אַזוי דער סיפּור־המעשה וועט זיך אַנטוויקלען, הייבט אים די דערציילונג אָן צו ווערן לאַנגווייליק און פאַר דעם דאַרף זיך אַ שרייבער היטן, ווייל לאַנגווייליקייט איז דער חלק פון יעדער קונסט, איבערהויפּט פון דער דערציילקונסט.

## וועגן דעם בוך „ליכט פון מיין גאַס" פון י. צ. שאַרגעל

**יעקב צבי שאַרגעל: ליכט פון מיין גאַס. לידער. פאַרלאַג: ישראל־בוך הילפס־פאַנד פאַר יידיש־שאַפונג. תל־אביב תשמ"ד, 1984.**

אַ סך מענטשן זאָגן אַז בעת זיי לייענען ש. י. עגנונען אין אָריגינאַל האָבן זיי דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן געלייענט יִדיש. צי דער דאָזיקער איינדרוק איז אַ באַגרינדעטער וועלן מיר איצט נישט דיסקוטירן. איך וויל אָבער יאָ באַטאָנען, אַז ווען איך לייען די לידער פון די דיכטערס אריה שמרי ז"ל, ווי אויך די לידער פון יעקב צבי שאַרגעל, יבדל לחיים ארוכים טובים, האָב איך דאָס געפיל ווי איך וואָלט געלייענט עברית און טייל מאָל אַפילו דעם אַלט־קלאַסישן, ביבלישן עברית.

פון וואַנען נעמט זיך דאָס דאָזיקע געפיל? זיכער קען מען עס אויפקלערן, אָבער לאָמיר עס איבערלאָזן אויף אַן אַנדער מאָל. איצט וויל איך בלויז אונטערשטרייכן אַז לויט מיין מיינונג איז פאַראַן אַן אָרגאַנישע נאָענטקייט צווישן יעקב צבי שאַרגעל (ווי אויך אריה שמרי) צו די העברעיִשע דיכטערס וואָס מען באַצייכנט ווי אָנגעהעריקע צו דעם „דור הארץ", דאָס הייסט: צו דעם דיכטער־דור וואָס איז שעפעריש אויסגעוואַקסן דאָ אין לאַנד אין דער ספּעציפישער אַטמאָספער פון חלוציזם פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה; צו דעם דור וואָס איז געקומען בויען די נייע היים און אין איר איבערגעבויט ווערן (לבנות ולהבנות) און האָט מיטן צופלוס פון יונגע כוחות געהאַט די אַמביציע צו שאַפן אַ נייעם בראשית אין דער דיכטונג — אַ בראשית פון שאַפערישע מענטשן אין פּראָצעס פון איבערבוי.

איך בין נישט קיין ספּעציאַליסט אין דער נייער העברעיִשער פּאָעזיע וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ארץ ישראל און איך וויל זיך דעריבער נישט אַריינלאָזן אין קיין דעפיניציעס און כאַראַקטעריזירונגען פון די שטרעמונגען וואָס קומען צום אויסדרוק אין דער דאָזיקער נייער ליריק — דערהויפּט ווען איך ווייס אַז אַלע דעפיניציעס און כאַראַקטעריזירונגען זענען ווי די שמאָלע און קורצע העמדער וואָס פאַרדעקן נישט דעם גאַנצן גוף און לאָזן היפּשע טיילן פון אים מחוץ די ראַמען פון מלבוש. מען קאָן אָבער פאָרט נישט פאַרלייקענען אַז אין תוך ברענגט מיט זיך יעדע ליטעראַרישע ריכטונג עפּעס

ספעציפישס וואָס לויט אירע סימנים ווערט די דאָזיקע דיכטונג דערקענט און אידענטיפיצירט. און טאַקע לויט די דאָזיקע סימנים אידענטיפיציר איך די דיכטונג פון יעקב צבי שאַרגעל — איינער פון די סאַמע ראשונים פון דער יִדיש־פּאָעזיע אין ארץ־ישראל פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — מיט דער העברעיִשער פּאָעזיע פון יענעם דור.

וואָס זענען די דאָזיקע סימנים? ווי געזאָגט בין איך נישט גרייט צו געבן קיין גרינטלעכן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע, אָבער מיר דאַכט זיך אַז איינער פון די דאָזיקע סימנים — אפשר הויפּט סימנים — איז דאָס וואָס די דיכטערס פון דער דאָזיקער ריכטונג האָבן געזונגען וועגן ארץ־ישראל אַנדערש ווי די מולדת־דיכטערס וועלכע האָבן צום לאַנד געבענקט מיט אַן אַבסטראַקטער בענקשאַפט. די חלוצישע דיכטערס האָבן זיך, קודם־כּל, באַמיט צו באַזינגען דאָס קאָנקרעטע וואָכעדיקע לעבן אין דעם זיך בויענדיקן לאַנד, דאָס לעבן פון אַרבעט וואָס איז באַזונדערס שווער געווען פאַר מענטשן, ס׳רוב אינטעלעקטואַלן, וועלכע האָבן זיך געמוזט איבערשיכטן כּדי איינצולעבן אין דער דאָזיקער וואָכעדיקייט. דאָס וויל זאָגן, אַז די דיכטער פון „דור בארץ" האָבן אויך זייער אידעאַליזם געזוכט צו ברענגען צום אויסדרוק מיט פשוטע וואָכיקע ווערטער און אימאַזשן און האָבן פאַרטריבן פון זייער געזאַנג — אפשר אַ ביסל איבערגעטריבן — יעדע שבת־יומטובדיקייט פון דער פריערדיק־העברעיִשער פּאָעזיע ביי וועלכע דער ציוניזם און די ציוניסטישע פאַרווירקלעכונג איז געווען — אויב מען מעג זיך באַנוצן מיט אַ וואָרט פון ד״ר הערצל — דער שבת פון זייער לעבן.

די דיכטערס פון דור בארץ האָבן פאַרוואָכיקט די נייע העברעיִשע פּאָעזיע און דער עיקר — זיי האָבן דורך איר געטריבן — יעדע שבת־יומטובדיקייט דערמיט האָבן זיי זייער ארץ ישראל־געזאַנג געגעבן אַ נייע דימענסיע — די דימענסיעס פון אַ נייער יומטובדיקייט. דערביי זענען זיי אַלע געווען געקומענע קיין ארץ־ישראל פון די גלות־לענדער ווו זיי זענען מושפּע געוואָרן פון די נייע ריכטונגען אין דער ליטעראַטור און קונסט, אָבער טראָץ אַלע השפּעות זענען זיי דערגאַנגען צו אַ באַזונדערער אייגנאַרטיקייט וואָס האָט זייער העברעיִש לשון געגעבן אַ נייעם אינהאַלט און אַ נייעם קלאַנג.

יעקב צבי שאַרגעל האָט געהערט לויט זיינע וואָרצלען און לויט זיין גייסטיקער און דיכטערישער פאָרמאַציע צו דעם דאָזיקן דור. דערפאַר, קאָן זיין, קלינגט מיר זיין קערנדיקער יִדיש מיט אַ העברעיִשן קלאַנג...

אָט איז אַ קליין ליד פונעם בוך „דאָס ליכט פון מיין גאַס" וואָס וועט געבן אַ באַגריף וועגן דעם וואָס איך מיין ווען איך רעד וועגן דעם העברעיִשן קלאַנג פון יעקב צבי שאַרגעלס יִדישן ליד.

און דו ביסט מיט בשורה אַזוי רייך
און רייך — דיין האָניק און דיין ווייַן.
כ׳האָב דיך נישט אויסגעטראַכט, ביסט ממש,
און מאַמע׳ש איז דיין זיין.
ווייל געקומען ביסט פון סיני
און פון שעיר אויפגעשיינט — — —
נאָר אין דיין שלייער נעפּלען ווינטן,
און נישט קלאָר איז די צייט — — —

ווייל

דער גאַנג צו דיר פון ווייט
איז נאָך אַלץ אין מיטן גאַנג
און וועט נאָך דויערן
לאַנג,
לאַנג.

און דאָס ווונדער איז וואָס אַט די העברעיִש-קלינגענדיקע פערזן ווערן געשריבן פון אַ דיכטער מיט אַ מקורדיקן ייִדישן לשון וואָס איז אַפילו באַחנט מיט לאָקאַליסטישע ראַזשינקעס פון זיין געבוירן-שטאָט, כעלם.

✶

און מענין לענין באותו הענין.

אין שאַרגעלס ליד איז נישט שווער אָפּצוזוכן די באַזונדערע באַציִונג פון דעם חלוץ צו דער פלאַנצנוועלט אין ארץ-ישראל. ס׳איז נישט אמת אַז אין גלות האָט דער ייִדישער דיכטער נישט געהאַט קיין געפיל פאַר דער נאַטור און פאַר דעם צמחים-וועלט וועלכע האָט אים אַרומגערינגלט. אַזאַ דיכטער ווי משה קולבאַק איז דער בעסטער עדות וועגן דעם שקר פון דער דאָזיקער טעזע וואָס איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן דורך אַ ריי אומוויסנדיקע. ס׳איז אָבער יאָ אמת אַז דאָ, אין ארץ-ישראל האָט דער דיכטער געפילט די נאַטור אַנדערש ווי אין גלות און דעריבער געהאַט צו איר אַ גאַנץ אַנדערע באַציִונג. און אין וואָס איז באַשטאַנען די דאָזיקע אַנדערשקייט? זי איז באַשטאַנען אין דעם וואָס אין גלות האָט דער דיכטער געטראָפן די פלאַנצנוועלט, די וועלט פון צומח אַזוי ווי זי איז. ער האָט זיך אָנטציקט מיט איר שיינקייט, מיט איר גרויסקייט און מעכטיקייט, אָבער ער האָט געוווּסט אַז נישט ער האָט די דאָזיקע שיינקייט געשאַפן, נאָר זי איז געווען העט פריער פאַר אים. אַנדערש האָט די אַרומיקע נאַטור געפילט דער דיכטער-חלוץ. ער האָט געוווּסט אַז דעם בוים, דעם אָנהייב פון אַ וואַלד, דאָס אויפגייענדיקע גרינס פון פעלד — דאָס אַלץ זענען מעשי ידיו; אַז פריער ביז ער איז אַהערגעקומען איז דאָס

אַלץ נישט געווען און געווען איז על פּי רוב אַ זאַמדיקער, געלער איינטאָניקער מדבר; אַז דעם בוים האָט ער פאַרפלאַנצט, באַוואַסערט און אָפּגעהיט זיין וואַקסן, אַז דאָס פעלד האָט ער פאַרפלאַנצט, פאַרזייט א.א.וו. א. וו. און דאָס האָט, נאַטירלעך, געמוזט שאַפן ביי אים אַ באַזונדער אינטים געפיל צו דעם שותפות פון דעם ווערק, פון דער נאַטור און פון זיינע הענט, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו קאָרעגירן אי אַ טייל פון די מעשי־בראשית און אי אַ טייל פון דעם וואָס דער לויף פון דער געשיכטע האָט גורם געווען.

אין יעקב צבי שאַרגעלס לידער איז פאַראַן אָט די באַזונדערע באַציִונג פון חלוץ צו דער נאַטור פון ארץ־ישראל — אַ נאַטור וואָס איז פאַרמירט געוואָרן דורך דעם מענטש און איז דורך אים אויפגענומען געוואָרן ווי אַ טייל פון אויפבוי פון דער אייגענער היים און בעיקר פונעם איבערבוי וואָס ער אַליין האָט דורכגעמאַכט. דער דאָזיקער אויפנעם פון דער נאַטור ווערט אַרויסגעבראַכט אין זיינע לידער צום בוים וואָס איז דער בולטסטער סימבאָל פון חלוצישן אויפלעבן דאָס לאַנד און פון פלאַנצערס אויסלעבן זיך אויף אַ נייעם אופן אין דער זיך שאַפנדיקערווירקלעכקייט וואָס דאַרף און וועט לויטן גלויבן פון חלוץ זיין אַן אידעאַלע.

אַפילו אין דעם איצטיקן בוך „ליכט פון מיין גאַס” איז פאַראַן אַ גאַנצע ריי לידער געווידמעט דעם בוים — עפּעס ווי נאָר צו באַשטעטיקן דעם אַלטן זאָג „כי האדם עץ השדה”. און אַ חוץ וואָס אין אַ צאָל לידער פלעכט שאַרגעל אַריין אין זיין געזאַנג דעם בוים, זענען אין בוך פאַראַן אַ ריי בוימלידער וואָס דער דיכטער האָט זיי צונויפגענומען אין איינעם, כאָטש ער האָט זיי נישט געגעבן אין קיין באַזונדערער אָפּטיילונג. דאָס זענען די לידער „ווען נישט דער בוים” (געווידמעט אריה שמרי ז"ל) אויף זייט 33, „ווען נישט דער בוים” זייט 34, „וואַלענסיאַ”, זייט 35, „אין דער ביימער־אַליי” זייט 36 „דער בעז־בוים” זייט 37, „אַ בוים איז איינגעפאַלן”, זייט 39 און, ווי געזאָגט, אויך אַ גאַנץ היפּשע צאָל אַנדערע לידער וואָס זענען תּהילימדיקע געזאַנגען צום בוים און וועגן בוים וואָס עס וואָלט כּדאַי געווען זיי צו דערמאָנען און צו ציטירן ווען דאָס אָרט פון אַ בוך־רעצענזיע וואָלט נישט געווען ווי יעדע זאַך אויף דער וועלט, באַגרענעצט.

פון דעסטוועגן, ווי זאָגט מען עס אין תּלמודישן לשון, פּטור בלא כלום אי אפשר. איז דעריבער לאָמיר ציטירן כאָטש איין ליד פון דעם דאָזיקן ציקל:

וואַלענסיאַ
הייסט דער מאַראַנצנבוים
וואָס איך האָב דאָ נישט לאַנג פאַרפלאַנצט.
נישט ווי חוני,

וואָס איז זיבעציק יאָר געשלאָפן
און דערוואַכט
ווען די אוראייניקלעך אַרום אים האָבן געטאַנצט,
מיין בוים —
יונג אַזוי, און מיט בלעטער אָנגעקוואָלענע ברוסטן.
זייגן אָן די קיילעכדיקע עפּל
און רייטלט זייער פּנים מיט גינגאָלד —
און איך און מיינע קינדער
רוען אין זיין שאָטן.

דאָס ליד ענדיקט זיך מיטן אויסרוף: „אוי ווען נישט דער בוים" און דער דאָזיקער אויסרוף זאָגט אונדז זייער אַ סך ווען מיר געדענקען אַז אַ סך הכל מיט צוויי זייטלעך פריער האָט דער דיכטער אַ ליד וואָס ער רופט אָן „ווען נישט דער בוים" און אין דעם דאָזיקן ליד גייט אויף די זכרון-וויזיע וועגן דעם בוים אין געבוירנלאַנד, דער בוים פון זיין אַלטער היים אין כעלם וועלכן דער דיכטער זעט ווי דעם סימבאָל פון דער פאַרשניטענער וועלט פון מזרח אייראָפּעיִשן יידנטום.

ס'איז נישט נייטיק קיין פּרשנות כדי צו באַנעמען דעם זין פון די ביידע לידער און זייער קעגנשטעלונג. „אוי, ווען נישט דער בוים", דער נאָקעטער בוים פון זיין היים אין פּוילן, דער בוים וואָס האָט סימבאָליזירט דאָס אָרעמע געמאַטערטע לעבן דאָרט — ווי וואָלט איצט געווען דער דיכטער? און פון דער צווייטער זייט ווען נישט דער בוים וואָס דער חלוץ האָט פאַרפלאַנצט אין ארץ-ישראל — ווו וואָלט ער געפונען אַ היים? תמיד ווען שאַרגעל רעדט און זינגט וועגן זיין נייער היים אין אַלטן יידישן היימלאַנד גייט אויף פאַר אים דער גורל פון דער אַלטער היים אין פּוילישן לאַנד. אַפילו ער איז נישט מכוון צו דער דאָזיקער גלייכשטעלונג, קומט זי ביי אים אַרויס אין באַוווּסטזיין און אָט דער מאָטיוו איז דער דאָמינירנדיקער אין זיינע לידער, אין זיין חלום און אין זיין וואָר...

✶

ס'איז וואָר דיין זיין, דיין הי.
דיינע שטערן האָבן מיך נישט באַטריגן
ווי דעם גרויסן פּאָעט אויף יענער ערד, —
וואָרים דיך צו זען אין דיין ווערן
געוועזן איז מיר דאָ באַשערט.
נאָר אַז איך בין געשטיגן אויף שטיגן דיינע

צו די שווינדלענדיקע טרעפּ פון דערגרייך,
האָב איך ווידער דערזען מיין חרוב שטיבל
אין געשחטענעם געסל ביים טייך.

אַז מען זאָל וועלן אָנווענדן אַ פּראָזאַישן פּירוש צו דעם דאָזיקן פּאָעטישן אני־מאמין פון דעם דיכטער, דעם חלוץ וואָס זיין אידעאַל איז מקוים געוואָרן און דאָך איז ער עפּעס נישט גאַנץ מיט זיך, נישט צופרידן מיט דער וואָר, דאַרף מען דאָס ליד גופא נעמען ווי אַ משל וואָס יעדער איינער קאָן צו אים געפינען דעם נמשל.

ניין, דער דיכטער איז נישט אַנטוישט אין זיין חלום, אין זיין אידעאַל. די שטערן האָבן אים נישט אָפּגענאַרט. ער האָט געזען דאָס ווערן פון דער מדינה און ער האָט זיך אין דעם ווערן באַטייליקט. אָבער דאָך איז די פרייד מיט דער מדינה נישט גאַנץ, נישט פולשטענדיק, ווייל ווי נאָר ער טראַכט וועגן דעם גרויסן דערגרייך, וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון דער בענקשאַפט פון דורות, שטעלט זיך אים פאַר די אויגן דאָס געשאָכטענע געסל, דער אומקום פון די ייִדן אין מזרח־אייראָפּע, וואָס מיט זייער 6 מיליאָניקן טויט האָבן מיר באַצאָלט פאַר דעם אויפקום פון אונדזער אַלט־נייעם היימלאַנד.

עמעצער האָט אַ מאָל געזאָגט אַז די אַנטשטייונג פון דער מדינה איז געקומען איין מינוט צו שפּעט. אין דער דאָזיקער איינער מינוט האָבן מיר פאַרלוירן דאָס ייִדנטום פון מזרח־אייראָפּע.

און אַנדערש וואָלט היינט אויסגעזען די מדינה ווען דאָס גרויסע מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדנטום וואָלט געלעבט און עקזיסטירט.

אַרויסבערענגען אָט דעם פּובליציסטישן געדאַנק אין דער אָנגעגליטער פּאָעטישער אַטמאָספער פון ליד — דאָס קען נאָר אַ פּאָעט וואָס האָט די דאָזיקע ענינים דורכגעפיבערט אין זיין אייגן לעבן. פאַר אים איז דעריבער דער דאָזיקער ענין נישט קיין אָביעקט פון בלויזער מחשבה נאָר ס'איז אַן ענין וואָס גייט דורך זיין גאַנץ וועזן און ער אָטעמט מיט אים בשכבו ובקומו, אין חלום און אין דער וואָר, אין געדאַנק און אין געפיל, אין באַוווּסטזיין און אין אונטערבאַוווּסטזיין.

כ'האָב דיך נישט אויסגעטראַכט. ניין.
ביסט וואָר און ממש.
ביסט ווי תפילה אַזוי ריין
און איר ריינקייט — אַ ניגון צעוויי'ט.
נאָר דער גאַנג צו דיר פון ווייט

איז נאָך אַלץ אין מיטן גאַנג
און וועט נאָך דויערן
לאַנג,
לאַנג.

אין אונדזערע צייטן, ווען ציוניזם איז געוואָרן שיער נישט אַ זידלוואָרט און איבערהויפּט אַ וואָרט וואָס רופט אַרויס אַסאָציאַציעס מיט אָפּגעלעבטן אידעאַליזם, מיט נאַיִוויטעט, און בעסטן פאַל מיט סתּם פלאַפּלערישע מסקנות (אָדער ווי אַנדערע האַלטן: מיט היפּער־פּאַטריאָטישן שמאַלץ), איז ממש אַ נחת צו טרעפן אַ דיכטער וואָס איז אַזוי געטריי געבליבן צו זיין אַלטער ציוניסטיש־חלוצישער אמונה וואָס גיט אים כּוח צו דערזען די רעאַליזירונג פון מדינה־אידעאַל, טראָץ אַלע אָפּווייכונגען פון אידעאַליסטישן וועג מיט וועלכן עס איז געגאַנגען דער חלוצישער דור וואָס האָט די מדינה געבויט. און עס איז אַ דאָפּלטער נחת צו זען אַז די דאָזיקע אמונה ווערט אַרויסגעבראַכט אין פּאָעטישע פערזן און לידער מיט וועלכע דער פּאָעט האָט דערגרייכט אַ נייעם העכערן שטאַפּל אין זיין ביז איצטיקער דיכטערישער יצירה.

## „הימלען נאָכן שטורעם" פון ישעיהו שפּיגל

דאָס בוך „הימלען נאָכן שטורעם"* פון ישעיהו שפּיגל, נעמט אַריין צווישן זיינע טאָוולען די דריי זשאַנערן אין וועלכע דער מחבר איז טעטיק אַלע זיינע שעפערישע יאָרן. דאָס מיינט צו זאָגן אַז דאָס בוך אַנטהאַלט פּראָזע, פּאָעזיע און עסייאיסטיק — דריי געביטן וואָס מיט זיי האָט ער זיך קונה שם געווען אין דער יידישער ליטעראַטור.

ווי באַלד עס גייט וועגן אַ ווערסאַטילן שרייבער וועט זיך מסתמא אָפּזוכן עמעצער וואָס וועט פרעגן: וועלכן זשאַנער געהערט די בכורה פון זיין שאַפן? איז דאָס אַ פּראַגע וואָס ס'איז זי אין געגעבענעם פאַל באַזונדערס שווער צו פּסקענען, דערהויפּט ווען מיר האַלטן זיך ביים כּלל, אַז נישט די קוואַנטיטעט דערצידירט, נאָר די קוואַליטעט און דעריבער איז דער דעת הפּוסקים אין דער וועלט־ליטעראַטור, אַז מען דאַרף שאַמיסאָס קליינע דערציילונג „פּעטער שלומיאל" שטעלן העכער פון אַלע אַנדערע פילצאַליקע שריפטן זיינע אין פּאָעטישער און דראַמאַטישער פאָרם. אין אונדזער פאַל — ווען עס גייט וועגן ישעיה שפּיגל און וועגן זיין בוך „הימלען נאָכן שטורעם", איז, אַוודאי און אַוודאי נישט גרינג צו זאָגן וועלכער זשאַנער עס איז מכריע די וואָגשאָל פון זיין שעפערישן יכולת און דעריבער מוזן מיר אָננעמען אַז ער אַנטפּלעקט זיין שרייבערישן טאַלאַנט (און אַפילו זיין קינסטלערישן טעמפּעראַמענט) אין אַלע אָנגערופענע זשאַנערן מיט וועלכע מיר טרעפן זיך אָן אין דעם דאָזיקן ווערק.

פּאַרט — היות מיר האָבן שוין ביי אַן אַנדער געלעגנהייט גערעדט וועגן שפּיגלס עסייאיסטיק און ליטעראַטור־קריטיק (זע אונדזער מאמר „אין צייכן פון ליבשאַפט און התפּעלות" אין דעם דאָזיקן בוך), וועלן מיר איצט זיך אָפּשטעלן בלויז אויף זיינע פיר דערציילונגען און אויף זיינע לידער אין דעם בוך „הימלען נאָכן שטורעם" וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, אַרויסגעגעבן דורכן וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור.

ישעיהו שפּיגל האָט שוין אין זיינע פריערדיקע דערציילונגען און ראָמאַנען געווענדט זיין בליק צו די זכרונות פון דער קינדהייט. אויך דאָס מאָל לעבט

---

* „הימלען נאָכן שטורעם", נאָוועלן, עסייען, לידער. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, תשמ"ד—1984. 345 זייטן.

ער אויף אין זיין בוך „הימלען נאָכן שטורעם" די וועלט פון זיינע קינדער־יאָרן — די יאָרן ווען ער האָט ווי אַ צעניעריק יינגל (אָדער אפשר נאָך יונגער) פאַרבראַכט אויפן לאָדזשער בית עלמין ביי זיין פעטער היל דעם אַדמיניסטראַטאָר פון דער „טויטן־מלוכה". ס'איז קלאָר אַז צוזאַמען מיט דעם יונגן העלד פון די נאָוועלן געפינען מיר זיך אין אַן אויסטערלישער סביבה, אַרומגערינגלט מיט קברנים, חברה־קדישא־לייט און כּלערליי אַנדערע כּלי קודש, און דער עיקר — מיט אַן אַ שיעור און אַן אַ צאָל קברים וואָס אין זיי געפינען זיך אייניקע וועלכע דאָס יונגע ייִנגל, האָט געקענט נאָך אידער זיי זענען אַריין אין דער מיסטעריעזער מלוכה פון די געשטאָרבענע.

אַ בית עלמין רופט, ווי מיר ווייסן, אַרויס ביי מענטשן — אויך ביי נישט שרעקעוודיקע — דאָס געפיל פון אומהיימלעכקייט. מיט דער צייט ווערן טאָקע מענטשן געוווינט צו לעבן אין שאָטן פון טויט און אין שכנות פון קברים. אָבער זיי אַנטוויקלען אין זיך אַ מין הארטקייט און אַ מין טעמפּקייט וואָס מאַכט זיי אויסטערליש און שטויסט אָפּ פון זיי. אָט דעם מין מענטשן טרעפן מיר זייער אָפט אין דער ייִדישער ליטעראַטור און מיר טרעפן זיי אַפילו אין שפּיגלס געטאָ־דערציילונגען, וואָס אין זיי איז די גרענעץ צווישן לעבן און טויט זייער אַ צעשווומענע און דער טויט גופא איז דאָרט רעאַלער און ממשותדיקער ווי אויפן בית עלמין.

דאָ טרעפן מיר זיך אָן מיט אַן אינטערעסאַנטן קינסטלערישן חידוש, וואָס גייט אויף פאַר אונדז מתוך די דערציילונגען, שפּיגלס. דער מחבר פירט אונדז אַריין צווישן די מויערן פון דעם בית עלמין, אָבער נאָכן אַריינלייענען זיך אין די נאָוועלן דערזעען מיר מיטאַמאָל, אַז דער געוויינלעכער בית־עלמין־פּערסאָנאַזש, די אַלע ייִדלעך און ווייבער וואָס טוען דעם בר מינן זיין „רעכט", די אַלע מלא־מאַכערס, קבצנים און שנאָרערס, מיט איין וואָרט: די אַלע פאַרשוינען וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ ייִדיש „גוט אָרט", פאַרנעמען נישט אונדזער אויפמערקזאַמקייט און שאַפן אַפילו נישט די דעקאָראַטיווע ראַם פאַר די דערציילונגען. אַנשטאָט זיי זאָלן פאַרנעמען אונדזער אויפמערק זענען מיר אַבסאָרבירט פון דעם וואָס עס לעבט איבער דאָס צען־יעריקע ייִנגל וואָס זיין עמפּינדלעכקייט און צעשפּילטע פאַנטאַזיע ווערן אַזוי מייסטערהאַפט, רעאַל־פּסיכאָלאָגיש, אויפגעוויקלט פאַר אונדז דורך דעם שרייבער. און דער חידוש איז דאָ וואָס נישט מאָלנדיק פאַר אונדז די שטייגערישע פּרטים פון דער בית עולם־וועלט דערגרייכט שפּיגל צו שאַפן דעם ריכטיקן איינדרוקספולן דעקאָר פאַר די איבערלעבונגען פון זיין קינדערישן העלד.

נאָך אַ גרעסערער קינסטלערישער חידוש איז דאָס וואָס שפּיגל ווייזט אונדז ווי אַזוי די מאַקאַברע פון דער רעאַליטעט טרעט אָפּ אין ווייטן הינטערגרונט פאַר די עראָטישע רייצן פון דעם יונגן העלד. ס'איז דאָ נישט נייטיק צו רעדן

איבעריקע רייד וועגן דעם פאַרבינד צווישן עראָטיק און דעם טויט („עזה כמוות אהבה" האָט געזאָגט מיט טויזנטער יאָרן צוריק דער חכם מכל האדם), אָבער וואָס אונדז פאַרכאַפּט און באַווירקט אין שפּיגלס נאָוועלן איז דאָס וואָס זיין עראָטיק איז — להיפוך דער מאַקאַברע — אַ צאַרטע, אַ לירישע, אַ פּאָעטישע און זי גייט אויף ווי אַ געזאַנג. איך זוך אין מיין זכרון נאָך אַ ייִדישן שרייבער וואָס זאָל מאָלן די עראָטיק צווישן די קברים און זאָל דערביי נישט אַריינפאַלן אין נאַטוראַליסטישן גראָטעסק. שפּיגל באַווייזט עס; אַפילו דאָס וואָס עס קומט פאָר אין דער קעלער־שטוב אויף דער ראַגאַזשע צווישן זיין פעטער חיל און דער מומע באַשע, איז מענטשלעכן און איז געזען דורך דעם ייַנגל מיט דעם אויג פון חסד וואָס וועט אין יאָר אַרום כאַראַקטעריזירן דעם שרייבער פון די קינסטלערישע זכרונות.

דער דיכטער און עסייאיסט שמואל זאַראָמב, הי"ד, האָט אַמאָל געשריבן, אַז די דערציילונג פון בריאת העולם ביז צו יציאת מצרים איז דערציילט געוואָרן כּדי צו שאַפן די רעם פאַר „אַז ישיר משה". ערטערווייז דאַכט זיך אויס אַז אַלץ וואָס שפּיגל דערציילט, מאָלט און שילדערט אין דעם בוך „הימלען נאָכן שטורעם" איז זיך מכוון צו דעם מאָמענט פון עראָטישן געזאַנג, וואָס דער דיכטער לאָזט אונדז הערן. אָט דעם געזאַנג — צענדליקער יאָרן שפּעטער — מאַכט אונדז פאַרגעסן די אימהדיקייט פון טויט כּדי מיר זאָלן דערהערן אין אונדזערע אַלטע הערצער דאָס געזאַנג פון יצירה, דאָס געזאַנג פון לעבן, דאָס געזאַנג פון דער אייביקייט.

די דערציילונגען אין שפּיגלס נייעם בוך זענען נישט בלויז פון די שענסטע קינסטלערישע דערציילונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור. שפּיגל האָט דאָ, אין אָט די דערציילונגען בעיקר אין די דערציילונגען „הינטערן שוואַרצן טויער", „אל מלא רחמים" און טיילווייז אויך אין דער דערציילונג „כּישוף") צונויפגעבראַכט אַ דבר והיפוכו, אַ זאַך וואָס אַנטהאַלט אין זיך, לכאורה, דעם קעגנזאַץ (ליבע און עראָטיק אין שכנהשאַפט מיטן טויט). אָבער ווי אַ קינסטלער מיט אַ שאַרפן בליק אין דער מענטשלעכער פּסיכיק און מיט אַ טיפער פאַרשטענדעניש פאַר די געפילן פון דעם בן אדם האָט ער געגרייכט צו יענע הויכקייטן צו וועלכע עס האָבן געגרייכט די גדולים פון דער ייִדישער ליטעראַטור און די גדולים פון דער וועלט־ליטעראַטור.

כ'האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף די דערציילונגען אין ישעיהו שפּיגלס נאָר וואָס דערשינענעם בוך „הימלען נאָכן שטורעם", כאָטש איך האָב לכתחילה געזאָגט אַז אין לעצטן סך הכל איז שווער צו זאָגן וועלכן ליטעראַרישן זשאַנער עס געהערט די בכורה אין זיין שעפערישער טעטיקייט. מען דאַרף דעריבער אָננעמען אַז אַלע זיינע זשאַנערן זענען גלייכוועריק. און ביים באַהאַנדלען זיי דאַרפן זיי באַקומען די זעלביקע אויפמערקזאַמקייט. אויב דאָס געשעט נישט

איז עס דערפֿאַר ווייל אַפילו צווישן גלייכווערטיקע שאַפונגען זענען אָפּטמאָל פֿאַראַן אַזעלכע וואָס מען דאַרף וועגן זיי מאריך זיין (מחמת געוויסע חידושים וואָס זיי פֿאַרמאָגן) און פֿאַראַן אַזעלכע וואָס מען קען די רייד וועגן זיי מקצר זיין ואפֿילו מצווה היא...

ישעיהו שפּיגל, דער דיכטער פֿון לאָדזש און לאָדזשער געטאָ, האָט זיך שוין דערוואָרבן אַ פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליריק מיט זיין ערשטלינג בוך „מיטן פּנים צו דער זון", וואָס איז דערשינען פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיינע נאָך־מלחמה־לידער האָבן איינגעהאַלטן אַלע שעפֿערישע מעלות פֿון זיין פֿאַר־מלחמהדיקער דיכטונג, זענען אָבער פֿולער געוואָרן מחמת זייער טראַגישן אויסקלאַנג וואָס האָט זיך געלאָזט אין זיי הערן ווי אַן עכאָ פֿון די איבערלעבענישן אין דער לאָדזשער געטאָ און אין אוישוויץ־לאַגער. ווי אַלע טאַלאַנטפֿולע דיכטער וועלכע זענען אין טרעבלינקע יאָ געווען, ראַנגלט ער זיך מיט די זכרונות און קאָן נישט אַוועקגיין פֿון דעם וואָס איז געשען. אָבער כאַראַקטעריסטיש איז וואָס אין פֿיין פֿון געדענקען דאָס געשעענע, זינגט דער דיכטער נישט וועגן דעם גרויל, נאָר וועגן די מינוטן פֿון חסד וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין דער גרוילצייט. און דער גרעסטער חסד פֿאַר אים איז דאָס ליד, דאָס פּאָעטישע שאַפֿן.

„פֿון אַלע קרוינען אויף דיין גראָען קאָפּ / דו טראָגסט בלויז אין דער האַנט אַן אַלטן סצעפּטער. / אינעם וועלקן פֿאַלן די גירלאַנדעס אָפּ / און דאָס שיינע ליכט ווערט אויסגעוועפּטער. // פֿון אַלע זילבערטאַצן, פֿון זייער גאָלד און מעש, / פֿאַרבאָרגן אויפֿן לייב דו טראָגסט אַן אַלטע טאָרבע. / די זון האָט קיינמאָל נישט באַפֿוילן: גיי פֿאַרלעש / דעם גרויסן בראַנד פֿון די וואָס זענען שוין געשטאָרבן. // און דו האָסט זיך געשפּיגלט אינעם שירה־קוואַל, / נאַרציזיק דיין געשטאַלט צו שטראָמען איינגעבויגן. / האָסט נישט געוווּסט אַז שווערער פֿון ניאַגאַראַ־פֿאַל / ווערט זיין די קלענסטע טרער פֿון צעאַשטע אויגן. // דאָס פֿייער האָט די קרוינען אויף דיין קאָפּ געלאָשן, / איצט טראָגסטו אויפֿן לייב אַן אַלטע, גרויע טאָרבע. / איצט ווייסטו שוין: דער סצעפּטער היילט נישט מער דיין שירה־לשון / געפֿאַנגען ביסט פֿון אַלע וואָס זענען שוין געשטאָרבן".
(זייט 288).

שפּיגל פֿאַרמאָגט אַן אייגן קול. זיינע לידער זענען חשבון הנפשדיק, מען פֿילט אַז דאָס פּאָעטישע וואָרט זיינס איז די בריק פֿון ייִדישן גורל וואָס פֿירט אים צום נצח פֿון שאַפֿערישן פֿאַרבלייב.

שפּיגל זינגט אין איינעם פֿון זיינע לידער וועגן דעם אַז ער „פֿירט שוין מער נישט קיין מלחמה מיט די גראַמען". דער אמת איז אַז דער פּאָעט פֿירט שוין מער נישט קיין קידער ווידער מיט די זכרונות וואָס דערמאָנען אים דעם איבערגעלעבטן גרויל. ער זאָגט אַז די טרערן (און מסתמא די זכרונות וואָס

רופן זיי אַרויס) פירן אים סיי ווי צו דעם שרייבטיש וואָס איז זיין לידער־גילאָטינע, ווייל אַפילו אַז —

„אַלע טויטע האָבן דיך שוין פאַרגעסן,
דו אַליין קאָנסט זיי אַלע נישט פאַרלעשן אין זכרון״ —

ניין, דער דיכטער, פונקט ווי זיין דור קען נישט פאַרלעשן אין זכרון די איבערלעבענישן וואָס זענען באַגלייט געוואָרן דורך דעם מוראדיקסטן טויט. און דעריבער קלינגט פאַר אונדז מיט אַזויפיל אינטימען צער, מיט אַזויפיל טראַגישן ווייטיק די לעצטע סטראָף פון דעם נאָר וואָס ציטירטן ליד וואָס לייענט זיך ווי אַ ווידוי:

און ווען איך וועל, גראָד ווי איר, שוין לאַנג זיין פאַרשווונדן —
וועלן נאָך אין האַלבע סטראָפן זינגען אַלע מיינע ווונדן.
און פון אַלע סטראָפן מיינע מיטנעמען כ׳וועל בלויז איינע, איינע —
פאַר כביכול — זאָל ער אויכעט מיט מיינע אַלטע סטראָפן וויינען״.
(זייט 283)

ווער עס האָט געלייענט (אָדער וועט לייענען) ישעיהו שפּיגלס בוך „הימלען נאָכן שטורעם״ וועט גיך איינזען אַז איך האָב נישט אויסגעשעפּט און נישט כאַראַקטעריזירט אַלע וויכטיקע מאָמענטן און קוואַליטעטן פון דעם דאָזיקן ספר. איך בין זיך מודה אַז דאָס איז אַן עוולה און איך נעם אויף זיך אַז איך וועל, ביי אַ גוטער געלעגנהייט און ביי הרחבת הדעת עס באַהאַנדלען אַזוי ווי עס פאַרדינט און נישט אַזוי ווי איצט — ראשי פּרקימדיק ובקוצר נשימה.

## „אין דער מחיצה פון שאָפער״ פון אברהם ליס

„אין דער מחיצה פון שאָפער״ איז דאָס דריטע בוך פון אברהם ליס. זיין ערשט בוך „היים און דויער״ איז דערשינען אין יאָר 1960. דאָס צווייטע בוך — „אין זכות פון וואָרט״ איז דערשינען אין יאָר 1969. ביידע ביכער זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן פאַרלאַג „י. ל. פרץ״, תל־אביב, דאָס איצטיקע בוך „אין דער מחיצה פון שאָפער״ איז אויך דערשינען אין דעם זעלביקן פאַרלאַג, וואָס אברהם ליס געהערט צו זיינע מיטגרינדערס.

דאָס בוך „אין דער מחיצה פון שאָפער״, וואָס אַנטהאַלט אַ צאָל קריטישע מאמרים און עסייען וועגן שרייבערס און זייערע ווערק, איז אַ ווייטערגאַנג פון דעם מחברס ביז איצטיקן דרך אין דער ליטעראַטור־קריטיק. ווער עס קען אברהם ליסן פון זיינע ערשטע ביכער, וועט אים גרינג דערקענען אין יעדן עסיי, אָדער אָפּהאַנדלונג פון זיין איצטיק בוך, און דאָך וואָלט איך געזאָגט, אַז אין די אַרבעטן, וואָס גייען אַריין אין דעם נייעם בוך איז ניכּר אַ מין רייפקייט און צייטיקייט וואָס קומט, אי פון דער עלטער און אי פון די צייט־דערפאַרונגען און דאָס איז דווקא אַ גוטער סימן פאַר אַ שרייבער, ווייל עס ווייזט, אַז ער האָט זיך אַנטוויקלט און איז געגאַנגען פאָרויס.

„אין דער מחיצה פון שאָפער״ איז, ווי געזאָגט, אַ בוך עסייען און ליטעראַטור־קריטישע אָפּהאַנדלונגען, וועלכע דער מחבר האָט געשריבן צו פאַרשידענע געלעגנהייטן און אין פאַרשידענע צייטן, מערסטן טייל פאַר צייטונגען און זשורנאַלן און אויך פאַר בעל פה־אַרויסטרעטונגען אויף פאַרשידענע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טריבונעס.

דאָ גייען אויך אַריין אַ געוויסע צאָל אַרבעטן ווי הקדמות צו ביכער, בעיקר צו די ביכער, וועלכע עס גיט אַרויס דער „בית שלום־עליכם״, וואָס אברהם ליס איז זיין דינאַמישער דירעקטאָר. טראָץ דעם, וואָס די אַרבעטן אין בוך זענען געשריבן אין פאַרשידענע צייטן און ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, איז אָבער אין זיי פאַראַן עפּעס אַ בינדנדיקע איינהייטלעכקייט און מען קאָן בשום־אופן נישט זאָגן, אַז זיי זענען סתּם אַזוי צונויפגעזאַמלט אין די טאָוולען פון אַ בוך, ווי דאָס געשעט גאַנץ אָפט, אומאויסגערעדט זאָל עס זיין, ביי אַ סך שרייבערס, וואָס גיבן אַרויס ביכער. די בינדנדיקע איינהייטלעכקייט וואָס איז פאַראַן אין ליסעס בוך — דאָס איז הן זיין טיפע ליבשאַפט און פיעטעט צום ייִדישן וואָרט און צום ייִדישן מחבר, והן די פנימיותדיקע באַהאַוונטקייט אין

די פּראָבלעמען פון ייִדישן שאַפער, וועלכע זענען אויך די לייב און זעל־פּראָבלעמען פון דעם קריטישן און עסייאיסטישן אָפּשאַצער.

בדרך־כלל ווערט ביי אונדז זייער ווייניק געשריבן וועגן ליטעראַטור־קריטיק און דאָס איז באמת אַן עוולה. ש. ניגער און יעקב גלאַטשטיין, עליהם השלום, האָבן אַ סך מאָל זיך געקלאָגט אויף דעם וואָס ביי אונז האָט מען די ליטעראַטור־קריטיק נאָך אַלץ נישט לעגאַליזירט ווי אַ פּאָזיציוון און ווירקנדיקן שעפערישן זשאַנער. מען מיינט ביי אונדז נאָך אַלץ, אַז דער ליטעראַטור־קריטיקער איז אַ מין דרדקי־מלמד מיט אַ טייטל און מיט אַ קאַנטשיק, וואָס ער לאָזט אַראָפּ אויפן תּלמיד דעמאָלט, ווען יענער זאָגט נישט דעם ריכטיקן פּשט. אַז ליטעראַטור־קריטיק איז אַליין אַ שעפערישער אופן פון שרייבערישן אויסדרוק — דאָס וויל מען נאָך אַלץ נישט פאַרשטיין און מען האַלט, אַז אין אַלגעמיין דאַרף דער קריטיקער נישט פּרוּוון אין יענעמס שאַפונג אריינברענגען זיינע אייגענע דריי גראָשן.

פון דער צווייטער זייט איז אויך אמת אַז ס'איז פאַראַן ביי אונדז אַן אַזוי גערופענע עסייאיסטישע קריטיק, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן נישט מיט עסיי און נישט קריטיק. די דאָזיקע קריטיק נעמט בלויז צופעליקע שורות פון אַ דיכטערישע שאַפונג, אָדער צופעליקע פּראָבלעמען און געשטאַלטן פון אַ פּראָזע־ווערק און וויקלט זיי אַרום מיט אַ מין לירישער וואַטע וואָס האָט קיין שום שייכות נישט מיט די באַהאַנדלטע ווערק און איז אָפט מאָל אין פולן ווידערשפּרוך צו זיי.

אברהם ליס געהערט נישט צו דעם דאָזיקן מין ליטעראַטור־קריטיקערס. אברהם ליס גייט ברוך־השם, אין די וועגן פון דער ליטעראַטור־קריטיק אונדזערער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט בעל־מחשבותן, איז גרונטיק אויסגעבויט געוואָרן דורך ש. ניגער און איז פאַנאַנדערגעצווייגט געוואָרן דורך יעקב גלאַטשטיין, ד״ר מוקדוני, ברוך ריווקין, א. ב. טאַבאַטשניק, ד״ר אליהו שולמאַן, ל. ראַפּאַ־פּאָרט און אַנדערע. דאָס איז די ליטעראַטור־קריטיק וואָס איר נאַטירלעכע באַזע איז דאָס שרייבערישע ווערק אָבער דערביי גיט אים דאָס ווערק די מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיפן אין די פּראָבלעמען, וועלכע באַשעפטיקן אים אַליין און זיך אַרויסצוזאָגן וועגן ענינים, וואָס זענען אים נאָענט. דערצו איז זיין אידענטיפיקאַציע, אָדער אָפּאָזיציע צום באַהאַנדלטן ווערק און שרייבער אויס־געהאַלטן לויט די כּללים פון אַ באַשטימטער וועלט־אַנשויונג, וואָס ער ווענדט אָן צו אַלע ווערק און נישט ווי דאָס טוען אייניקע קריטיקער, וואָס בויען אויף צו יעדן שרייבער, אין הסכּם מיט זיין באַציִונג צו אים, אַ ספּעציעלע ליטעראַטור־קריטישע וועלט־אַנשויִונג.

אין זיין עסיי „אהבת־ישראל און גלויבן" קומט אברהם ליס אַרויס מיט דער פעסטשטעלונג, אַז אין אונדזער איצטיקער צייט דערשיינען אַ סך ייִדישע

ביכער, אָבער קיין ליטעראַטור האָבן מיר נישט. אין די סוף פּערציקער, צי גאָר אָנהייב פופציקער יאָרן איז מיט אַזאַ ענלעכער טענה אַרויסגעקומען ש. ניגער, ע״ה, ניגער האָט אָבער אין זין געהאַט דאָס, וואָס מען רופט אָן: ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקייט, אָבער ער איז נישט אויסן געווען צו זאָגן, אַז די ווערק וואָס ווערן געשאַפן און די ביכער, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן געהערן נישט צו דער ליטעראַטור און דערפילן נישט די שליחות, וואָס ליטעראַטור דאַרף דערפילן. לויט ליסן קומט אויס, אַז מיר האָבן ביכער און מיר האָבן נישט קיין ליטעראַטור דערפאַר, ווייל עס פעלט אָט די אַלע דערשיינענדיקע ביכער, ווי ער דריקט זיך אויס, „די חיותדיקע אידעיִשקייט, דער ציל־באַוווסטער אידעיִשער מאָטיוו, וואָס האָט געאָטעמט מיט סאָציאַלן, מיט עטישן, מיט ייִדיש־מענטשלעכן הויך״.

זאָל מיר דערלויבט זיין אויף דעם פּונקט לגמרי זיך פאַנאַנדערצוגיין מיט אברהם ליסן. איך האַלט, אַז חבר ליס האָט די דאָזיקע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט אונטער דעם איינפלוס פון אַ יאוש־שטימונג, אָדער אפשר אונטער דער השפעה פון אַ מאַזאָכיסטישן קאָמפּלעקס. נאָך דעם ווי ער אַליין אַנאַליזירט און צעגלידערט די ליטעראַרישע און אידעיִשע ווערטן פון אַ האַלבער מאה שרייבערס (וואָס פאַר אַ העלפט פון זיי געפינט ער ווערטער פון לויב און טיפער אָנערקענונג), איז עפּעס אויסטערליש צו הערן, אַז די דאָזיקע האַלבע מאה שרייבערס שאַפט נישט קיין ליטעראַטור, נאָר זי שאַפט בלויז ביכער. דער אמת איז, אַז די פּעריפעריע אַרום דער ייִדישער ליטעראַטור איז טאַקע קליין און ענג געוואָרן; אַז דער אינטערעס צום ייִדישן בוך, צו דער ייִדישער ליטעראַטור איז איינגעשרומפּן געוואָרן און עס האַלט שוין באַלד ביי אַ לאַגע ווען אַ ייִדישער שרייבער דאַרף זיך אָנטשולדיקן, הלמאי ער גיט אַרויס זיינס אַ בוך און שטערט דעם נישט־פאַראַנענעם לייענער זיין רו. אָבער נישט געקוקט אויף דעם איז פאַראַן נישט בלויז קיין טויטער ביכער־מאַרק, נאָר עס איז פאַראַן אַ לעבעדיקע ייִדישע ליטעראַטור, ווייל עס דערשיינען גרויסע ליטעראַרישע ווערק און אין די ווערק זענען פאַראַן גרויסע אירעען און גרויסע פאָלקס־שליחותן. אפשר האָט מען אַ מאָל אין אונדזער ליטעראַטור מער מקפּיד געווען אויף די סאָציאַל־פּאָליטישע טומלענישן פון דער צייט, וואָס זענען אין די לעצטע יאָרן פאַרשוווּנדן. אָבער זיכער איז, אַז אויך היינט צו טאָג האָבן מיר גרויסע ליטעראַרישע ווערק פון אַ פאַרנעם, וואָס זענען אויך פריער געווען אַ זעלטנקייט. מיר האָבן אַלץ, וואָס אַ ליטעראַטור דאַרף האָבן: קינסט לערישע ווערטן, עכטע פאָלקס־דערקענטענישן, עטישע אידעען און אפילו דעם קאַמף פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער גערעכטיקייט. דאָס וואָס מען יאַרידעוועט היינט ווייניקער אין אונדזער ליטעראַטור אין גראַד נישט קיין חסרון און אַזאַ קריטיקער, ווי אברהם ליס דאַרף אַוודאי געדענקען, אַז פּונקט ווי מען טאָר

נישט מוציא שם רע זיין אויפן פּרט, טאָר מען אויך נישט פאַרמשפּטן לגנאי דעם כּלל. דאָס מיינט: די גאַנצע היינטצייטיקע ייִדישע ליטעראַטור, וועלכע אין באמת דאָס וואונדער פון ייִדישן גייסט, שוין פּשוט דערפאַר, ווייל זי ווערט געשאַפן אין אַנטי־קלימאַט און וואַקסט פון דעסטוועגן צו הייכן, מיט וועלכע מיר וואָלטן זיך נישט געהאַט צו שעמען אין די בעסטע צייטן און ביי די בעסטע באַדינגונגען.

אברהם ליס געהערט צום קרייז פון די ראשונים אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין ארץ־ישראל און מדינת ישראל. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט אַ ספּעציעלן אינטערעס צו די היגע ייִדישע שרייבערס, וועמענס אַנטוויקלונג ער פאָלגט נאָך, אָפּט מאָל פון זייער סאַמע אָנהייב. לאָמיר דאָ זאָגן, אַז ווען עס האַנדלט זיך אין די דאָזיקע שרייבערס און אין זייער שעפערישער אַנטוויקלונג, אָדער רחמנא לצלן אין זייער שרייבערישן אַראָפּגאַנג (אויך דאָס טרעפט), איז אברהם ליס אַ פאַרלאָזלעכער מקור און מיר קריגן ביי אים אינפאָרמאַציע פון דער ערשטער האַנט, וואָס דינט אונדז צו באַנעמען דעם וועג פון געוויסע שרייבערס און צו פאַרשטיין די שוועריקייטן מיט וועלכע זיי האָבן זיך געראַנגלט, לאַוו־דווקא אויפן באָדן פון קאַמף פאַר ייִדיש.

אין דעם באַהאַנדלטן בוך „אין דער מחיצה פון שאַפער" האָט אברהם ליס אויך איינגעזאַמלט מאמרים וועגן ייִדישע שרייבערס, וועלכע געפינען זיך מחוץ ישראל, כאָטש וועלכער ייִדישער מענטש און באַזונדערס וועלכער ייִדישער שאַפער וואָס געפינט זיך אַפילו פיזיש ווייט פון ישראל האָט עס נישט קיין גייסטיקן קאָנטאַקט און קיין גייסטיק־עמאָציאָנעלן שותפות מיט ישראל, מיט אירע פּראָבלעמען, שוועריקייטן און דערגרייכונגען?

אין איינעם פון זיינע אָפּהאַנדלונגען, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך „אין דער מחיצה פון שאַפער", אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן זיין בן־עיר, דעם באַוווּסטן קריטיקער יהושע ראַפּאָפּאָרט, שרייבט אברהם ליס:

„אַ קריטיקער, כּידוע, אַרבעט נישט אין קיין פּוסטן חלל. אַ קריטיקער דאַרף באַגלייטן די ליטעראַטור אין אירע זיג־זאַגן און קלימאַטן. אַוודאי דאַרף ער פאָדערן, פאַרלאַנגען, זי קירעווען אידעיִש און קינסטלעריש".

ליס פּירט אויס, אַז י. ראַפּאָפּאָרט, ע"ה האָט לײדער, געהאַט דאָס אומגליק אַריינצופאַלן אין אַ סביבה, ווו ער האָט נישט געקענט דערפילן די דאָזיקע קריטישע אויפגאַבן. לאָמיר דאָ צוגעבן, אַז אברהם ליס גופא יבלח"א האָט יאָ געהאַט דאָס מזל זיך איינצוניסטן אין אַ שעפערישער סביבה, פון וועלכער מען האָט געקענט פאָדערן און פאַרלאַנגען און וועלכע מען האָט געקענט, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע קריטיקערס, קירעווען אידעיִש און קינסטלעריש. ליס האָט זיין אויפגאַבע ווי אַ קריטיקער דערפילט. ער האָט עס געטאָן ביז איצט ועוד ידו נטויה. מיר קענען נאָך פון אים אַ סך דערוואַרטן...

# אליהו ליפינערס „אידעאָלאָגיע פון ייִדישן אלף־בית״

א.

כ׳וועל זאָגן באַלד ביים אָנהייב דאָס וואָס מען זאָגט געוויינלעך ביים סוף: מיטן אַרויסגעבן ד״ר אליהו ליפּינערס ווערק „אידעאָלאָגיע פון ייִדישן אלף־בית״ האָט דער „ייוואָ״ אין בוענאָס איירעס געטאָן אַזאַ גרויסע און וויכטיקע זאַך, אַז ווען אַפילו ער זאָל אין משך פון פאַרגאַנגענעם יאָר נישט האָבן געפירט קיין שום אַנדערע אַקטיוויטעטן וואָלט מען אויף געקענט זאָגן מיטן נוסח פון דער הגדה: דיינו.

וואָרעם ד״ר אליהו ליפּינערס „אידעאָלאָגיע פון ייִדישן אלף־בית״ אין נישט סתם קיין בוך וואָס מען לייענט עס איבער (אָדער „מען לייענט עס אויס״) און מען לייגט עס אַוועק, נאָר ס׳איז אַ בוך וואָס מען איז דערין מעיין יעדעס מאָל ווען מען האָט אַ פרייע מינוט און אַ פריי געמיט. בכל־אופן געהערט עס נישט צו די אויסגאַבן וואָס זייער הויפּט־מעלה איז דאָס וואָס זיי גיבן די מעגלעכקייט צו פּראַווען ביבליאָגראַפישן אָפּטימיזם אויפן חשבון פון דער פאַרלעגערישער טעטיקייט אין ייִדישן לשון, נאָר עס איז אַ ווערק וואָס קיין שום קולטור־לשון קאָן זיך דערין נישט באַגיין און אונדזער ייִדיש, וואָס איז לית מאן דפלג אַ קולטור־שפּראַך, האָט שוין לאַנג דערויף געוואַרט.

לאָמיר דאָ צוגעבן נאָך עפּעס: דאָס וואָס פאַרבינדט צום בולטסטן און צום אינטימסטן אונדזער ייִדיש, סיי מיט דער אייביקער שפּראַך פון אונדזער פאָלק, סיי מיט די פאַרשידענע אַנדערע ייִדישע שפּראַכן, אין דער אלף־בית, די אותיות מרובעות. ד״ר ליפּינערס קאַפּיטאַל און טאַקע מאָנומענטאַל ווערק וועגן דער ניגלה און דעם נסתּר פון די ייִדישע אותיות, איז דעריבער אַן אַרבעט וואָס נוגע דער גאַנצער דריי־טויזנט־יעריקער קולטור אונדזערער, וואָס די שריפט איז איר קאָנטיקסטער עקספּאָנענט. דערפאַר איז אונדזער סאַטיספאַקציע באַזונדערס גרויס ווען מיר זעען פאַר זיך אַזאַ פאַרנעמיק ווערק אויף ייִדיש וואָס יעדער פאָרשער פון אונדזער קולטור־געשיכטע וועט דערצו מוזן אָנקומען. דאָס איז דער שיינער און וואָגיקער צושטייער וואָס לשון ייִדיש גיט אַן אַלפאָלקיש קולטור־געביט און דעריבער וועט דאָס בוך זיך מוזן געפינען אין דער ביבליאָטעק פון יעדן ספּעציאַליסט און פון יעדן וואָס האָט פאַר־אינטערעסירונגען אויף דעם דאָזיקן פאָרשערישן שטח.

דאָס בוך האָט הינטער זיך אַ כאַראַקטעריסטישע געשיכטע: מיט יאָרן צוריק איז עס אין אַ פאַרקלענערטן פאָרמאַט אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן „ייוואָ" אין בוענאָס איירעס. מעשה־שטן זענען געשען אַ ריי מכשולים (דרוק־פעלערן און אומפּינקטלעכקייטן) וואָס האָבן בשום־אופן נישט געפּאַסט פאַר אַזאַ אויסגאַבע. ד״ר ליפינער האָט דאַן געהאַט קוראַזש די גאַנצע אויפלאַגע אַרויסצוציען פון פאַרקער און זי איז כּמעט פאַרניכטעט געוואָרן. אָבער אַנשטאָט דאָס זעלביקע בוך באַנייס אַרויסצוגעבן אַן די קאָרעקטור־גרייזן וואָס אַנדערע האָבן געמאַכט, האָט ד״ר ליפינער דעם פאַקט אויפגענומען ווי אַן אצבע־אלוקים, און ער האָט באַנייס גענומען אַריינטראַכטן און אַריינלערנען אין זיין טעמע, כּדי זי אין דער נייער באַאַרבעטונג צו דערפירן צו אַ גרעסערער שלימות. דער שלימזלדיקער טראַף האָט זיך, בכן, אַרויסגעוויזן ווי זייער מזלדיק, ווייל אין רעזולטאַט פון דער נייער באַאַרבעטונג און די נייע צוגאָבן, האָבן מיר איצט באַקומען אַ ניי גרויס ווערק וואָס איז, אַן אַ פאַרגלייך, רייכער, פאַרגעמיקער און וואָגיקער ווי דאָס בוך וואָס ער האָט זיך געזען געצוווּנגען דן צו זיין לגניזה.

ד״ר אליהו ליפינער האָט זיך אין זיין אַרבעט געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו דערציילן, צו דערווייזן און דער עיקר — צו אַנטפּלעקן די גרויסקייט וואָס אונדזער פאָלק האָט אַריינגעלייגט אין די קליינע אותיותלעך, און דאָס האָט ער מיט זיין ווערק פולשטענדיק דערגרייכט. ער האָט פאַר אונדז אַנטפּלעקט דאָס סאַמע מערקווירדיקסטע, נעמלעך: אַז דער יידישער גייסט האָט אין די אותיות נישט געזען בלויז קיין נייטראַלע שריפט־צייכנס וואָס לעבן נאָר מיטן כּוח פון דעם געדאַנק מיט וועלכן זיי ווערן אָנגעלאָדן און וועלכן זיי דאַרפן פאַרפיקסירן, נאָר אַז די אותיות פון אונדזער אלף־בית האָבן זייער אייגענעם באַדייט און זייער אייגענעם טיפן אינהאַלט, וועלכן מען דאַרף לערנען ווי אַ באַזונדערע לערע וואָס איר טיפקייט און אינטערעסאַנטקייט איז אין לשער.

ב.

אליהו ליפינער זאָגט אונדז אין דעם אַריינפיר צום בוך „אידעאָלאָגיע פון יידישן אלף־בית" אַז זיין עובדה איז נישט צו באַשרייבן די געשיכטע פון כּתב בכלל און אויך נישט די געשיכטע און די אַנטוויקלונג פון כּתב ביי יידן. זיין אַרבעט איז באַשטימט פאַר דעם ניגלה און נסתּר פון דער יידישער שריפט און כאָטש ער מיידט נישט אויס צו געבן אַ גיכן בליק איבער דער דריי טויזנט יעריקער געשיכטע פון דעם יידישן כּתב און זיינע גראַפישע אומוואַנדלונגען, גייט אים אָבער, בעיקר, אין די אידעאָלאָגישע גילגולים פון דער יידישער באַציִונג צו די אלף־בית אותיות ווי צו זעלבסטשטענדיקע ווערטן אין אין דער געשיכטע פון יידישן גייסט.

כּדי אונדז צו אַנטפּלעקן און וויזן די אַלע אידעאָלאָגישע גילגולים, אַקערט

ליפינער דורך די גאַנצע ריזיקע ליטעראַטור וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט ביי ייִדן אויף דעם דאָזיקן געביט און מען דאַרף זאָגן, אַז דער מחבר ווייזט דאָ אַרויס נישט בלויז אַן אומגעהייערע בקיאות אין דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור, כּפֿעציעל אין דער ליטעראַטור וואָס איז פֿאַרבונדן מיט זיין טעמאַטישן שטח, נאָר ער ווייזט אויך אַרויס אַ סך חריפות פון אַ זעלבסטשטענדיקן דענקער־אַנאַליטיקער וואָס גייט מיט זיכערקייט דורך דעם וואַלד פון טעקסטן און בלאָנדזשעט נישט אַראָפּ פונעם וועג צו זיין ציל. דערביי איז ער, ווי אַן אמתער געלערנטער און גרינטלעכער פֿאָרשער, זייער מעטאָדיש און וויקלט פֿאַר אונדז אויס די פֿאַרביקע, אָפט פֿאַנטאַסטישע טעמע מיט אַלע אירע אַספּעקטן און באַזונדערקייטן, אַזוי אַז ווען מיר האָבן דורכשטודירט דאָס דאָזיקע פֿאַרנעמיקע ווערק, האָבן מיר פֿאַר זיך אַ גאַנצן טורעם־בנין, וואָס פֿאַרכאַפּט אונדזער אויפֿמערקזאַמקייט מיט זיין ווונדערבאַרער קאָנסטרוקציע און מיט אַלע זיינע חדרי־חדרים וועלכע לאָקן אונדז מיט זייערע אוצרות פון אנטפּלעקטן וויסן.

לויט דער ייִדישער מסורה, אָדער לויט דער ייִדישער לעגענדע, איז די שריפֿט באַשאַפֿן געוואָרן דורך דעם בורא עולם. ערב־שבת פֿאַרנאַכט.

וויבאַלד זי איז געווען דאָס ווערק פון געטלעכן באַשאַף, איז זי במילא שוין אָנגעלאָדן מיט די אַלע סודות וועלכע זענען פֿאַראַן אין דער יצירה. וואָרעם כּביכול האָט קיין שום זאַך נישט באַשאַפֿן אָן אַ מיין און דערפֿאַר האָט ער אויך דעם אלף־בית נישט געפֿורעמט אָן ספּעציעלע כּוונות. דערפֿון פֿאַרשטייט מען שוין פֿאַר וואָס ייִדישע בעלי־רעיון האָבן זיך אַזוי פיל אָפּגעגעבן מיטן אויסגעפֿינען די געטלעכע כּוונות וואָס זענען פֿאַראַן אין יעדן ייִדישן אות און דערפֿאַר, ווערט שוין אויך פֿאַרשטענדלעך פֿאַר וואָס ביי ייִדן האָט זיך געשאַפֿן אַזאַ רייכע ליטעראַטור פון מפרש זיין און דעשיפֿרירן די באַהאַלטענע זינען פון יעדער גראַפֿישער מאָדולאַציע וואָס באַשטימט די צורה פון די ייִדישע אותיות.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן דאָ מער צו טאָן מיט נסתּר ווי מיט נגלה, וואָרעם יעדע פֿאָרשונג פון געטלעכן מיין מוז דערפֿירן צו מיסטיק. און וויבאַלד מיסטיק, בלייבט מען שוין נישט שטיין בלויז ביים פֿאַרשן דאָס וואָס הקדוש־ברוך־הוא האָט מכוון געווען מיט אויספֿאָרמירן דאָס אות אַזוי און נישט אַנדערש, נאָר מען נעמט שוין אויך גלויבן, אַז אין דעם אות ליגט אַ באַזונדערע קראַפֿט וואָס מען דאַרף זוכן און פֿאָרשן, כּדי צו קומען אויף אירע שפּורן. דערביי הייבט אונדז אָן ווערן קלאָר פֿאַרוואָס די בעלי־הקמעה האָבן זיך נוהג געווען צו פֿאַרשרייבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, אָדער פּאַרמעט סתּם אותיות, וועלכע האָבן פֿאַר אונדזער געדאַנק נישט געהאַט קיין שום זינען. וואָרעם די הנחה איז דאָך, אַז די אותיות אַליין טראָגן אין זיך באַשטימטע איבערנאַטירלעכע קרעפֿטן וועלכע מען וויל אַרויסרופֿן צו הילף געוויסע צילן.

אליהו ליפינער גייט מיט אונדז טראַט ביי טראַט איבער די דריי טויזנט־יעדיקע וועגן פון דער ייִדישער גייסט־וואַנדלונג און ער ווייזט אונדז וואָס יעדער דור און יעדע קולטור־עפּאָכע האָט אַריינגעטראָגן אין דער אידעאָלאָגיע פון אונדזער אלף־בית. אַרום און אַרום זעען מיר די דאָזיקע אידעאָלאָגיע ווי איינע פון די ספּעציפישסטע אויסדרוקן פון אונדזער נאַציאָנאַלער גייסט־אייגנאַרטיקייט — אַן אייגנאַרטיקייט וואָס שימערט מיט אַ באַזונדערער פאַנטאַזיע־שעפערישקייט און מיט אַ באַזונדערן טאַלאַנט צו בויען פאַרביק־לאָקנדיקע געביייען מיט די ציגל פון אמונה.

ג.

אליהו ליפינערס ווערק „אידעאָלאָגיע פון ייִדישן אלף־בית" איז אַ וויסנשאַפטלעך ווערק וואָס דער פאַראינטערעסירטער לייענט עס ווי אַ ראָמאַן. אין אַ געוויסן זין איז עס טאַקע אַ מין ראָמאַן וואָס דער עם ישראל פירט מיט זיין כּתב במשך אַלע זיינע געשיכטלעך־שווערע יאָרן, וואָרעם נאָר אַ פאַרליבטער קאָן אַזוי אויסצירן און אַזוי אויספּוצן זיין געליבטע ווי דער ייִדישער פאָלקסגייסט האָט אויסגעצירט און אויסגעפּוצט זיין כּתב, די פּירקאַנטיקע אותיות פון ייִדישן אלף־בית.

אָבער כאָטש ד"ר ליפינערס ווערק איז פון אַ הויך־וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער און קאַליבער, האָט עס אויך אַ גאַנץ באַשטימטן אידעיִשן ציל און אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע טענדענץ. עס קומט בכדי צו שטרייטן מיט די אַלע כּלומרשטע נאָוואַטאָרן וואָס שפּרינגען אַרויס יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק מיט דער טענה, אַז מיר וואָלטן אונדזער שווערן און אומפּאָפּולערן אלף־בית געדאַרפט פאַרבייטן אויף אַ מער פּאָפּולערן און גרינגערן. אמת, אין ייִדיש זענען די דאָזיקע נאָוואַטאָרישע טענדענצן איצט מער נישט אַקטועל און מען הערט שוין פון זיי גאַנץ זעלטן. (ס'לעצטע מאָל האָבן מיר וועגן זיי, דאַכט זיך, געהערט מיט אַן איבער פערציק יאָר צוריק, בעת אין רומעניע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ ייִדישע אויסגאַבע מיט לאַטיינישער שריפט). דאָך ווייסן מיר אַז גראָד אין מדינת ישראל ווערט די דאָזיקע פראַגע יאָ גאַנץ אָפט אויפגעהויבן און זי געפינט דאָרט אַ געוויסן אָפּקלאַנג צווישן די דאָזיקע, וועלכע זענען תּמיד להוט אויף אלערליי נייעסן, נישט דערפאַר ווייל זיי זענען בעסער און באַרעכטיקטער, נאָר דערפאַר ווייל זיי זענען ניי.

כמעט ביים סוף פּסוק פון זיין ווערק טעהנט זיך טאַקע אליהו ליפינער אויס מיט די דאָזיקע נייעס־שטרעבער און ער רעדט צו זיי דירעקט וועגן דעם אומזין פון זייערע פאַרשלאָגן איינצוטוישן דעם ייִדישן אלף־בית אויף אַזאַ וואָס איז מער עובר לסוחר אויף די וועלט־געמאַרקן. דאָס דאָזיקע אויסטענהן זיך האָט טאַקע אַ באַזונדערע וואָג, נאָך דעם ווי דער מחבר פון דעם ווערק

האָט מיט אַזאַ פּילזייטיקייט אויפגעוויקלט די יחוס־מגילה פון ייִדישן אות, וואָס איז אַ דאַנק דעם אייגנאַרטיקן ייִדישן גייסט אַרומגעשפּונען געוואָרן מיט אַזאַ סימבאָליק און פאַנטאַסטיק, אַז עס איז, אַליין און פאַר זיך, געוואָרן אַ נאַציאָ־נאַלער קולטור־ווערט.

לאָמיר ביים סוף פון די דאָזיקע אויבנאויפיקע פאַרצייכענונגען און לייען־איינדרוקן בלויז דערמאָנען עטלעכע פּרטים וועגן דעם קאַפּיטאַלן ווערק. עס האַלט ביי די 600 זייטן און עס איז געטיילט אין פינף טיילן. דער ערשטער טייל באַהאַנדלט דריי טויזנט יאָר ייִדיש כּתב און די אַנטוויקלונג וואָס דאָס דאָזיקע כּתב האָט דורכגעמאַכט. דער צווייטער טייל רעדט וועגן חקירה און דרוש אין דער כּתב־עקסעגעטיק און אַנאַליזירט די גאַנצע ריזיקע ליטעראַטור אויף דעם געביט. דער דריטער טייל האָט צו טאָן מיט דער פּראָבלעמאַטיק פון אלף־בית, מיט זיינע צאָלן, סימבאָלן, לעגענדעס אאַ״וו א״וו. דער פערטער טייל הייסט „קידוש אויף איטלעכן אות״, און ער באַהאַנדלט די מיסטעריעזע הייליקייט פון יעדן אות פון אלף־בית. דער פינפטער טייל רעדט וועגן דעם ייִדישן אלף־בית אין אונדזער פאָלקלאָר און ליטעראַטור. און דאַן קומט אַ „סוף דבר״, אין וועלכן דער מחבר איז זיך מתנצל פאַרן לייענער מיט אַ געוויסער עניוות און זאָגט אונדז, אַז אים איז גאָרנישט אַזוי גרינג אָנגעקומען אַליין צו גיין און דערגיין „פון אלף ביז תּו״.

אַז דעם מחבר איז נישט גרינג אָנגעקומען צו דערגיין צו זיין ציל איז קלאָר. ס׳איז אַ קאָלאָסאַלע פאָרשערישע אַרבעט וואָס אַ חוץ טאַלאַנט, וויסן און קענטשאַפט, האָט מען זי געקאָנט אָפּטאָן נאָר מיט אַן אומגעוויינלעכער התמדה און מיט אַן עקשנותדיקער פאַרליבטקייט. דערפאַר אָבער איז דער רעזולטאַט פונקט אַזוי גרויס, ווי גרויס עס איי געווען די אָנשטרענגונג. וואָרעם אליהו ליפינער האָט אונדז מהנה געווען מיט אַ ווערק וואָס וועט זיך געפינען אין פּריוואַטן קאַבינעט פון יעדן פאָרשער, פונקט ווי אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק פון יעדן אוניווערסיטעט ביי ייִדן.

# פראָפ. דב סדן: שעפערישע פילזייטיקייט

כפי מיר אַלע ווייסן, האָט זיך די רענעסאַנס־עפּאָכע אויסגעצייכנט דערמיט וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס זייער סימן־מובהק איז געווען זייער פיל־זייטיקע שעפערישקייט, דאָס הייסט: זייער שעפערישקייט אויף פאַרשידענע געביטן פון מענטשלעכן גייסט. אייניקע צווישן זיי זענען געווען גרויס נישט נאָר ווי מאָלערס, סקולפּטאָרן און דיכטערס, נאָר זיי האָבן אַרויסגעוויזן פענאָמענאַלקייט אויך אויפן געביט פון בויען סטראַטעגישע פאַרטיידיקונגס־פעסטונגען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט מיקעל אַנדזשעלאָ. אַ צווייטער איז געווען אַ גאון, נישט נאָר אין דער פּלאַסטישער קונסט און אין דער ליטעראַטור, נאָר ער האָט זיך אויך באַרימט געמאַכט מיט זיינע דערפינדונגען און מיט זיינע פּלענער צו בויען — שוין אין יענער צייט — עראָפּלאַנען, ווי מיר ווייסן עס וועגן לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי. אַ דריטער, אַ פערטער און אַ פינפטער האָבן זיך אויסגעטיילט פון זייער אַרום און זענען געבליבן אין זכרון פון דער מענטשהייט מיט זייער טאַלאַנטירטקייט אויפן געביט פון מוזיק, אַסטראָנאָמיע און מעכאַניק, אַנדערע ווידער — אויף די געביטן פון געשיכטע־שרייבונג, געאָגראַפיע, אַרכיטעקטור, אאַ״וו א״וו.

אויך אין אַ שפּעטערדיקער עפּאָכע, אין דער עפּאָכע פון די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן, טרעפן מיר אַ ריי גרויסע מענער וואָס זייער פילזייטיקע באַגאַבטקייט און זייערע פילזייטיקע פאַראינטערעסירונגען אויף די געביטן פון ליטעראַטור, מאָלעריי, מוזיק און וויסנשאַפט זענען געווען אַ שם־דבר און זענען, סיי דעמאָלט, סיי שפּעטער באַטראַכט געוואָרן ווי בולטע דערשיינונגען דורך וועלכע עס האָט זיך אַנטפּלעקט די ווונדערלעכקייט פון מענטשלעכן גייסט — יענע ווונדערלעכקייט וואָס האָט אינספּירירט דעם בעל־התהלים, ווען ער האָט באַצייכנט דעם מענטשנס גרויסקייט מיט די ווערטער „ותחסרהו מעט מאלוקים״ (טייטש לויט יהואש): האָסט געמאַכט אים שיער נישט מינער פון גאָט. (תהלים ח. ו.).

פראָפ. דב סדן, אונדזער חשובער חתן־הפרס, געהערט לויט זיין שעפערישער נאַטור, און דער עיקר — לויט זיין פילזייטיקייט, צו די פענאָמענען פון יענע ווייטע קולטור־עפּאָכעס וועלכע מיר האָבן נאָר־וואָס דערמאָנט. אמת, ער איז

נישט קיין מאָלער, ער איז נישט קיין מוזיקער און ער האָט אויך אויפֿן געביט פֿון די עקזאַקטע וויסנשאַפֿטן קיין מאָל נישט געפּרוּווט זײַנע כּוחות. דערפֿאַר אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן מלכות פֿון וואָרט און שריפֿט איז שווער צו געפֿינען נאָך אַזאַ פּילזײַטיקע פּערזענלעכקייט ווי ער איז, און ס'איז שווער צו טרעפֿן נאָך אַ שרײַבער וואָס זײַן שעפֿערישער רעגן־בויגן זאָל זײַן אַזאַ פֿאַרשידנפֿאַרביקער און פֿאַרשידנאַרטיקער ווי זײַנער.

אַ פֿאַקט איז אַז ווען מען וויל רעדן אָדער שרײַבן וועגן פּראָפֿ. דב סדן, הייבט אָזש אָן שווינדלען אין קאָפּ ביים פּרוּוו אַרומצונעמען זײַן שריפֿט־שטעלערישע אַלזײַטיקייט. וואָרעם פּראָפֿ. סדן איז אי אַ דיכטער וואָס האָט געדרוקט אייגענע לידער און איבערזעצונגען פֿון פֿאַרשידענע דיכטערס און פֿון פֿאַרשידענע שפּראַכן, בעיקר טאַקע פֿון ייִדיש; אי אַ דערציילער, מיט אַנזעעוודיקע פֿאַרמעסטן אויפֿן געביט פֿון פּראָזע. פּראָפֿ. סדן איז אי אַ ליטעראַטור־קריטיקער און אי אַ ליטעראַטור־פֿאָרשער. ער איז אי אַ פֿאָלקלאָריסט און אי אַ קולטור־היסטאָריקער. ער האָט אָנגעשריבן אַ ריי ווערק פֿון בעלעטריסטיש־מעמואַריסטישן אינהאַלט און אַ ריי אַנדערע ווערק וועגן די גדולי המחשבה והמעשה ביי ייִדן אין די לעצטע דורות. נו, און ווער קען נישט דב סדנס באַרימט בוך וועגן דעם ייִדישן מוזיקער, וועלכן ער שילדערט מייסטערהאַפֿט אויפֿן פֿאָן פֿון דער דורותדיקער ייִדיש־מוזיקאַלישער ירושה? דב סדן איז דערביי דער אויטאָר פֿון אַ ריי גרינטלעכע פֿאָרשונגען וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון ייִדישן וואָרט און ווערטל, דער מחבר פֿון אַ ריי אַלזײַטיקע שטודיעס וועגן דער ביאָגראַפֿיע פֿון ייִדישן וויץ, וועגן די וואַנדלונגען פֿון ייִדישן הומאָר און וועגן די ספּעציפֿישקייטן פֿון ייִדישן אַנעקדאָט, און דאָ האָב איך באַרירט קוים אַ טייל פֿון דער טעמאַטיק וואָס האָט שעפֿעריש פֿאַראינטערעסירט אונדזער לאַוּרעאַט, און קוים אַ טייל פֿון די זשאַנערן אין וועלכע ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק זײַן טאַלאַנט.

דאָס גרויסע וווּנדער איז אָבער נישט אַזוי פּראָפֿ. סדנס פּילזײַטיקייט גופֿא, נאָר דער פֿאַקט וואָס אין יעדן געביט באַווײַזט ער צו דערגרייכן הויכע מדרגות פֿון אַ וואָגיק־פֿאָרשערישן און ליטעראַרישן כאַראַקטער. לאָמיר דאָ, נישט בדרך־אַגב, צוגעבן, אַז נישט יעדע פּילגעביטיקייט פֿאַרדינט געלויבט צו ווערן, און נישט מיט יעדער פּילזײַטיקייט קאָן מען זיך אַרויסשטעלן און איבערנעמען. אָט, למשל, ווייסן מיר אַז אַ קאַטשקע איז אויך פּיל־געביטיק: זי קאָן אַ ביסל לויפֿן, זי קאָן אַ ביסל שווימען און זי קאָן אויך, בשעת־הדחק, אַ ביסל פֿליען. זי קאָן אָבער אין לויפֿן זיך נישט פֿאַרמעסטן מיטן הירש. זי קאָן אין פֿליען זיך נישט פֿאַרמעסטן מיטן אָדלער, אָדער אַן אַנדער פֿויגל, און זי קאָן אין שווימען נישט גלײַכן זיך צו קיין פֿיש. נאָר די גרויסע, סיי אַ מאָל, סיי היינט, האָבן די זכיה צו זײַן פּילזײַטיק און דערביי גרויס

אין יעדן געביט פון זייער פילזייטיקייט. דערפאַר רופן מיר זיי טאַקע אַן „גאונים" און מיר באַטראַכטן זיי ווי יוצאים מן הכלל, ווי פענאָמענען.

דב סדן געהערט צו די דאָזיקע פענאָמענען, צו די דאָזיקע יוצאים מן הכלל, וואָס זייער פילזייטיקייט מינערט נישט זייער גרויסקייט און זייער טיפקייט. אויב זיך האַלטן ביים פריערדיקן משל, מוז מען זאָגן אַז ער לויפט ווי אַ הירש צו די ווייטע האָריזאָנטן פון אונדזער קולטור-געשיכטע; ער פליט אויך ווי אַן אָדלער צו די הויכע באַרגשפּיצן אין זיין ליטעראַטור-קריטיק און ער שווימט ווי אַ פיש אין די טיפע און ברייטע וואַסערן פון אונדזער פאָלקלאָר און לינגוויסטיק. אומעטום, אויף די אַלע געביטן איבערראַשט ער אונדז מיט זיין טיפקייט, פאַרחידושט אונדז מיט זיין ברייטן פאַרנעם און פאַרוווּנדערט אונדז מיט די אַנטפּלעקונגען וואָס ער מאַכט אין זיין טעמע, און דאָס מיינט צו זאָגן אין יעדער טעמע צו וועלכער ער רירט זיך נאָר צו.

און אויב מען רעדט וועגן איבערראַשונג און חידוש, מוז מען שוין צוגעבן אַז די דאָזיקע צוויי עפעקטן רופט דב סדן ביי אונדז אַרויס צום שטאַרקסטן מיט זיין אומגעווייגלעכער בקיאות אין די אַלע גייסטיקע געביטן אין וועלכע ער איז שעפעריש טעטיק. דאָס איז ממש אַ בקיאות וועלכע האָט נישט צו זיך קיין גלייכן און איז שוין געוואָרן אַ שם דבר אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט. ס'איז גענוג בלויז צו זען ווי אַזוי דב סדן אַנאַליזירט און דערגראָבט זיך צו דעם שורש פון אַ ייִדיש פאָלקסווערטל אָדער פון אַ ייִדישן אַנעקדאָט, כּדי צו בלייבן שטיין דערשטוינט פון זיין אומגעווייגלעכער באַהאַוונטקייט. וואָרעם נישט נאָר קען ער אַלע מעגלעכע פאַרוואַנדלונגען פון דעם דאָזיקן ווערטל, נייערט ער קען אויך די צענדליקער ווערק אין פינף-זעקס לשונות ווו דאָס ווערטל ווערט געבראַכט אין איין וואַריאַנט אָדער אין אַ צווייטן. עס רעדט זיך כּלומרשט נישט מער ווי וועגן אַ פאָלקס-זאָגעניש וואָס יעדער עם-הארץ קען עס און באַנוצט זיך דערמיט, און דאָך — וואָס פאַר אַן ערודיציע פראָפ. סדן מאַניפעסטירט דערביי אין די ליטעראַטורן פון אַלט-העברעיִש, ניי העברעיִש, אַלט ייִדיש, ניי-ייִדיש, דייטש, פויליש, ענגליש, פראַנצויזיש, רוסיש, אוקראַיִניש און אין נאָך אַנדערע לשונות. סדן אַנטפּלעקט גאַנצע היסטאָריש-פאַרגאַנגענע וועלטן און תּקופות ביים נאָכזוכן מקורים, ביים מאַכן אַנאַלאָגיִעס, ביים נאָכגיין פוס-טריט די אַלע פאַרוואַנדלונגען וועלכע דאָס זאָגעניש האָט דורכגעמאַכט אין זיין ביאָגראַפיע וואָס ביי אונדז ייִדן איז עס אַ ביאָגראַפיע אין וועלכער עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן פון אונדזער פאָלק — אַ לעבן פון נע-ונד, אַ לעבן פון אַ וועלט-וואַנדערער, ווען עס טריט עס פאַרלירן זיך אין דעם שטויב פון פאַרגאַנגענע דורות, און מען מוז זיין אַ דב סדן כּדי זיי צו געפינען, כּדי זיי צו אַנטפּלעקן.

אַזאַ בקיאות, אַזאַ אויפזאַמל פון וויסן, אַזעלכע גרינטלעכע קענטשאַפטן

קאָנען נישט איינשטיין ביי אַ מענטש מיט אַ געוויינלעכן דורכשניטלעכן זכּרון. איז טאַקע דב סדן באַרימט און באַוווּסט, צווישן די באַרימטע און באַוווּסטע, מיט זיין אויסערגעוויינלעכן זכּרון. ביי ייִדן רופט מען אַזאַ בעל־זכּרון בור סוד שאינו מאבד טיפּה — „אַן אויסגעקאַלכטער גרוב וואָס פאַרלירט נישט קיין טראָפּן". ביי ייִדן זאָגט מען אויף אַזאַ מענטש, אַז ער האָט אַן „אייזערנעם קאָפּ" אָדער פאָפּולערער — ער איז אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע.

דב סדנס בקיאות אויף אַזוי פיל גייסטיקע געביטן איז ממש אומהיימלעך פאַר אונדזערס אַ מענטש וואָס זיין זכּרון דערטראָגט קוים די לאַסט פון דעם אָנגעזאַמלטן אין דער יוגנט, ווען מען שרייבט, לויט די רייד פון אונדזערע חכמים, מיט גוטן טינט אויף ווייס פּאַפּיר. אין אַנבליק פון דב סדנס זכּרון, קיין בייז אויג זאָל אים נישט שאַטן, טראַכט מען אַז נישט אַנדערש נאָר דאָ איז געשען אַ נס און דער מלאך האָט פאַרגעסן אים אַ שנעל צו טאָן אונטערן נאָז ווען ער האָט געדאַרפט געבוירן ווערן. וואָרעם וויסן דאַרף מען אַז פּורה, דער מלאך פון שכחה, מאַכט פאַרגעסן מיט זיין שנעל נישט נאָר די תּורה וואָס מען האָט געלערנט אין דער מאַמעס בויך, נאָר ער גיט אונדז אויך די אייגנשאַפט פון שכחה בכלל מיט וועלכער מיר טראָגן זיך שפּעטער אַרום אַ גאַנץ לעבן און וועלכע איז פאַר אונדז זייער אומבאַקוועם אין די עלטערע יאָרן.

פּראָפ. דב סדן האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין ליטעראַריש־קריטישער פאָרשונג און ער האָט דערגרייכט צו וויכטיקע פּאָזיציעס ביים פּאָרטרייטשן די ווערק פון ביאַליקן, פון ברענערן און פון עגנונען. ער איז אָבער געבליבן נישט בלויז פּאָרטרייטשער פון די דריי ריזן אין דער נייער העבראַיִשער ליטעראַטור, נאָר ער האָט אויך אַנטפּלעקט פאַר אונדז דאָס פאַרהוילענע אין זייער שאַפן, דאָס דאָזיקע פאַרהוילענע וואָס איז דעם שעפער אַליין נישט קלאָר און וואָרט ערשט באַשיידט צו ווערן. אַזוי איז אויך געווען זיין וועג אין דער באַהאַנדלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור. אויך דאָ האָט ער פאַר אונדז אַנטפּלעקט סוגיות וואָס מען האָט זיי ערשט געדאַרפט מפרש זיין און באַגלייטן מיט רש"י און „תּוספות" און אַמאָל אַפילו מיט אַ שווערן מהרש"א. סדן האָט אַ באַשטימטע קאָנצעפּציע וועגן דער ראָל פון דער ייִדיש־ליטעראַרישער שאַפונג אין אַלע דורות און ער האַלט, אַז ווי יעדע גייסטיקע שאַפונג האָט אויך די ליטעראַטור ביי ייִדן אַן אויפגאַבע צו שטאַרקן די פאָלקס־עקזיסטענץ און ממשיך צו זיין דעם פאָלקס קיום. פון דעסטוועגן גייט ער צו צו יעדן שרייבער מיט אַ באַזונדערן צוגאַנג און ער באַמיט זיך צו אַנטפּלעקן פאַרן לייענער דאָס וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם שרייבער, דאָס וואָס קומט דורך אים צום אויסדרוק און שאַפט זיין אָריגינאַליטעט און קוואַליטעט. וואָרעם סדן גלייבט, אַז צום גרויסן פאָלקס־ציל פון דער ליטעראַטור זענען פאַראַן

פאַרשידענע וועגן וועלכע דער שעפער דאַרף גיין ביחידות, אַפילו ווען ער גייט בצוותא, און ער מוז אַרויסברענגען זיין אַליינקייט אַפילו ווען ער געפינט זיך אין קרייז פון אַ סך. דאָס ברענגט אים צו פאַרערן אַזוי שטאַרק געוויסע יידישע שרייבערס וואָס זענען ערגעץ־ווו אַפילו מער ווי קאָנטערווערסאַל צו דער אַזוי־גערופענער נאַציאָנאַלער ליניע אין יידישן לעבן און אין דער יידישער געשיכטע. דאָס ברענגט אים אויך דערצו ער זאָל וועגן איציק מאַנגערס אַנטי־טראַדיציאָנעלער, אָבער זייער אָריגינעלער, תּנ״ך־אויפפאַסונג רעדן מיט אַ סך מער וואַרעמקייט ווי וועגן דעם תּנ״ך־באַנעם פון ה. לייוויק אין זיין גרויסן ווונדער־ווערק „אין די טעג פון איוב״...

עס בלייבט נאָך איבער אַ סך צו רעדן און צו זאָגן וועגן סדנס פאַרדינסטן אויפן געביט פון דער יידיש־פאָרשונג און דער יידיש־ליטעראַרישער קריטיק וואָס זיי ביידע זעט ער ווי אינטעגראַלע טיילן פון דער אַלפאָלקישער יידישער קולטור. עס וואָלט נאָך אויך געדאַרפט עפּעס געזאָגט ווערן וועגן דער ספּעציפישקייט פון דב סדנס שפּראַך, סיי אין עברית, סיי אין יידיש — אַ ספּעציפישקייט וואָס קומט פון דעם סינטעז צווישן דעם בילדערישן לשון פון אַ בעלעטריסט און דעם אַדעקוואַטן לשון פון אַ וויסנשאַפטלער. אָבער אַזוי ווי אַ באַגריסונג מוז, ווי יעדע זאַך אויף אונדזער וועלט, האָבן איר מאָס און גרענעץ, שטעל איך דאָ אַ פּונקט, און ווינטש דעם בעל־הפּרס אַ סך יאָרן פון שעפערישער אַרבעט און אַ סך הנאה פון זיינע דערגרייכונגען בתּוך די דערגרייכונגען פון דעם עם היושב בציון און די דערגרייכונגען פון דעם יידישן פאָלק אין דער גאָרער וועלט.

(פון דער באַגריסונג בעתן צוטיילן אים דעם פּרס ראש הממשלה)

## „אין פייער פון געשעענישן“ פון ד״ר בערל פרימער

עסייען און ארטיקלען. פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב תשמ״א — 1981

די גרויסע מעלה פון ד״ר בערל פרימערס עסייען און מאמרים באַשטייט אין דעם וואָס זיי פאַרלירן נישט זייער ווערט אויך נאָך דעם ווי דאָס פּראָבלעם, אָדער געשעעניש וואָס ער באַהאַנדלט הערט אויף צו זיין פון דער ערשטער אַקטואַליטעט. דאָס געשעעט אַ דאַנק דעם וואָס ד״ר בערל פרימער האָט דעם טאַלאַנט אַריינצודרינגען אין דער טעמע און זיך צו דערגראָבן צו אירע דויערנדיקע אַספּעקטן און דעריבער לייענען זיך מיט אינטערעס אויך אַזעלכע מאמרים וואָס ער האָט געשריבן מיט אַ לאַנגער צייט צוריק וועגן ענינים וואָס זענען, ווי מען זאָגט, אַוועק מיטן ווינט פון דער צייט.

ס'איז דער ווייטיק פון דעם זשורנאַליסט וואָס זיין מאמר איז ווי דער שמעטערלינג וואָס פלאַטערט און בלענדט מיט זיינע פאַרבן נאָר איין זומערטאָג. די היינטיקע צייטונג איז שוין צו מאָרגנס אַ בר־מינן — סיידן... סיידן דער שרייבער וואָס שרייבט אין איר האָט די פעיִקייט צו זען זאַכן און דערשיינונגען, צו באַהאַנדלען פּראָבלעמען און לעבנס־פראַגן פון אַ ווייטערער פּערספּעקטיוו, דערצו — מיט אַ לאַנגן אָטעם. דאָס ראַטעווען טאַקע זיינע אַרבעטן פון קיצור־ימים.

ד״ר בערל פרימער האָט די דאָזיקע פעיִקייט, דעם דאָזיקן שרייבערישן טאַלאַנט. זיינע מאמרים און עסייען האַלטן אָן אונדזער שפּאַנונג יאָרן נאָך דעם ווי זיי זענען געשריבן געוואָרן.

לייענענדיק ד״ר פרימערס בוך „אין פייער פון געשעענישן“, בין איך געבליבן פאַרוווּנדערט פון דעם וואָס איך האָב געפונען גרויס אינטערעס צו מאמרים וועלכע באַהאַנדלען פאַקטן וואָס זענען שוין ווייט פון אונדזערע טעג. און מיט וואָס, פרעגט זיך, האָבן זיי אַרויסגערופן מיין אינטערעס? מיט דעם וואָס ד״ר בערל פרימער האָט יענע ווייטע געשעענישן גרונטיק אַנאַליזירט און אין זיי אויסגעפונען די עיקרדיקע מאָמענטן וועלכע זענען (אפשר אין עטוואָס געענדערטע פאָרמען) געבליבן לאַטענט אויך אין דער קעגנוואַרט און זיי וועלן מסתמא זיין לאַטענט אויך אין יאָרן אַרום. אין דעם בוך, למשל, געפינען זיך מאמרים וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1973—1975

און שפּעטער. פון 1973 ביז היינט האָט זיך אַ וועלט איבערגעקערט און פונדעסטוועגן האָבן די דאָן־געשריבענע אַרטיקלען נישט פאַרלוירן זייער באַלערנדיקן ווערט און די אויפקלערונגען וואָס מיר באַקומען דורך זיי — האָבן נישט פאַרלוירן זייער באַדייט.

דאָ בעטן זיך ממש אַ ריי ציטאַטן פון מאמרים, וואָס באַשטעטיקן דאָס געזאָגטע. אָבער היות דאָס וואָלט פאַרנומען צו פיל אָרט און צייט, וועלן מיר זיך באַגנוגענען בלויז מיט עטלעכע ביישפּילן. אין דעם מאמר „ייִדישקייט דורך אַ שליח", געשריבן אין יאָר 1973 (זייט דעמאָלט האָט זיך באמת עפּעס איבערגעקערט אין אונדזער ייִדישער וועלט) באַהאַנדלט פרימער אַן אַרבעט פון סידני דזשייקאָבס וואָס איז דערשינען אין דעם זשורנאַל „רעקאָנסטרוק־שאַניסט". די אַרבעט פון סידני דזשייקאָבס אַנאַליזירט דעם פּראָבלעם פון ישראל און די תּפוצות און פרימער גיט איבער דעם תּמצית פון דזשייקאָבס אַרבעט און די וויכטיקייט פון די פראַגן וועלכע ער הייבט אויף. אָבער אונדזער מחבר באַנוגנט זיך נישט מיטן אויפקלערן פאַר אונדז די שטעלונג פון דעם בעל־המאמר, ער קומט צום סוף צו זיין אייגענעם אויספיר וועגן דעם פּראָבלעם און ווייזט אונדז אָן וואָס עס איז ריכטיק אין דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם שרייבער און וואָס עס איז פאַלש. ער זאָגט דערביי: „מיר וואַרפן אָנטשיידן אָפּ די באַהויפּטונגען פון מחבר, אַז ישראל איז נישט אין די „ביזנעס" פון ראַטעווען דאָס ייִדישע לעבן (ווי עס זאָגט סידני דזשייקאָבס). דער אמת — זאָגט פרימער — איז אַ פאַרקערטער! ישראל איז אין דעם בלוטיק פאַראינטערעסירט. דער פראַנט קעגן אסימילאַציע און פאַר ייִדישער שעפערישקייט — איז איר זיכער־קייטס־גרענעץ". דאָס ציטירטע איז אַ בולטער ביישפּיל ווי אַזוי ד"ר בערל פרימער האָט אין יאָר 1973 באַהאַנדלט אַ פּראָבלעם וואָס האָט נישט פאַרלוירן די אַקטואַליטעט אויך היינט און באַשטעטיקט אונדז אויך היינט פונקט ווי מיט אַכט־ניין יאָר צוריק.

אָט איז אַן אַנדער מאמר וואָס באַהאַנדלט אַזאַ אַלט און אייביק פּראָבלעם ווי ס'איז דער אַנטיסעמיטיזם. ד"ר בערל פרימער אַנאַליזירט דאָס פּראָבלעם אין שייכות מיט עטלעכע אַרבעטן וואָס זענען דערשינען אין דער ייִדישער פּעריאָדיק. ער שרייבט זיין מאמר אין יאָר 1975. אויך פון דעמאָלט ביז היינט איז, ווי מיר ווייסן, עפּעס געשען און ס'האָט זיך עפּעס געענדערט אין לעבן פון דער מענטשהייט. אָבער ד"ר בערל פרימער באַטאָנט אין זיין אַרבעט „פּרצופים פון אַנטיסעמיטיזם" אייניקע וויכטיקע מאָמענטן וועלכע זענען פאַר אונדז באַלערנדיק אויך ביים היינטיקן טאָג און וועלן מסתּמא גילטיק זיין אין יאָרן אַרום.

ד"ר בערל פרימער באַזירט זיין מאמר אויף די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן פון מילטאָן הימלפאַרב און ד"ר שאַרלאָט קליין. וואָס אונדזער מחבר אינ־

טערעסירט אין די געשטאַלטן פון אַנטיסעמיטיזם איז זיין רעליגיעז־פינצטער פּרצוף־פּנים און כאָטש ער וויל נישט פאַרענטפערן די העכסטע קריסטלעכע אינסטאַנץ אין רוים, ווייזט ער אָבער זייער ריכטיק אָן אַז ווי פינצטער און ייִדן־פיינטלעך עס איז נישט געווען די מערבֿדיקע קאַטוילישע קירך, איז די מיזרחדיקע קריסטלעכע קירכע זי תּמיד איבערגעשטיגן אין איר ייִדנהאַס, וועלכער איז געבליבן אומפאַרענדערט פון אַ מאָל ביז הײַנט, דאָס הייסט אויך ביז צו דעם איצט אַקטועלן מאָמענט ווען דער גייסט פון עקומעניזם באַמיט זיך אויף וויפל עס איז צו רעווידירן די גיפטיקע טעקסטן קעגן ייִדן אין די קריסטלעכע תּפילות.

אין יאָר 1973 האָט די רעדאַקציע „סאָוויעטיש היימלאַנד", דעם קאָמוניסטישן זשורנאַל וואָס דערשיינט אויף ייִדיש אין מאָסקווע, אַרויסגעגעבן אַ פייערלעכן נומער, געווידעמט די 50 יאָר פון דער אָקטאָבער־איבערקערעניש. ד"ר בערל פרימער באַהאַנדלט זייער אָפט די פראַגן וואָס זענען פאַרבונדן מיטן גורל פון סאָוויעטישן ייִדנטום. אין דעם קליינעם אַרטיקעלע פרעגט ער: וואָס דערציילט אונדז דער דאָזיקער יובֿל־העפט פון דעם איינציקן ייִדיש־אותיותדיקן זשורנאַל אין סאָוויעט־רוסלאַנד וועגן 50 יאָר ייִדיש לעבן אין דער דאָזיקער מדינה? ווייזט זיך אַרויס, אַז ייִדיש לעבן אין דעם דאָזיקן זשורנאַל איז לא יזכר ולא יפקד. כּלערליי פעלקער ווערן דערמאָנט מיט זייערע אויפטוען אויף פאַרשידענע געביטן פון סאָוויעטישן לעבן, אָבער וועגן ייִדן איז הס מלהזכיר. נישטאָ אַזעלכע. זייער ליטעראַטור, זייערע וויסנשאַפטלעכע אויפטוען — וועגן דעם אַלעם נישטאָ קיין וואָרט. ד"ר ב. פרימער שרייבט, אַז אין גאַנצן זשורנאַל מיט זיין פינצטערניש וואָס נוגע דעם ייִדישן לעבן האָט ער געפונען איין ליכטיקן פּונקט און דאָס זענען די „שטאָלצע, ווירדיקע ייִדישע" לידער פון אברהם גאָנטאַר (ער איז שוין איצט אַ שוכן־עפר). ד"ר פרימער ציטירט פון די דאָזיקע לידער די פערזן: „...האָפשטיין און פעפער / מאַרקיש און קוויטקאָ! / די האַנט וואָס האָט אויף אייך זיך אויפגעהויבן, / איז אָפּגעדאַרט / איז שוין פון לאַנג נישטאָ: / און אייער וואָרט פליט אום / ווי לייכטע טויבן"... און דאָס איז שוין, אַזוי צו זאָגן, דער ליכטיקער פּונקט אין אַ זשורנאַל וואָס איז פון ייִדישן שטאַנדפּונקט פינצטער מיט דער חשכות פון מצרים.

פאַראַן פאַרשידנאַרטיקע מאמרים און עסייען אין דאָזיקן בוך (וואָס שייך דער באַצייכענונג „עסייען" בין איך אין אַ ספק צי זי איז אַ ריכטיקע. כאָטש איך ווייס אַז דער באַגריף איז זייער און זייער אַ ברייטער און מען קען אים דעפינירן ווי מען וויל). פאַראַן דאָ פּובליציסטיק וועגן צייטפראַגן, פאַראַן איינדרוקן פון דעם מחבר פון זיינע נסיעות איבער דער וועלט און בעיקר — איינדרוקן וועגן דעם לעבן פון די ייִדישע ישובים. פאַראַן אויך אַ ריי סאָציאָ־לאָגישע און אידעאָלאָגישע אַרבעטן אין שייכות מיט באַשטימטע פראַגן אין

יידישן לעבן. לסוף קומען דאָ אויך אַריין אייניקע אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבערס, ביכער און ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע פּראָגן.

ד״ר בערל פרימער איז נישט קיין טעאָרעטיקער. ער איז יאָ אַ מענטש מיט אַ נאַציאָנאַלער וועלט־אָנשויאונג און מיט אַ סאָציאַליסטישן לעבנס־באַנעם. ער איז אַן עכטער דעמאָקראַט און אַ ליבעראַל, דאָס הייסט: טאָלעראַנט אַפּילו צו אַ קעגנערישער מיינונג אויב זי געפינט זיך נאָר אויף דער הייך פון מענטשלעכער חשיבות. אָבער כאָטש אונדזער מחבר איז, ווי געזאָגט, נישט קיין טעאָרעטיקער און ער האָט נישט ליב די אַבסטראַקטע דיסקוסיע וועגן דער ביצה שנולדה ביום טוב, קען ער אָבער זייער גוט פאַרטייטשן די שפּראַך פון די טאָגטעגלעכע געשעענישן אין יידישן לעבן, ווי אויך אין לעבן פון דער וועלט מיט דער הילף פון די טעאָריעס וועלכע זענען דער יסוד פון זיין וועלטבליק און זיין נאַציאָנאַלער אמונה. כ׳קען נישט זאָגן גענוי אויפן סמך פון זיינע מאמרים צו וועלכן חדר ער געהערט אין דער באַוועגונג פון אַרבעטער־ציוניזם, אָבער ס׳איז מיר קלאָר, אַז ער געפינט זיך אין צענטער פון דער דאָזיקער באַוועגונג און שטייט אין איר מיט ביידע פיס אויף אַ זיכער אָרט און דערביי איז ער געטריי זיינע אידעען און אידעאַלן נישט פון בלויזער אינערץ...

אַ נאָמען פון אַ בוך איז, ווי מיר ווייסן, נישט אַלע מאָל כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גייסט און תוכן פון בוך. אויך ווען עס גייט וועגן דעם באַהאַנדלטן בוך איז אונדז נישט אין גאַנצן קלאָר אויף וואָס דער נאָמען זיינער איז מרמז. וויל ד״ר בערל פרימער זאָגן אַז די געשעענישן און פּראָבלעמען וועגן וועלכע ער שרייבט געפינען זיך נאָך אין הייסן אַקטועלן צושטאַנד, אָדער וויל ער אָנדייטן אַז די אָנשויונגען און די שטעלונג זיינע וואָס ברענגט אַרויס די פאַרשידענע יידישע און אַלגעמיינע פּראָבלעמען זענען אויסגעפּרוווט אין פייער פון די געשעענישן? איך וויל אָננעמען אַז ביידע מאָמענטן קענען גענומען ווערן ווי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם בוך. ס׳איז אַ תרתי משמע, אָבער נישט קיין תרתי דסתרי...

ועל־כולם דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז ד״ר בערל פרימערס מאמרים און אָפּהאַנדלונגען לייענען זיך גוט, מחמת דער מחבר שרייבט זיי מיט שרייבערישן פאַרנעם און מיט אַ שיינעם סטיל. און סטיל איז אַ זאַך וואָס דאַרף נישט זיין גרינג אין אונדזערע אויגן.

אויב מען, רעדט שוין וועגן סטיל דאַרף מען צוגעבן, אַז ד״ר בערל פרימערס סטיל איז אַ רעטאָרישער. פרימער איז באַוווּסט ווי אַ גוטער לעקטאָר און רעדנער. אַ גוטער רעדנער איז דער וואָס שאַפט בעת ער שטייט פאַרן עולם, פּונקט ווי עס שאַפט דער שרייבער בעת ער זיצט ביי זיין שרייבטיש. ביי דער געלעגנהייט ווילט זיך דערציילן וועגן אַ שמועס צווישן צוויי שרייבערס, ראובן און שמעון, וועגן שרייבן און רעדן. דער שרייבער ראובן

האָט אַ מאָל געזאָגט צום שרייבער שמעון, אַז מען דאַרף שרייבן אַזוי ווי מען רעדט. יאָ, האָט דער שרייבער שמעון געענטפערט, אַוודאי דאַרף מען שרייבן אַזוי ווי מען רעדט, אָבער מען דאַרף רעדן אַזוי אַז ס'זאָל זיין ווי געשריבן. ווער ס'האָט געזען און געהערט ד"ר בערל פרימער רעדן פאַר אַן עולם, דער ווייסט אַז ער בויט זיינע זאַצן און ברענגט אַרויס זיינע געדאַנקען אַזוי ווי ער וואָלט זיי געשריבן. דערפאַר זענען זיינע מאמרים און אָפּהאַנדלונגען אַזוי וואַרעם, אינטים און דירעקט ווי ער וואָלט זיי גערעדט.

און אויך דאָס ווירקט אויפן לייענער און גיט צו זיין בוך אַ באַזונדערן ווערט.

## „דער כּוח פון אות" פון שמעון קאַנץ

„דער כּוח פון אות", עסייען, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב 1979, הילע געצייכנט פון קינסטלער משה בערנשטיין.

„דער כּוח פון אות" פון שמעון קאַנץ באַווייזט ווי אומגערעכט און אַפּט אויך — ווי בייזוויליק ס'זענען די יעניקע וואָס טענהן, אַז מיר פאַרמאָגן איצט נישט קיין ליטעראַטור־קריטיק און קיין ליטעראַטור־קריטיקערס וואָס זאָלן ממשיך זיין דאָס דאָזיקע שעפערישע געביט אויף דעם ניוואָ און אויף דער הייך פון די אַמאָליקע צייטן.

דאָס בוך „דער כּוח פון אות" איז אַן עדות אַז דאָס געביט פון קריטיק אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז חי וקים.

און פּונקט ווי מיר ווייסן אַז אויך היינט צו טאָג ווערן געשאַפן ייִדיש־ליטעראַרישע ווערק אין פּאָעזיע, פּראָזע און עסיי וואָס פאַלן ביי זיך נישט אַראָפּ אַנטקעגן די שאַפונגען פון די אַמאָליקע יאָרן, אַזוי דאַרפן מיר אויך וויסן אַז עס זענען אויך היינט צו טאָג פאַראַן ווערק אויפן געביט פון דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק וואָס דאַרפן נישט אָנקומען צו קיין שום הנחה־טאַריף און מען דאַרף זיי נישט שאַצן לויטן באַקאַנטן איינשטעל „יפתח בדורו כשמואל בדורו".

כ'שטרייך נאָך אַ מאָל אונטער: „דער כּוח פון אות" באַשטעטיקט אַז מיר פאַרמאָגן אַן ערנסטע און קוואַליטאַטיוו־ווערטיקע ליטעראַטור־קריטיק און עס מעג אונדז בפירוש פרייען וואָס די דאָזיקע באַשטעטיקונג וועט אונדז נישט שווער זיין צו געפינען אויך אין אַנדערע ביכער פון ליטעראַטור־קריטישן אינהאַלט.

פאַרשטייט זיך אַז צו רייך אין ליטעראַטור־קריטיקערס זענען מיר נישט. אָבער... ווען זענען מיר עס יאָ געווען? אַפילו אין די אַמאָליקע גוטע צייטן האָבן מיר דאָך — אין דער גאַנצער גרויסער ייִדישוועלט — מער ווי איין מנין אמתע ליטעראַטור־קריטיקערס נישט פאַרמאָגט, כאָטש אַזעלכע וואָס האָבן עוסק געווען אין דער דאָזיקער מלאכה האָט מען געקענט ציילן נישט אויפן טוץ נאָר אויפן שאָק.

אמת איז אַן אין די אַמאָליקע יאָרן האָבן מיר אין דער ליטעראַטור־קריטיק פאַרמאָגט עפּעס אַזוינס ווי אַ פּוסק אחרון־אויטאָריטעט (בעל מחשבות, ש.

ניגער א״אַנד) מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן אַז אויך די לעצטע זענען גאַנץ אָפט אָפּגעפרעגט געוואָרן און זיי האָבן זיך נישט זעלטן געפונען איך דער לאַגע פון יענעם רב וואָס נישט נאָר נעמט מען נישט אָן זיין פסק־דין, נאָר מען שילט אים נאָך מיט טויטע קללות און מען איז אים חושד אין כלערליי פניות. יאָ, אויך ניגערן, ד״ר מוקדוני, יעקב גלאַטשטיינען האָט מען נישט איין מאָל געפרעגט די אַלטע שאלה: מי שמך?

וואָרעם אַזוי איז עס שוין אין דער וועלט פון די מוזעס. עס איז נישט פאַראַן קיין אינסטאַנץ וואָס זאָל באַשטעטיקן ווער עס מעג יאָ שרייבן און ווער נישט. במילא שרייבט יעדער וואָס קען נאָר האַלטן אַ פען אין האַנט און אַז ער שרייבט ראָמאַנען, לידער אָדער פאָעמען, ווער קען אים זאָגן אַז ער זאָל נישט שרייבן קיין קריטיק? בלויז דער וואָס האָט אַ געפיל פאַר הומאָר — און אַפילו פאַר גאַלגן־הומאָר — קען אַ ביטערן שמייכל מאַן ווען ער זעט ווי אַ פאָעט וואָס זיין גאַנצער כּזית חן ליגט אין זיין פרימיטיווער לירישקייט, ווערט נעפריטשקעם, אַ קריטיקער און שרייבט רעצענזיעס וועגן די ביכער פון זיינע חברים, אָדער פון זיינע בעל־טובות.

✶

אין זיין בוך „דער כּוח פון אות״ באַהאַנדלט נישט שמעון קאַנץ קיין ספּעציעלע ליטעראַטור־קריטישע פּראָבלעמען און ער לאָזט זיך אויך נישט אַריין אין די טעאָרעטישע פראַגן וועגן קונסט. אָבער עס איז אַ גוטער סימן פאַר זיין בוך וואָס די דאָזיקע פּראָבלעמען טיילן זיך אַרויס פון צווישן זיינע שורות און זיי פאָדערן אַז דער לייענער זאָל זיך וועגן זיי פאַרטראַכטן, אַזוי צו זאָגן, אויף די מאַרגינעסן פון דעם געלייענטן.

לייענענדיק קאַנצעס בוך ווייסט מען טאַקע אַז דער וויכּוח וועגן דעם צי די קריטיק איז אַ לעגיטימער און אַ פולבאַרעכטיקטער זשאַנער אין דער ליטעראַטור איז שוין פון לאַנג פאַרענדיקט. פון דעסטוועגן מוז מען מודה זיין אַז די דאָזיקע פראַגע שווימט נאָך אויף פון צייט צו צייט און זי לאָזט זיך הערן מיט דער גאַנצער פאַרשיידנאַרטיקער אַרגומענטאַציע. אינטערעסאַנט איז פאָלגנדיקער פאַקט: אויף אַ זיצונג פון אַ זייער חשובן ליטעראַטור־פאָנד איז מיר אַלס זשורי־מיטגליד אויסגעקומען צו הערן אַז די קריטיק געהערט נישט צו דער גרונט־פּראָדוקציע אין דער ליטעראַרישער ווירטשאַפט, נאָר צו אירע באַדינונגס־צווייגן. צווישן די וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די דאָזיקע הנחה האָבן זיך געפינען מענטשן וואָס זייער שייכות צו דער קריטיק איז נישט קיין צופעליקער. זיי האָבן, בכן, מסכּים געווען אַז זייער אַקטיווויטעט אויפן געביט פון דער ליטעראַטור איז אַ נחות דרגאדיקע, אַ פאַרמיטלערישע, אויב נישט נאָך עפּעס נידעריקער...

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַן אומזין. שוין סענט בעוו האָט אין זיין צייט געזאָגט אַז דער קריטיקער איז נישט בלויז אַ מענטש וואָס קען לייענען און לערנט אַנדערע לייענען, נאָר ער איז אַ מענטש וואָס לייענט און שאַפט. אַזוי האָט טאַקע איבסען אַנגערופן בראַנדעסעס מאָנאָגראַפיעס וועגן לאַסאַל און דיזראַעלי, פּאָעמעס, און זיין ווערק וועגן שעקספּירן האָט ער באַצייכנט ווי אַ גראַנדיעזן עפּאָס. אויך זשאַן קאָקטאָ האָט זיינע ליטעראַטור־קריטישע ווערק איינגעשלאָסן אין דער רשימה פון זיינע בעלעטריסטישע ביכער. אונדזער ש. ניגער וועלכער האָט נישט געזוכט קיין כבוד־קרוינען האָט פון דעסט־וועגן זיך געהאַלטן ביים כלל אַז דער קריטיקער איז אַ שעפערישער מענטש — אַ קינסטלער, כאָטש דער קינסטלער אינספּירירט זיך פון לעבן און פון דער נאַטור און דער קריטיקער ווערט אינספּירירט פון דעם ווערק וואָס ער לייענט. ס'איז בכן זייער נאַריש אויפצוהייבן די אַלטע דיסקוסיע, כדי צו פּרוּוון אָפּפרעגן די שעפערישקייט פונעם קריטיקער, און אַז מען לייענט די גרעסערע אַרבעטן און די קלענערע עסייען אין דעם בוך „דער כוח פון אות" ווערט מען טאַקע נאָך אַ מאָל איבערצייגט אַז די קריטיק איז אַ פולבאַרעכטיקטער זשאַנער אין דער קונסט, ווייל פון איין זייט ברענגט זי צו אונדז דערקענטעניש וועגן לעבן און פון דער צווייטער זייט פאַרשאַפט זי אונדז עסטעטישן גענוס מיט איר סטיל־שיינקייט, געדאַנקען־אויפבוי און אינטעלעקטועלן שווונג.

וואָס זענען די אויפגאַבן פון דער קריטיק? מען קען דאָ זאָגן אַן פּונקט ווי ס'איז שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע וואָס עס זענען די אויפגאַבן פון דער קונסט, אַזוי איז שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע וואָס עס איז די אויפגאַבע פון דער קריטיק. מען דאַרף אָננעמען אַז די אויפגאַבן פון דער קריטיק זענען עטלעכע און דווקא — פאַרשיידנאַרטיקע. אָסקאַר ווײַלד האָט געזאָגט אַז דער קריטיקער איז אַ מין אַקטיאָר וואָס מוז יעדעס מאָל אַריינקריכן אין אַ נייער, פרעמדער הויט און אַרויסברענגען — זיך. דאָס איז אַ גרויסער און טרעפלעכער אמת, אָבער נאָך מער אמת איז אַז דער קריטיקער איז געגליכן צו אַן אַקטיאָר דערמיט וואָס אים קומט אויס און זיין פונקציע צו שפּילן אַ גאַנצע ריי פאַרשיידנאַרטיקע ראָלן. דער קריטיקער מוז געדענקען דעם לייענער, אָבער ער טאָר זיך נישט פאַרוואַנדלען אין קיין מבינות־זאָגער וואָס שטעלט צו רעם לייענער פאַרטיקע מיינונגען. דער קריטיקער מוז אין זין האָבן דעם שרייבער און דאָס ווערק וועגן וועלכן ער שרייבט און ער טאָר זיי נישט באַנוצן בלויז פאַר אַ טשוואָק אויפצוהענגען ויינע געדאַנקען, זיינע דערפאַרונגען, זיינע אידעען און אַפילו זיינע שטימונגען. ער טאָר זיך אָבער פאָרט נישט אָוועקשענקען אויף אַזאַ אופן אַז מען זאָל נישט דערפילן, דערזען און מושפּע ווערן פוי זיין אייגענער פערזענלעכקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין זיין קריטיק. בכלל דאַרף מען זאָגן אַז דער קריטיקער איז אַ

מין מלאך וואָס טוט יאָ צוויי שליחותן מיט אַ מאָל. ער רעדט צום לייענער, אָבער ער לערנט אויך דעם שרייבער. דאָס לערנען קען זיין אי פון אַ דרדקי־מלמד און אי פון אַ ראש־ישיבה וואָס זאָגט זיין שיעור מיט חריפות און בקיאות. דאָס איז שוין געווענדט אין דעם קריטיקער און אין זיין טאַלאַנט.

*

שמעון קאַנץ האָט זיין בוך „דער כוח פון אות״ געטיילט אין 4 אָפּטיילן. דעם אַריינפיר־אָפּטייל האָט ער געווידמעט דער יידישער פּאָעזיע. נאָך דעם קומט דער אָפּטייל וועגן דער יידישער פּראָזע. ווייטער אין בוך אַריין — טרעפן מיר זיך אָן אויף דעם אָפּטייל וועגן דער העברעיִשער ליטעראַטור — אַ קליינער אָפּטייל מיט נישט קיין אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער. ווייל נעבן העברעיִשע ליטעראַרישע ווערק געפינען מיר אָפּהאַנדלונגען וועגן איבערזעצונגען פון העברעיִש אויף יידיש וועגן עסייען און אָפּהאַנדלונגען אין עברית און אויך אָן עסיי וועגן... רמב״ם.

דער פערטער אָפּטייל איז כולל אַ ריי פּאַרטיפּטע אַרבעטן וועגן ווערק וואָס האָבן עושה רושם געווען אין דער וועלט ליטעראַטור (אַמאָליקע יאָרן פלעגט מען זאָגן: אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור) און אויך וועגן ריכטונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור און וועגן פּראָבלעמען וואָס שטייען, אַזוי צו זאָגן, אויפן סדר־היום.

קאַנץ, וואָלט איך געזאָגט, געהערט צו די קריטיקערס פון חסידישן און נישט מתנגדישן שניט. וואָס הייסט עס? עס מיינט צו זאָגן אַז ער איז אַ קריטיקער וואָס הייבט זיך אויף צו זיינע הויכן אויף די פליגל פון באַגייסטערונג און התפּעלות און טרעפט ער אָן אויף אַ שרייבער, אָדער אויף אַ ווערק וואָס גיט אים אָן אָנרעג צו דער דאָזיקער התפּעלותדיקער דערהייבונג, דאָן אין ער אין זיין סטיכיע און זיין קריטיק ווערט אַ שיר־מזמור, צום קריטיקירטן און זיין ווערק. עס פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען פאַראַן ביי אונדז אַלט־געבאַקענע לייענערס (און אויך שרייבערס) וואָס מיינען בטעות אַז קריטיק, דאָס איז אַראָפּרייסן, אויפווייזן פעלערן, אָדער לכל־הפּחות עפּעס אַראָפּדינגען פון שרייבערס גרויסקייט. און די דאָזיקע וועט אין קאַנצעס קריטיק תמיד עפּעס פעלן. אין דער אמתן אָבער פעלט איר נישט קיין שום זאַך, אַ חוץ אפשר... אַ גוטער לייענער.

*ש.* קאַנצעס מעטאָר פון קריטיק איז מעדיטירן זיינע אייגענע רעיונות אויף דער קאַנווע פון שרייבערס שאַפונג און דערביי אויפדעקן דעם מיין פון דער שאפונג, איר ווערט און איר שיינקייט. ווען ער רעדט וועגן סוצקעווערס לידער זאָגט ער: „שוין אין זיינע ערשטע יוגנטלעכע לידער איז פאַראַן צוזאַמען מיט דער שטרענגסטער אָרגאַניזאַציע פון דער דיכטערישער שורה

אויך אַן אָרגאַניזירטער איד". „יעדעס ליד" — זאָגט ער ווייטער — „איז אַ סך הכּל פון פיל געלייטערטע שפּירונגען, פון לאַנג אָרויסגעטראָגענע, געפּרעסטע איבערלעבונגען און פאַרמאָגט אין זיך דאָס טיף קערנדיקע, וואָס היט אָפּ זיין ווירקנדיקן כּוח אויך היינט, ביז איבער אַלע צייטן".

ש. קאַנץ איז אַ גרויסער חסיד פון דעם דיכטער יעקב פרידמאַן און ווען ער רעדט וועגן פרידמאַנען פילט מען אַז זיין שירה מאַכט זינגען אויך זיין קריטיק. „יעקב פרידמאַן — זאָגט קאַנץ — געהער צו די גרויסע דיכטער וואָס פאַרבליפן מיט יעדן איינציקן ליד, אָבער דער גאַנצער פאַרנעם פון זייער גרויסקייט דערפילט מען ווען מען קען זיי אין גאַנצן". און ווייטער: „אין פרידמאַנען האָבן געשפּילט, געשטורעמט און זיך געריסן צום אויסדרוק, קאָנפליקטן און קאָנטראַסטן. ער איז געווען אי ליריש, אי סאַטיריש, סענסועל און אַסקעטיש, הכנעהדיק און שטאָלץ". קאַנץ קומט צום אויספיר אַז כאָטש יעקב פרידמאַן ז"ל האָט דערגרייכט אַזאַ הימל־הויכקייט וואָס איז אין דער יידישער דיכטונג אַ זעלטענע דערשיינונג, האָט ער אָבער געהאַט דאָס טראַגישע געפיל אַז עס זענען פאַראַן אייביקע צוימען און גרענעצן וואָס מען קען זיי (שעפעריש — י. י.) נישט איבערטרעטן.

איר האָט דאָ אי אַ געלונגענע כאַראַקטעריסטיק פון סוצקעווערס און פרידמאַנס דרך אין דער פּאָעזיע און איר האָט דאָ אַן אייגענע געדאַנקען־אַנטוויקלונג וועגן די ווערטן פון דער טעמאַטיק. און דאָס געפינען מיר אויך אין די אָפּהאַנדלונגען און עסייען וועגן די אַנדערע דיכטערס און פּראָזאַיקערס, וועגן וועלכע ער שרייבט. ער געפינט אויס אין יעדן פון די באַהאַנדלטע די כאַראַקטעריסטישע שעפערישע נקודה און ווייזט ווי אַזוי דער שעפער האָט פון איר און מיט איר אויסגעבויט זיין וועלט. דערביי אַנטפּלעקט ער אי ערודיציע, אי שאַרפזין און מיר האָבן בפירוש הנאה דערפון ווי ער בויט אויף זיין געדאַנקען־טורעס אויף דעם באָדן פון די באַהאַנדלטע שרייבערס און זייערע ווערק.

*

וואָס מיר געפעלט צום שטאַרקסטן אין קאַנצעס קריטיק (און מיט וואָס איך בין אים אַפילו אַ ביסל מקנא) איז דאָס וואָס ער איז, אַזוי צו זאָגן, געבליבן „אָפן" פאַר די גייע שטרעמונגען און דיכטונגען אין דער ליטעראַטור און קונסט פון וועלכע מיר איז שוין שווער הנאה צו האָבן, פּשוט דערפאַר ווייל איך בין שוין, אַ פּנים, צו אַלט כּדי זיך צוצייגענען אַ נייעם בליק און נייע אויפנעם־געוווינשאַפטן פון קינסטלערישן אויסדרוק. איך מוז דאָ אונטערשטרייכן אַז בדרך־כּלל האַלט איך עס פאַר גאַנץ נאַטירלעך אַז ביי אַ מענטש וואָס איז ליטעראַריש דערצויגן געוואָרן אויף אַן אַנדער קונסטגעשמאַק זאָלן נישט

געפינען קיין אָפּקלאַנג די נייע ריכטונגען אין דער קונסט צו וועלכע ער האָט נישט קיין שליסל און וועלכע שטויסן אים אָפּ צוליב זייער פּרעמדקייט (און נייקייט). אָבער איר מיין פון דעסטוועגן אַז די שולד דערפון פאַלט דאָ נישט אויף די נייע קונסט־ריכטונגען, נאָר אויף די אַלטע געשמאַקן און געוווינהייטן פון קריטיקער און דערפאַר פרייט מיך צו זען ווי אַזוי שמעון קאַנץ ספּראָוועט זיך יאָ מיט די נייע קונסטריכטונגען און נישט נאָר אָריענטירט ער זיך אין זיי, נאָר ער פאַרשטייט זיי אויסגעצייכנט און געפינט זיך אין זיי ווי אַ בן־בית.

אַז מען לייענט איבער שמעון קאַנצעס אויסגעצייכנטן אַנאַליז וועגן לייב ראָכמאַנס ווערק (פון דער צווייטער פאַזע אין זיין שאַפן) און מען זעט ווי טיף ער האָט באַנומען די סימבאָלן פון דעם שרייבער און ווי אַזוי ער האָט פאַרשטאַנען אין דעם דאָזיקן קינסטלעריש־געשטאַלטיקטן קאָשמאַר צו געפינען די אייגנאַרטיקייט פון ראָכמאַנס בעלעטריסטישן טאַלאַנט, פאַרשטייט מען שוין פאַר וואָס אים קומט אָן זייער גרינג צו געפינען אַ שליסל צו די ווערק פון די יינגערע העברעיִשע שרייבערס און איבערהויפּט צו געוויסע שרייבערישע פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער צייט. מען דאַרף פון דעסטוועגן אונטערשטרייכן ווי אַ גרויסע מעלה פון קאַנצן וואָס הגם ער אָריענטירט זיך ווי אַ היימישער אין די נייע ריכטונגען און פאָרם־אויסדרוקן פון דער קונסט, באַוועלט ער אָבער אויף קיין האָר נישט די אַלטע קונסט־ריכטונגען און די אַלטע קונסט־פאָרמען און עס פאַלט אים נישט איין אויף קיין רגע זיי צו מינימיזירן. נחמן ראַפּפּ און לייזער אייכנראַנד מיט זייער מאָדערניזם שליסן זיך איין אין דער קייט אין וועלכער עס געפינט זיך דער נישט מאָדערנער אַברהם רייזען. אלו ואלו בני הליטעראַטור וואָס לעבט, שאַפט, אַנטוויקלט זיך פון נעכטן, איבער היינט ביז מאָרגן.

דעם אמת געזאָגט, וואָלט מען זיך דאָ געדאַרפט אָפּשטעלן און אַנאַליזירן יעדן אַפּטייל באַזונדער און אויך יעדע אָפּהאַנדלונג באַזונדער. אין אַלגעמיין איז אין קאַנצעס ליטעראַטור־קריטיק פאַראַן דער פיינער ריח פון קולטור־בקיאות און געדאַנקלעכער הריפות. ער איז אַ גוטער בעל־לשון און אַז ער וויל קען ער אויך זיין אַ שיין־שרייבער, כאָטש ער וויל בעסער דאָס אויסבויען דעם געדאַנקען־בנין איידער זיך שפּילן מיט די אַרכיטעקטור־באַפּוצונגען וואָס טראָגן גאָרנישט צו צו דעם גייסטיקן בנין.

ווי אַלע אַנדערע יידישע קריטיקערס איז אויך קאַנצעס קריטיק סטימולירט און אַרויסגערופן דורך זיין פאַרפליכטונג פאַר דער צייטונג אין וועלכער ער אַרבעט. דאָס לייגט אַ באַשטימטן חותם אויף זיין שרייבן און דאָס איז שולדיק דערין וואָס וועגן אַ געוויסן שרייבער האָבן מיר אינעם בוך דריי־פיר אָפּהאַנדלונגען און וועגן אַ צווייטן שרייבער — אַ נישט ווייניקער וויכטיקן און ווערטיקן — האָבן מיר איין אָפּהאַנדלונג פון בלויז צוויי מיט אַ האַלב זייטלעך.

אַוודאי מאַכט דאָס אַ מאָדנעם איינדרוק און איז עלול אַרויסצורופן אַ טענה צום קריטיקער דער אמת דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז גאַנץ אָפט געלינגט קאַנצן אין אַן אָפּהאַנדלונג פון צוויי און אַ האַלב זייטל צו זאָגן וועגן דעם באַהאַנדלטן שרייבער נישט ווייניקער ווי וועגן אַן אַנדערן וואָס פאַרנעמט ביי אים עטלעכע זייט. אַזאַ איז, למשל, זיין אָפּהאַנדלונג וועגן ישעיה שפיגל און זיין פּראָזע. אַזעלכע זענען אויך אַ סך אַנדערע עסייען אין זיין בוך, בעיקר אינעם 4טן טייל פון בוך וואָס פירט אונדז אַריין אין די חדרי־חדרים פון דער נישט־ייִדישער קולטור־וועלט, אָבער אַן סנאָבישער התבטלות פאַר איר, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַמאָליקע משכילים און איז איצט אַזוי כאַראַק־טעריסטיש פאַר געוויסע העברעיִשע שרייבערס און קריטיקערס.

בטבע איז ש. קאַנץ נישט קיין ניין־זאָגער, נאָר אַ יאָ־זאָגער. זיין פעדער לעבט אויף ווען ער קען פאַר אונדז צעגלידערן אַ ווערק און אויפן סמך פון דער דאָזיקער צעגלידערונג אַרויסברענגען זיין אייגענעם עולם ומלואו פון געדאַנקען און אימפּרעסיעס. ס׳טרעפט אָבער אַז קאַנץ בויט אויף פאַר אונדז אַ גאַנצן בנין פון געדאַנקען און ערשט ביים סאַמע סוף איז ער אונדז מרמז אַז דאָס וואָס ער באַהאַנדלט איז אין דער בחינה פון דעם „בעל דבר וואָס איז די מי נישט ווערט״. קאַנץ באַווייזט גאָר אָפט אַז מען קען אויך וועגן אַ שלעכט בוך שרייבן... גוט.

ש. קאַנץ איז וואָס אַן אמת נישט קיין פנים חדשות אין דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק, אָבער דאָס בוך „דער כוח פון אות״ עפנט פאַר אים דעם היכל פון דער ליטעראַטור־קריטישער יצירה און גיט אים אין דעם דאָזיקן היכל אַ זייער בכבודיק אָרט.

# „ייִדן אויפן שיידוועג“ פון יצחק קאָרן

(פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, תשל״ח — 1978)

עס איז אַ גוטער סימן פאַר אַ שרייבער ווען זיינע שריפטן וואָס זענען צופריער געדרוקט געוואָרן אין צייטונגען, אָדער אין זשורנאַלן פאַרלירן נישט פון זייער ווערט דעמאָלט ווען זיי ווערן איינגעזאַמלט אין די טאָוולען פון אַ בוך. וואָרעם ס׳איז אַ נישט אויסגעפאָרשט געזעץ, אַז די שריפטן וואָס זענען גוט, ווערן אין גערעם פון אַ בוך נאָך בעסער און די וואָס זענען אָן ווערט, ווערן ווערטלאָזער, אַ פּנים אַז מיט דעם זאָג „אותיות מחכּימות“ האָט מען נישט געמיינט סתּם אותיות, נאָר טאַקע די אותיות פון ספר, אָדער פון בוך וואָס מען איז מיט זיי מכוון אַ לענגערן דויער.

איינס פון די ערשטע מעלות פון יצחק קאָרנס בוך „ייִדן אויפן שיידוועג“ איז טאַקע דאָס וואָס זיינע מאמרים פאַרעפנטלעכטע צופריער אין זשורנאַלן און אין צייטונגען, זענען עפּעס וואָגיקער און וויכטיקער ווען מיר לייענען זיי אין דער בוך־אויסגאַבע. און זיי זענען וויכטיקער און וואָגיקער ווייל מען דערזעט אַז די פּראָבלעמען וואָס ער באַהאַנדלט זענען נישט קיין זשורנאַליסטישע קקיון־דיונה וואָס אָט זענען זיי פאַראַן און אָט זענען זיי פאַרשווונדן, נאָר עס זענען פראַגן וואָס שטייען פאַר אונדז מיט זייער גאַנצער דויערהאַפטיקער ערנסטקייט און זיי וועלן נישט פאַרשווינדן כּל־זמן מיר וועלן זיי נישט האָבן געלייזט, אָדער אויף וועלכן ס׳איז אַנדערן אופן אַראָפּגענומען פון אונדזער פאָלקישן און געזעלשאַפטלעכן סדר היום.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז אין אונדזער ייִדיש־וועלט דערשיינען איצט אפשר נישט קיין סך ווייניקער ביכער ווי עס זענען דערשינען אין די גוטע צייטן פון ייִדיש־אויפלעב. אלא וואָס דען? דער קריזיס פון ייִדישן ביכערמאַרק קומט צום אויסדרוק אין די זשאַנערן פון די ביכער וואָס דערשיינען. אַזוי, למשל, דערשיינען ביי אונדז איצט נישט קיין ביכער וואָס זאָלן באַהאַנדלען פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, אָדער ענינים פון פילאָזאָפישן און וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער. דער עיקר דערשיינען ביי אונדז איצט ביכער פון בעלעטריסטישן אינהאַלט און אויך זכרונות, אָבער קיין ביכער פון פובליציסטישן זשאַנער, קיין ווערק פון אידעאָלאָגיש־געזעלשאַפטלעכן געביט זעט מען נישט, אָדער מען זעט זיי זייער ווייניק. און דאָס איז דער סימן מובהק פון דעם קריזיס אין

אונדזער ליטעראַטור, דער סימן מובהק אַז אונדזער ליטעראַטור האָט פאַרלוירן איר יוגנטלעכן לייענער וועלכער איז דער אָפּנעמער פון דעם דאָזיקן מין ליטעראַטור, וואָס צילט צו קאָנקרעטער ווירקונג אויפן לעבן דורך קאַמף, דורך אויפקלערונגען אאַ״וו אאַ״וו.

יצחק קאָרנס בוך „ייִדן אויפן שיידוועג״ איז דעריבער אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג. ס'איז אַ בוך וואָס דערמאָנט אונדז די אייגענע יונגע יאָרן, די יאָרן ווען מיר זענען געווען פאַרגליובט אין אידעאַלאָגיעס; ווען מיר זענען געווען זיכער אַז עס איז גענוג צו דערקענען דאָס שלעכטס, כּדי עס צו באַזייטיקן; ווען מיר האָבן געמיינט אַז ס'איז גענוג איבערצייגן מענטשן אין דעם ריכטיקן וועג וואָס פירט צום געגאַרטן ציל כּדי אַלע זאָלן זיך לאָזן מיט דעם דאָזיקן וועג און שפּאַנען אַהינצו ווו טרוימען ווער פאַרוואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט.

יצחק קאָרן פאַרנעמט זיך אין זיין בוך מיט עטלעכע גרונטיקע פּראָבלעמען וואָס שטייען שוין זינט אַ לאַנגער צייט ברומו של עולם פון ייִדן און ייִדישקייט. דאָס איז דאָס פּראָבלעם וועגן דער באַציִונג צווישן די ייִדן אין די תּפוצות און די ייִדן אין מדינת־ישראל. דאָס איז דאָס פּראָבלעם וועגן עליה און שיבת־ציון, וואָס דער מחבר וואָלט וועלן, אַז זיי זאָלן ווערן מאַסן־דערשיינונגען אין ייִדישן לעבן; דאָס איז די פראַגע וועגן די אויפגאַבן פון די ציוניסטן אין ישראל און אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט. דאָס איז אויך דער וויכטיקער ענין פון ייִדישער דערציִונג אין די תּפוצות און דערביי דער אַרטיקער קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע וכו' וכו'. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ זענען דערמאָנט נאָר עטלעכע פון די באַהאַנדלטע פּראָבלעמען — און ווייט נישט אַלע. מען קאָן אָבער, אַז מען וויל, זאָגן אַז פאַקטיש האָט דער מחבר פאַר זיך נאָר איין פּראָבלעם און דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון פאַרזיכערן די ווייטערדיקע פיזישע און גייסטיקע עקזיסטענץ פון ייִדישן פאָלק און אַלדאָס איבעריקע שטעלט מיט זיך פאָר די פאַרשידענע אַספּעקטן פון דעם פּראָבלעם וואָס יצחק קאָרן איז מיט אים גוט באַקאַנט און באַהאַנדלט אים מיט דער באַהאַוונטקייט פון אַ מענטש וואָס קומט פון אינעווייניק.

אין 5 אָפּטיילן איז געטיילט דאָס בוך „ייִדן אויפן שיידוועג״. דער ערשטער אָפּטייל פאַרנעמט זיך מיט אַלגעמיינע ייִדישע פּראָבלעמען וואָס צווישן זיי איז די וויכטיקסטע פראַגע „צי ענדיקט זיך די השפּעה פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום?״, ווי אויך די פראַגע וועגן „ייִדן אָן ייִדישקייט״ וואָס אַלאַרמירט וועגן אַ גרויסער סכּנה פאַר אונדזער ווייטערדיקער פאָלקס־עקזיסטענץ און פּרוּווט נאָכן דיאַגנאָז פון דער חולאת אָנווייזן וועלכע תּרופות וואָלטן געקענט די חולאת פאַרמיידן, אָדער לפּחות, פאַרמינערן איר צעשטערנדיקע ווירקונג. דער צווייטער אָפּטייל „מיט ייִדן אין פאַרקייט אין פאַרשידענע לענדער אויף אונדזער ערדקיילעך״. די מאמרים אין דעם דאָזיקן אָפּטייל זענען געשריבן

אונטערן איינפֿלוס פֿון די דירעקטע איינדרוקן וואָס יצחק קאָרן האָט באַקומען באַזוכנדיק די לענדער וואָס וועגן זייערע ייִדישע ישובים דערציילט ער. כּדאַי צו באַמערקן אַז די מאמרים וואָס גייען אַריין אין דעם דאָזיקן אָפּטייל האָבן אַ דאָפּלטן באַדייט: זיי גיבן אונדז וועגן דעם לעבן פֿון די ייִדישע ישובים אַ בילד וואָס דערגרייכט די וויכטיקייט פֿון אַ היסטאָרישן דאָקומענט, אָדער פֿון אַ באַגלויבטן גבית־עדות פֿאַרן קומענדיקן היסטאָריקער און אין דער זעלביקער צייט גיבן זיי אונדז אַ באַלויכטונג פֿון די פּראָבלעמען וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש און ספּעציפֿיש פֿאַר יעדן פֿון די ישובים און דערביי אויך דעם מחברס מיינונג ווי אַזוי די דאָזיקע פּראָבלעמען צו לייזן. דער דריטער אָפּטייל „אויפֿן ציוניסטישן פֿראָנט" באַהאַנדלט פֿראַגן פֿון ציוניסטישער פֿאַרווירקלעכונג און דער עיקר — די פֿראַגע פֿון קריזיס אין ציוניזם, וואָס דויערט שוין אַ לאַנגע צייט און איז, אין אַ געוויסן זין, אַ פּועל־יוצא דווקא פֿון דעם ציוניסטישן זיג נאָכן אַנטשטיין פֿון מדינת־ישראל. דער פֿערטער אָפּטייל האָט צו טאָן מיט ייִדיש און מיט דער קולטור אין ייִדישן לשון וואָס דער מחבר האַלט אַז זיי זענען אַ טייל פֿון אונדזער אַלגעמיינעם קולטור־אוצר און אַ וויכטיקער וואָפֿן אין קאַמף פֿאַר אונדזער קיום און קעגן דער פֿאַרניכטערישער אַסימילאַציע. לסוף קומט דער פֿינפֿטער אָפּטייל וואָס נעמט אַריין אין זיך פּאָרטרעטן און פּראָפֿילן פֿון אַ ריי ייִדישע און ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן וואָס דער מחבר איז געקומען מיט זיי אין באַרירונג במשך די יאָרן פֿון זיין ציוניסטישער און געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט.

פֿון אידעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט זענען די וויכטיקסטע אַרטיקלען פֿונעם בוך: „ייִדן אָן ייִדישקייט", „צי ענדיקט זיך די השפּעה פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום" און דער מאמר „ציוניסטן אָן ציוניזם". אין די דאָזיקע דריי אַרבעטן מאַכט דער מחבר אַ קווערשניט פֿון דער ייִדישער געשיכטע און אַנאַליזירט אַ ריי דערשיינונגען אין ייִדישן לעבן כּדי צו קומען צו באַשטימטע אויספֿירן. מען קאָן זיך פֿרעגן: וואָס איז די רבותא מיט די דאָזיקע מאמרים? זענען דען די פֿראַגן ניי? האָט מען דען זיי שוין נישט באַהאַנדלט ביז איצט אויף פֿאַרשידענע אופֿנים? דער ענטפֿער איז אַז די פֿראַגן גופֿא זענען אפֿשר טאַקע נישט קיין נייע, אָבער זיי ווערן באַהאַנדלט אין ליכט פֿון זייער נייער היינטצייטיקער אַנטוויקלונג. וואָרעם פּאַקטיש ווייסן מיר דאָך אַז ס'איז אין חדש תּחת השמש. זייט דער מענטש האָט דערגרייכט די מדרגה פֿון אַ האָמאָ סאַפּיענס, מאַטערט ער זיך מיט עטלעכע פּראָבלעמען און יעדעס מאָל דוכט זיך אים אַז ער האָט פֿאַר די דאָזיקע גרונטיקע און אייביקע פּראָבלעמען שוין געפֿונען אַ רעליגיעזן, אַ פֿילאָזאָפֿישן אָדער אַ סאָציאַלן ענטפֿער. וואָס ווייזט זיך אָבער אַרויס? עס ווייזט זיך אַרויס אַז יעדעס מאָל דערשיינען די פּראָבלעמען אי אין אַ נייעם לבֿוש און אי מיט נייע אינהאַלטן וואָס די צייט־אַנטוויקלונגען ברענגען מיט זיך.

און דאָן מוז דער טראַכטנדיקער מענטש אָנהייבן זיין אַרבעט אויף ס׳ניי: ער מוז געפינען נייע לייזונגען פאַר די נייע געשטאַלטונגען פון די דאָזיקע פּראָבלעמען וואָס אין זייער סאַמע תּוך זענען זיי אַלט און מען האָט זיך מיט זיי שוין באַשעפטיקט.

לאָמיר אַ קוק טאָן אויפן שטח פון ציוניזם. אויף דעם דאָזיקן שטח שטייט, זייט דער ציוניזם איז אויפגעקומען, דאָס פּראָבלעם פון שיבת־ציון, פון עליה קיין ארץ־ישראל. אַנדערש איז אָבער דאָס דאָזיקע פּראָבלעם געווען אין די פאַר־מדינה־צייטן און אַנדערש איז עס איצט, ווען מיר האָבן שוין ברוך־השם אַן אייגענע מדינה. יצחק קאָרן באַהאַנדלט אַן אַלט ייִדיש־פאָלקספּראָבלעם (עס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעמאָלט ווען משה רבינו האָט געפירט די ייִדן איבער דעם מדבר). אָבער אונדזער מחבר באַלייכט עס פון אַ נייעם שטאַנדפּונקט און פון אַ נייעם קאָמפּלעקס פון לעבנס־פאַרהעלטעניש. פאַרשטייט זיך, אַז פון ציוניסטישן שטאַנדפּונקט קאָן מען מיטן מחבר נישט דיסקוטירן, ווייל פון ציוניסטישן שטאַנדפּונקט איז ער גערעכט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט און טאָמער וועט עמעץ וועלן זאָגן אַז עפּעס מוז דאָך זיין אין דעם וואָס דאָס פאָלק, די ברייטע פאָלקסמאַסן פון די גלות־לענדער ווילן נישט אָננעמען די דאָזיקע גערעכטיקייט, וועט אייך יצחק קאָרן, ווי אַ גוטער ציוניסט קענען ענטפערן, אַז דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט זיין אמת. ווייל אויף וויפל ציוניזם האָט געשטרעבט צו מאַכן אַ רעוואָלוציע אין ייִדישן לעבן, אויף אַזוי פיל דאַרף זיך אַ ציוניסט נישט רעכענען מיט דעם וואָס עס איז, נאָר דאַרף שטרעבן צו ענדערן דיווירקלעכקייט, אין דעם פאַל — די ייִדישע ווירקלעכקייט, וואָס ווערט פאַרמירט פון דעם מענטשלעכן ווילן צו לעבן אַ שטיל לעבן, אין באַקוועמלעכקייט, איגנאָרירנדיק בולטע געפאַרן אאַ״וו א״וו.

אין דעם פאַל איז יצחק קאָרן, ווי יעדער מענטש פון אַן אידעאַל, אַ מאַמין און אַן אָפּטימיסט. ער גלויבט אַז דער שכל־הישר וועט פאָרט זיגן און ייִדן אין דער וועלט וועלן סוף־כל־סוף איינזען אַז מדינת־ישראל איז פאַר זיי דאָס איינציקע לאַנד וווּ זיי קענען בלייבן אַלס נאַציע אויף דער ערנע פון דער געשיכטע. אָבער יצחק קאָרן האַלט פון דעסטוועגן נישט אַז מיטן בלויזן קומען קיין ישראל האָט מען שוין געלייזט אַלע פּראָגן. ער האַלט אַז ערשט אין ישראל שטייט פאַר אונדז די גרויסע אויפגאַבע צו בויען אַ געזעלשאַפט וואָס זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן דעם דרוק פון די אַרומיקע פיינטלעכע כּוחות און דערביי אויך נישט סתּם צו עקזיסטירן, נאָר צו עקזיסטירן ווי אַ שעפערישע פאָלק וואָס איז ראוי צו זיין אַ יורש פון זיין גרויסער קולטור־ירושה.

מיר האָבן פריער געזאָגט אַז יצחק קאָרן איז אַ מאַמין און אַן אָפּטימיסט. אָט ווי ער פאַרענדיקט זיין היסטאָרישע עקסקורסיע אין שייכות מיט דער פראַגע

וועגן דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִדישער קולטור־ירושה: „מיינע שורות זענען נישט קיין אויסדרוק פון יאוש, זיי זענען מער אַן אויסדרוק פון טיפער סאָלידאַריטעט מיטן גורל פון ייִדישן פאָלק, פון נישט וועלן משלים זיין מיטן פּראָצעס וועלכן די געשיכטע גרייט אונדז צו און דער אויספיר איז, אַז מען דאַרף גיין קעגן שטראָם".

פון זיין אַנאַליז וועגן דעם מהות פון ייִדישקייט וואָס מיר דאַרפן ממשיך זיין אין אונדזער וויטערדיק קולטור־לעבן ווי אַ נאַציע קומט יצחק קאָרן צו ייִדיש און צו די ווערטן וואָס זענען אין איר געשאַפן געוואָרן און דאַרפן דורך אונדז פאַרירשנט ווערן אין אונדזער ווייטערדיקן זיין ווי אַ פאָלק. דער אָפּטייל וואָס איז געווידמעט דעם דאָזיקן פּראָבלעם האָט אַ דאָפּלטע באַדייטונג. ערשטנס באַגרינדט ער די טעאָרעטישע באַזע פאַר דער באַוועגונג וואָס האָט זיך דאָ געשאַפן שלום צו מאַכן צווישן ייִדיש און עברית און דורך דעם אויך צו שטאַרקן די אָפּגעשוואַכטע קולטור־טעטיקייט אין ייִדישן לשון. צווייטנס גיט דער דאָזיקער אָפּטייל אַ היסטאָרישן דאָקומענט איבער דער אַנטוויקלונג און דער טעטיקייט פון דעם ייִדיש־קאָמיטעט אין ישראל און פון די ייִדיש־קאָמיטעטן אין פאַרשידענע גלות־לענדער וואָס אַ הויכפּונקט אין דער דאָזיקער טעטיקייט איז אָן ספק געווען דער וועלט־צוזאַמענפאָר פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור אין ירושלים אין אויגוסט 1976 און שפּעטער — אין יאָר 1978 — דער גרינדונגס־צונויפפאָר פון וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור — צוויי וויכטיקע קולטור־געשעענישן וואָס האָבן געמאַכט אַ רושם אין דער ייִדישער וועלט און וואָס יצחק קאָרן איז געשטאַנען אין זייער שפּיץ.

דער לעצטער אָפּטייל פון בוך דערציילט און שילדערט אַ ריי פּערזענלעכקייטן וואָס דער מחבר האָט זיך מיט זיי געטראָפן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. קאָרן איז פון די וואָס זענען נישט דן קיין מענטשן לכף חובה, נאָר לכף זכות און דעריבער איז אין זיינע פּאָרטרעטן פון אַ ריי פּערזענלעכקייטן נישט פאַראַן קיין שאָטן. קאָרן שרייבט וועגן מענטשן און ער געדענקט מענטשן נאָר ווען ער האָט צו זיי אַ פּאָזיטיווע באַציִונג און פילט צו זיי אַ ליבע אָדער לפּחות אַ סימפּאַטיע. דאָס זאָגט זייער פיל וועגן מחבר גופא וואָס איז אַ מעורב עם הבריות פון אַ הויכן גראַד.

אין קאָרנס מאמרים זענען פאַראַן זייער געלונגענע דעפיניציעס. רעדנדיק וועגן די אשכּנזים זאָגט ער, אַז „דער הויפּטשטריך פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום איז געווען זיין פאָלקסטימלעכקייט. די אשכּנזישע תּלמידי־חכמים האָבן זייער תּורה געבראַכט אין אַזאַ פאָרעם אַז יעדער פּשוטער פאָלקסמענטש זאָל זי קענען פאַרשטיין און באַנעמען". וועגן דער אונטערשיד צווישן די ספרדים און די אשכּנזים זאָגט ער, אַז ער איז באַשטאַנען אין דעם וואָס „ביי די ערשטע איז געווען מער טרוקענער מוח, מער שטרענגע דיסציפּלין, מער

וויסנשאַפט, מער אַריסטאָקראַטישקייט; ביי די צווייטע האָט דאָמינירט דאָס האַרץ, די אימפּולסיוויקייט. דער מענטש מיט זיינע פֿאַלקסטימלעכע באַדערפֿעונישן איז ביי זיי געשטאַנען אין צענטער".

אין כּלל גענומען געהערט יצחק קאָרן צו די אָפּטימיסטן, כאָטש אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז ער דווקא אַ פּראַקטישער מענטש. ווי פֿאַר אַן אָפּטימיסט זענען פֿאַר אים נישט פֿאַראַן קיין סיטואַציעס פֿון וועלכע מען קען נישט געפֿינען קיין אויסוועג. אַזוי אַרום געפֿינט ער טאָקע לייזונגען פֿאַר אַלע פֿראַגן מיט וועלכע דאָס יִידישע לעבן ראַנגלט זיך זייט דער עמאַנציפּאַציע. אַוודאי האָבן זיינע לייזונגען אָפּט מאָל דעם חסרון וואָס ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל אָנטאָן דער קאַץ דאָס גלעקל אויפֿן האַלדז. דאָס הייסט: ווער עס זאָל ברענגען דערצו אַז יִידן זאָלן האַנדלען אַזוי ווי דער מחבר וויל און נישט אַנדערש (ווי זיי האַנדלען טאָקע טראָץ די לאָגישע באַוויזן אַז זייער האַנדלונג איז שלעכט און פֿון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט אַן אומגליק).

אין סך־הכּל איז דאָס בוך „יִידן אויפֿן שיידוועג" אַ וויכטיק בוך און יִידן וואָס טראַכטן מיט געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַל־אידעאָלאָגישע קאַטעגאָריעס וועלן דערין אַ סך געפֿינען, אַפֿילו ווען זיי וועלן נישט אין אַלץ מסכּים זיין מיטן מחבר.

## דאָס געראַנגל פֿאַר יִידיש — נעכטן און היינט *

כמעט אַלץ וואָס מען קאָן זאָגן וועגן דעם בוך האָט דער מחבר אַליין שוין געזאָגט אין זיין הקדמה. עס איז נישט קיין בוך וואָס פּרעטענדירט אויף וויסנשאַפטלעכער פֿאָרשונג; דער שרייבער פֿון בוך איז נישט קיין קאַבינעט־געלערנטער און איר דאַרפֿט פֿון אים נישט דערוואַרטן קיין אַנטפּלעקונגען וואָס נוגע דער געשיכטע פֿון יִידיש. וואָס איז דאָס בוך יאָ? וואָס איז דער שרייבער יאָ אויסן מיט זיינע עסייען? ער איז, ווי ער אַליין זאָגט, אויסן צו ציען אונדזער אויפֿמערקזאַמקייט אויף דעם וואָס אַזוינס דאָס לשון יִידיש איז געווען און איז אין אונדזער נאַציאָנאַל־גייסטיקן לעבן פֿון די לעצטע יאָר־הונדערטער. דערביי וויל ער אונדז אויך אַלאַרמירן וועגן דער לאַגע פֿון יִידיש אין דער קעגנוואַרט און אונדז וואָרענען אַז אויב מיר וועלן נישט מאָביליזירן

* יצחק קאָרן: דאָס געראַנגל פֿער יידיש: עסייען וועלטראַט פֿאַר יידיש און יידישער קולטור. תל־אביב. תשמ"ב—1982. הילע: צפניה קיפּניס. 244 זייטן.

אונדזערע כּוחות צום קאַמף פאַר דעם המשך פון דעם ייִדישן לשון, און בעיקר, צום קאַמף פאַר דעם המשך פון דעם וואָס ער רופט אָן „ייִדיש־קולטור”, וועלן מיר בידיים אונטערגראָבן אַ צענטראַלן יסוד פון דעם דאָזיקן בנין וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ וויכטיקע פעסטונג אין דער פאַרטיידיקונג פון אונדזער נאַציאָנאַל־גייסטיקער עקזיסטענץ, אַ וויכטיקע שלאַכט־פּאָזיציע אין דער פאַרטיידיקונג קעגן אונדזער גרעסטן שונא, דער אַסימילאַציע.

— ייִדיש — האָט יצחק באַשעוויס־זינגער אַ מאָל געזאָגט — האָט אַ ליכטיקן חן און אַ פינצטער מזל... מאַכנדיק אין זיינע עסייען אַ שפּאַציר איבער דער געשיכטע פון ייִדיש, ווייזט אונדז יצחק קאָרן ווי אַזוי ייִדיש איז פון איין זייט געווען באַליבט און געצערטלט דורך דער מאַסע ייִדיש־רעדערס און פאַרקערט, ווי זי האָט די גאַנצע צייט פון איר עקזיסטענץ געמוזט זיך ראַנגלען פאַר איר קיום מיט כּלערליי פאַקטאָרן וואָס האָבן זיך באַצויגן נעגאַטיוו צו איר פּאָזיציע אין פאָלקס־לעבן. קאָרן קומט דערביי צו צוויי זייער ריכטיקע און אינטערעסאַנטע אויספירן: 1) כּל־זמן לשון ייִדיש איז געווען געקניפּט און געבונדן מיט די נאַציאָנאַל־שעפערישע כּוחות פון פאָלק, האָט די שפּראַך געבליט און האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דעם לעבן פון פאָלק. 2) כּל־זמן דאָס פאָלק גופא האָט געלעבט אַן אייגנאַרטיק נאַציאָנאַל קולטור־שעפעריש לעבן און איז נישט באַדראָט געוואָרן דורך דער אַסימילאַציע, האָט ייִדיש פאַרנומען די דאָזיקע פּאָזיציע וואָס זי איז ראוי געווען צו פאַרנעמען. היוצא לנו מדברינו: אויב ייִדיש וויל ווייטער עקזיסטירן, דאַרף זי זיין פאַרבונדן מיט דעם געראַנגל פאַר אונדזער פאָלקס־עקזיסטענץ און פאַר אונדזערע אמתע, נאַציאָנאַלע ווערטן. פון דער אַנדערער זייט אָבער דאַרף מען נישט, טאָר מען נישט אין אונדזער נאַציאָנאַלן פאָלקסקאַמף מוותר זיין אויף ייִדיש, ווייל דאָס לשון פאַרמאָגט די דאָזיקע וויטאַמינען וואָס קענען אונדז פיל העלפן אין אונדזער קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע, וואָס דאָס הייסט: אין קאַמף פאַר אונדזער המשך, פאַר אונדזער ווייטערדיקן זיין.

ווי געזאָגט, איז דער מחבר פון בוך „דאָס געראַנגל פאַר ייִדיש” נישט קיין קאַבינעט־געלערנטער און נישט קיין טעאָרעטיקער. ער איז אַ פּראַקטישער טוער מיט אַ גרויסער דערפאַרונג אויפן געביט פון נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. ער געהערט אָבער צו די וואָס פאַרשטייען אַז אויב מען וויל באַנעמען געוויסע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון דער קעגנוואַרט דאַרף מען זיך ווענדן צו די זעלביקע פּראָבלעמען ווי זיי זענען געקומען צום אויסדרוק אין דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס איז דער זין פון זיין עקסקורסיע איבער געוויסע קאַפּיטלען פון דער ייִדיש־געשיכטע אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער. ס׳וויל זאָגן אַז קאָרן איז געגאַנגען צו דער געשיכטע, כּדי דורך אירע שורשים צו

באַנעמען דעם כאַראַקטער פון אונדזער פאָלקסשפּראַך, אירע ווערטן און אויך די געפאַרן וואָס האָבן אויף איר געלויערט און לויערן נאָך ביז היינטיקן טאָג.

אָן צו קענען און צו וויסן די דאָזיקע פאַקטן קען אונדזער קאַמף פאַר ייִדיש נישט זיין עפעקטיוו. מען דאַרף טאַקע פירן אַ קאַמף פאַר דעם אויפהאַלט פון ייִדיש, מען דאַרף אָבער וויסן ווי אַזוי צו פירן דעם דאָזיקן קאַמף, כּדי ער זאָל אויך אָן אמת זיין דערפאָלגרייך. דאָס ווייזט אונדז יצחק קאָרן אין די עסייען וועלכע בילדן די קאַפּיטלען פון דעם באַהאַנדלטן בוך.

כאָטש נישט קיין לינגוויסט, קומט אָבער יצחק קאָרן צו אייניקע ריכטיקע מסקנות וועגן דער אַנטשטייונג פון די ייִדישע שפּראַכן אין די גלות־לענדער זייט ביי זייט פון די לאַנדשפּראַכן וועלכע האָבן דאָמינירט ווי די שפּראַכן פון דער מערהייט אין דאָזיקע לענדער. להיפוך צו דעם איינשטעל פון דער קאָמוניסטישער פילאָלאָגיע אין סטאַלינס צייטן, אַז די שפּראַכן פון די מינדערהייטן אַנטשטייען מחמת דעם ווילן פון דער מינדערהייט זיך צונויפצוגיסן מיט דער מערהייט און די ניי־געשאַפענע שפּראַך דאַרף זיין די טרעפּ צו דער דאָזיקער צונויפגיסונג, האַלט קאָרן צוזאַמען מיט דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער פילאָלאָגישער וויסנשאַפט אַז די שפּראַכן ביי ייִדן אין גלות זענען אַנטשטאַנען דווקא דערפאַר, ווייל ייִדן האָבן געוואָלט שטעלן אַ דאַמבע צו דער אַסימילאַציע־געפאַר, וואָס האָט זיי געדראָט מצד די שפּראַכן פון דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג. דערפון קומט קאָרן צו דעם ווייטערדיקן אויספיר אַז כּל־זמן די ייִדישע שפּראַכן היטן זייער אויפגאַבע און דערלאָזן נישט צו דער דאָזיקער אַסימילאַציע, האַלטן זיי זיך און אַנטוויקלען זייער מעמד אין לעבן פון ייִדישן פאָלק. ווי באַלד אָבער די שפּראַכן הערן אויף צו דערפילן זייער אויפגאַבע און זיי זענען מער נישט קיין באַריער צו דער אַסימילאַציע, קומט זייער באַרג־אַראָפּ און זייער אויסלעשונג. עס זענען פאַרשטייט זיך פאַראַן נאָך אַנדערע סיבות וואָס פירן צו דעם אונטערגאַנג פון די ייִדישע לשונות וועלכע זענען אַנטשטאַנען אין גלות און אַ סך פון די סיבות זענען פון אַ דרויסנדיקן כאַראַקטער איבער וועלכע מיר האָבן קיין דעה נישט. אָבער וואָס נוגע ייִדיש און איר צוקונפט קענען מיר יאָ האָבן אַ דעה און ס׳איז אין אַ גרויסער מאָס געווענדט אין אונדז גופא צי ייִדיש זאָל ווייטער עקזיסטירן אָדער זי זאָל אונטערגיין ווי אַ סך אַנדערע שפּראַכן פאַר איר.

נאָך דעם ווי קאָרן באַהאַנדלט אַ ריי אַנדערע ייִדישע שפּראַכן און פאַרגלייכט זיי מיט ייִדיש, קומט ער צו דער מסקנא אַז ייִדיש פאַרמאָגט דאָך געוויסע באַזונדערקייטן וואָס עס האָבן נישט די אַנדערע ייִדישע שפּראַכן וואָס ייִדן האָבן גענוצט אין די גלותן. ער אַנאַליזירט באַזונדערע אָפּשניטן אין דער געשיכטע פון ייִדיש, ווי למשל דאָס קאַפּיטל **ייִדיש און חסידות**, כּדי צו קומען אויף די שפּורן פון דעם וווּקס און אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך. קאָרן שטעלט זיך

אָפּ אויף דעם פֿאַקט וואָס אין קעגנזאַץ צו דער השׂכּלה און דער עמאַנציפּאַציע־באַוועגונג וואָס איז געווען קעגן ייִדיש, איז חסידות געווען פֿאַר ייִדיש, האָט פֿיל געהאָלפֿן דער אַנטוויקלונג פֿון דער שפּראַך און איז דורך דער דאָזיקער שפּראַך אַליין געהאָלפֿן געוואָרן. חסידות מיט זיין קולט פֿאַר פֿאָלקסטימלעכקייט האָט אַריינגעטראָגן אין דער פֿאָלקסשפּראַך עטישע און עסטעטישע ווערטן. דערפֿאַר האָט די ייִדישע שפּראַך געהאָלפֿן פֿאַרשפּרייטן דעם חסידישן געדאַנקענגאַנג און די אידעען פֿון חסידות. אַנאַליזירנדיק דאָס געבענטשטע שותּפֿות צווישן חסידות און ייִדיש, האַלט יצחק קאָרן אַז אויך היינט צו טאָג קען ייִדיש געהאָלפֿן ווערן פֿון דער ראָמאַנטיק און פֿאָלקסטימלעכקייט פֿון חסידות. דאָס איז אָבער אַן ענין וואָס מען דאַרף וועגן אים רעדן ברייטער, ווייל ווי עס ווייזט זיך אַרויס האָבן די היינטיקע פּירערס פֿון דער חסידישער וועלט ווייט ווייט נישט די זעלביקע באַציִונג צו ייִדיש ווי עס האָבן געהאַט זייערע פֿאָרגייערס אַ מאָל. אויך פֿיל פּירערס פֿון היינטיקן חסידות האָבן שוין לאַנג מוותּר געווען אויף ייִדיש און ווען אַפֿילו בלית־ברירה, איז דאָך אַ פֿאַקט אַז זיי פֿירן זייער טעטיקייט אויף ענגליש נישט אַנדערש ווי די אַלע וועלטלעכע קרייזן וואָס מיר טענהן אַז זיי זענען די טרעגערס פֿון אַסימילאַציע.

יצחק קאָרן איז דער פֿאָרזיצער פֿון וועלטראַט פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור און ער פֿירט אָן מיט דער פּראַקטישער אַרבעט פֿון דער דאָזיקער אין פֿלוג יונגער אינסטיטוציע וועלכע האָט זיך שוין קונה שם געווען מיט איר אַקטיוויטעט לטובת ייִדיש אין דער גרעסער וועלט. ער ווייס אָבער אַז יעדע פּראַקטישע אַרבעט מוז האָבן אַ טעאָרעטישן באַזיס און אַן אידעאָלאָגישן וועגווייזער אין אַ געוויסן זין איז אין דעם בוך „דאָס געראַנגל פֿאַר ייִדיש" פֿאַראַן דער אידעאָלאָגישער וועגווייזער פֿאַרן קאַמף לטובת ייִדיש אין די אַכציקער יאָרן פֿון אונדזער יאָרהונדערט. איינע פֿון די דאָזיקע הנחות איז אַז ייִדיש מוז גיין צוזאַמען מיט עבֿרית און נישט קעגן איר. ייִדיש מוז אויך גיין מיט דעם נאַציאָנאַלן קאַמף פֿאַר דער פֿאָלקס־עקזיסטענץ און נישט קעגן אים. פֿון דער צווייטער זייט דאַרף דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ־קאַמף אונדזערער אויסנוצן ייִדיש ווי אַ דאַמבע קעגן דער אַסימילאַציע און וואָס נאָך וויכטיקער — ער דאַרף אויסנוצן די גייסטיקע ווערטן וואָס ייִדיש האָט אָנגעזאַמלט מדי צו גאַראַנטירן אונדזער ווייטערדיקן פֿאָלקס־המשך.

חוץ דעם קאַפּיטל „ייִדיש און חסידות" זענען אויך ביז גאָר וויכטיק די ווייטערדיקע קאַפּיטלען: „ייִדיש און העברעיִש", „ייִדיש אין ארץ־ישׂראל" און „ייִדיש אין מדינת־ישׂראל". דאָ האָבן מיר דריי קאַפּיטלען וואָס גיבן אונדז אַ סך מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פֿון ייִדיש. וואָס מיר דאַרפֿן וויסן און קענען אין אונדזער טעטיקייט פֿאַר דער דאָזיקער שפּראַך. יצחק קאָרן האָט דאָ צונויפֿגענומען אַ סך היסטאָריש־וויסנשאַפֿטלעכן מאַטעריאַל און אים קאָמענטירט

אויף אַן אָביעקטיוון אופן. בעיקר איז אים געגאַנגען אין באַווייזן אַז יידיש און העברעיִש זענען נישט און דאַרפן זיך נישט זיין קיין שׂונאים און אַז עס זענען געווען צייטן, ווען די דאָזיקע צוויי שפּראַכן האָב באַדינט אונדזער פאָלק ווי צוויי טרייע שוועסטער. קאָרן רעדט דאָ אויך אַרום דעם פּירוד צווישן יידיש און העברעיִש, וואָס האָט נישט געבראַכט קיין גרויס גוטס ביידע שפּראַכן. דער אויספיר זיינער איז אַז מען דאַרף דעם דאָזיקן פּירוד פאַרגעסן און מהיום־והלאה דאַרף יידיש זיין פאַרבונדן מיט העברעיִש און העברעיִש דאַרף שעפּן פון די פאָלקסקוואַלן וועלכע שפּרודלען אין יידיש. דעסגלייכן רעפערירט דער מחבר אויך די געשיכטע פון יידיש אין ארץ־ישראל און שפּעטער אין מדינת־ישראל. ער פאַרלייקנט נישט די פאַקטן און ברענגט אַרויס די אַגרעסיע פון די פאַנאַטישע העברעיִסטן כלפּי יידיש און יידיש־שעפערס. ער ווייזט אָבער אָן אַז צוזאַמען מיט די שׂונאים פון יידיש האָבן אין יידישן לאַנד אויך געווירקט פריינד פון יידיש און צווישן זיי האָבן זיך געפונען גרויסע פּערזענלעכקייטן פון דער ציוניסטישער וועלט און פון איר גייסטיקער עליטע. די אַלע פאַקטן וואָס קאָרן דערציילט זענען אפשר נישט קיין נייע, אָבער זיי באַקומען אַ גאַנץ באַשטימטן אויסדרוק אין דער מחברס באַלויכטונג. דער עיקר — זיי פירן צום הויפּטגעדאַנק אַז מדינת־ישראל דאַרף זיין פאַראינטערעסירט אין דער שטאַרקונג פון יידיש וואָס איז אויך די שטאַרקונג פון אונדזערע נאַציאָנאַלע פּאָזיציעס אין קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע.

און וואָס ס'איז באַזונדערס וויכטיק אין קאָרנס בוך איז דער אַלאַרם קעגן דעם שפּראַך־אַסימילאַציע וואָס גייט מחיל אל חיל אויף אונדזער גאַס. זאָגט טאַקע דער מחבר אין זיין הקדמה צום בוך: „די כּוונה פון מיין בוך איז אַריינצוברענגען אומרו אין אונדזערע רייען און איז אַ רוף צו מאָבילירן זיך כּדי אָפּצושטעלן די שפּראַכן־אַסימילאַציע און זוכן וועגן צו שטאַרקן די יידיש־קולטור נישט דורך נאָסטאַלגיע־אויסדרוקן און צוגעוואָרפענע נדבה־גראָשנס, נאָר פשוט איינשפּאַנען זיך צו קאָנקרעטע מעשׂים אין דעם גרויסן פאַרמעסט צו פאַרזיכערן — לפּחות טיילווייז — אַז יידיש זאָל ווייטער פאַרגעזעצט ווערן אַלס לעבעדיקע שפּראַך".

ווען מען פאַרענדיקט לייענען דאָס בוך און ווען פאַרטראַכט זיך וועגן דער אַרגומענטאַציע לטובת יידיש, קען מען, ווי דער מחבר, קומען צום אויספיר אַז מען דאַרף נאָך נישט זיין קיין „קדיש־זאָגער" נאָך יידיש, ווייל כאָטש די לאַגע פון יידישן לשון איז איצט נישט גוט, איז אָבער פאַראַן אַ מעגלעכקייט מיט אַ גרויסן אנשטרענג די לאַגע צו פאַרבעסערן.

יצחק קאָרנס בוך דערמוטיקט אונדז צום דעם דאָזיקן אָנשטרענג און ווייזט אין וועלכער ריכטונג ער דאַרף גיין.

# „עכאָס פון אַ פאַרשווונדענער צייט״

ד״ר העשיל קלעפּפיש: עכאָס פון אַ פאַרשווונדענער צייט. פאַרלאַג: וועלטראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור. תל־אביב, תשמ״א — 1981, 450 זייטן.

1

דער נאָמען פון ד״ר העשיל קלעפּפישעס בוך „עכאָס פון אַ פאַרשווונדענער צייט״ זאָגט פריער אויס וועגן וואָס פאַר אַ בוך עס האַנדלט זיך און כּדי דער מחבר זאָל זיין אין גאַנצן זיכער אַז דער לייענער „קויפט נישט קיין קאַץ אין אַ זאַק״, ווי מען זאָגט אין פאָלקסטימלעכן לשון, האָט ער צוגעגעבן אַז די דאָזיקע „עכאס״ האָבן אַ שייכות צו די יאָרן וואָס צווישן 1929 און 1939 און דער לייענער דאַרף דעריבער נישט זוכן אין דאָזיקן ווערק עפּעס וואָס עס איז דערין נישט פאַראַן.

דער מחבר גופא (און אויך מיר, די לייענערס) שטעלן זיך די פראַגע: איז כּדאי אין די אַכציקער יאָרן פון אונדזער געפּרווּוטן יאָרהונדערט צונויפזאַמלען צווישן די טאָוולען פון אַ בוך אַ ריי אַרטיקלען, פעליעטאָנען און עסייען וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן און זענען טאַקע דעמאָלט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ייִדישער פּעריאָדיק? אין זיין אַריינפיר צום בוך דערקלערט ד״ר העשיל קלעפּפיש פאַר וואָס ער האַלט אַז דאָס איז כּדאי. די אַרגומענטן וועלכע ער גיט אָן זענען זייער וויכטיקע און ערנסטע, אָבער זיי שעפּן נישט אויס אַלע תּירוצים אויף דער דאָזיקער קשיא. אַ קליינער אַריינטראַכט אין דעם ענין וועט דאָס אונדז טאַקע באַווייזן.

ד״ר העשיל קלעפּפיש פרעגט: „צי האָט אַ זין אַרויסצוגעבן אָט דעם צונויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל נאָך דעם ווי עס זענען אַריבער העכער פיר־צענדליק יאָר און עס עקזיסטירט נישט מער דער גייסטיקער און סאָציאַלער קלימאַט אין וועלכן די עסייען זענען געשריבן געוואָרן״

דערויף ענטפערט ער: „מער ווי די פאָרשונג און די בכּיוונדיקע שילדערונג איז דער אינטימער, אוממיטלבאַרער און היימישער עסיי, וועלכער איז געשריבן געוואָרן אין די ערב־חורבן־יאָרן, מסוגל אונדז אַריבערצופירן אין דער וועלט וואָס איז געווען, און דערנענטערט אונדז צו דעם געדאַנקען־גאַנג וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן טראַגיש פאַרשניטענעם ייִדישן קיבוץ, צו זיין געפילן־געוועב, צו זיין אינטערעסן־קרייז, צו זיין גרויסן גייסטיקן אומרו״.

און דאָס איז, דאַרף מען זאָגן, הונדערט פּראָצענט אמת. דער דאָזיקער אמת איז אָבער פאַר אונדז וויכטיק נאָר דעמאָלט ווען מיר האָבן אין דעם ווערק בדעה בלויז צו זוכן די פאַרגאַנגענהייט, בלויז דאָס וואָס איז געווען און אין שוין אַוועק. צי איז אָבער אין ד״ר קלעפּפישס בוך פאַר אונדז אינטערעסאַנט בלויז דאָס פאַרגאַנגענע? צי זענען נישט פאַראַן דערין אַ גאַנצע ריי עסייען וועלכע זענען, אַזוי צו זאָגן, פאַר אונדז אויך היינטיק? איך וועל זיך דערלויבן צו זאָגן אַז אַ גאַנצע ריי מאמרים אין דעם בוך זענען אַקטועל אויך היינט און זיי לייענען זיך ווי זיי וואָלטן אַקאַרשט געשריבן געוואָרן. איך וועל שפּעטער אַ ביסל זיך אָפּשטעלן אויף איניקע פון די דאָזיקע מאמרים און עסייען וואָס האָבן אַ שטענדיק אַקטועלן באַלערנדיקן ווערט. דערווייל אָבער וועט געווען זיין צו זאָגן, אַז דאָס בוך פון ד״ר העשיל קלעפּפיש איז אַ בוך פון אַ מענטש מיט גייסט און מיט שרייבערישן טאַלאַנט און דאָס אַליין איז גענוג אַז דאָס בוך זאָל פאַר אונדז זיין אינטערעסאַנט, אומאָפּהענגיק דערפון אין וואָסער צייט עס איז געשריבן געוואָרן און וואָס פאַר אַ פּראָבלעמען עס באַהאַנדלט.

2

יאָ, די מערהייט פון די מאמרים און עסייען אין ד״ר העשיל קלעפּפישעס בוך „עכאָס פון אַ פאַרשווונדענער וועלט״ זענען געווידמעט געשעענישן וואָס די צייט איז איבער זיי שוין אַריבער און זיי זענען — ווי מיר מיינען — מער נישט אַקטועל פאַר דער היינטיקער יידישער וועלט. מען מוז אָבער פעסטשטעלן אַז ביים לייענען דאָס בוך לעבן מיר אויף פאַר זיך און אין זיך די דאָזיקע פאַרגאַנגענהייט פון וועלכער מיר זענען אַזוי טראַגיש אָפּגעשניטן געוואָרן. דערביי לעבן מיר אויף פאַר זיך נישט נאָר די געשעענישן גופא אין זייער היסטאָרישער רעם, נאָר אויך די געדאַנקען און געפילן וואָס זיי האָבן אין אונדז דעמאָלט אַרויסגערופן. מיר דערזען, אגב, וואָס עס איז געווען ריכטיק אין אונדזער דענקען און ווו מיר האָבן געגרייזט. דאָס וויל זאָגן אַז מיר לערנען עפּעס פון דעם בוך, אַז מיר לערנען עפּעס פון די געשיכטלעכע פּאַסירונגען וועלכע דער מחבר פון דעם באַהאַנדלטן ספר לעבט פאַר אונדז אויף מיט דער גאַנצער געמיט־אַטמאָספער וואָס האָט זיי באַגלייט אין דער צייט פון זייער געשען.

לאָ ראָשפוקאָ, דער קלוגער סקעפּטישער פראַנצויז, זאָגט ערגעץ־ווו אַז דאָס איינציקע וואָס מיר לערנען פון דער געשיכטע איז דאָס אַז די געשיכטע לערנט אונדז גאָרנישט. אפשר איז אָט דער פעסימיזם וועגן דער פעיִקייט פונעם בחיר כל היצירה צו לערנען פון זיין דערפאַרונג באַרעכטיקט, וואָרעם ווען דער מענטש זאָל טאַקע לערנען פון זיין דערפאַרונג, וואָלט ער זיך געדאַרפט אויפפירן אַ ביסל קליגער ווי ער פירט זיך אויף. פאַרט קען מען נישט לייקענען,

אַז עפּעס וואָס פון דער געשיכטלעכער דערפאַרונג לערנען מיר דאָך. ס׳קען זיין אַז מיר האָבן אַ ביסל צו שווערע קעפּ און מיר לערנען צו פּאַמעלעך, אָבער אַז מיר לערנען גאָרנישט פון דער געשיכטע — דאָס איז נישט אמת. עפּעס האָבן די פעלקער אין אייראָפּע דאָך געלערנט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און עפּעס האָבן אויך מיר, ייִדן, געלערנט וועגן אונדזער גורל. ס׳איז מעגלעך אַז מיר פירן זיך נישט אויף לויט דער דאָזיקער לערע, אַז מיר פּאַסן נישט צו אונדזער לעבן צו די דערפאַרונגען. אָבער דאָס איז שוין אין גאַנצן אַן אַנדערע הפטורה. דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן מיט אינסטינקטן און געוווינהייטן וואָס ס׳איז שווער זיי אויסצוואָרצלען, כאָטש שכלדיק אָנערקענט שוין דער בן־אדם אַז זיי זענען שעדלעך.

אָט די דאָזיקע געדאַנקען זענען געקומען אין מיין מוח בעת איך האָב געלייענט דאָס אינטערעסאַנטע בוך פון ד״ר העשיל קלעפּפיש. דאָס בוך האָט אַ גרויסן ווערט דערפאַר וואָס אין שפּיגל פון דער פאַרגאַנגענהייט זעען מיר דאָס פּנים פון אונדזער היינט. מיר זעען אַז אַרום אונדז האָט זיך אַ סך אַ סך געענדערט, אָבער מיר אַליין האָבן זיך ווייניק געביטן און מיר טוען זייער ווייניק צו לייזן די דאָזיקע פּראָבלעמען וועלכע זענען שוין פאַר אונדז אַ מאָל געשטאַנען און וועלכע האָבן אין זייער אומגעלייזטקייט אונדז אַזוי פיל געקאָסט. ווי אַ ביישפּיל לאָמיר נעמען דאָס פּראָבלעם פון שינאת־עולם לעם־עולם. אין די „עכאָס" זעען מיר דאָס פּראָבלעם אין דער גאַנצער דראַענדיקייט און מיר ווייסן זייער גוט מיט וואָס מיר זענען צוליב דעם פּראָבלעם געפּרווט געוואָרן און ווערן געפּרווט אויך אין אונדזערע היינטיקע טעג און פון דעם צו דער פראַגע: וואָס טוען מיר היינט צו טאָג כּדי עס צו לייזן? ווי דער ענטפער זאָל דאָ נישט אויספאַלן, איז פאַר אונדז זייער וויכטיק וואָס דער מחבר גיט אונדז די מעגלעכקייט צו דער דאָזיקער קאָנפראָנטאַציע און ער צווינגט אונדז, אויף אַן אומדירעקטן אופן, צו טראַכטן די דאָזיקע געדאַנקען. דאָס איז דאָס גרויסע פאַרדינסט פון ד״ר העשיל קלעפּפּישס בוך און דערמיט איז דאָס בוך נישט בלויז אַ בוך וועגן עכאָס וואָס זענען פאַרשוווּנדן, נישט בלויז אַן עקסקורסיע אין דער געשיכטע, נאָר ס׳איז אויך היינטיק און ס׳האָט אַ שייכות צו אונדזער צייט.

3

מיר וואָלט שווער געווען צו ענטפערן אויף דער פראַגע: וואָס זאָגט דאָס דאָזיקע ווערק אַ מענטש וואָס האָט נישט געלעבט און נישט מיטגעלעבט מיט דער לאַגע און די פּראָבלעמען פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום אין דער צייט פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות? זיכער בין איך אָבער, אַז אויך דער דאָזיקער לייענער וועט אין דעם בוך געפינען פיל באַלערנדיקן שטאָף וועגן אַ צייט וואָס איז געווען אַזוי גורלדיק פאַרן ייִדישן פאָלק און איך מיין אַז אויך יונגע

סטודענטן וואָס ווילן שטודירן די דאָזיקע עפּאָכע אין יידישן לעבן וועלן דאָ געפינען נישט בלויז פאַקטן און געשעענישן, נאָר זיי וועלן אויך געפינען געדאַנקען און שטימונגען וועלכע וועלן זיי ווייזן אַ וועג ווי אַזוי צו באַנעמען דאָס יידישע לעבן אין יענע יאָרן ווען דער יידישער אינטעליגענט האָט געזען צו וואָס עס פירט די שינאת־ישראל און האָט דאָך נישט געהאַט קיין וועג ווי אַזוי צו אַנטרינען פון דעם פּאַטום וואָס איז געהאַנגען איבער אונדזערע קעפּ. דאָס דערזען און באַנעמען דעם דאָזיקן פּאַטום מאַכט אויף אונדז — מוז מאַכן אויף אונדז — אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק.

העשיל קלעפּפיש האָט בעת די מאמרים זענען געשריבן געוואָרן געלעבט אין וואַרשע ווו ער איז געווען אַן אַקטיווער צייטונגמענטש און די אַרטיקלען טאַקע פאַרעפנטלעכט אין „טאָגבלאַט", דעם אָרגאַן פון אגודת־ישראל. ווען איך לייען היינט צו טאָג די דאָזיקע אַרטיקלען און דערמאָן זיך אַז זיי זענען געדרוקט געווען אין אַן אָרטאָדאָקסישער צייטונג, ווער איך דערשטוינט פון זייער קעמפערישן גייסט וואָס איז אַ ווונדער אין אַן אויסגאַבע פון פרומע יידן וועלכע גלייבן אין דער השגחה. אָט אין דעם דאָזיקן שאַרפן און קעמפערישן טאָן אין וועלכע די מאמרים זענען געשריבן ליגט אַ שטיק פון דעם ווונדער פון פּוילישן יידנטום, וואָס איז געווען קעגן די פאַשיסטן אין שפּאַניע און איז פול מיט מוט אַרויסגעטרעטן קעגן דעם היימישן פאַשיזם פון דער פּוילישער רעגירונג. דער אמת איז, אַז די גרעסטע העלפט פון דעם דאָזיקן מוט דאַרף מען צושרייבן דעם מחבר פון די מאמרים, אָבער ווען זיי אַנטשפּרעכן נישט דעם גייסט און דעם געמיט פון די לייענערס פון דער דערמאָנטער צייטונג, גלייב איך, אַז זיי וואָלטן נישט געדרוקט געוואָרן אַזוי סטאַביל.

כ'האָב פריער גערעדט וועגן דעס אַז כאָטש אין דעם בוך ווערן גערעדט וועגן צייטפראַגן און עס איז אַ ווערק וואָס שפּיגלט אָפּ די צייט מיט אירע געשעענישן, פּראָבלעמען און שטימונגען, זענען אָבער דערין פאַראַן אַ גרויסע צאָל מאמרים און עסייען וואָס גייען אַריבער די רעם פון דער צייט און מען קען אין זיי געפינען אינטערעס פון אַן איבערצייטלעכן שטאַנדפּונקט. אַזאַ מאמר איז „סער משה מאָנטעפיאָרע", „סעניאָר אַבראַהאַם, גיב מיר די טאַבעלעס", „עשרת השבטים, יידן, ענגלענדער", „די ערשטע יידישע צייטונג", „אברבנאל", „גוטענבערגס דערפינדונג", „דער טיפּ אחשורוש", „דאָס געדרוקטע וואָרט איז אַלט געוואָרן פינף הונדערט יאָר" און נאָך אַנדערע וועלכע איך האָב דאָ נישט דערמאָנט און זיי געהערן אין גאַנצן אָדער טיילווייז צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע.

ביידע מינים מאמרים ווייזן אונדז דעם מחבר ווי אַן ערודיט אין דער וועלט־ליטעראַטור און וועלט־קולטור און ווי אַ בקי אין אונדזערע יידישע גייסט־אוצרות. כאַראַקטעריסטיש איז וואָס כאָטש דער מחבר איז אַ רעליגיעזער

מענטש און די עסייען זענען געדרוקט געווען אין אַ צייטונג פון רעליגיעזע לייענערס, באַנוצט ער זיך נישט מיט קיין פּסוקים און מאמרי חז״ל, הגם ער איז אין זיי דורכאויס היימיש. די מאמרים זענען פולשטענדיק געשריבן אין דעם אַזוי גערופענעם אייראָפּעיִשן סטיל, אָבער אָן דער אויסשטעלערישקייט פון די לאַטיינישע אַפאָריזמען וואָס זענען דעמאָלט געווען אַזוי אין דער מאָדע ביי יידישע שרייבערס און צייטונג־מענטשן.

אין לעצטן סך־הכל דאַרף מען זאָגן אַז „עכאָס פון אַ פאַרשווונדענער צייט״ איז אַן אינטערעסאַנט בוך פון אַן אינטערעסאַנטן שרייבער. עס איז אַ בוך וואָס לערנט אונדז עפּעס וועגן אונדזער נעכטן און דערמיט אויך וועגן אונדזער היינט. עס איז געשריבן אין גרויסן סטיל און כאָטש עס באַהאַנדלט געװנוג פיינלעכע ענינים, האָבן מיר הנאה בעת מיר לייענען עס, ווייל דער מחבר שרייבט שיין, אָבער אָן שרייבערישע חנדלעך און פליטערלעך. דאָס בוך איז דערשינען אין דער רשימה פון די ביכער וואָס עס גיט אַרויס דער „וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור״ און מיר גלייבן אַז עס פּאַסט זיך אַריין אין די אויסגאַבעס פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע וואָס איינע פון אירע אויפגאַבעס איז צו היטן און ווייטער צו אַנטוויקלען די קולטור־ווערטן פון מזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום.

## ד"ר אליהו שולמאַן: די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור

די ייִדישע שרייבער־טראַגעדיע אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט געבראַכט דערצו אַז מיט דער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור זאָלן זיך אָנהייבן פֿאַראינטערעסירן אויך אַזעלכע קרייזן וועלכע האָבן פֿריער צו דער דאָזיקער שעפֿערישקייט זיך באַצויגן מיט אָפֿענער פֿײַנטשאַפֿט אָדער אין בעסטן פֿאַל, נישט אַרויסגעוויזן צו איר קיין שום באַציִינג און אינטערעס.

אַ ראיה לדבר איז די העברעיִשע ליטעראַטור־קריטיק און די העברעיִשע ליטעראַטור־פֿאָרשונג — צוויי געביטן וואָס זענען לעצטנס באַרייכערט געוואָרן מיט אייניקע ווichtיקע ווערק וועגן דער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור, בעת מיט יאָרן צוריק האָט מען אין יענע ספֿערן אַ פֿריאָרי מבטל געווען אַלץ וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין סאָוועטן־לאַנד אויף ייִדיש, מחמת צוויי טעמים: 1) ווייל מען האָט געהאַלטן אַז די סאָוועטיש־ייִדישע ליטעראַטור האָט בכלל נישט קיין שייכות צו דעם נאַציאָנאַלן שטראָם פֿון דער ייִדישער גייסטיקייט, און 2) ווייל מען האָט געקוקט מיט ביטול און מיט שינאה אויף דעם אַלעם וואָס ווערט געשאַפֿן אין דער „שפּראַך פֿון דער יעווסעקציע" און מען איז דערפֿאַר געווען איבערצייגט אַז דאָס געשאַפֿענע אין דער דאָזיקער שפּראַך איז נישט ראוי צו זיין דער אָביעקט פֿון ערנסטע ליטעראַרישע שטודיעס, אָדער פֿון קולטור־געשיכטלעכע פֿאָרשונגען.

גאַנץ אַנדערש האָט דער ענין, פֿאַרשטייט זיך, אויסגעזען אין דער ייִדישער ליטעראַטור. דאָ האָט מען צום ייִדיש־ליטעראַרישן שאַפֿן אין דער סאָוועטישער מדינה אַרויסגעוויזן נישט נאָר אַן ערנסטע באַציִונג נאָר אַפֿילו אַן איבער־געטריבענעם נייגיר. אויך אין דער ייִדישער ליטעראַטור, מחוץ רוסלאַנד, האָט מען נאַטירלעך, נישט אַקצעפּטירט די עקסטרעמע ווענדונגען פֿון דער סאָוועטיש־ייִדישער שעפֿערישקייט און מען האָט צוליב דעם אָפֿט זיך געקריגט מיט די דאָרטיקע שעפֿערס, אָבער ביי דעם אַלעם האָבן ייִדישע שרייבערס און ייִדישע ליטעראַטור־פֿאָרשערס אין דער פֿרייער וועלט תּמיד נאָכגעפֿאָלגט מיט אַ טיפֿן אינטערעס דעם גאַנג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין סאָוועטישן גבול און זיי האָבן אַפֿילו געפּרוווט פֿאַרשטיין (כאָטש נישט באַרעכטיקן) די סיבות וואָס צוליב זיי איז די דאָזיקע ליטעראַטור אַוועק אויף די באַקאַנטע וועגן וועלכע

האָבן זי וואָס אַ מאָל מער דערווייטערט פון די פאָלקס־קוואַלן און פון נאַציאָנאַלן ייִדישן לעבן.

איינער פון די וואָס האָבן שוין מיט יאָרן און יאָרן צוריק עוסק געווען אין דער סוגיא פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין סאָוועטן־לאַנד און האָט אינפאָרמירט וועגן איר גאַנג און קריטיקירט אירע, וואָס אַ מאָל בולטערע, אַנטי־פאָלקישע ווענדונגען, איז געווען און איז דער ייִדישער ליטעראַטור־קענער און ליטעראַטור־פאָרשער ד״ר אליהו שולמאַן וועלכער האָט נאָך אין די פריע דרייסיקער יאָרן פאַרעפנטלעכט אַ ריי אינטערעסאַנטע אַרבעטן וועגן דער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור וואָס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן אונטער דעם דרוק פון אויפשטייגנדיקן קאָמוניסטישן טאָטאַליטאַריזם וועמענס שווערע און שטאַרקע האַנט — עס האָט זיך באַזונדערס געלאָזט פילן אויף דער ייִדישער גאַס.

דאָס בוך „די סאָוועטיש־ייִדישע ליטעראַטור״ פון ד״ר אליהו שולמאַן, דערשינען אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1971, שטעלט מיט זיך פאָר אַ צונויפקלייב פון מאמרים און עסייען וועלכע דער מחבר האָט געדרוקט אין פאַרשיידענע צייטן, אין פאַרשיידענע זשורנאַלן און זאַמלביכער. אין די דאָזיקע מאמרים און עסייען האָט ד״ר שולמאַן שוין דעמאָלט זיך אָפּגעשטעלט אויף פאַרשיידענע כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען אינעם סאָוועטיש־ייִדישן ליטעראַרישן שאַפן און האָט אויך אַנאַליזירט די וועגן אויף וועלכער דאָס דאָזיקע שאַפן איז געגאַנגען ביז עס איז דערגאַנגען צו דעם סטאַליניסטישן כרת וועלכער איז אונדז אַלעמען אַזוי טרויעריק באַקאַנט.

דאָס בוך פון ד״ר אליהו שולמאַן פאַרמאָגט אַ סך מעלות און אויך אייניקע חסרונות. אויף איין חסרון איז זיך מודה דער מחבר גופא: זיין בוך ליידט פון אומאייגהייטלעכקייט און פון געוויסע (כמעט ווערטערלעכע) איבערחזרונגען. לויט אונדזער מיינונג האָט דאָס דאָזיקע בוך נאָך אַ חסרון: עס גיט איבער בלויז געוויסע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור־שעפעדישקייט אין סאָוועטן־רוסלאַנד, אָבער עס גיט נישט, ווי מען קאָן זיך ריכטן לויטן טיטול, דאָס פולע בילד און די פולע געשיכטע פון דער „סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור״. אַגב זעט מען אַז דער מחבר האָט אויף דער דאָזיקער פולקייט גאָרנישט פרעטענדירט, מחמת ער באַצייכנט זיינע אַרבעטן ווי „עטיודן״ און דאָס הייסט: ווי קויל־סקיצן, אָדער ווי בוי־מאַטעריאַלן פאַר דער דאָזיקער פולער, אומפאַסנדיקער געשיכטע.

אָפּגעזען פון די דאָזיקע צוויי דערמאָנטע חסרונות מוז מען אָבער באַטאָנען אַז די מאָמענטן וועלכע דער מחבר רעפערירט און אַנאַליזירט אין זיין בוך זענען זייער וועזנטלעכע און גורלדיקע פאַר דעם גאַנג פון דעם סאָוועטיש־ייִדישן ליטעראַטור־שאַפן. ד״ר אליהו שולמאַן שטעלט זיך אָפּ אויף עטלעכע

עטאַפּן אין דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער ליטעראַטור וואָס מיר רופן אָן: „סאָוועטישע" און ער ווייזט אונדז אַז זי איז נישט מיט איין מאָל געוואָרן דאָס וואָס זי איז געווען שפּעטער, אין אירע לעצטע פערציקער יאָרן. ער דערציילט אונדז אַפילו וועגן דעם ווי אַזוי יידישע שרייבערס האָבן אין די בראשית־צייטן פון קאָמוניזם געקעמפט פאַרן איינהאַלטן זייער יידיש־נאַציאָנאַל פּנים און האָבן בשום־אופן נישט געוואָלט מוותר זיין אויף דעם אַלפּאַלקישן כאַראַקטער פון זייער שאַפן, ליידער איז זיי דאָס, ווי מיר ווייסן, נישט געלונגען, קודם־כל, צוליב דער האַרטקייט און טאָטאַליטאַרישקייט פון דער סאָוועט־מאַכט און דאַן אויך צוליב דעם וואָס אין דער אייגענער יידישער סביבה האָבן זיך געפונען אַזעלכע וועלכע האָבן די יידישע שעפּעדישקייט געשטויסן אויף דעם וועג וואָס האָט געפירט צו איר אונטערגאַנג.

כדי מען זאָל פאַרשטיין די טראַגיק פון דער יידישער ליטעראַטור אין סאָוועטן־לאַנד, מוז מען אויך וויסן און קענען דעם פּאָליטישן קלימאַט אין וועלכן זי איז געוואַקסן און דעם סאָציאַלן באָדן אין וועלכן זי האָט געוואָרצלט. דאָס וויל זאָגן אַז מען מוז וויסן ווי אַזוי די סאָוועטישע מאַכט, אָדער ווי אַזוי די גדולים פון סאָוועטישן רעזשים האָבן זיך באַצויגן צום יידישן פאָלק און צו דער יידישער קולטור. מיט אָט דעם פּראָבלעם באַקאַנט אונדז ד"ר אליהו שולמאַן אין זיין גרינטלעכער, גוט דאָקומענטירטער אַרבעט „די קאָמוניסטישע שטעלונג צו יידן אין טעאָריע און אין פּראַקטיק" ווו ער דערווייזט מיט לענגערע ציטאַטן פון לענינען און סטאַלינען אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז פון איר אָנהייב אָן געווען קעגן דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק און במילא אויך — קעגן דער עקזיסטענץ פון אַ באַזונדערער יידישער קולטור. אָנגעהויבן פון יאָר 1903 האָט לענין כסדר געהאַלטן אַז יידן זענען נישט קיין פאָלק און האָבן נישט קיין רעכט אויף קיין אייגן פאָלקסלעבן און דעריבער דאַרפן זיי זיך וואָס גיכער אסימילירן און אויפלייזן אין די פעלקער צווישן וועלכע זיי לעבן. די זעלביקע הנחה, מיט מער פאַרביסנקייט און גראָבקייט, האָט סטאַלין אַרויס־געבראַכט אין יאָר 1913, ווען ער האָט פאָרמולירט זיין טעאָריע וועגן נאַציעס, כדי צו דערווייזן אַז יידן האָבן נישט דאָס רעכט זיך אָנצורופן נאַציע און צו וועלן ווייטער בלייבן אַ באַזונדער פאָלק.

אמת איז, אַז אין יאָר 1917, נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָבן די קאָריפייען פון קאָמוניזם נישט אָנגעווענדט זייערע הנחות אין דער פּראַקטיק פון לעבן און זיי האָבן די יידישע מאַסן אין סאָוועטן־רוסלאַנד יאָ געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן קולטורעל אין זייער אייגענער יידישער שפּראַך. דער קאָמוניזם האָט אָבער פון זיין טעאָרעטישער שטעלונג צו יידן און צום יידישן פאָלק זיך נישט אָפּגעזאָגט, נישט פּרינציפּיעל און נישט פאַקטיש. די קאָמוניסטן האָבן בלויז לגבי יידן און דער יידישער שפּראַך אָנגעווענדט די

באַקאַנטע מעטאָדע פון „איין שפּאַן צוריק כּדי צו גיין צוויי שפּאַן פאָרויס" און דאָס הייסט אַז מען האָט טאַקע געגעבן אין יענעם מאָמענט דער ייִדישער מאַסע דאָס רעכט זיך אויסצולעבן אין אַן אייגן לשון, מיט אַן אייגענער ליטעראַטור און קולטור, ווייל דערמיט האָט מען געוואָלט געווינען די ייִדישע באַפעלקערונג אין גרויסן רוסלאַנד פאַר דער קאָמוניסטישער מאַכט, אָבער דערביי האָט מען גוט אָכטונג געגעבן אַז די ייִדישע קולטור און די ייִדישע ליטעראַטור זאָלן אויסגעליידיקט ווערן פון זייערע נאַציאָנאַלע אינהאַלטן און דערמיט פאַרלירן זייערע שעפערישע פאָלקישע זאַפטן. און ווען דאָס איז געשען, ווען די ייִדישע ליטעראַטור האָט פאַרלוירן אירע יניקה־קוואַלן און במילא געמינערט איר השפעה אויף די מאַסן, האָט מען גענומען ביסלעבווייז זי באַגרענעצן און אַרומגרענעצן, ביז מען איז דערגאַנגען צו דער ברוטאַלער ליקווידאַציע פון יאָר 1948.

ד"ר אליהו שולמאַן באַווייזט אין זיין ציטירטער אַרבעט אַז די ברוטאַלע ליקווידאַציע־פּראַקטיק פון דעם ייִדישן לעבן און דער ייִדישער קולטור איז געווען אַ קאָנסעקווענץ פון דער קאָמוניסטישער טעאָריע בנוגע ייִדן. דאָס וואָס ס'איז געשען אין יאָר 1948 האָט שוין טיף געוואָרצלט אין לענינס און אין סטאַלינס אַרויסזאָגן וועגן ייִדן העט העט פאַר דער רעוואָלוציע. ס'איז ווי מען זאָגט: סוף מעשה במחשבה תּחילה, און די ענדערונגען וועלכע זענען פאַרגעקומען צווישן דעם טעאָרעטישן אָנהייב און דעם פּראַקטישן סוף דאַרפן פאַרשריבן ווערן אויפן חשבון פון דער קאָמוניסטישער פּערפידיע וואָס איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דער ממשלה אויך אויף אַ סך אַנדערע געביטן.

אין אַ גאַנצער ריי אַרבעטן וואָס קומען אַריין אין דאָזיקן בוך באַווייזט ד"ר אליהו שולמאַן ווי אַזוי ייִדישע קולטורטוערס און דער עיקר ייִדישע שרייבערס אין רוסלאַנד האָבן זיך געראַנגלט און געקעמפט קעגן דעם קאָמוניסטישן פּסק־דין און האָבן בשום אופן נישט געוואָלט גיין אין די וועגן וועלכע עס האָט פאַר זיי אָנגעצייכנט דער קאָמוניזם. שולמאַן רעפערירט באריכות די זשורנאַלן „שטראָם" און „אייגנס" אין וועלכע ייִדישע שרייבערס האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער קאָמוניזירונג און סאָוועטיזירונג פון דער ליטעראַטור. אמת, אין די דער־מאנטע זשורנאַלן און זאַמלביכער האָט מען שוין געצאָלט א געוויסן צינז דער „נייער ווירקלעכקייט" „אָבער ייִדישער שרייבערס האָבן נאָך אַלץ געוואָלט אָנהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער ייִדישער ליטעראַטור פון אויסלאַנד און דער עיקר — זיי האָבן נאָך אַלץ געוואָלט אָנהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער אייגענער פאָלקס־געשיכטע. דאָס איז זיי אָבער, ווי מיר ווייסן, נישט געלונגען און זיי האָבן ביסלעכווייז געמוזט אויפגעבן דעם דאָזיקן קאַמף און זיך פאַרוואַנדלען אין געטרייע דינערס פונעם קאָמוניזם און אַפילו אין הייסע באַזינגערס פון זייערע שפּעטערדיקע תּלינים.

18 פֿאַרשיידענע גרעסערע און קלענערע אָפּהאַנדלונגען נייען אַריין אין דעם דאָזיקן בוך און ס׳איז גוט וואָס נאָך יעדער אַרבעט קומט די דאַטע ווען זי איז געדרוקט געוואָרן. די דאָזיקע דאַטעס דערציילן אונדז אַז נישט בלויז די שעפֿערס אין רוסלאַנד, נייערט אויך די ייִדישע שרייבערס מחוץ רוסלאַנד. האָבן געלעבט מיט כּלערליי אילוזיעס און האָבן נישט געהאַט קיין אמתן באַגריף וועגן דעם וואָס אַזוינס עס שטעלט מיט זיך פֿאָר דער קאָמוניסטישער רעזשים. מען מוז אָבער צוגעבן אַז טראָץ דעם וואָס אויך דער מחבר פֿון דעם בוך „די סאָוועטיש-ייִדישע ליטעראַטור״ האָט נישט געקאָנט וויסן פֿריער וועגן דעם וואָס עס וועט געשען שפּעטער, האָט ער אָבער פֿון זיין ערשטן מאמר ביז צום לעצטן, געלייגט, ווי מען זאָגט, דעם פֿינגער אויף דער וווּנד און האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די ווייטיקלעכע און סכּנותפֿולע ערטער און פּונקטן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין סאָוועט-רוסלאַנד.

ד״ר אליהו שולמאַן האָט זייער פֿרי דערזען אַז די סאָוועטיש-ייִדישע ליטעראַטור איז אַוועק אויף אַזאַ וועג וווּ עס וועט שווער זיין איר צו בלייבן אַ ייִדישע ליטעראַטור. אָבער ביי אַלע טענות צו דער דאָזיקער ליטעראַטור האָט ער פֿאָרט געהאַלטן און האַלט אויך איצט אַז זי איז דער איינציקער אויסדרוק פֿון אָרטיקן ייִדישן לעבן און פֿון דער אָרטיקער ייִדישער שעפֿערישקייט. דאָס איז אפֿשר אמת, אָבער מען וואָלט דאָ געדאַרפֿט דערקלערן וואָס עס הייסט אַזוינס: „אַן אויסדרוק פֿון ייִדישן לעבן און פֿון דער ייִדישער שעפֿעריש-קייט״? וואָרעם אויב עס ווייזט זיך אַרויס אַז אַפֿילו אַזאַ שרייבער ווי דער נסתּר האָט אָנגעשריבן אַ ראָמאַן איז וועלכן ער זאָגט כּלערליי ליגנס וועגן דעם ייִדישן לעבן, צופּאַסנדיק זיך צו דעם ווילן פֿון דעם סאָוועטישן הערשער, טאָ ווי אַזוי קאָן מען פֿון זיין בוך באַקומען אַ בילד וועגן דעם ייִדישן לעבן וואָס דער ראָמאַן דאַרף ברענגען צום אויסדרוק? אויך אין דער סאָוועטיש-ייִדישער ליטעראַטור פֿון אונדזערע טעג, האַלט ד״ר שולמאַן, קומט צום אויסדרוק דאָס ייִדישע לעבן און דאָס איז איר זכות-הקיום. די פֿראַגע איז אָבער: צי איז טאַקע ווערגעליסעס „פּאָליטישע פּאָעמע״, פֿול מיט אָנפֿאַלן אויף מדינת-ישראל, אַן אויסדרוק פֿון דעם וואָס ייִדן פֿילן און טראַכטן, ווילן און שטרעבן, אין דער היינטיקער סאָוועטישער ווירקלעכקייט?

אין סך-הכּל מוז מען זאָגן אַז דאָס בוך „סאָוועטיש-ייִדישע ליטעראַטור״ פֿון ד״ר אליהו שולמאַן איז זייער אַ וויכטיק בוך און ס׳איז געשריבן מיט גרויס אָפּגעהיטקייט און דורכגעטראַכטקייט. די גרויסע מעלה פֿון דעם דאָזיקן בוך איז דאָס וואָס עס דערציילט אונדז נישט נאָר ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו אַז די ייִדישע ליטעראַטור אין סאָוועט-רוסלאַנד זאָל אכזריותדיק ליקווידירט ווערן, נאָר אויך וועגן דעם ווי אַזוי ייִדישע שרייבערס האָבן זיך געראַנגלט קעגן דעם פֿאַרלירן זייער פּנים און אויך ווי אַזוי אַ סך פֿון זיי זענען געפֿאַלן

קרבנות פון דעם דאָזיקן גערא־נגל אויפן מזבח פון דער אומבאַרעמהאַרציקער־סאָוועטישער מאַכט.

איך בין זיכער אַז אין אַלע ווייטערדיקע פאָרשונגען וועגן דעם סאָוועטישן יידנטום און וועגן דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור וועט דאָס דאָזיקע בוך שפּילן אַ גרויסע ראָל און מען וועט עס בשום־אופן נישט קאָנען פאַרבייגיין דעמאָלט ווען מען וועט זיך נעמען שרייבן די פולע און די טראַגישע דברי הימים פון דעם סאָוועטיש־יידישן שרייבער־שבט...

## ד״ר אליהו שולמאַן און זיין בוך „פּאָרטרעטן און עטיודן״

פאַרלאַג „ציקאָ״, ניו־יאָרק, 1978. 512 זייטן.

יאָרן־לאַנג האָבן מיר דעם ד״ר אליהו שולמאַן געקענט ווי אַ ליטעראַטור־פאָרשער און קולטור־היסטאָריקער. דערביי האָבן מיר געוווּסט אַז ער איז, ספּאָראַדיש, אויך אַקטיוו אויפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק. אין דער לעצטער צייט איז אין זיין שעפערישער טעטיקייט אויף די געביטן פון פאָרשונג און קריטיק אַריינגעטרעטן אַ מין גלייכוואָג און ס׳איז דערגאַנגען דערצו אַז ער איז היינט צו טאָג דער איינציקער אין דער יידיש־אַמעריקאַנער פּרעסע, וואָס רופט זיך כּסדר אָפּ אויף ניי־דערשינענע יידישע ביכער און רעאַגירט אויף פּראָבלעמען פון יידיש־ליטעראַרישן שאַפן.

ס׳איז כּדאַי צו באַטאָנען אַז בכלל איז פון ליטעראַטור־פאָרשונג ביז ליטעראַטור־קריטיק נישט קיין ווייטער מהלך. עס האָט שוין ביי אונדז אַ סך מאָל געטראָפן אַז שרייבערס וואָס האָבן אָנגעהויבן מיט קריטיק זענען שפּעטער אַוועק אַקערן און זייען אויף די פעלדער פון פאָרשונג. און ס׳האָט געטראָפן דאָס פאַרקערטע אויך. היינו ? שרייבערס וואָס האָבן אָנגעהויבן ווי ליטעראַטור־פאָרשערס האָבן זיך שפּעטער באַזעצט ווי אָנגעזעענע תּושבים אין די געמאַרקן פון דער ליטעראַטור־קריטיק.

אינטערעסאַנט איז צו וויסן אַז אין די דאָזיקעביידע פאַלן איז דער זיווג כּמעט תּמיד געווען אַ מזלדיקער, אַ געראָטענער. ווייל עס איז גוט ווען אַ ליטעראַטור־קריטיקער האָט אַ חוש פאַר דער ליטעראַטורס געשיכטע און פאַר די פאַזעס פון איר אַנטוויקלונג. אַ פּשיטא שוין אַז ס׳איז נאָך בעסער ווען דער ליטעראַטור־פאָרשער איז אַ מבין אויף דעם ליטעראַטור־שטאָף און ווייסט

צו אונטערשיידן, ווי מען זאָגט, צווישן זיידנצייג און זאַקלייוונט. נו, און אָן אַט דעם וויסן קאָן דאָך קיין ליטעראַטור־קריטיק נישט געמאָלט זיין.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן ענין דערמאָנט זיך מיר ווי יעקב גלאַטשטיין, ע״ה, האָט אַ מאָל פּאָלעמיזירט מיט אַ ריי ליטעראַטור־פאָרשערס (צווישן זיי — זיין חבר נחום ברוך מינקאָוו ע״ה), מחמת זיי האָבן דעם זכות־בכורה פון דער ייִדישער דיכטונג אין אַמעריקע געוואָלט אַוועקשענקען אַ שאַפונג וואָס האָט לויט איר קוואַליטעט נישט געהאַט קיין שום שייכות צו פּאָעזיע. גלאַטשטיין האָט דאַן געפאָדערט אַז דער ליטעראַטור־פאָרשער זאָל זיך נישט באַגרענעצן בלויז צום אַנטדעקן אַ געשיכטלעכן דאָקומענט. ער האָט פאַרלאַנגט אַז אויף וויפל דער דאָזיקער דאָקומענט האָט אַ שייכות צו דער ליטעראַטור, זאָל זיין אַנטדעקער אים ליטעראַריש אָפּשאַצן און פעסטשטעלן צי ער איז טאַקע ראוי, פאַרמלעך, אינהאַלטלעך און שפּראַכלעך, צו דער דאָזיקער ראָלע וואָס ווען וויל אים צושרייבן אין דער ליטעראַטור־געשיכטע.

דאָ האָבן מיר פאַר זיך, אַנדערש פאָרמולירט, די פאָדערונג אַז דער ליטעראַטור־היסטאָריקער דאַרף אין אַ געוויסן זין אויך זיין אַ ליטעראַטור־קריטיקער.

די ייִדישע ליטעראַטור האָט געהאַט דאָס מזל צו עטלעכע אַזעלכע סינטעזן. לאָמיר דאָ אָנרופן בלויז עטלעכע: ד״ר ישראל צינבערג, ש. ניגער, מאַקס עריק, זלמן רייזען, מאיר ווינער און נאָך. דערביי לאָמיר דאָ אויך צוגעבן, גאַרנישט בדרך אַגב אַז אויף דעם וועג פון דעם דאָזיקן מזלדיקן סינטעז גייט אויך ד״ר אליהו שולמאַן.

★

מירן דאָ זיך אָפּשטעלן, בעיקר, אויף דעם בוך „פּאָרטרעטן און עטיודן" פון ד״ר אליהו שולמאַן, וואָס איז דערשינען הײַיאָר אין ניו־יאָרק. עס איז אַ בוך פון פאַרנעם, סיי קוואַנטיטאַטיוו, סיי קוואַליטאַטיוו און עס לאָזט זיך דערוועגן אַזוי פיל שמועסן, אַז הלוואי מיר זאָלן באַוויזן אַלץ אַרומצושמועסן. דאָך — איידער מיר גייען צו צו דעם דאָזיקן וויכטיקן און גרויספאַרנעמיקן ווערק, לאָמיר צום ערשט דערמאָנען ד״ר אליהו שולמאַנס אַ ריי פריערדיקע אַרבעטן, מיט וועלכע ער האָט זיך קונה שם געווען סיי אין אונדזער ליטעראַטור־פאָרשונג, סיי אין אונדזער ליטעראַטור־קריטיק. לאָמיר דאָ באַטאָנען אַז שוין אין יאָר 1943 האָט ד״ר שולמאַן אַרויסגעגעבן זיין בוך „געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע" און אין יאָר 1946 איז דערשינען זיין בוך „יונג־ווילנע", אין יאָר 1971 איז דערשינען זיין זאַמלונג עסייען וועגן ד״ר ישראל צינבערג און אין דעם זעלביקן יאָר — זיין בוך „די סאָוועטיש־ייִדישע ליטעראַטור". אין יאָר תשכ״ט איז דערשינען אין עברית זיין אויסגאַבע „סוגיות בתולדות ספרות יידיש". אויך אין ענגליש זענען דערשינען צוויי אויסגאַבן

זיינע: אין יאָר 1959 און אין יאָר 1971.ביידע וועגן ייִדן אין סאָוועט־רוסלאַנד.

מען קען אויך נישט פאַרבייגיין און נישט פאַרצייכענען די גרויסע צאָל ערנסטע פאָרשערישע און קריטישע אַרבעטן זיינע אין אַקאַדעמישע אויסגאַבעס, גאַנץ באַזונדער די גרויסע צאָל ביאָגראַפיעס פון ייִדישע שרייבערס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פאַר דעם „לעקסיקאָן פון דער נייער ייִדישער ליטעראַטור״.

און פון ביבליאָגראַפיע לאָמיר אויף אַ ווייל איבערגיין צו עטלעכע קורצע באַמערקונגען פון ביאָגראַפישן כאַראַקטער. ד״ר אליהו שולמאַן איז, נישט קיין אַמעריקאַנער געבוירענער, נאָר אַן אַמעריקאַנער דערצויגענער. (ער איז געבוירן אין דער שטאָט סלוצק און געקומען קיין אַמעריקע ווי אַ קינד). אין די דרייסיקער יאָרן איז ער פון אַמעריקע געקומען קיין ווילנע און איז געווען אַן אַספּיראַנט אין ייוואָ. אין יענער צייט איז ער אויך געפאָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו ער האָט זיך געפונען אין דער סביבה פון די דעמאָלטיקע ייִדישע קולטור־טוערס און געלערנטע. לויט ווי מיר קומט אויס האָט זיך שוין דעמאָלט געהאָט אָנגעהויבן די שקיעה פון דער ייִדישער קולטור־שעפערישקייט אינעם ראַטנפאַרבאַנד (פאַקטיש האָט זי זיך אָנגעהויבן באַלד מיטן אויסברוך פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס אירע פירערס האָבן פאַרלייקנט די עקזיסטענץ־רעכט פון ייִדן אַלס פאָלק), אָבער ד״ר אליהו שולמאַן האָט נאָך באַוויזן צו זען אַ טייל פון דעם גרויסן אויפטו וואָס די ייִדיש־וועלטלעכע קולטור־שאַפערס האָבן דערגרייכט אין יענעם מאָמענט, ווען עס זענען זיי געגעבן געוואָרן די מינימאַלסטע מעגלעכקייטן פאַנאַנדער צושפרייטן די פליגל. דער דאָזיקער איינדרוק האָט איבערגעלאָזט אויף ד״ר שולמאַן אַ דויערנדיקן רושם, און נישט געקוקט דערויף וואָס באַלד נאָך זיין באַזוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן דער פּאָגראָמיסטישער ליקווידאַציע־טעראָר פון די ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס און אירע שעפערס זענען צעשפּרייט געוואָרן איבער די שבעה־ימים פון תּפיסות און לאַגערן און זענען אומגעקומען מיט די ארבע מיתות פון סאָוועטישן ווילקיר־בית דין, איז ער דאָך אַ גאַנץ שפּעטערדיק לעבן געבליבן פאַרקוקט מיט אַ באַזונדערן אינטערעס אין יענעם ווינקל, ווו עס האָט אויף אַ ווייל אויפגעשיינט דאָס ליכט פון ייִדישן וועלטלעכן קולטור־שאַפן אונטער דער אויפזיכט פון דער סאָוועטישער מלוכה. פון אָט דעם יוגנטלעכן איינדרוק נעמט זיך זיין גרויסע פאַראינטערעסירונג צו אַלץ וואָס עס געשעט אין דער ייִדיש־ליטעראַרישער סביבה אין סאָוועט־רוסלאַנד, כאָטש דאָס וואָס עס געשעט דאָרט נעמט ער אויף גאַנץ קריטיש.

✶

אין צוויי אָפּטיילן זענען גרופּירט די 53 אַרבעטן וואָס גייען אַריין אין דעם דאָזיקן בוך. אין דעם ערשט אָפּטייל — אַ ריי גרעסערע און קלענערע אָפּהאַנדלונגען

וועגן ייִדישע שרייבערס און זייערע אויפטוען. אַ טייל פון די אָפּהאַנדלונגען זענען ליטעראַריש־קריטישע און אַ טייל — פאָרשערישע; אַ טייל נעמען אַרום דאָס גאַנצע לעבן און שאַפן פונעם באַהאַנדלטן שרייבער און אַ טייל שטעלן זיך אָפּ נאָר אויף געוויסע ווערק פון שרייבערס און ווי ס׳איז צו פאַרשטיין זענען די כּוללדיקע אַרבעטן — וועגן שרייבערס פון עלטערן דור וואָס זייער שאַפן איז שוין אַ פאַרענדיקטער פּראָצעס און מען קען שוין מאַכן וועגן דעם דאָזיקן שאַפן באַשטימטע סך־הכּלען. דאַקעגן וועגן איינצלנע ווערק פון שרייבערס ווערט דורך שולמאַנען געשריבן ווען עס האַנדלט זיך אין שעפערס וואָס האַלטן נאָך אין מיטן זייער אַרבעט, און טראָץ די הויכע פּאָזיציעס וואָס זיי האָבן שוין דערגרייכט אין דער ליטעראַטור, קאָן מען נאָך אַלץ דערוואַרטן אַז זיי וועלן אויפשטייגן נאָך העכער און דעריבער דאַרף מען זיך דערווייל אָפּהאַלטן פון אונטערציִען די לעצטע שורה אונטער זייער ליטעראַרישן חשבון.

אין דעם צווייטן אָפּטייל פונעם בוך אונטערן טיטל „וויכטיקע ווערק פון אַלט־ייִדישער ליטעראַטור", ווערט באַהאַנדלט אין אַ גרעסערער אַרבעט „דער עלטסטער ייִדישער מאַנוסקריפּט". צום סוף פון דעם אָפּטייל ווערן שוין באַהאַנדלט ליטעראַרישע ענינים וועלכע זענען נענטער צו אונדזער עפּאָכע און אַפילו שרייבערס, וואָס האָבן אַ שייכות מיט אונדזער ליטעראַטורס איצטיקייט.

אין קעגנזאַץ צו אַ ריי ייִנגערע ליטעראַטור־פאָרשערס און ליטעראַטור־קריטיקערס וואָס אַנטלויפן פון אידעאָלאָגיע ווי אַ שד פון ווייַרויך און מאַכן דערביי אַן אידעאָלאָגיע פון זייער אַנטי־אידעאָלאָגישקייט, האַלט ד״ר אליהו שולמאַן אַז ס׳איז נישט קיין עוולה, נאָר דווקא אַ מעלה ווען אַ פאָרשער אָדער אַ קריטיקער שטייט אויף אַ באַשטימטן אידעיִשן שטאַנדפּונקט און ברענגט אַרויס אין זיינע ווערק און אַרבעטן אַ געוויסן מאָראַלישן, פילאָזאָפישן, אָדער געזעל־שאַפטלעכן אני־מאמין. פאַרשטייט זיך אַז אָביעקטיוויטעט און אָרנטלעכקייט בנוגע די פאַקטן איז אַ סינע קווא נאָן באַדינג פאַר יעדן פאָרשער און קריטיקער, פאַרשטייט זיך אויך אַז ס׳איז אַ גרויסער חסרון ווען וויסנשאַפט אָדער ליטעראַטור ווערט געמאַכט אויף פּאַרטיי־באַשטעלונג און קומט זיך אַרויפצווינגען אויף דער קינסטלערישער שאַפונג אָדער אויף דער ליטעראַרישער פאָרשונג. וועגן דעם איז אַפילו נישט כּדאַי צו פאַרלירן קיין איבעריקע ווערטער. אָבער פון דער אַנדערער זייט דאַרף מען אויך נישט דערגיין צום דעם אַבסורד פון צווייטן עקסטרעם און זאָגן אַז דער קריטיקער צי דער פאָרשער דאַרף זיין אַ מענטש מיט אַ קאַלטן לונג־און־לעבער, וואָס אים גייט גאָרנישט אָן און ער איז גלייכגילטיק צו דעם מאי־קא־משמע־לן פון דעם ווערק וואָס ער פאָרשט און באהאנדלט. דער אמת איז אַז די כּלומרשט פאָרמאַליסטישע קריטיקערס און פאָרשערס זענען גאָרנישט אַזוי נייטראַליסטיש, ווי זיי ווילן זיך פאָרשטעלן,

און מען קאָן אויף טריט און שריט זיי כאַפּן ביי טענדענצן וועלכע זענען פון אַ סך שטאַנדפּונקטן טריף און פּסול.

ד״ר אליהו שולמאַן באַהאַלט נישט פון לייענער זיין אַזוי גערופענע אידעאָלאָגיע און בעת ער רעדט וועגן ייִדיש און ייִדישער ליטעראַטור, צי אַפילו וועגן די פאַרשידענע ייִדישע שרייבערס וועלכע האָבן געשפּילט און שפּילן אַ ראָלע אין דער ליטעראַטור, זוכט ער אַרויסצוברענגען זיין אני־מאמין וועגן ייִדיש און וועגן ייִדיש־וועלטלעכן קולטור־שאַפן. ער גייט אַפילו אָפט מאָל אַריין אין אַ פּאָלעמיק מיט די קעגנער פון זיין איינשטעלונג. ער באַשיצט די חשיבות פון ייִדיש און פון איר היסטאָרישער ראָלע אין ייִדישן לעבן. נאַטירלעך קען מען מיט אים דיסקוטירן וועגן אַ סך ענינים און אַפילו וועגן דער פראַגע צי אַ ייִדישע ליטעראַטור קען טאַקע נישט געשאַפן ווערן אין אַנדערע שפּראַכן און צי אַלץ וואָס ווערט געשאַפן אין ייִדיש און אין עברית געהערט דעם לויפיקן ווערטן־שטראָם פון אונדזער גייסט. אָבער עס איז בכל אופן זיכער אַז שולמאַן האָט פאַר זיינע הנחות זייער ערנסטע ראיות און דער עיקר — אַז ער קען אויסגעצייכנט די ליטעראַרישע אוצרות פון אונדזער פאָלק איןביידע לשונות און איז דערפאַר אַז זיי זאָלן זיך נישט אַרומקריגן וועגן דער בכורה־ראָלע אין ייִדישן לעבן, נאָר זאָלן הויזן צוזאַמען אין דעם היכל פון פאָלקסגייסט און זיך באַציען איינער צו דער אַנדערער מיט פולן דרך־ארץ און אַפילו ליבשאַפט, ווי עס פּאַסט פאַר צוויי גייסטיקע שוועסטער וואָס זענען טריי זייער אַפּשטאַם.

★

אין דעם דאָזיקן גייסט עפנט ד״ר אליהו שולמאַן זיין בוך „פּאָרטרעטן און עטיודן" מיט אַ גרעסערער פאָרשונג וועגן אונדזער גרויסן דיכטער חיים נחמן ביאַליק, זיינע אָריגינעלע ייִדישע לידער, זיינע איבערזעצונגען אין ייִדיש און זיין באַציִונג צו דער שפּראַכן־פראַגע. ד״ר שולמאַן האָט דאָ אין אַ גרעסערער און זייער גרינטלעכער אַרבעט דורכגעאַקערט דעם גאַנצן מאַטעריאַל וואָס עס איז פאַראַן אין דעם ענין און ער ווייזט אונדז דעם גרויסן דיכטער אין זיין אַמביוואַלענץ וואָס נוגע דער ייִדישער שפּראַך. פון איין זייט האָט ביאַליק אַליין געשריבן ייִדישע לידער, אַכטונג געגעבן אויף זיינע איבערגעזעצטע לידער אין ייִדיש און אַליין זיך פאַרנומען מיט איבערזעצן אויף ייִדיש. פון דער אַנדערער זייט האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט אי פאַר ייִדיש, אי קעגן ייִדיש. ביאַליק, ווייזט אָן ד״ר שולמאַן האָט ליב געהאַט ייִדיש, אָבער ער איז געווען געפאַנגען פון זיין איבערגעגעבנקייט צו העברעיִש און אין זיין טריישאַפט צו דער עברית־מוזע וואָס איז אין יענער צייט געווען זייער אייפערזיכטיק, איז ער דערגאַנגען ביזן אָפּזאָגן ייִדיש דאָס לעבן. דאָס איז איינע פון די גרינטלעכסטע אַרבעטן וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען אויף דער טעמע.

דערביי זענען מיר אַלע מסכּים מיט ד"ר שולמאַן, ווען ער פּאַרענדיקט זיין אַרבעט וועגן ביאַליקן מיט די ווערטער: „ביאַליקס ייִדישע לידער זענען נישט נאָר אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין שאַפונג, נייערט זיי זענען אַ טייל פון דער ייִדישער ליטעראַטור, — און זיי לעבן און ווירקן אין דער ייִדישער וועלט".

פונקט אַזוי וואָגיק און אַפילו רעוועלאַטאָריש איז זיין גרויסע אַרבעט וועגן מאיר ווינער, אַט דעם ייִדישן ליטעראַטור-קריטיקער און קולטור-פאָרשער, וואָס האָט באַזעסן גאונישע פעיִקייטן און אַ קאָלאָסאַלע געלערנטקייט און האָט פון זיין אייגענעם ווילן זיך פאַרקויפט צו די קאָמוניסטישע וועלט-איבערקערערס, וועלכע האָבן אים געצוווּנגען צו פעלשן אין זיין דערציִונג, אין זיין פאָלקסגייסט און אין זיך אַליין. די דאָזיקע אַרבעט איז אַן אויסגעצייכנטע און זי גיט אונדז אַ בילד נישט נאָר וועגן מאיר ווינער, נייערט אויך וועגן זיין טראַגעדיע. טראָץ דעם וואָס לויט מיין מיינונג באַהאַנדלט שולמאַן מיט זיידענע הענטשקעס ווינערס מאַרקסיסטישע פאַלסיפיקאַציעס פון ייִדישן לעבן, מחמת גרויס אָפּשיי פאַר זיין פערזענלעכקייט און זיינע גרויסע פעיִקייטן און קענטעניש.

אין אַ גרויסער מאָס קען מען זאָגן דאָס זעלביקע וואָס וועגן דער אַרבעט איבער מאיר ווינער אויך וועגן זיין אַרבעט איבער הלל אַלעקסאַנדראָוו. אויך דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ מענטש מיט גרויסע פעיִקייטן און קענטעניש, וואָס וואָלט געקענט אַ סך ביישטייערן פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע פון זיין פאָלק, ווען נישט דאָס וואָס אים איז אויסגעפאַלן צו לעבן אונטער דעם דרוק פון קאָמוניסטישן טעראָר, וועלכער האָט נישט בלויז אים דערדריקט, נאָר אים געצוווּנגען צו גיין אויף פאַלשע וועגן, קעגן זיך און קעגן זיין פאָלק. אויך מיט אים האָט ד"ר שולמאַן אַ סך איינזען, כאָטש זיינע ווערק באַהאַנדלט ער געגעוג קריטיש.

*

כּדי צו געבן אַן איבערבליק וועגן אַלע אַרבעטן וואָס גייען אַריין אין דעם דאָזיקן איבער פינף הונדערט זייטיקן בוך, וואָלט מען געדאַרפט אָנשרייבן פונקט אַזאַ בוך ווי עס איז דאָס באַהאַנדלטע. דעריבער וועט דאָ אויסקומען בלויז צו דערמאָנען אייניקע אַרבעטן וואָס טיילן זיך אויס אין דעם דאָזיקן ווערק. צו די דאָזיקע זיך אויסטיילנדיקע אַרבעטן געהערן די קאַפּיטלען וואָס זענען געווידמעט לעאָ ווינערן און זיין געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור און 19טן יאָרהונדערט. אויך די אַרבעט וועגן ד"ר זשיטלאָווסקי גייט אַריין אין דער רעם. ווידער אַ מאָל האָבן מיר פאַר זיך אַ גרויסע פערזענלעכקייט, באַשאָנקען מיט גרויסע פעיִקייטן און קענטעניש, וועלכע האָט אָבער אָוועק-געבלאָנדזשעט אין אַ פאַרפירערישן וואַלד פון אידעיִשע ספּעקולאַציעס און איז דערגאַנגען ביז צום באַרעכטיקן די מאָסקווער פּראָצעסן און טיילווייז סטאַלינס נישט-אַגרעסיע אָפּמאַך מיט היטלערן. אין אַ געוויסן זין איז דאָס די טראַגעדיע פון ייִדישיזם. ייִדיש-מערכה וואָלט אפשר אַנדערש אויסגעזען ווען

די זשיטלאָווסקיס, די מאיר ווינערס, די אַלעקסאַנדראָווס און אַנדערע וואָלטן געגאַנגען אין אַנדערע וועגן.

אין דעם בוך איז דער ליטעראַריש־פאָרשערישער טייל שטאַרקער פּאָרטראַטן ווי דער ליטעראַטור־קריטישע און דאָס איז צו זען ווען מען לייענט איבער ווי דער ליטעראַטור־קריטישער און דאָס איז צו זען ווען מען לייענט איבער „דאָס מלאכים־בוך", „דאָס שמואל־בוך", „מענדל סאַטאַנאָווער און ייִדישן", „אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, ווי אַ רעדאַקטאָר", „שלום עליכמס סצענישער דעביוט אין אַמעריקע", צי גאָר די אַרבעט „הויפּט־שטרעמונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט". דאָס זענען פאָרשונגען פון הויכן ניוואָ, דורכגעפירט מיט קענטעניש און מיט אַריינדרינג אין דעם מאַטעריאַל און זייַנע ספּעציפישע פּראָבלעמען. פאַראַן דאָ אויך דער גאַנצער וויסנשאַפטלעכער אַפּאַראַט וואָס איז נויטיק ביי אַזעלכע דיסערטאַציעס און דערביי זענען די אַרבעטן געשריבן אינטערעסאַנט און זיי לייענען זיך מיט גרויס אינטערעס. קאָן טאַקע זיין אַז זייער איינציקער חסרון פון „אַ וויסנשאַפטלעכן" שטאַנדפּונקט איז דאָס וואָס זיי זענען נישט לאַנגווייליק.

דאָך דאַרף מען נישט מיינען אַז דער ליטעראַריש־קריטישער טייל אינעם בוך איז ווייניקער וואָגיק. אויך אין דעם דאָזיקן פּרט האָבן מיר דאָ אַ ריי וואָגיקע אַרבעטן, ווי למשל וועגן מענדעלע מוכר ספרים; וועגן שלום־עליכם, וועגן דוד פרישמאַנס פּאָעמע „אופיר", וועגן יעקב שטיינבערג און זיין פּאָעמע „רוסלאַנד", וועגן חיים גראַדע, אהרן צייטלין, יעקב פרידמאַן, יצחק באַשעוויס און נאָך און נאָך — אַלץ אַרבעטן וואָס זענען געשריבן אַנאַליטיש און מיט אַן אייגן וואָרט וועגן יעדן פון די באַהאַנדלטע שרייבערס, דערביי געשריבן פון אַ מענטש פון אינעווייניק און דערצו פון אַ מענטש וואָס איז גרייט זיך איינצושטעלן פאַר דעם וואָס ער שרייבט און זאָגט.

ד"ר אליהו שולמאַן איז אַ ליטעראַטור־פאָרשער און ליטעראַטור־קריטיקער פון וועלכן מיר אַלע קענען אַ סך לערנען. דער עיקר קאָן פון אים לערנען און עס דאַרף פון אים לערנען דער יונגער דור אין דער ליטעראַטור־פאָרשונג — אויב ער מיינט ערנסט מיט זיין אַרבעט אין און אַרום דער ייִדישער ליטעראַטור.

# אין צייכן פון ליבשאַפט און התפעלות

## וועגן דעם בוך „געשטאַלטן און פּראָפילן" פון ישעיהו שפּיגל

א.

אין דעם ברייטן קרייז פון די בעסערע ייִדישע לייענערס איז ישעיהו שפּיגל באַקאַנט ווי אַ פּראָזאַיִקער פון דער ערשטער מדרגה.

און באַקאַנט איז ער בעיקר פון זיינע געטאָ-דערציילונגען אין וועלכע ער האָט קינסטלעריש פאַרפיקסירט די פּיין און די קדושה פון די ייִדן וואָס היטלער, ימח שמו, האָט אומגעבראַכט אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט-מלחמה.

חוץ-לזה איז שפּיגל אויך באַקאַנט ווי דער מחבר פון צוויי אינטערעסאַנטע און אייגנאַרטיקע אויטאָביאָגראַפישע ראָמאַנען, „פלאַמען פון דער ערד" און „שטיגן צום הימל", ווי אויך פון דעם בוך דערציילונגען „די בריק" וואָס זייער טעמע איז דאָס איינוואָרצלען זיך אין ישראל-באָדן פון די אויסגעוואָרצלטע ייִדן, אַנטלאָפענע פון די איבערגעלעבטע קאָשמאַרן אין מזרח-אייראָפּע.

אַ קלענערער אָבער נישט ווייניקער וויכטיקער קרייז פון לייענערס קען אויך ישעיהו שפּיגל דעם פּאָעט, דעם זינגער פון אייגנאַרטיקע לידער אין וועלכע פילאָזאָפישע מחשבה און דיכטערישע וויזיע שאַפן דעם סינטעז פון אַ באַזונדערער ליריק וואָס באַווירקט אייך אי מיט איר שטילקייט, אי מיט איר עמקות.

אגב, ווער עס האָט געלייענט שפּיגלס ערשטע לידער און האָט אויך געלייענט זיין ליד צונויפזאַמלונג „צווישן תו און אַלף", האָט געקענט מערקן דעם גרויסן שפּאַן וואָס ער האָט געמאַכט אויפן וועג פון זיין אַנטוויקלונג, אויפן וועג צו זיין רייפקייט, וואָס דאָס מיינט: אויפן וועג צו באַהערשן די דאָזיקע דיכטערישע כּלים מיט וועלכע דער פּאָעט ברענגט צום אויסדרוק דאָס אייגענע, דאָס מקורדיקע, מיט וועלכן ער צייכנט זיך אויס צווישן אַלע אַנדערע פּאָעטן.

נאָך אַ קלענערער קרייז לייענערס איז באַקאַנט מיט ישעיה שפּיגל דעם עסייאיסט וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענע מחשבה און אויך אַן אייגענעם אופן פון איבערגעבן זי דעם לייענער. שפּיגלס טעמע אין זיינע, כ'וואָלט געזאָגט, קינסטלערישע עסייען, זענען די ייִדיש שרייבערס און זייערע ווערק וועלכע ער אַנאַליזירט מיט ליבשאַפט און אַפילו התפעלות, נישט אַראָפּזינקנדיק קיין מאָל צו דער מדרגה פון מבינות-זאַגעריי און רעצענזענטיק.

וועלכער פון די דריי געביטן איז דער וויכטיקסטער אין ישעיהו שפּיגלס יצירה? לדעתי זענען זיי אַלע דריי פון דער זעלביקער וויכטיקייט, ווייל אין יעדן פון די דריי שעפערישע זשאַנערן ברענגט דער שרייבער אַרויס אַן אַנדער שטריך פון זיין פּערזענלעכקייט, אַן אַנדער קאָליר פון זיין קינסטלערישן ,,איך". נאָך מער: מיר דאַכט אַז ווער עס קען ישעיהו שפּיגלען נאָר פון איין שעפערישן געביט זיינעם, דעם פעלט אַ וויכטיקע פאַרב אין זיין פּאָרטרעט, אַ וויכטיקע דימענסיע צום דעם אויסמעסט פון זיין שרייבעריש געשטאַלט.

ישעיהו שפּיגל דער פּראָזאַיִקער, דער פּאָעט און דער עסייאיסט חד הם, זענען די דריי פאַרשידענע זייטן פון איין גאַנצקייט. זיי לאָזן אונדז הערן, לויט די רייד פון ר' נחמן בראַצלאַווער, איין ניגון, כאָטש געשפּילט ווערט דער דאָזיקער ניגון אויף דריי פאַרשידענע אינסטרומענטן און אויסגעזונגען ווערט ער מיט דריי באַזונדערע שטימען.

אַ ראיה דערצו אַז דער מחבר אַליין באַציט זיך אַזוי צו זיין שאַפן אין אַלע דריי זשאַנערן האָב איך דערפון וואָס צו זיין 75סטן געבוירן־טאָג האָט ער אַרויסגעגעבן זיין בוך ליטעראַרישע עסייען ,,געשטאַלטן און פּראָפילן" און דאָס זאָגט געוויס עדות וועגן דער אחריותדיקער באַציִונג צו דעם דאָזיקן שעפערישן זשאַנער זיינעם מיט וועלכן ער שטעלט זיך פאָר לייענער אין אָט דעם געהויבענעם מאָמענט פון זיין לעבן.

ב.

דאָס בוך ,,געשטאַלטן און פּראָפילן" וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג ,,ישראל־בוך" איז שוין דער צווייטער באַנד פון זיינע עסייען וועגן יידישע שרייבערס. ס'איז כדאי צו דערמאָנען אַז דער ערשטער באַנד עסייען מיטן זעלביקן נאָמען איז דערשינען אין יאָר 1971 אין פאַרלאַג ,,המנורה". דאָס איצט־דערשינענע בוך איז שפּיגלס 16טער בוך אין יידיש, חוץ זיינע זיבן ביכער איבערגעזעצטע אין עברית און צוויי אין פראַנצויזיש, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער באַרימטער און פּרעסטיזשפולער ,,גאַלימאַר"־פאַרלאַג אין פּאַריז.

ווי שוין פריער דערמאָנט, איז דער צווייטער באַנד ,,געשטאַלטן און פּראָפילן" דערשינען אין אַ יום־טובדיקן מאָמענט אין לעבן פון שרייבער און דאָס איז דער מאָמענט פון זיין ווערן אַ בן־שבעים וחמש. פּאַרצייטישע יידן האָבן זיך געפירט אַז ווען איינער איז אַלט געוואָרן 35 יאָר האָט ער געמאַכט אַ סעודת־הודאה. פאַר וואָס? ווייל עס שטייט געשריבן ,,אנשי דמים ומרמה לא יחצו ימיהם"* און וויבאַלד עמעצער האָט דערגרייכט צו 35 וואָס דאָס איז אַ העלפט

---

* אין יהואשעס איבערזעצונג: די לייט פון בלוט און פון באטרוג וועלן נישט אויסלעבן האַלב זייערע טעג (תהילים נה, כד).

פון די יאָרן וואָס זענען באַשערט דעם מענטש איז דאָך אַ סימן אַז ער געהערט נישט צו די אנשי דמים ומרמה. מכל־שכן נאָך ווען עמעצער האָט שוין דערגרייכט די שבעים און די שבעים וחמש איז דאָך דאָס אַוודאי אַ יום־טובדיקער מאָמענט אין זיין לעבן...

שפיגלס בוך איז אָבער דערשינען נישט בלויז אין אַ יום־טובדיקן מאָמענט, נאָר עס איז אַליין אויך יום־טובדיק און עס אָטעמט מיט עפּעס אַ פּאַטעטישער דערהויבנקייט. עס איז צו זען אַז פאַר ישעיהו שפיגלען איז די יידישע ליטעראַטור אַ יום־טוב און דאָס באַהאַנדלען די ווערק און די געשטאַלטן פון אירע שעפערס ברענגט אים אַריין אין אַ התרוממות־געמיט און אין אַ שטימונג אין וועלכער עס גלוסט זיך צו זאָגן און צו זינגען הלל.

דאָס איז טאָקע דער ערשטער שטריך וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן ביים לייענען די ליטעראַרישע עסייען אין דעם בוך „געשטאַלטן און פּראָפילן". זיי זענען געשריבן מיט פאַרערונג און מיט ליבשאַפט, מיט נשמה־ציטער און מיט וואַרהאַפטיקער התפּעלות. שפיגל לאָזט אונדז וויסן אַז „דאָס בוך נעמט אַרום די בעלי־יצירה, וואָס זענען מער נישט מיט אונדז". ער גיט אָבער באַלד צו אַז „זייער אַלעמענס טיף־שאַפעריש וואָרט איז אונדז פאַרבליבן בירושה און וועט לייכטן אין דער יידיש־ליטעראַטור ווי אַן אומפאַרלעשבאַרער פלאַם פונעם פענאָמען: יידיש־לשון און זיין יצירה".

ס'איז קלאָר אַז אין דער געלייטערטער אַטמאָספער פון אָט דער התפּעלות מוז דער טאָן זיין אַ פולקלאַנגיקער, די טעמפּעראַטור אַ געהעכערטע און דער צוגאַנג צו יעדן שרייבער אַ בדחילו־ורחימוהדיקער. מען מוז אָבער צוגעבן, ערשטנס, אַז ווען שפיגל באַנוצט זיך צו מאָל מיט אַ מליצהדיקן אויסדרוק, רעדנדיק וועגן די קוואַליטעטן פון אַ שרייבער, איז די מליצה קיין מאָל נישט לתפארת־הלשון, נאָר כּדי מקיים צו זיין די מצווה פון להגדיל ולהאדיר דעם אָביעקט פון זיין פאַרערונג. צווייטנס איז וויכטיק צו באַמערקן אַז כאָטש די טעמפּעראַטור אין אַלע זיינע עסייען איז, ווי געזאָגט, אַ הויכע, איז ער אָבער ביז גאָר מדקדק ביים אנאַליזירן און כאַראַקטעריזירן דעם שרייבער לויט זיין ווערט און מהות און מען קען פונעם לייענען זיינע עסייען גאַנץ קלאָר וויסן ווער ס'איז דער שרייבער און וואָס פאַר אַן אָרט ער פאַרנעמט אין אונדזער ליטעראַטור. דאָס וויל זאָגן אַז די ליבע צו די שרייבערס מאַכט אים נישט דאַלטאָניסטיש אויף די אונטערשידן צווישן זייערע ווערטן און קוואַליטעטן.

ג.

פונקט אַזוי ווי מען האָט נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט געפונען קיין גענויע דעפיניציע פאַר די באַגריפן ליטעראַטור און קונסט, פונקט אַזוי איז אויך שווער גענוי צו ענטפערן אויף דער קשיא וואָס אַזוינס עס איז אַן עסיי.

ס'איז טאַקע אמת אַז אויך אַן אָפּהאַנדלונג אויף אַ וויסנשאַפטלעכטן טעמע קען זיין אַן עסיי, אָבער דער דרך־העולם איז אַז ווען מען זאָגט דאָס וואָרט „עסיי", האָט מען אין זין אַן אָפּהאַנדלונג וואָס האָט אין זיך אַ קינסטלערישן עלעמענט, אָדער וואָס איז געשריבן אַזוי אַז עס פאָרמולירט פאַר אונדז נישט בלויז דאָס פּראָבלעם וועגן וועלכן עס ווערט געשריבן, נייערט עס גיט אונדז אויך איבער דאָס געמיט פון דעם וועלכער שרייבט. דאָס וויל זאָגן אַז דער עסייאיסט אַנטפּלעקט נישט בלויז דאָס ווערק אָדער דעם שרייבער וועגן וועלכן ער שרייבט, נאָר אויך זיך גופא, מיט די אַלע געדאַנקען וואָס דאָס באַהאַנדלטע ווערק אָדער שרייבער האָבן אין אים אַרויסגערופן.

די פראַגע איז אָבער ווי ווייט מעג דער עסייאיסט אַוועקגיין פון דער טעמע, כּדי צו ברענגען זיך אַליין צום אויסדרוק? לויט ווי עס געדענקט זיך איז וועגן דעם אַ מאָל אָנגעגאַנגען אַ וויכּוח אין דער יידישער ליטעראַטור צווישן ד"ר קאַראַלניק און ש. ניגער און שפּעטער — צווישן ש. ניגער און יעקב גלאַטשטיין. צי איז דער באַהאַנדלטער שרייבער בלויז דער מאַנעקין אויף וועלכן דער עסייאיסט מעסט אָן זיין אייגענעם געדאַנקען־מלבוש צי איז דאָס באַהאַנדלטע ווערק בלויז דאָס לופטפעלד אויף וועלכן דער עסייאיסטישער אַוויאָן צעלויפט זיך, כּדי ער זאָל זיך קענען אויפהייבן אין רוים? לויט ישעיהו שפּיגל דאַרף די דאָזיקע הלכה געפּסקנט וועגן בדרך פּשרה: דער עסייאיסט האָט, הייסט עס, דאָס רעכט, שרייבנדיק וועגן אַ ווערק, אָדער וועגן אַ שרייבער, אַרויס־צוברענגען זיין אייגענעם געדאַנקען־גאַנג און אַפילו דאָס געמיט וואָס דאָס ווערק אָדער דער שרייבער ווייעט אויף אים אָן. ער האָט אָבער נישט קיין רעכט צו באַהאַנדלען דעם באַהאַנדלטן בלויז ווי אַ טשוואָק אויף וועלכן ער הענגט אָן זיינע געדאַנקען. אין דעם עסיי דאַרף מען זען און דערקענען ביידע: אי דעם עסייאיסט, אי דעם (אָדער דאָס) וועגן וועלכן דער עסיי רעדט.

אין די ליטעראַרישע עסייען פון ישעיהו שפּיגל זעט מען און מען דערקענט דאָס ספּעציפישע, דאָס קוואַליטאַטיוו־ווערטפולע פון די שרייבערס וועגן וועלכע ער שרייבט, אָבער מען דערזעט, מען דערפילט און מען דערקענט אין זיי די ליבשאַפט, דאָס התפּעלות־געמיט פון דעם וועלכער שרייבט. נאָך מער: מען דערקענט אויף וויפל שפּיגל אַליין איז ווי אַ שרייבער פאַרקרובישט מיט זיי און אויף וויפל זייערע געדאַנקען און זייער קינסטלערישער מעטאָד איז אים נאָענט צום האַרצן, איז אים אייגן ווי אַ טייל פון דעם גרויסן שאַפערישן אוצר וואָס רופט זיך יידישע ליטעראַטור — אַן אוצר צו וועלכן ער האָט אַזאַ גרויסע און משפּחהדיקע שייכות.

פריער איז שוין געזאָגט געוואָרן אַז כאָטש מען פילט בחוש אַז שפּיגל האָט ממש ליב די אַלע שרייבערס וועגן וועלכע ער שרייבט, איז אָבער קענטיק אין זיינע עסייען דאָס אָרט וואָס יעדער שרייבער פאַרנעמט אין אונזער ליטעראַטור,

ווי אויך די מעלות און קוואַליטעטן צוליב וועלכע ער פאַרנעמט אַט דאָס אָרט. לויט זיין אופן שרייבן איז שפיגל נישט קיין אויסטייטשער, אַוודאי נישט קיין דרדקי־מלמד וואָס צעקייט דעם שרייבער און זיינע ווערק, כּדי דער קורא נכבד זאָל זיי קענען גרינג אָראָפּשלינגען. אָבער גאַנץ אָפּט דערגייט ער צו דעפיניציעס און צו כאַראַקטעריזירונגען וועגן דעם דיכטער און זיין ווערק וואָס איר זעט אַז זיי זענען אַ פּועל־יוצא פון אַן עימקותדיקער מחשבה און פון אַ לאַנגן פּראָצעס פון אַריינפילן זיך אין דעם שאַפן פון דעם וועגן וועלכן ער שרייבט.

שפיגל שרייבט, למשל, אַז יעקב גלאַטשטיין ע״ה, איז פאַרליבט אין דער יידישער ליטעראַטור „מיט דער ליבשאַפט פון אַ סאָמנאַמבוליקער״. ווונדערט איר זיך צום ערשט: גלאַטשטיין, דער פּיקח אַ סאָמנאַמבוליקער? אָבער אַז איר טראַכט זיך אַריין, זעט איר אַז די כאַראַקטעריסטיק איז אַ טרעפלעכע. פונקט אַזוי טרעפלעך איז אויך שפיגלס כאַראַקטעריסטיק פון אהרון צייטלינען, וועגן וועלכן ער זאָגט אַז „דער טויטמיטאָס וואָס קומט פון אַפּאָקאַליפּטישן יידן־חורבן, איז אין א. צייטלינס ליד געוועבט פון אַ מאָדערניסטישן פאָדעם און פון אַזאַ אַלט־טראַדיציאָנעלן יידישן בטחון־ניגון, אַז אַפילו דאָרט ווו דער פּאָעט שטייט פּנים־אל־פּנים מיטן פאַלקס־גורל און אויך פאַר זיין אייגענעם מענטשלעכן אָפּגרונט, בלייבט פּלוצעם אויף די גוטע זאַנג פון אומשטאַרביקייט״. און דאָס זענען בלויז צוויי קורצע דוגמאות וואָס ווייזן אונדז ווי אַזוי שפיגל פאַרטיפט זיך אין דעם יידישן שרייבער מיטן מיין אים צו דערהויבן צו דער הויכער מדרגה אויף וועלכער ער געפינט זיך אין זיינע, שפיגלס, אויגן.

שפיגל שרייבט אין זיין בוך וועגן זעכצן יידישע שרייבערס, פּאָעטן, פּראָזאַיקערס און עסייאיסטן. פאַרליבט איז ער ממש אין דער שעפערישער געשטאַלט פון יעקב גלאַטשטיין וועגן אים זענען אין דעם בוך אַריין עטלעכע לידער, אינספּירירט פון זיין פאַרערונג און ליבשאַפט צו גלאַטשטיינען. אָבער אויך די אַנדערע שרייבערס ווערן באַהאַנדלט מיט ליבשאַפט און פאַרערונג און עס ווערט זייער ריכטיק און טרעפלעך באַצייכנט וואָס יעדער פון זיי האָט אַריינגעבראַכט מיט זיך אין דער יידישער ליטעראַטור אַריין. אַז מען ענדיקט לייענען דאָס בוך, בלייבט ביים לייענער דאָס גוטע געפיל אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין אַ גרויסער שמחה וואָס איר גורם איז: די גרויסע, שיינע און ווערטפולע יידישע ליטעראַטור...

# די ליטעראַטור און דער פאָלקס־זכרון

אַז מען רעדט וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין אונדזער דור מוז מען באַטאָנען אַז איינע פון די מערקווערדיקסטע דערשיינונגען אין דעם נאָך־מלחמהדיקן לעבן איז דער אויפקום פון אַ ליטעראַטור, געשאַפן דורך מענטשן וואָס האָבן צופריער קיין מאָל נישט געטראַכט צו ווערן שרייבערס און האָבן אויך קיין מאָל נישט געגלויבט אַז זייערע פערזענלעכע איבערלעבונגען זענען ראוי איבערדערציילט צו ווערן אין דער עפנטלעכקייט.

וועגן דער קוואַנטיטאַטיווער מעכטיקייט פון דער דאָזיקער אויפגעקומענער ליטעראַטור זאָגט עדות דער פאַקט וואָס שוין אַזוי פרי ווי אין יאָר 1950, דאָס הייסט: 5 יאָר נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דער באַוווּסטער היסטאָריקער ד״ר פיליפּ פרידמאַן ע״ה אָפּגעציילט 10 טויזנט געדרוקטע ביבליאָגראַפישע איינסן וועגן חורבן. נישט־געדרוקטע זענען שוין דעמאָלט געווען, ווי ער האָט פעסטגעשטעלט, מער ווי צוויי מאָל 10 טויזנט.

וואָס וויל דאָס זאָגן?

אין דער ערשטער ריי וויל עס זאָגן אַז די יחידים וועלכע האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם אינערלעכן דראַנג צו פאַרשרייבן דאָס וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט, האָבן געפילט אַז די דאָזיקע איבערלעבונגען זענען נישט קיין פּריוואַטע, נאָר זיי שפּיגלען אָפּ די געשיכטע און דעם גורל פונעם פאָלק און דעריבער דאַרפן זיי אומבאַדינגט בלייבן אין זכרון פון פאָלק.

ס'איז קיין ספק נישט אַז די קאָלאָסאַלע גייסטיקע שרייב־ענערגיע פון די געראַטעוועטע איז אינספּירירט געוואָרן דורך דעם ביבלישן געבאָט: „זכור את אשר עשה לך עמלק״. די ווערטער „יידן פאַרשרייבט״ פון דעם קדוש שמעון דובנאָוו הי״ד, בעת די נאַציס האָבן אים געפירט צום טויט, האָבן געפונען אַ טיפן אָפּקלאַנג ביי יידן ביי וועלכע עס איז געווען ביז גאָר אַנטוויקלט דער חוש פון זאָרג פאַרן פאָלקס גורל און פאַר דער אחריות וואָס איין ייד האָט געפילט לגבי אַ צווייטן.

כדאי דאָ צוצוגעבן, אַז כאָטש די חורבן־ליטעראַטור איז אַנטשטאַנען כמעט סטיכיש, אָן דירעקטיוון פון ערגעץ און אָן אָרגאַניזירנדיקע אָנווייזן פון עמעצן, איז דאָך אין דער דאָזיקער שעפערישקייט געווען צו באַמערקן

אַ באַשטימטן ציל און באַשטימטע ריכטונגען וועלכע האָבן געהאַט אַ יסוד אין די פֿאָלקס־נויטווענדיקייטן פֿון דער צייט. אַזוי, למשל, איז צו זען, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס יעדער פֿון די שואה־באַשרייבערס האָבן באַשריבן נאָר דאָס וואָס ער אַליין האָט געזען, אָבסערווירט און איבערגעלעבט, איז דאָך געווען אַ געוויסע בשותפותדיקע טענדענץ אין דעם אופן פֿון באַשרייבן. אין דעם פּרט וואָלט איך די חורבן־ליטעראַטור געטיילט אויף צוויי טיילן. די ערשטע טייל האָט בעיקר געשילדערט און דערציילט וועגן דעם וואָס די נאַציס און זייערע מיטהעלפֿערס האָבן אונדז געטאָן. די צווייטע טייל האָט שוין באַשריבן און דערציילט וועגן דעם וואָס מיר אַליין האָבן געטאָן אין דער דאָזיקער טרויעריקער צייט און ווי אַזוי מיר זענען נישט בלויז אומגעקומען, נאָר אויך ווי אַזוי מיר האָבן זיך געראַנגלט פֿאַר דעם צלם אלוקים; און ווי אַזוי אַ סך פֿון אונדז האָבן נישט אויסגעהאַלטן און נישט בייגעשטאַנען דעם שווערן נסיון. געווען אַזעלכע וואָס האָבן אין זייערע שילדערונגען אַרויסגעבראַכט בעיקר דעם מאָמענט פֿון אונדזער אויפֿפֿיר אין די געטאָס און לאַגערן און האָבן זיך אַליין געשטעלט פֿאַרן שפּיגל פֿון דער מאָראַלישער נויטווענדיקייט, נישט זעענדיק דערביי דעם דייטשישן מערדער, דעם אבי אבות הטומאה והרישעה, וועלכער איז געווען דער הויפּט־שולדיקער אין דעם דאָזיקן אַראָפּפֿאַל. און דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ פֿעלער וועגן וועלכן מיר וועלן רעדן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט.

*

מיר רעדן דאָ איצט וועגן דעם חורבן־ליטעראַטור וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן און ווערט ווייטער געשאַפֿן דורך מענטשן וואָס זענען נישט קיין שרייבערס. דווקא די דאָזיקע מענטשן זענען על פּי רוב די מחברים פֿון די זכרונות און די יזכור־ביכער, וואָס זייער צאָל גייט אין די הונדערטער. זיי זענען אויך געווען די ערשטע וואָס האָבן געבראַכט זייערע עדות־דערקלערונגען וועגן די דייטשישע מאָרד־מעשים וואָס אַנדערע האָבן פֿאַרשריבן און זיי האָבן געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַר דער זכרונות־ליטעראַטור אין די ביכער וואָס זענען ביז איצט דערשינען. דערביי זענען דאָס אי זכרונות וואָס דאָקומענטירן די פּיין־איבערלעבענישן פֿון דער ידישער עדה אונטער דעם נאַצי־שטיוול און אי רעסטאַווראַציע־בילדער פֿונעם ייִדישן לעבן פֿאַר דער מלחמה וואָס דער נאַצי האָט אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט.

אַ גרויסער אוצר פֿון דאָקומענטאַציע און רעסטאַווראַציע איז פֿאַרשפּייכלערט אין די דאָזיקע ביכער. פֿון סטיליסטישן שטאַנדפּונקט זענען זיי אפשר נישט תמיד ראוי צו קריגן אַן אויסצייכענונג, אָבער דעם גרעסטן פֿעלער וועט באַגיין דער וואָס וועט נישט וועלן זען זייער באַדייט און דאָס

— אין פאַרשידענע אַספּעקטן. די דאָזיקע ביכער זענען אָן ספק, אַ גאָלדמינע פאַר דעם קומענדיקן היסטאָריקער פון יידישן לעבן אין אונדזער צייט און הגם מיר זענען נישט זשעדנע נאָך שטייגער־שילדערונגען און פאָלקלאָר־פאַרצייכענונגען אין דער יידישער ליטעראַטור, דאַרף מען אָבער בשום אופן נישט גרינגשאַצן די דאָזיקע אַספּעקטן ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין דער ליטעראַטור פון חורבן בית פּוילן. ס'איז אַבסאָלוט נישט קיין נוסח און קיין מליצה וואָס מען זאָגט אַז פון די דאָזיקע קוואַלן קאָן מען שעפּן סטימולן פאַר אונדזער לעבנס־המשך און קאַמפּס־ווילן אין דער צוקונפט... און לאָמיר גלויבן אַז דאָס וועט געטאָן ווערן.

אינטערעסאַנט איז וואָס דער פאַראייביקונגס־שטראָם וועלכער טראָגט זיך זיך מיט דער דאָזיקער זכרונות־ליטעראַטור ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער און שטאַרקער. עס קומען כסדר צו נייע ווערק וועגן דעם חורבן, געשריבן פון פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן אים אַליין איבערגעלעבט און ווי עס זעט אויס וועט דער דאָזיקער שטראָם זיך נישט אַזוי גיך אָפּשטעלן און אונדז אויפהערן צו איבערראַשן מיט זיין קראַפט און מיט זיין אימפּעט. אמת איז אַז ס'איז פאַראַן אַ טענדענץ דעם דאָזיקן שטראָם צו צוימען אין באַשטימטע וויסנשאַפטלעכע ראַמען, אָבער טראָץ דעם וואָס ביי אונדז איז די לעצטע יאָרן געוואָרן אַ מין סנאָבישע מאָדע אויף „אַקאַדעמישקייט”, דאַרף מען דאָך האָפן (און עס זענען פאַראַן סימנים אַז די דאָזיקע האָפענונג וועט מקוים ווערן) אַז די כלומרשטע „אַקאַדעמישקייט” (וואָס אין גענוג פאַלן איז זי נישט מער ווי אַ פּוסטער אָנשטעל) וועט נישט ברענגען קיין שאָדן דעם פאָלקסטימלעכן שרייבדראַנג פון די פּשוטע מענטשן וואָס האָבן, ווי געזאָגט, נישט געטראַכט וועגן שרייבעריי און זענען געוואָרן שרייבערס פון ביכערס וואָס האָבן פאַר אונדז און פאַר אונדזער געשיכטע אַ גרויסע באַדייטונג.



באַגלייך מיט דעם ברייטן שטראָם פון דער ליטעראַטור וואָס איז אויס־געוואַקסן פון און וועגן דעם חורבן, וועלכן עס האָבן גורם געווען די נאַציס ציט זיך אויך אַ צווייטער שטראָם וואָס איז בשום אופן נישט אַזוי שטאַרק און מעכטיק ווי דער ערשטער, אָבער וואָס האָט פון דעסטוועגן אַ שייכות צו אים און איז זייער וויכטיק פאַר אונדזער פאָלקס־זכרון און פאָלקס־דערקענטעניש.

מיר רעדן דאָ וועגן דער ליטעראַטור וואָס עס האָבן געשאַפן און עס שאַפן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה די דאָזיקע יידן וואָס האָבן געלעבט אַ סך יאָרן אין סאָוויעטישן לאַנד, אָדער וואָס זענען דאָרט בעת דער מלחמה, פאַרוואָגלט געוואָרן ווי פּליטים, און האָבן דאָרט דורכגעמאַכט די באַקאַנטע

תפיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן וועגן וועלכע עס איז לכתחילה שווער געווען צו גלייבן.

מיר געדענקען אַז יידן, בעיקר יידישע יוגנטלעכע פון פוילן, פון ליטע און אַנדערע שכנותדיקע לענדער זענען צווישן די צוויי וועלט־מלחמות געלאָפן קיין רוסלאַנד, גלויבנדיק אַז דאָרט וועלן זיי טרעפן אַ וועלט וואָס שטרעבט צו יושר און גערעכטיקייט. איצט ווייסן מיר שוין וואָס עס האָט די דאָזיקע יידן דערוואַרט אין רוסלאַנד און וואָס זיי זענען דורכגעגאַנגען אין דעם „יושרדיקן" לאַנד ווו דער מענטש אָטעמט מיט אַזאַ „פרייהייט"...

מלחמה־צייט איז די צאָל פון יידן אין רוסלאַנד גרעסער געוואָרן, ווייל די סאָוויעטן האָבן לויט דעם אָפּמאַך מיט היטלערן צובאַקומען די געדיכט־באַפעלקערטע געגנטן פון מזרח־פוילן, פון ליטע, פון לעטלאַנד און עסטלאַנד. שפּעטער אויך טיילווייז פון רומעניע א.א.וו.

באַלד נאָך דער מלחמה האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן באַווייזן אַ ליטעראַטור וואָס האָט, פּונקט ווי די זכרונות־ליטעראַטור פון די געטאָס און לאַגערן, דערציילט און געשילדערט וואָס די מחברים האָבן איבערגעלעבט אין דעם סאָוויעטישן גן־עדן. די דאָזיקע ליטעראַטור איז אָבער געווען אַ קליינע, כאָטש זי האָט צו פאַרצייכענען אייניקע זייער און זייער וויכטיקע ביכער וואָס שילדערן דעם פולן אמת פון סאָוויעטישן לעבן.

ערשט נאָך דעם ווי ס'איז עטוואָס געעפנט געוואָרן דאָס פאַרשפּאַרטע טויער פון רוסלאַנד און ווען יידן האָבן באַקומען די מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן פון דאָרט, איז די דאָזיקע ליטעראַטור געוואָרן אָנזעעוודיקער און ס'זענען צוגעקומען אַ ריי ווערק וואָס זענען פון אַ געוואַלטיקער וויכטיקייט פאַרן דערקענען דעם מהות פון סאָוויעטישן רעזשים און פון קאָמוניזם בכלל. צווישן זיי ווערק פון י. קערלער, שפרה ליפשיץ, מ. באַביץ, זאַלצמאַן, שמולעוויטש, אהרן ראָזין, ש. בר עוזי און אַנדערע.

ס'איז אָבער מערקווירדיק וואָס גראָד די יידישע שרייבערס וועלכע זענען פון רוסלאַנד געקומען קיין ישראל און אין אַנדערע לענדער, נעמען (מיט קליינע אויסנאַמען) נישט קיין גרויסן אָנטייל אין דער דאָזיקער אָפּ־שפּיגלונג פון דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט. צווישן די וואָס שילדערן יאָ דאָס סאָוויעטישע לעבן זענען פאַראַן קוים געציילטע שרייבערס. די איבעריקע שווייגן צוליב מורא אָדער אַנדערע סיבות...

כאַראַקטעריסטיש איז אָבער וואָס פּונקט ווי ווען עס גייט וועגן די נאַצישע מאָרד־מעשים ווערן מיר אַלע מאָל איבערגעראַשט פון דער היטלעריס־טישער דערפינדערישקייט אויפן געביט פון פּייניקן און פאַרפּייניקן זייערע יידישע קרבנות, אַזוי ווערן מיר אויך נבהל ונשתומם ווען מיר לייענען וועגן

דער אכזריות פון דער קאָמוניסטישער גערעכטיקייט און וועגן די סאָוויעטישע אופנים פון אַנטמענטשן דעם בן־אדם איידער מען פאַרניכט אים דורך שקלאַפן־האַרעוואַניע, דורך הונגער און אַזוי ווייטער און ווייטער... די דאָזיקע ליטעראַטור ווי די דירעקטע חורבן־ליטעראַטור האָט נאָך ווייט, ווייט נישט געזאָגט איר לעצט וואָרט...

עסיי געלייענט אויפן סימפּאָזיום, געווידמעט דער „ליטעראַטור אין אונדזער דור״, אין די ראָמען פון דער פערטער סעסיע פון וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור, פאַרגעקומען אין תל־אביב דעם 24—21 מאַי 1985.

# ביכער פון יצחק יאַנאַסאָוויטש

**רויטע פּאַרטאַגן**, לידער, לאָדזש 1933.

**שטילקייטן**, לידער, פאַרלאַג „אות", לאָדזש 1938.

**באַפרייונג**, לידער, פאַרלאַג „עמעס", מאָסקווע 1941.

**אַ שטוב אין שטעטל**, פּאָעמע, פאַרלאַג ביכער פון יידישן פּען־קלוב, פּאַריז 1951.
פּרעמירט מיט דעם ל. בימקאָ־פּרייז ביים אַלוועלטלעכן ייד. קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

**פּעטל די בעסער־קענעריין** (קינדער־מעשהלע), פאַרלאַג פאַר אונדזערע קינדער,
פּאַריז 1952.

**מיט יידישע שרייבער אין רוסלאַנד**, פאַרלאַג קיום, בוענאָס־איירעס 1959.

**אַ שטוב אין שטעטל**, צווייטע אויפלאַגע, בוענאָס־איירעס 1963.

**פּנימער און נעמען**, באַנד איינס יידישע פּאָעטן, בוענאָס־איירעס 1971.
פּרעמירט מיט דעם ש. ניגער־פּרייז ביים אַלוו. יידישן קולטור־קאָנגרעס אין אַרגענטינע.

**אויף יענער זייט ווונדער**, לידער, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב 1974.
פּרעמירט מיטן זלמן שזר־פּרייז און מיט דעם יעקב גלאַטשטיין־פּרייז.

**אָן אויסרוף־צייכנס**, עסייען און פעליעטאָנען, פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב 1975.
פּרעמירט מיטן יעקב פּיכמאַן־פּרייז.

**פּנימער און נעמען**, צווייטער באַנד, יידישע פּראָזאַיקער נאָך דער צווייטער וועלט־
מלחמה, פאַרלאַג קיום, בוענאָס־איירעס — תל־אביב 1976.
פּרעמירט מיטן פּרייז פון ראש ממשלת ישראל און דעם ה. לייוויק־פּרייז
ביים וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור.

**ה. לייוויק — עטישע אחריות און מאָראַלישער פּאַטאָס**, פאַרלאַג ביבליאָס,
תל־אביב 1977.

**דאָס בשמים־ביקסל** און אַנדערע דערציילונגען, פאַרלאַג קיום, בוענאָס־איירעס —
תל־אביב 1979.

**אין פּרדס פון יידיש**, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב 1980, אַרויסגעגעבן דורכן וועלט־
ראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור. פּרעמירט מיטן מאַנגער־פּרייז און מיטן
אטראַן־פּרייז פון יידישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

**אברהם סוצקעווער, זיין ליד און זיין פּראָזע.** פאַרלאַג „ישראל־בוך", ת"א 1981.
פּרעמירט מיטן מאיר זימל טקאַטש־פּרייז ביים פאַראיין פון יידישע שרייבער
און זשורנאַליסטן אין ישראל.